

MAJOR FUNDING FOR THE
YIZKOR BOOK PROJECT WAS PROVIDED BY:
*Harry and Lillian Freedman Fund*
*David and Barbara B. Hirschhorn Foundation*
*David and Barbara Margulies*
*The Nash Family Foundation*
*Harris Rosen*
*David and Sylvia Steiner*
*Ruth Taubman*



*Original publication data*

| | |
|---|---|
| AUTHOR | Halpern, Henoch H. |
| TITLE | Megiles̀ Gline (Glinyane) : zikroynes̀ un iberlebungen fun a ḥorev gevorener kehile. |
| IMPRINT | 880-03 Nyu-Yorḳ : Aroysgegeben fun der Glinyaner emoyrdzshensi relief komiṭe, 1950. |
| DESCRIPT | 307 p. ; 28 cm. |
| SUBJECT | Jews -- Ukraine -- Hlyni͡any.<br>Hlyni͡any (Ukraine) -- Ethnic relations.<br>Holocaust, Jewish (1939-1945) -- Ukraine -- Hlyni͡any. |
| ADD'L TITLE | Book of Gline |

THIS BOOK MEETS A.N.S.I. STANDARDS FOR
PAPER PERMANENCE AND LIBRARY BINDING.

PRINTED IN THE U.S.A.

# מגילת גלינע

(גליניאנע)

## זכרונות און איבערלעבונגען
## פון אַ חרוב געוואָרענער קהילה

צונויפגעקליבען און באַארבעט פון

## חנוך ה. האַלפּערן

אַרויסגעגעבען פון

דער גליניאנער עמוירדזשענסי רעליעף קאָמיטע אין ניו־יאָרק

1950




# THE BOOK OF GLINE

BY

HENOCH H. HALPERN

די גאנצע הכנסה איז באשטימט פאר׳ן רעליעף ארבייט ←

*Order from:*

NATHAN LEITNER
1920 BERGEN STREET
BROOKLYN 33, N. Y.

OR

H. HALPERN
1374 OCEAN AVENUE
BROOKLYN 30, N. Y.

מאלטאליטה אין ירושלמי פרעסס

1214 יוניאן סטריט, ברוקלין, נ. י.

## יזכור!

מיט טיפען צער
און מיט געבויגענע קעפ,
דערמאנען מיר
די אלע גלינער אידען
און די אידען פון די ארומיגע דערפער!
וועלכע זיינען בעת די בארבארישע יארען
פון דער צווייטער וועלט מלחמה,
אכזרות'דיג אומגעבראכט געווארען,
פון אונדזערע שונאים, די רוצחים.

פאר אלע, וואס די ערד האט פארשלונגען,
די, וואס דאס פייער האט געמאכט צו אש;
אלע, וועלכע זיינען וואגעלדיג אומגעקומען
אויף די וועגען, פעלדער און וועלדער,
און די וועלכע זיינען געפאלען מיט געווער
אין האנט -
פאר זייער אלעמענס אנדענקען,
זאל דאס טרויעריגע ספר
א זכרון לעולם זיין !

# א דאנק צו אלע מיטארבעטער

די זכרונות און שילדערונגען פון דעם שטעטל גלינע, האב איך גע_
שריבען מיט דער מיטהילף פון די דא אויסגערעכענטע גלינער אידען.

געווען איז דאס א שווערע און גריבלערישע ארבעט., וואס דורך
א צייט פון יארען צונויפגעזאמעלט און אויפגעשריבען געווארען.

איך וויל דא עפענטליך באדאנקען די אלע גלינער אידען, וואס
האבען מיר איבערגעגעבען פאקטען, מעשיות וועגען שטעטל און אירע
איינוואוינער, אליין ניזשט וויסענדיג צי זייערע רייד האבען עפעס
א ווערט, פאר דעם מאטעריאל פונם בוך.

אבער נאכדעם ווי איך האב זייערע רייד גוט דורכגעזיפט און גוט
דורכגעטראכט, האט זיך דאס "עפעס" אפגעשטעלט, און האב זיך מיט אסך
פון דעם מאטעריאל באנוצט. א יישר כח זיי אלעמען! איך דאנק אויך אלע
פריינט פאר זייער מאטעריאלער הילף.גאנץ באזונדער באדאנק איך די
פאלגענדע גלינער אידען, וואס האבען געשריבען א טייל זכרונות,פאר
דעם ספר. זיי זיינען: ר'שלמה כהן (קוגעל). ר' רפאל פרעגר. משה
גריידינגער. ר' יוסף מרדכי לייגנוואנד ז"ל. נטע לייטנער.יונה מעהלמאן.
דר. יונה אללערהאנד. שלום מויער. חיה קאנער. יעקב פייערינג. אהרן
מאנדל.

א יישר כח צו פריינט יחיאל לייגנוואנד, פאר זיין אנשרייבען
אין דעם בוך כמעט דעם גרעסטען טייל, איבער דעם חורבן פונם שטעטל.
(ער האט זיך מיט זיין ווייב און קינד, דורך נסים געראטעוועט פון
טויט. איז די גאנצע צייט פונם גרויסען בראך געווען באהאלטען אין
גלינע, ביי א גוי אין א גרוב) . ער מיט זיין פאמיליע האבען אלץ
מיטגעמאכט, מיטגעליטען, און נאך זיין באפרייאונג, האט ער מיט מסירת-
נפש אלץ פארשריבען, וואס די גלינער אידען האבען אין די יארען פונם
אומקום דורכגעמאכט, איבערגעליטען, איבערגעטראגען, און ווי צום סוף
זיינען זיי אומגעקומען. דאס אויפגעשריבענע האט איצט דער לייענער פאר
זיך.

איך וויל אויך זאגען א יישר כח צו ר' שלמה כהן,אונזער גלינער
תלמיד חכם,וועלכער איז אין אמעריקע, פאר מיטהעלפען מיר מיט זיינע
פארצייכענטע זכרונות און עצות.

א עפענטליכען דאנק ,זאג איך צו אלע גלינער און דארפס אידען,
וועמענס בריוו זיינען געדרוקט אין דעם בוך. דער גרעסטער טייל פון די
בריוו זיינען שוין געווען געדרוקט אין דעם ביכעל "חורבן גלינע".1945.
איצט האבען מיר צוגעגעבען נאך עטליכע בריוו, וועלכע מיר באטראכטען
דאס פאר וויכטיג און פאסיג פאר דעם בוך.

די בריוו זיינען ניט געשריבען געווארען פאר דער עפענטליכקייט,
זיי זיינען געשיקט געווארען צו דער "גלינער עמוירדזשענסי רעליף קאמיטע",
צו קרובים און פריינט. מיר האבען די בריוו צונויפגענומען, און דרוקען
זיי צוליב זייערע אנגעגעבענע פאקטען ,פון מענטשען וואס האבען אלץ
אליין איבערגעלעבט, און צוליב דעם היסטארישען ווערט, פון די בריוו
גופא, אלס לעבעדיגע עדות.

חנוך האלפערן

# הקדמה

ווען איך הויב אן ארייננקלערן אין דער באדייטונג פון דעם ספר מגלת־גלינע, ענטשטיין ביי מיר פארשידענע געדאנקען: אייגענטלעך פאר וועמען ווערט דאס בוך געשריבען? – פאר אונדז איבערגעבליבענע, וועלכע געדענקען נאך דאס פארגאנגענע, אין וועמענס זכרון עס טליען נאך ערינערונגען פון אמאל, פאר וועמענס איגען עס שוועבען נאך די אלטע, היימישע געשטאלטען פון אונדזערע טאטעס און מאמעס. עס הערט זיך נאך דאס פריילעכע קינדערישע געלעכטער, מיר זעען די אלטע איינ־געהויקערטע שטיבלאך פון דער קוליקאווער־גאס, אונטערען באד, און עס באפוצן זיך באלעבאטישע הייזער פונם מארק. צי איז דער בוך געשריבען פאר אונדז אפצופרישען די אלטע זכרונות, צי אפשר גאר אלס א זכר פאר די אומגעקומענע, אלס א מצבה, נישט אויף שטיין אויסגע־קריצט, נאר אויף פאפיר געשריבען. ווילען מיר אפשר מיט דעם בוך באווייזען – מיר, די קינדער פון דעם עם־הספר – אז פאפיר איז שטארקער פון שטיין און פונם שונא׳ס שווערד, און אז מיר וועלען לעבן און אויפלעבן צוריק דאס פארניכטעטע און צעבראכענע, אויב אפילו אין אן אנדערער פארם און אויף אנדערע ערטער, אז "נצח ישראל לא ישקר". צי אפשר איז דאס בוך באשטימט פאר אונדזערע קינדער, פאר די וועלכע וועלן נאך אונדז קומען, וועלכע קענען נישט דאס לעבן און די היימישקייט פון אונדזער שטעטעל. און אפשר האט דאס בוך אלע דריי צילען צוזאמען: פאר זיי, פאר די אומגעקומענע – אלס א זכרון, אלס א פארבליבענע מצבה; פאר אונדז לעבן געבליבענע – אלס א אויפפרישונג און אויפלעבונג פון די זכרונות, און פאר די קומענדיקע, פאר אונדזערע קינדער, אלס א "מעמענטא" פון די גרוילטאטען, זיי זאלען פון דעם לערנען אז אויף פרעמדען יושר טאר מען זיך ניט פארלאזן, אז גלויבען קען מען נאר אין אייגענע כוחות, "אם אין אני לי, מי לי!

רייך איז דער אינהאלט פון דעם בוך. אלעס וואס האט א היסטא־רישע באדייטונג, האט מען געהאט אין זינען אין אים ארייננצוברענגען. די עקאנאמישע פארהעלטעניש, דאס קולטורעלע לעבען פון איניגע דורות, באריממטע רבנים, לומדים, שריפטשטעלער, דיכטער, וואס אונדזער שטעטעל האט ארויסגעגעבען, אדער וואס זענען דארט טעטיג געווען, האבען משפיע געווען אויף דער גייסטיגער ענט־וויקלונג און זענען פון דער אומגעבונג באאיינפלוסט געווארען. די חסידים און רביים אין פארשידענע תקופות. די ענטשטייאונג פון דער השכלה, אונדזער רענעסאנס־באוועגונג. איר קאמף פאר ארייננברענגען ווויסען און ליכט אין דער אידישער גאס. די ציוניס־טישע באוועגונג, וואס האט אויפגערודערט דעם אידישען גייסט, האט ווי א מעטעאר אויפגעלויכטן אויף דעם פינצטערען גלות־הימעל, און האט אויפגעוועקט דאס גאנצע פאלק צו מעשים – איז דאך גלינע געווען די ערשטע שטאט אין גאנץ גאליציען, וואס האט איר בית־עם, נאציאנאל הויז געבויט. ציוניסטישע מנהיגים האבען זיך מיט גלינע גערעכענט. גרויסע העברעאישע און אידישע פאעטען און שריפטשטעלער האבען פאר א כבוד פארעכענט קיין גלינע איינגעלאדען צו ווערען און צו קענען פאר יענעם עולם מיט זייערע שאפונגען ערשינען. שלום־עליכם, וואס האט אינם יאר 1906 באזוכט גלינע, שרייבט אין איינעם פון זיינע בריוו, אז זיין קומען קיין גלינע איז געווען פאר אים א טריאומף־צוג, אז ער האט דארט מער כבוד און אנערקע־נונג געהאט, ווי די גרעסטע רביים, ביי זייערע חסידים. דער

ציוניזם איז 60 יאר געווען די קאנווע ארום וועלכער עס האט זיך געוועבט דאס גאנצע קולטורעלע לעבען פון אונדזער שטעטל. ער איז געווען דער כוח־הדוחף, וואס האט אריינגעבראכט נייע שטראמען אין דער אידישער ערציאונג, הן דורכן שאפען פונם מאדערנעם שול-וועזען, ווי די באראן־הירש שולע, און העבראאישע שולע, הן דורך דער באַ־איינפלוס פונם חדר, און די "בני־תורה", וואס האט זיך אונטער דער השפעה פונם ציוניזם - מאדערניזירט.

גלינע האט אויך פראקטיש מיטגעהאלפען ביים אויפבוי פון ארץ ישראל - מיט ביישטייערונגען פארן "קרן־קימת" און "קרן־היסוד", און אויך מיט מענטשען, חלוצים, וואס זענען עולה געווען און אריינגעוואקסען אינם נייעם ישוב. עס וואלטען זיך פיל מער גלינער דארט געראטעוועט ווען נישט די רשעותדיגע מאנדאטור-מאכט, וואס האט די עמיגראציע כמעט אפגעשטעלט. אין די לעצטע יארען האט מען אין גלינע פון ארץ ישראל געטראכט נישט נאר ווי פון א לאנד פון לעתיד־לבא - וואס דארף זיין א גייסטיגער צענטער - נאר ווי פון א ארט ווי מען קען זיך עקאנאמיש איינארדענען. א מקום-מקלט פון פוילישען אנטיסעמיטיזם., וואס האט נאך היטלערס קומען צו דער מאכט אין דייטשלאנד, זיך פארצענפאכט, און די פאליאקען האבען באוויזען זייער אמתן פרצוף. יאוש וואלט ארומגענומען די גאנצע גלינער יוגענט, ווען נישט די איינציגע האפענונג, די מעגליכקייט ארויסצואוואנדערען קיין ארץ ישראל. אזוי ארום, איז צום אידעאלאגישען תוכן פון אויפבוי און אויפלעבען פון פאלק, פון "קבוץ גליות", און "שיבת ציון", צוגעקומען א שטארקער פאקטאר פון פראקטישען זין, פון האפענונג אין אייגענעם לאנד א צוקונפט פאר זיך בויען. עס האבען זיך געמערט די הכשרות, בחורים און מיידלעך האבען זיך אנגעהויבען צוגעוואוינען צו פיזישער ארבעט. די געביידע פון דער גלינער באראן-הירש שולע, וואס איז נאך פריער דורך מאנגעל אין געלט מיטלען געשלאסען געווארען, איז אין א הכשרה פונקט פארוואנדעלט געווארען, און הכשרות פון לינקס ביז רעכטס, פון "השומר הצעיר" הנער הציוני" ביז "ביתר".

די אפהאנדלונגען אין דעם ספר, די געשיכטלעכע איינצעל־הייטען און דאטען זיינען אויפן בעסטען אופן ארויסגעבראכט - ווי ווייט עס איז מעגליך אזעלכע טעמען פון זכרון, אן היסטארישע דאקומענטען - צו באארבעטען. כמעט יעדער פון די מענטשען, וואס נעמען איינטייל אין דעם בוך, האבען נאר איין קוואל פון וואנען צו שעפען - זייער אייגענם זכרון. אלע דאקומענטען וואס האבען געקאנט האבען א באדייטונג פאר דער געשיכטע פון גלינע, זענען מיט די אומגעבראכטע פארלוירען געגאנגען. יעדער היסטאריקער וואס וויל באארבעטען א פראבלעם, זאמעלט זיינע מאטעריאלען. יעדער דאקומענט, אפילו דער פשוטער, קאן דינען פאר אים אלס א באזיס פאר זיינע אויספירונגען. דער געשיכטע־שרייבער זאמעלט צונויף דעם מאטעריאל, אנאליזירט אים ווי א כעמיקער אנאליזירט זיינע פראדוקטען, ד. ה. צעגלידערט זיי אויף איינצעלנע עלעמענטען, פון וועלכע ער סינטעטיזירט דערנאך די היסטארישע פאקטען, אנגעבענדיג די סיבות, די בעדינגונגען און דעם הינטערגרונט פון די פאסירונגען. אזעלכע מאטעריאלען שטייען ליידער אונדזערע מחברים נישט פאר די אויגען , מען מוז דערפאר מער מיטן זכרון ארבעטען, ווי מיט דאקומענטען. דאס וועט טיילמאל פארענטפערען די ניט גענויקייטען פון די געשעענישען, עס וועט אבער אין קיין פאל ניט פארקלענערען דעם ווערט פון די אפהאנדלונגען, עס

ענשטייט נעמליך אזוי ארום א שלל פון אנווייזונגען און פאקטען, פון וועלכע דער שפעטערדיגער היסטאריקער וועט ערשט קאנען ריכטיג אויסנוצען און געהעריג אפשאצען. — עס איז דא איבערהויפט א כלל אין געשיכטע, אז היסטאריקער קענען זייער אייגענע תקופה, אין וועלכער זיי לעבען, נישט געהעריג אויפפאסען און באשרייבען. ווייל ווען מען לעבט מיט אין די געשעענישען, איז מען צופיל סוביעקטיוו איינגעשטעלט, מען איז צופיל איינזייטיג, וואס באווירקט א געוויסע טענדעציעזע ענדערונג פון די פאקטען. בכדי צו קענען גענוי און ריכטיג אפשאצען געשיכטלעכע געשעענישען מוז מען זיין פון זיי דערווייטערט, וואס דערמעגליכט א אביעקטיווע אפשאצונג, אזוי ווי ביים באטראכטען א קונסט בילד. פון דער נאענט פארווישען זיך די קאנטורן, מען זעט נאר פארבען, ערשט פון דער ווייטענס קען מען אלץ געהעריג אפשאצען — אפילו די גרעסטע היסטאריקער זענען טיילמאל פאר זייער צייט בלויז כראניקער געווען.

פון די אפהאנדלונגען פון דעם ספר וועט מען זיכער קענען פעסטשטעלען, אז יעדער שרייבער באשרייבט זיין טעמע סוביעקטיוו, מער מיט הארץ ווי מיט מוח, און אפשר נאך מער מיט א צעבראכען הארץ. ווייל יעדער איינער גיט זיך אפ א חשבון, דאס וואס ער באשרייבט איז א זאך וואס איז אמאל געווען און וועט זיך שוין קיינמאל מער אומקערען. מיטן ווארצעל איז אויסגעריסן געווארען דאס שטעטעל, און פארניכטעט האט מען נישט נאר דאס שטעטעל גופא, פארברענט די הייזער, אזעלכע זאכען האבען שוין געטראפען, שרפות, מלחמות זיינען אלעמאל געווען, דאס לעבען דערנאך אבער הויבט זיך אן ווידער, אין דעם זעלבען שטייגער, אפשר אביסעלע פארענדערט גייט עס ווייטער אין די אלטע וועגען. אזוי ווי א טייך וואס מען ענדערט טיילווייז זיינע קארעטעס· אזוי איז געווען נאך דער גרויסער שרפה, אזוי איז עס געווען נאך דער ערשטער וועלט־מלחמה אין גלינע ־ אבער ווי אנדערש איז עס איצטער? פארברענט און פארניכטעט זענען ניט נאר די הייזער, געשענדעט די בתי תפילה און דאס בית־הקברות , נאר פארשניטען זענען אויך די מענטשען, נישטא פון זיי מער קיין זכר! עס וועט שוין קיין אידיש לעבען מער אין גלינע ניט זיין... מיט אט דעם געדאנק הויבט יעדער איינער אן זיינע באשרייבונגען און דאס איז דער חוט־השדרה, דער הויפט געדאנק וואס וועבט אדורך אלע מעמוארען. עס וועט שוין קיין אידיש לעבען מער ניט געדייען, די דאטיגע ערד וועט שוין קיין אידישע טרערען מער נישט איינזאפען, און מען וועט שוין דארט קיין געלעכטער פון אידישע קינדער מער נישט הערען. און נישט איין שרייבער האט די טרער נישט געקאנט איינהאלטען און זי האט זיך מיט זיין טינט אויסגעמישט, ווען ער האט זיך אין זיינע נאענטע דערמאנט, וואס ער האט דארט פארלוירען. — זיכער זענען די זכרונות געשריבען מער מיט הארץ, מען וועט אין זיי געפינען מער סוביעקטיוויזם ווי געוויינלעך, מער אפנויגונגען פון דער טעמע, פון "פתח בכד וסיים בחבית". מען באשרייבט דאך א שטיק לעבען, און לעבען לאזט זיך ניט אפגרעניצען, צעטיילן. עס מישען זיך צונויף עקאנאמישע און קולטורעלע פראבלעמען, צרות מיט פרייד, יוגענט מיט עלטער, ליכט און שאטען שאפען ווי אין א בילד איין גאנצקייט, זיפצען און הומאר, הומאר! ווער געדעקט נישט דעם קלינגענדיקען אידישען וויץ, ווי מען מוז לאכען מיט א זיפץ. גארנישט האט מען אין שטעטעל אדורכגעלאזט פון אונטער זיין סאטירישען און זעלבסטקריטישען רוט. מען האט געלאכט פון אלעם, פון זיך , פון דער ארימקייט און פון שטאטישען גביר. ווי אין א קרומען שפיגעל האט זיך אלעס פארגרעסערט, מגושמ'דיג,לעכערלעך

אפגעשפיגעלט. מען וואלט געקאנט א היפש ביסעל אריגינעלע גלינער
וויצען און ווערטלעך צוזאמענעמען, וואס וואלטען באלויכטען אונזער
פאלקלאר. פון "ומפני חטאינו גלינע" ( ומפני חטאינו גלינו ) ביז־
ביז צו די וויצען וואס זיינען אין געטא ענטשטאנען, און וואס
זענען צוזאמען מיט די לעצטע אידען אומגעקומען.

ווי רייך עס זאל נישט זיין דער אינהאלט פון די אנגעזאמעלטע
אפהאנדלונגען, זיינען זיי ניט ביכלת אויסצושעפען אפילו א טייל
פון דעם וואס איז געווען. אקלייניגקייט, רעפראדוצירען א לעבען
אויף פאפיר. די גרעסטע עפאפעי וואלט דאס נישט צו שטאנד געבראכט.
ווען מען רירט נאר אן א סטרונע פונם היימיש לעבען, הויבען אן
ארויסצושווימען א ים מיט זכרונות. מען דערזעט פאר די אויגען
בילדער פון טאג טעגליכען לעבען, פון ארבעט און שווייס, בכדי די
די שווערע פרנסה ארויסצובאקומען . די שווערע ארבעט פון גלינער
טרעגער און דארפס גייער, וואס האבען עטלעכע דערפער דורכן טאג
געמוזט אויסשפאנען, כדי א עוף, א פערטעל קארען אדער ווייץ צו
קויפען, אויף די מידע פלייצעס אין שטעטעל אריינשלעפען און
דערמיט א פאר גראשען אויף ברויט פאר ווייב און קינדער צו פאר־
דינען. און נעבען דער וואכענדיגקייט שווימען ארויס בילדער פון
אידישע שבתים און ימים טובים. דאס רופען צו "בענשט ליכט!" און
"אין שול אריין!", פון שמש. עס ענדערט זיך דאס אויסזעען פונם
שטעטעל: די לעצטע גויעשע וועגענער פארען אוועק, די לעצטע וואכענ־
דיגקייט פארשווינדט. מיידלעך פארענדיגען גיך דאס רוימען פון די
שטיבלעך, איינגלעך פוצען אין איילעניש די שיך, אלעס איילט זיך.
מען זעט שוין די ליכט דורכשיינען דורך די שויבען, עס בליצען
די אפגעפוצטע מעשענע און זילבערנע לייכטער. טאטעס מיט קינדער
גייען דאווענען. ווער אין שול, ווער אין קלויז, אין בית מדרש,
צום רבין. - באלד דערזעט מען פאר די אויגען א פאר פסח, מען
באקט מצות, דאס גייען אין באד אריין, פארברענען דעם חמץ. קינדער,
אויסגעפוצט אין נייע מלבושים, באקוקען איינס דאס אנדערע און
אמפערען זיך וועמענס אנצוג איז שענער, אדער וועמענס שיך גלאנצען
אדער סקריפען בעסער. מען דערפילט די קדושה וואס הערשט צו כל־
נדרי. די מאמע אנגעטאן אין ווייסען, בענטשט ליכט, זאגט תחינות,
וויינט, בעט אויס א גוט יאר, פאר זיך און פארן הויז געזונט. דער
טאטע בענשט די קינדער, און די קינדער, וואס וואלטען וועלען
לאכען, שטיפען, פילען זיך עפעס אזוי ווי געבונדען, ווערען
ערענסט, גייען ארום שטילע, ווי תמיד מיט טאטע־מאמע דאווענען.
עס הערט זיך דער "אור זרוע לצדיק" אט פון ר' יוסעלע שוחט, אט
פון ר' מאיר שפירא ז"ל. מען טראכט אזוי אריין און מען ווערט
ווי פארגאסען מיט א כוואליע פון זכרונות, וועלכע מען קען נישט
מער זיי באוועלטיגען. פון ארדענונג און סיסטעמאטישקייט אין די
באשרייבונגען קען קיין רייד נישט זיין. מען כאפט אראפ קטעים,
שטיקלעך פון די ערינערונגען און מען שפירט אז דער רוים גליטשט
זיך פון אונטער דער האנט ארויס.

און ווי שווער עס זאל נישט זיין די באארבעטונג פון די
טיילען, וואס זענען נוגע טעמען פון אמאל, ווען דאס לעבען אין
גלינע איז נאך געווען, אזוי צו זאגען, נארמאל, איז הונדערטער
מאל שווערער די באארבעטונג פון די טיילן פון חורבן 40-1939
און נאך שווערער שפעטער, די צייטען פון געטא, פון לאגערען,
ביז צו דער ענדגילטענער פארניכטונג. ווייל, ערשטענס,וואלטען
פון טינט געווען די ים'ן, וואלטען זיי נישט געקלעקט צו
באשרייבען אלע צרות און ליידען, וואס די מענטשען זיינען

דורכגעגאנגען ביז דער טויט איז ווי א דערלייזער געקומען. מען
האט ממש מקנא געווען די טויטע וואס זענען שוין זייערס אפגעקו־
מען. ווייל שטארבען, אפילו פריצייטיג, נאר מיט א נארמאלען טויט,
זאל עס זיין פון טיפוס, אדער אנדערע עפידעמיעס, איז באטראכט
געווארען פאר א זכות - פאר א גליק. צווייטענס, זענען זייער
ווייניג פארבליבען, וועלכע האבען דאס אלעס דורכגעמאכט. פון גלינע,
וואס האט צירקא 3.000 אידישע נפשות געציילט, זענען נאר יחידים
פארבליבען. און איך גלויב אז יחיאל ליינוואנד, איז דער איינציגער
וואס האט אויף זיך גענומען די אויפגאבע די צייטען צו באשרייבען.

פינצטערע צייטען זיינען עס געווען, כמעט נישטא קיין איין
ליכטיגער שטראל, וואס זאל יענע פינצטערניש באלויכטען. הונגער
און נויט, און טויט איז זייער סך הכל. היינט - אויסגעגאנגען
פון הונגער דער, מארגען - דערשאסען יענער. היינט, האבען די
גוים איבערגעגעבען צו די דייטשען דעם בונקער , מארגען - אליין
מיט דרענגער דערשלאגען יענע גרופע. מענטשען זענען פון זינען
אראפ, אין ווילדער, ווי ווילדע חיות זיך אויסבאהאלטען. א הונט
האט א גרעסערען ווערט געהאט ווי א איד, און נישט איינמאל איז
אים דער איד מקנא געווען, וואס ער קען רואיג אויף זיין קייט
אנגעבינדען לעבען און קיינער טשעפעט אים נישט. א קילא זאלץ איז
געווען דער פרייז פון א אידישען קאפ. מיט א קילא זאלץ האט מען
באלוינט יעדען גוי וואס האט דער געסטאפא א איד איבערגעגעבען.
איבער אלעמען האבען די חיה'שע אינסטינקטען אין מענטש געוועלטיגט.
רויב און מארד, די איינציגע פארווייליגונג פון אלע גויעשע שכנים .
פארווישט זיינען געווארען אלע צייכענס פון קולטור. די ציוויליִ־
זאציע האט נאר געדינט אלס א מיטעל, בעסער, גיכער און מער צו
מארדען און פארניכטען. פון די מעטאדען פון וועלכע די איינזיקלעך
האבען געמארדעט אידען, האט דער זיידע-כמעלניצקי אפילו נישט
געחלומ'ט. און איבער אלעמען האט געהערשט ציניזם, דאס אפ'חוזק'ן
פון אלעם וואס איז הייליק און טייער ביים מענטשען. קינדער
האט מען אין די אויגען פון זייערע עלטערען געקוילעט. ביי דער
מוזיק פון בעטהאווען האט מען מאסען עקזעקוציעס איבער אומשול־
דיגע מענטשען דורכגעפירט. אפילו דער פיטעט פון טויט איז פאר־
שוועכט געווארען.

און עס ענטשטייט די פראגע: ווי אזוי האבען אונזערע
אויף דעם רעאגירט? צי האבען זיי געקעמפט? - אנאפענגיג מיט
וועלכע מיטלען. פאסיווע רעזיסטינץ, שטומער פראטעסט איז אויך
א קאמף מיטעל, צי זענען זיי פארטעמפט, ווי שאף צו דער שחיטה
געגאנגען?- שווער איז אויף דעם א קלארען ענטפער צו געבען.עס
איז געווען פארשידענע פאלען, נעבען שוואכע כאראקטערען, וואס
האבען אלץ געאפערט בכדי זייער הויט צו ראטעווען, זעען מיר
ביישפילען פון וואונדערליכער מסירת-נפש און קדוש-השם. גרויס
העלדישקייט דערציילט מען נאך פון קינדער, פון פרויען,וואס האבען
אן שרעק דעם שונא און דעם טויט אין די אויגען געקוקט. עס נעמט
ארום א אינערליכער יראת-הכבוד, א טיפע אכטונג ווען מען הערט
פון איבערגעבליבענע, די העלדישקייטן דערציילען.

מען הערט אפילו לעצטענס, ביים ארויסברענגען אזעלכע
ספרים, ( און טיילמאל, נישט ווילענדיג, קומט אליין אויפן
געדאנק ) די פראגע: נאכוואס? נאכוואס גריבלען אין אלטע
זכרונות? קיינעם וועלען מיר מיט דעם צוריק ניט לעבעדיג מאכען.
דאס לעבען גייט ווייטער, און לעבען הייסט איבערגייען איבער

דעם געשעהענעם פארגעסען דאס געשטארבענע, דאס איז דאך דער סוד און דער כוח פון לעבען. "אלץ פארגייט - זאגט דער פילאסאף - אלץ פארפליסט און שטארבט אפ, און נייעס ווערט געבוירען און געשאפען". אבער - ניין! באלד קומט דער שכל-הישר און באווייזט אז דאסמאל מוז דאס א אויסנאמע זיין. עס איז אונדזער חוב! אונדזער היילקער חוב די רציחות און מערדערייען קיינמאל ניט צו פארגעסען. אומנאטירלעך, אומנארמאל איז געווען די פארניכ-טונג, און פאר דעם מוז אונדזער רעאקציע אנדערש זיין. דאס אומזיסט פארגאסענע בלוט פון אונדזערע ברידער און שוועסטער, טאטעס און מאמעס, זידס ווי דאס בלוט פון זכריה הנביא. די ביינער פון אונדזערע נאענטע, וואס וואלגערען זיך אויף פעלדער און וועלדער, וואס זענען צו קבר ישראל נישט געקומען, פארלאנגען פון אונדז, דאסמאל, גארנישט צו פארגעסען! אלץ ווי מעגליך וועגן דעם עבר צו זאמלען און פארצייכענען, אלס א זכרון פאר אונדז, פאר די קומענדיגע דורות, אלס "מעמענטא" און פאר אונדזערע געוועזענע שכנים, די מערדער, אלס קין-צייכען פון זייער רשעות - אויף דורות.

עס קומט א גרויסע אנערקענונג און א דאנק דעם פ'העניך האלפערן, פאר דעם געדולד, ארבייטזאמקייט און מסירת-נפש, מיט וועלכער ער האט זיך צו דער אזוי וויכטיגער ארבעט גענומען, און אלע מעגליכע מאטעריאלען געזאמעלט און באארבעט.

דר. יונה אללעראנד
סאנטיאגא, טשילי +

+ דר. יונה אלעראנד איז א גלינער בן גלינער,
איינער פון די געציילטע גלינער שארית הפליטה.
געבוירען און דערצויגען געווארען אין שטעטעל.
געווען טעטיג אין דעם שטאטישען קהל'שן לעבען.
איז געווען דער לעצטער פרעזידענט פון די גלינער
ציוניסטען.-
ה.ה.

# א וואָרט צו די לייענער!

"נישט אויף דיר איז דער חוב
דו זאלסט די מלאכה ענדיגען,
און דו ביסט אויך ניט פריי
זאלסט זי מבטל זיין".
רבי טרפון,
פרקי אבות,ב.ב.

דער שרייבער פון דעם בוך וואס ליגט פאר דעם לייענער,פרע-סענדירט נישט צו זיין א היסטאריקער, אדער דער איינציציגער באַ-שרייבער פון דעם שטעטל גליניאנע, אויך די מענטשען וואס האבען זיך גענומען די מיה ארויסצוהעלפען אין שאפען דעם ספר, גיבען זיך נישט אפ מיט שרייבען. פערזענלעך פארלאנגען זיי אפילו נישט קיין עפעמטליכען דאנק פאר זייער מער ווערטפולע, נוצליכע זכרונות, וועגען א טייל פון דעם לעבען אין דעם געוועזענעם שטעטל, און נאך מער וועגען דעם גרויסען חורבן גלינע. געטאן האבען מיר דאס אלץ, צוליב דער היסטארישער נוצלעכקייט און נויטווענדיגקייט, וואס דאס לעבען און געשעהענישען וועלכע זיינען פארגעקומען אין די יארען 1939‒45 האבען דערצו גורם געווען. דאס זענען די צייטען און יארען פון דער צווייטער, בלוטיגער וועלט-מלחמה, און וואס צוליב דער מלחמה איז דאס נויטיג געווארען צו פארצייכענען און פארשרייבען די מענטשען, זייער לעבען, פירונג און שאפען, וועלכעס איז אזוי אום רחמנות דיג חרוב געווארען, און די גאנצע אידישע קהילה אפגעווישט פון דער ערד. ווען נישט דער גרויסער , בלוטיגער חורבן פון די אידען אין דעם שטעטל גלינע, וואלט איך זיך ניט אונטערגענומען צו באשרייבען דאס בוך ‒ וועגען דעם שטעטל און אירע אידישע איינ-וואוינער,זייער לעבען,פריידען און ליידען,זייער קהילה,רעליגיעזע, חסידישע,נאציאנאל-ציוניסטישע פירונגען און איבעלעבונגען.

איך האב זיך נישט פארנומען צו שרייבען די היסטאריע פון אונדזער שטעטל,נאר ארויסגענומען דאס טאג-טעגלעכע און די גייסטיגע שרעבונגען,וואס זיינען מסוגל אבערצוגעבען א בילד פון דעם פארגאנגענעם לעבען אין אונדזער שטעטל. די צייט פאר דעם גרויסען בראך,און דעם גרויסען חורבן גופא,וועלכער איז פארגעקומען אין אונדזערע טעג,אבער ווייט פון אונדזערע אויגען...

גלינע איז דאס וויגעלע און דאס היים-שטעטל פון הונדערטער אידען אין אמעריקע.(א קליינע צאל גלינער אידען· לעבען אין ארץ ישראל,און גאר א קליינער צאל אין די זיד-אמעריקאנישע לענדער.) דאס בוך איז א אויסדרוקס-געפיל פון דאנק-בארקייט,כבוד און גרויס ליבע צום היים-שטעטל און אירע מענטשען. די מעשים פון אונדזערע אייגענע עלטערן און עלטער-עלטערן,חברים, פריינט און באקאנטע. ארויסברענגען דאס לעבען און די פירונגען סיי פון איינצעלנע גלינער אידען, און סיי פון פארשידענע קהל'שע אינסטיטוציעס,ארגאניזאציעס און פארטייען,וואס דאס איז לויט אונדזער מיינונג זייער וויכטיג פאר דעם קומענדיגען היסטאריקער. אויך ווילען מיר דערמיט שטעלען א מאנומענט די קדושים און מארטירער אונדזערע,וועלכע זיינען אזוי מערדעריש אומגעבראכט געווארען.

ווען דער קומענדיגער היסטאריקער,וואס וועט זיך אמאל אפ־
געבען מיט שטודירען דאס אידיש לעבען אין גאליציען,פון די יארען,
פאר און בעת די צוויי וועלט מחמות,־ זייערע פאליטישע,עקאנאמישע
פאזיציעס,דאס קהל'שע לעבען ־ און ווען דער היסטאריקער וועט צו־
קומען צו דעם שטעטל גלינע וועט ער זיך מוזען אפשטעלען און פרע־
גען:געווען אמאל א גאנץ אנגעזעענע אידישע קהילה,מיט א היבשער
אידישער באפעלקערונג אין דעם שטעטל,ווי אזוי האבען די אידען
דארט געלעבט?, זיך געפירט?ווי לאנג האבען זיי דארט געלעבט?און
וואס איז מיט זיי געשען? און ווי אזוי האט זיך פארענדיגט דער
לעצטער אקט פון די אידען אין דעם שטעטל גלינע?

איך וויל זיך מודה זיין און זאגען, אז ווי לאנג דאס שטע־
טעל גלינע עקזיסטירט אלס א ארגאניזירטע געמיידע (גמינע) און
איבערהויפט די אידישע קהילה,קען איך דאס מיט א קלארער באשטימקייט
ניט זאגען. אסך סיבות זיינען פארדעם פאראן,איך,אדער עמיצער אנ־
דערש פון די וועלכע האבען מיר צוגעהאלפען אין צונויפנעמען דעם
מאטעריאל פאר דעם בוך,האבען נישט געהאט די מעגליכקייט אים
גרינטלעך נאכצוזוכען,סיי פון דער שטאטישער געמיינדע,און סיי
פונם קהל'שען פנקס פון אונדזער שטעטל.

ווען איך האב אנגעהויבען צו זאמלען דעם מאטעריאל
וועגען דעם שטעטל גלינע,איז עס געווען נאך דער ערשטיר וועלט־
מלחמה. די ארבעט איז ניט אנגעקומען אזוי גרינג. אסך גלינער
אידען,וואס האבען נאך דאן געלעבט אין גלינע,און די וואס האבען
שוין געלעבט אין אמעריקע,און האבען געדענקט אסך פאקטען און
דאטען פונם שטעטל,האבען זיך פון מיר אויסגעלאכט...מיט דער
צייט זיינען די עלטערע אידען אין גלינע און אין אמעריקע אויס־
געשטארבען.די יונגערע ווידער האבען זיך ווייניג מיט אזעלכע
פראגען אינטערעסירט. און ווידער,בשעת דער צווייטער וועלט מלחמה
איז שוין ניט מעגליך געווען צו זאמלען דאטען,פאקטען און ציפערען,
ווען איז דאס שטעטל געגרינדעט געווארען? און ווען האבען זיך
די אידען דארט באזעצט? דאס שטעטל איז בשעת מלחמה געווען בא־
זעצט פון די רוסען און שפעטער פון די דייטשען,אזוי ארום
זיינען אפגעהאקט געווארען אלע פארבינדונגען מיט דעם שטעטל
און אלע מעגליכקייטען נאכצוזוכען און נאכצופרעגען וועגען
וויכטיגע היסטארישע דאטען פון דעם שטעטל בכלל און פון דער
אידישער באפעלקערונג אין גלינע בפרט. אזוי זיינען די ציפערען
און דאטען אינגאנצען פעשטערט געווארען.

אבער איך קען זאגען אז דורך פארשידענע אויסרעכע־
נונגען פון געשעהענישען,וואס זיינען אין פארשידענע צייטען
פארגעקומען אין שטעטל און וואס א טייל עלטערע אידען האבען
געדענקט און דערציילט,זייענדיג שוין דא אין לאנד,און פון
אביסעל אייגענע געדענקטע היסטארישע דאטען,זיינען מיר געקו־
מען צו באשטימטע שלוסען וועגען דער צייט־עלטער פון דעם
אידישען ישוב פון גלינע.עס זיינען אויך געבליבען א קליינע
צאל אידען, די שארית־חורבן גלינע,וואס געדענקען און קענען
עפעס דערציילען, פון זיי בין איך אביסעל געוואר געווארען.
אויך פון מיינע אייגענע זכרונות און פארצייכענונגען,וואס
איך האב געמאכט אין פארלויף פון יארען, האב איך צונויפגעשטעלט
די דאטען וועגען שטעטל און איר אידישע קהילה. אזוי אז די
אנגעגעבענע יארען,צייטען און געשעהענישען,וואס ווערען אין דעם
בוך ארויסגעבראכט,זיינען באזירט אויף א מער וועניגער פארלעס־

ליכע קוואלען. דאס קאן זיין איז אפילו נישט גענוג,אבער אין אזא
צייט ווי די,אין וועלכער דאס בוך איז געשריבען,איז אביסעל בע-
סער ווי גארנישט.ווייל וואלטען מיר דאס ווייניגע מאטעריאל אויך
נישט געהאט,וואלט מיט דער צייט די ק"ק גלינע אינגאנצען פארגע-
סען געווארען. אזא עולה זאל באגאנגען ווערען צו אונדזער היים-
שטעטעל,צו אונדזערע עלטערען און עלטער-עלטערען, און צו אונדזערע
מיט בלוט און טרערען באוויינטע קדושים, האבען מיר נישט געקענט
און געטארט דערלאזען.

מיין געוויסען האט מיך גערופען און געוועקט בייטאג און
ביינאכט, אויף שמחות און אין טרויער טעג, און געמאנט: אויב
איר, מענטשען,וואס פילען און לעבען דורך אלץ וואס עס איז פאר-
געקומען אין אייער שטעטעל - אויב איר וועט ניט איבערלאזען א
אנדענקען,א זכרון עולם פון אייערע אייגענע,וועלען די קומענ-
דיגע דורות אייערע אוודאי נישט טאן און נישט וויסען אז זייערע
עלטערען קומען פון דעם שטעטעל גלינע און אפגעמעקט וועט ווערען
דאס געדעכעניש פון א אידישער קהילה פון דער ערד.
איך בין זיכער אז יעדער גלינער איד וועט דאס בוך אפ-
שאצען און וועט עס לייענען איימאל א יאר,צום יארצייט פון אונד-
זערע קדושים. זאל דאס ספר ווערען דאס שריפטלעכע אנדענקען,דער
מאנומענט,אויפגעשטעלט אין אונדזערע היימען, איינגעקריצט אין
אונדזערע הערצער.

מיט אט דעם באוואוסטזיין און איבערצייגונג איז דאס בוך
געשריבען געווארען, און ווערט מיט די געפילען איבערגעגעבען
צום כלל ישראל.

חנוך ה. האלפערן

## היסטארישע דאטען וועגען דעם שטעטל גליניאנע:

דאס שטעטל גליניאנע האט אמאל געשפילט א גרויסע ראל אין דער פוילישער געשיכטע. אין די ארכיוון פון דער גליניאנער געמיינדע, געפינט זיך דער דעקרעט פון דער פוילישער מלוכה, אין וועלכען עס זאגט זיך אז די שטאט גליניאנע מעג זיך רופען מיט דעם נאמען "קעניגלעכע פריי־שטאט גליניאנע"- KROLEWSTWO WOLNY MIASTO GLINIANY.
אויף דעם אפיציעלען זיגעל פון דער שטאטישער גמינע זיינען אויסגעקריצט די ווערטער: KROL. WOL. MIASTO-CLINIANY

צוליב דער פריוועליגיע פון דעם קעניגלעכען דעקרעט האט דער פריץ, צו וועמען די שטאט האט געהערט מער ניט געהאט קיין שום רעכט צו נעמען גליניאנער איינוואוינער זיי זאלען ביי אים ארבעטען פאנטשינע, אזא פארם פון שקלאפעריי.

נאך דעם טויט פון דעם פוילישען קעניג קאזעמיר דער גרויסער, זיינען די פוילישע סענאטארען אוועקגעפארען קיין אונגארען און האבען דארט געקרוינט דעם קעניג לודוויג, פון אונגארען, אלס קעניג פון פוילען. די סענאטארען האבען אים געשענקט דאס גאנצע שטיק לאנד (גאליציע) וואס האט צו יענער צייט געהייסען מיטען נאמען: GHERWONY RUS -דאס רויטע רוסלאנד, וואס איז געווען א שטיק לאנד פון פוילען.

ווען די זאך איז באקאנט געווארען אין קעניגרייך־פוילען, האט זי פאראורזאכט א גרויסע אומצופרידענהייט. וועגען דער האנדלונג פון די סענאטארען איז אין גליניאנע אפגעהאלטען געווארען א גרויסע פארזאמלונג, וועלכע האט דער־פירט צו א פאליטישען פראצעס. צום משפט איז געקומען דער לודוויג מיט א רעגימענט אונגארישע הוזארען. דער סוף פונם פראצעס איז געווען, אז מען האט זיבען פוילישע סענאטארען אפ־געהאקט די קעפ. אין דער פוילישער געשיכטע ווערט דער פראצעס אנגערופען "די טראגעדיע פון גליניאנע".

מיט א סך יארען צוריק איז אין גליניאנע געווען א גרויסער באצירק מיט א סך לאנד, וואס האט זיך פון איין זייט געצויגען מיט פעלדער און וועלדער ביז צום דארף כאנאטשאווקע, לעבען דער שטאט פרעמישלאן; און פון דער צווייטער זייט האבען זיך געצויגען די פעלדער און וועלדער, ביז אונטער דער שטאט לעמבערג.

מיט דער צייט איז דער שטח לאנד, וואס האט געהערט צו דער שטאט פארקלענערט געווארען, אזוי אז אין די יארען פון דעם 18טן יארהונדערט, האט די שטאט גליניאנע, מיט די נאענטע גוישע געגענטען, פארנומען א שטח פון א דריי קילא־מעטער אין דער לענג און באלד אזוי פיל אין דער ברייט.

## היסטארישע פאקטען און מסורה:

דאס שטעטל גליניאנע געפינט זיך אין מזרח גאליציען. אין אלע רעגירונגס ארכיוועו און אין די שטאטישע גמינע דאקומענטען ווערט דאס שטעטל אפיציעל אנגערופען מיט דעם נאמען "גליניאַנע". ביי די אידען פונם שטעטל אבער, איז זייט דורות אים דעם קהל שען פנקס, אין די כתובות, אין די גט'ן און אין די שו"ת, ווערט דאס שטעטל אנגערופען "גלינע", און מיט דעם נאמען וועלען מיר עס אנרופען אין דעם בוך.

ווען די ערשטע אידען האבען זיך באזעצט אינם שטעטל, און ווען די ערשטע קהילה איז געגרינדעט געווארן, איז אויך זיכער שווער צו זאגען. לויט דער מסורה וואס איז איבערגעגעבען געווארען פון מויל פון גלינער זקנים, אין לויף פון דורות, איז גלינע געווארען א ישוב אינם צענטען יארהונדערט. א טייל היסטאריקער דענקען אפילו אז א אנהויב פון א אידישען ישוב אין דעם שטעטל האט זיך אנגעהויבען מיט א צווי יארהונדערט שפעטער. און אז צו יענער צייט האבען אידען זיך שוין געפינען אין גלינע.

אין זיין ספר "די אידען אין פוילען" (ווילנע1930) שרייבט פראפעסאר מאיר באלאבאן ז"ל, אז "בשעת דער פוילישער מלך, קאזימיר דער גרויסער האט בדרך ירושה איבערגענומען די פוילישע שטאט לעמבערג, אין יאר 1340, זיינען דארט געווען אידען". און אזוי ווי פון דעם שטעטל גלינע קיין לעמבערג איז א קליינער מהלך, א פיר און א האלב מייל, קען מעגליך זיין אז אין יענער צייט האבען זיך אויך געפינען אידען אין גלינע. אלס א באשטימטער פאקט קענען מיר דאס ניט זאגען. נאר לויט די שפעטערדיגע דאטען, וועלכע מיר ווייסען יא, קען מען זאגען אז "עפעס" האט פריערט געמוזט דארט זיין.

און דא איז כדי צו דערמאנען אז אין יאר 1911 אדער12- ווען מהאט אין גלינע געגראבען א פונדאמענט פאר א הויז, האט מען זיך אנגשלאגען אויף מענטשען ביינער און אלטע, צעבראכענע אידישע מצבות, וואס האבען געוויזען מיט זייערע אויפשריפטען אז אין 12טן יארהונדערט זיינען אין גלינע שוין געווען אידען.

נאך א פאקט: אויף דעם אלטען גלינער בית הקברות, נישט ווייט פון דעם אריינגאנג, נאענט צום קבר פון דעם צבי תפארת ישראלז"ל, איז געשטאנען אן אלטע מצבה מיט דעם דאטום פון שנת ש'1440. זאל דאס דינען אלס א באווייז אז אידען האבען אין דעם שטעטל שוין געוואוינט מיט א שטיקעל צייט פריער.

אין די פארצייכענונגען פון די אלטע קהילות, אין דעם קעניגלעכען פוילען, איז פארשריבען אז אין יאר 1474 איז אין גלינע געווען א אידישע קהילה.

צווישען די יארען 1590-1638, איז גלינע געווען איינע פון די הויפט-פונקטען אויף דעם קייזער-שטראיס, וואס איז געווען דער גרויסער טראק-פארקער פאר די פארשידענע סחורות, צווישען די שטעט: לעמבערג, גלינע, וואראצלאוו, קאנסטאנטינאוו, א.א. דער וועג איז צו יענער צייט ניט געווען זיכער פאר

דורכפארער. רויבער־באנדעס פלעגען אפט באפאלען די אנגעפאקטע פוהרען מיט סחורה, און צונעמען דאס געלט פון די סוחרים. עס איז פארשריבען אין די ארכיוועו אז דעם 5טן אקטאבער 1627 איז דער סוחר שמואל, זיין ווייב און קינדער אומגעקומען דורך אזא רויבער־באנדע.

די זקנים פון שטעטל פלעגען דערציילען אז זיי האבען געהערט פון זייערע זיידעס, אז דאס שטעטל גלינע האט דורכגע־לעבט פיל מלחמות פון די טאטערען און קאזאקען, וואס זיינען פארגעקומען אין די יארען 1624־1638־1657.

אין שנת ת'ח־ת'ט 1648־1649, ווען כמעלניצקיס באנדעס האבען געבראכט טויט און פארוויסטונג אין די פוילישע אידישע שטעט און שטעטלעך, איז דאס שטעטעלע גלינע אויך געווען צווישען די געליטענע.

ווען די יארען, ווען די גלינער שול איז געבויעט געווארען, גיט ר' יוסף מרדכי ליינוואנד ז"ל אן אין זיין פנקס וועגען גלינע, דאס פאלגענדע: "בקיר המערבי, מעל לשער בית הכנסת, היה חצוב שנת אנחת אבן־היסוד לבנין בית הכנסת במלים האלה: 1704 - וי'סד'ת'י'ם בספ'רי'ם, ונגמר בשנת 1721 - גדול יה'יה' כבוד הב'ית האח'ר'ון מן הר'א'שון. אנשים זקנים ספרו (לי) כי בפרט גדול יהיה כבוד הבית האחרון מן הראשון. נחרת רק שידעו הדורות הבאים כי לפני הבנין הזה עמד במקום הזה בית הכנסת ישן של עץ".

דאס הייסט: אויף מערב זייט פון דער שול, איבער דעם טויער פונם ארייגאנג איז געווען אויסגעקריצט אז די שול האט מען אנגעהויבען צו בויען אין יאר 1704 און פארענדיגט אין יאר 1721. עלטער אידען האבען מיר דערציילט אז אויף דעם זעלבען ארט איז פריער געשטאנען א אלטע שול, פון געהילץ. (פנקס של יוסף מרדכי ליינוואנד, גלינע, מנחם־אב, תר"פ).

די ערשטע פאלקס־ציילונג אין מדינת פוילען איז געווען אין יאר 1764־5, דערציילט ר' שמואל נעשעלעס, אז ער האט געהערט פון זיין באבע, אז אין יענער צייט איז אין מארק, ד,ה, די הויפט גאס פונם שטעטל, זיינען געווען בלויז א פאר געציילטע הייזער, און פון איין הויז צום צווייטען האבען זיך געצויגען לאנגע גערטנער. לויט דער פאלקס־ציילונג דערוויסען מיר זיך אויך אז צו יענער צייט זיינען אין גלינע געווען 95 אידישע משפחות, מיט א סך הכל פון 688 נפשות. זיי האבען באוואוינט 64 שטיבער און געהאט 28 געוועלבען; אייניגע אויך סטאדאלעס און שטאלען. אין די נאענטע ארומיגע דערפער זיינען אין יאר 1764־5 געווען 160 אידישע נפשות. סך הכל זיינען ביי דער ערשטער פאלקס־ציילונג, אין שטעטל גלינע, מיט די ארומיגע דערפער געווען 848 אידישע נפשות.

אין די שפעטערע פאלקס־ציילונגען:

| | | | |
|---|---|---|---|
| אין 1880 זיינען אין גלינע געווען | 1774 אידען, | 2257 קריסטען. | |
| 1900........................ | 2177....... | 2500........ | |
| 1910........................ | 2250....... | 2788........ | |

די דערמאנטע צאל פון דער קריסטלעכער באפעלקערונג באציט זיך נאר אויף די גויעשע קווארטאלען וואס געפינען זיך אויף דעם שטח פון דעם שטעטל גופא, אבער נישט אויף די ארומיגע

קריסטלעכע באפעלקערונג.

די צאל פון דער אידישער באפעלקערונג אין גלינע האט זיך פונם יאר 1910 ביז 1939, ווייניג געביטען, אזוי אז אין אנהויב פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, זיינען אין שטעטעל געווען איבער 2300 אידישע נפשות, א חוץ די אידען אין די ארומיגע דערפער. די קריסטליכע באפעלקערונג אין שטעטעל און אין די שכנותדיגע געגענדען האט זיך יא פארמערט.

די ערשטע חברה "פועלי־צדק חייטין" איז געגרינדעט געווארען אין יאר תקס"ב – 1801.

די גלינער קלויז האט מען געבויט אין יאר תקע"ה און אין יאר תק"פ האט מען דארט אנגעהויבן צו דאווענען.

פון יאר 1780 ביז צום חורבן פונם שטעטעל גלינע, האט זיך דארט חוץ די גויעשע דאקטוירים, אויך אידישע דאקטוירים געפינען.

די אלע היסטארישע פאקטן וואס זיינען אנגעגעבען געווארען אין דעם קאפיטעל, זיינען צונויפגעשטעלט געווארען לויט די רייד פון פאר־שידענע מענטשען, וואס האבען זיי געהערט פון די זקנים פון שטעטעל, אדער געלייענט אין פארשידענע ביכער און צייטשריפטען, אין וועלכע עס געפינען זיך באשרייבונגען וועגען גאליציע בכלל, און וועגען גלי־ניאנע בפרט.

אויף ווי ווייט די דאטען און פאקטען זיינען ריכטיג, קענען מיר מיט זיכערקייט ניט זאגען. מיר האבען אבער געפונען פאר נויטיג דאס צו פארצייכענען.

## שבתי צבי׳ניקעס און פראנקיסטען אין גלינע

אין דער צייט פון דער שבתי צבי באוועגונג, אין די יארען 1676-1665 זיינען אין גלינע געווען אסך אידען וואס האבען געגלויבט אז שבתי צבי איז דער אמתער משיח. נאכדעם, ווען זייער משיח, שבתי צבי האט זיך מיט פיל פון זיינע מקרוביז גע׳שמד׳ט און אנגענומען דעם מאכמעדאנישען גלויבען און די באוועגונג בכלל איז אפגעשוואכט געווארען, איז אויך צווישען די גלינער אידען דאס התלהבות פאר זייער משיח - אפגעקילט געווארען.

און מיט יארען שפעטער, ווען יעקב פראנק איז געקומען מיט זיין נייער לערע און פירונג און צוגעצויגען צו זיך פיל אידען פון פוילען און גאליציע, האבען אין גלינע ווידער זיך געפונען אידען, וואס זיינען געווארען זיינע הייסע אנהענגער און געגלויבט אז ער איז דער געזאלבטער , געשיקט פון גאט.

ווען יעקב פראנק איז געפארען צום היסטארישען ויכוח צווישען די גאליצישע רבנים און די פראנקיסטען(אין לעמבערג, יאר הקי"ט) איז ער מיט זיינע באגלייטער געפארען פון גלינע, וואס איז דאן געווען זיין וואוין-ארט.

אין שטעטעל גלינע איז ארומגעגאנגען א לעגענדע, אז נאכדעם ווי די פראנקיסטען האבען זיך גע׳שמד׳ט און האבען אנגענומען דעם קאטוילישען גלויבען, האבען די גלינער פראנקיסטען זיך באזעצט אינם דארף באלוטציען, וואס געפינט זיך ניט ווייט פון גלינע, אויפען וועג קיין בוסק.

נאך אין די יארען 1950-1890 האבען ווייטע קרובים פון גע-
שמד'טע גלינער פראנקיסטען געוואוינט אין די צוויי נאענטע דער-
פער, פראנאיעוו און באלוטציען.

דר. מאיר באלאבאן ז"ל, א גלינער איינוואוינער, איז דארטען
פאר יארען געווען א לערער אין דער באראן-הירש שולע. זיין
היסטארישע ליטערארישע ארבעט האט ער טאקע אנגעהויבען אין
גלינע. האט ער אין די ארכיוון פונם אלטען פוילישען קלויסטער,
און פון דער שטאטישער געמינע – געפונען פארשריבען אז צוליב די
פראנקיסטען האבען זיך אויך א פאר אידישע משפחות פון שטעטל
געשמד'ט. דאס זעלבע האט אויך באשטעטיגט ר'יוסף מרדכי לייוואנד
ז"ל. א איבערגעגעבענער ציוניסט און א עוסק בצרכי-צבור,
וועלכער האט פאר יארען לאנג געפירט א פנקס, וועגען דעם שטעטל.

# דאס שטעטעל

## 1. די געאגראפישע לאגע פון דעם שטעטעל.

דאס שטעטעל גלינע (גליניאנע) געפינט זיך אין מזרח גאליציען, פיר און א האלב מייל פון דער הויפט-שטאט לעמבערג, אויף דער באן־ליניע זאדוואזשע-לעמבערג־בראד. פון דער אנדערער זייט, צווישען די שטעט און שטעטלעך, זלאטשאוו, פרעמישלאן, בוסק, בראד, יאריטשאוו, באוברעקא, מיקאלאיעוו, און די ארומיגע דערפער, אלפערדופקא, באגדא־נאווקא, באכוויטש, וויזעלין, זארדואווארזשע, סאלאוויע, כאנאצאוו, יאכטאראוו, לאשקי־קרולעווסקי, לאהאדאוו, מיטעליען, מאזאווע, סלאוויטא, פאלאניץ, פראנאיעוו, באלוטשין, פאדהייציקע, פאלטעוו, דאזווארזשאן, בעדבעריך, בילקע, ביוועץ, הערמאנאוו, און די אלע דערפער האבן פאר דער ערשטער וועלט מלחמה געלעבט אן ערך פון 230 אידישע משפחות.

דאס שטעטעל גלינע מיט די ארומיגע גויעשע קווארטאלען פארנעמט א שטח פון דריי קילאמעטער אין דער לענג, און באלד אזוי פיל אין דער ברייט. אין מזרח זייט הויבט זיך עס אן פונם גראפס הויף, אויפן וועג קיין בולאטציען. פון צפון זייט, ביי דער שראנקען, אויף דעם וועג קיין פרעמישלאן. אויף דעם מערב זייט, פון די זאמדען, אויף דעם וועג קיין זאדווארזשע. און פון דרום זייט, קיין זאמשצע, אויף דעם וועג קיין זשענמאוו.

פון די דערפער און פון די ארומיגע קליינע שטעטלעך איז מען קיין גלינע געפארען מיט פערד און וואגען. די וועגען וואס האבען געפירט צום שטעטעל, זיינען טיילווייז געווען געפלאסטערטע שטרויאיסען, דער גרעסטער טייל אבער איז געווען דער "פוילישער וועג", וואס מיינט: שטרעקעס מיט גרויסע בלאטעס און טיפע גריבער.

דער נאמען פון דעם שטעטעל נעמט זיך פון דעם וואס די געגענד איז א ליימיקער באדען. לויט הייסט אויף רוסיש: "העלעניע", פון דעם שטאמט דער נאמען "גלינע". און וואו מען זאל נישט גראבען די ערד פון שטעטעל, איז אלץ געלבע זאמד.

## 2. איינוואוינער פון שטעטעל

פאליטיש איז גלינע אונטער דער פארוואלטונג פון דער פריי־מעשלאנער סטאראסטווא. אין גרויסע קרימענעלע פראצעסען האט דאס גלינער באצירק־געריכט געמוזט אזוינע פראצעסען אריבערשיקען צום העכערען קרייז-געריכט אין זלאצאוו.

אין מיליטערישער פארוואלטונג האט די גלינער באפעלקע־רונג געהערט צום 55 רעגימענט אונטער קאמאנדע, אין דער שטאט בערזשאנע. ווען פוילען איז ווידער געווארען א זעלבסטשטענדיגע מלוכה, און גאליציען איז ווידער געווארען א טייל פון פוילען, זיינען די פאליטישע און מיליטערישע פארוואלטונגען געהענדערט געווארען.

דאס וואס מיר באצייכענען מיטען נאמען "גלינע", מיינען מיר ניט די קריסטלעכע גאסען און געסלעך, די שטיבלעך, שטאלען, סטאדאלעס, גערטנער און פעלדער, נאר דעם שטח וואו עס האט זיך געפונען דער מארק מיט די קלייטען, דער "רינג" און אלע אידישע גאסען און געסלעך מיט דער שול, בתי מדרשים און אלע שילעכלך.

דארט וואו עס האבען געוואוינט דער רוב מנין פון די גלינער אידען.

די קריסטלעכע באפעלקערונג פונם שטעטל האט דאס מערסטע געוואוינט ביי די ברעגען פונם שטעטל, אין די געגענדען פון זארובלע, זאסטאוויע, מילניקאך, באהולקע, זאהאלעניסקעס, לעבען דילנער קלויסטער, ביז צו די זאמדען און אין זאמאשצע.

פאר דער ערשטער וועלט מלחמה, האט אין זאסטאווע, וואו עס האבען געוואוינט צוויי הונדערט קריסטלעכע פאמיליעס זיך אויך געפונען א צווי דריי אידישע פאמיליעס.

אין דעם זאראוואלער קווארטאל האבען געוואוינט איבער הונדערט קריסטלעכע פאמיליעס, און צווישען זיי בלויז פיר אידישע משפחות.

זאהאלעניסקעס האבען אין די עטלעכע געסלעך געוואוינט אידען און קריסטען, אבער קריסטען זיינען געווען אין א גרע־סערער צאל ווי אידען.

אין מילניקאך איז געווען א קריסטלעכע באפעלקערונג פון הונדערט און צוואנציג פאמיליעס, און בלויז איין אידישע משפחה.

פון די זאמדען ביז דער מיהל האבען געוואוינט א פופציג קריסטלעכע פאמיליעס און א צען אידישע.

אין דאמאשצע האבען געוואוינט ביי א דריי הונדערט קריסטלעכע פאמיליעס, אידישע - 5 משפחות.

ביי די ברעגען פון די קריסטלעכע קווארטאלען, וואו די דילנער גאס און ביים סוף פון דער קולאקאווער גאס האבען געוואוינט עטלעכע אידישע משפחות.

די אידען, דאס מערסטע קליינע סוחרים׳לעך, זיינען געגאנגען אין די קריסטלעכע קווארטאלען, האנדלען מיט די קריסלעכע שכנים. און די קריסטלעכע באפעלקערונג אים געקומען צו די אידישע קרעמער אין מארק, און אין די אנדערע גאסען און איינגעקויפט אלץ וואס זיי האבען באדארפט פאר זייער טעג־לעכען געברויך. אין דער זעלבער צייט האבען זיי אויך ארויס־געבראכט אויפן מארק זייערע פראדוקטען. גרינס, באקורדעס, יאגעדעס, פאזינקעס, יונגע מייערלעך און בולבעס, פון זייערע גערטנער.

זומער צייט, ווען עס זיינען פארטיג געווארען די קארשען, ווינשעל און שפעטער די פלוימען, פלעגען די גויעם פון די ארומיגע דערפער ארייננברענגען פולע פוהרען מיט פירות, איבער־הויפט פלוימען.

א חוץ וואס מהאט די פלוימען געקויפט זייער ביליג, פון וואס יעדע באלעבאסטע האט געקאכט פלוימען פאלאווקעס און געמאכט פאווידלע, פארן ווינטער, האבען אינגלעך, וואסע־חברניקעס גע׳גנב׳עט פון די וועגענער צוביסלעך פלוימען.

אט די פלוימען זיינען געווען געשמאקער ווי די געקויפטע..

די גויעם פלעגען נאכלויפען, שרייען און טאקע אמאל אויך דערלאנגען מיט די בייטשען. אויך טאטע־מאמע פלעגען אנ־

שרייען, אבער מען האט ליבערשט געהאט א "געכאפטע" פלוים, אדער קארש, ווי די וואס די מאמע האט געגעבען.

אין דער זעלבער צייט איז אריינגעבראכט געווארען אגרעסען, וויינפערלעך, וועלכע די מארק זיצערינס האבען פארקויפט אויפן גלעזעל, א גראצער א גלעזעל.

דער סיזאן פון רייפע מאלינעס איז פאר די אינגלעך געווען "חי - געלעבט!" פון די אויסגעקוועטשטע מאלינעס האבען די אינגלעך געמאכט באלען, און געווארפען איינער אויפן אנדערען, און פון דעם סאק האבען די מאמעס געפרעגעלט סיראפ, עס געהאלטען "מען זאל עס נישט באדארפען". די זומער חדשים בכלל זיינען געווען א פארגעניגען סיי פאר די קינדער סיי פאר די עלטערען.

די קריסטלעכע באפעלקערונג אין און ארום גלינע זיינען דאס מערסטע באשטאנען פון אוקראינער (רוטענער) און א קליינע צאל פאליאקען. די פאליאקען זיינען צום גרעסטען טייל געווען די בעאמטע, גראפען און די באזיצער פון די פולווארקעס. די אוקראינער האבען זיך אפגעגעבען מיט באארבעטען די פעלדער, מיט פרוכט און גרינס־גערטנער, זיי האבען אויך געהאדעוועט בהמות און עופות. די גלינער אידען זיינען כמעט ביז דער ערשטער וועלט מלחמה געווען אין גוטע באציאונגען מיט דער שטאטישער און דער ארומיגער קריסטלעכער באפעלקערונג. זיי, די גוים, אונדזערע שכנים, האבען על פי רוב זיך פארהאלטען פריינדלעך צו די אידען, און עס איז געווען שלום ושלוה. יום כפור, צו כל נדרי, פלעגען אין די אכציגער יארען פון דעם ניינצענטען יארהונדערט קומען גוים אין שול אריין און זיך פארהאלטען מיט גרוים דרך ארץ. עס איז אויך געווען צייטען ווען די קריסטען פונם שטעטל פלעגען קומען צום רב, ווען זיי האבען געהאט א סיכסוך מיט א אידען, און ווי אזוי דער רב האט געפסקנט,האבען די גוים אנגענומען דעם פסק.

פיל קריסטען האבען געהאט אמתע פריינט צווישען די איקען און מען איז געגאנגען איינס צום אנדערען זיך אביסעל דורכשמו־עסען. ווען עס איז פארגעקומען שטאטישע וואלען האבען די אידי־שע כלל טוער מיט די קריסטלעכע רעדעל פירער געפירט די גאנצע פאליטיק פונם שטעטל.

דאס געזעלשאפטלעכע צוזאמענלעבען צווישען די גלינער אידען און זייערע קריסטלעכע שכנים,איז געווען א פועל יוצא פון דעם ווי אזוי די רעליגיעזע און די געזעלשאפטלעכע פירער פון דער קריסטלעכער באפעלקערונג האבען זיך פארהאלטען צו זייערע אידישע שכנים. אז א גוי,א בעל גוף זאל זיך שטעפען צו א איד, ווייל יענער איז א איד, איז מיט א פערציג יאר פאר דער ערשטער וועלט מלחמה זעלטען געהערט געווארען ביי אונדז אין שטעטל. ווענען מסחרים. האבען גלינער אידען מיט זייערע קריסטלעכע שכנים ניט איימאל געהאט קריגערייען און געריכטלעכע פראצעסען.מיר וועלען דא פארצייכענען איינציגע קריסטען און זייער פירונג און פון דעם וועט שוין במילא קלאר

ווערן דאס געזעלשאפטלעכע צוזאמענלעבען פון די גלינער גוים מיט די אידען, אין יענער צייט.

דער גלח ראשטאלאוויץ, דער גייסטיגער פירער פון דער גריכיש-קאטוילישער פאראפיע, מיט דעם אזוי גערופענעם,רוטהע-נישען קלויסטער. אין אנהויב איז עס געווען אין דילנער גאס, אין די יארען 6-1895 האט די פאראפיע אויפגעשטעלט א גרויסען קלויסטער אויף דער גאבארניע גאס,צווישען דער אפטייק און יענקעל שטאלצענבערגס הויז. דער קלויסטער איז געווען ארומגע-צוימט מיט אייזערנע שטאכעטען, פון אלע פיר זייטען.

אט דער גלח איז געווען זייער רייך,ער האט געהאט א אייגענע באנק. אין זיין פריוואט לעבען האט ער ניט געמאכט קיין אונטערשיד צווישען איד און קריסט. ער האט אלע יארען געהאנדעלט מיט אידען און ביי אים אין באנק האבען געארבעט צוויי אידען,וועמען ער האט גוט געצאלט און מיט זיי זיך גא-נעמען אויפן שענסטען אופן.ווען א ארימער קרעמערל אדער סוחר איז געקומען צו אים אין באנק נאך א הלואה מיט א אונטערגעשרי-בענעם וועקסעל, האט דער גלח אים געליען די פארלאנגטע סומע געלט.אזוי ארום האט ער א סך גלינער קרעמער ארויסגעהאלפען אין זייערע מסחרים.

דער גלח האט געהאט אן איידעם, באלטאראוויץ,איז ער ווי זיין שווער געווען א זעלטענער גוטער גוי.ווען ער איז געווארען דער הויפט דירעקטאר פון דער באנק, און אויך בירגער-מייסטער פון שטאט, האט ער זיך גוט פארהאלטען צו אידען.אלע בירגער פונם שטעטל זיינען ביי אים געווען גלייכע מיוחסים.

באלטאראוויצעס פאטער, וועלכער איז געווען דער הויפט-פארוואלטער פון דער גלינער רעגירונגס שולע, די שקאלע, איז אויך געווען א ליבעראלער מענטש. ער האט קיינמאל ניט געצוואנ-גען די אידישע קינדער,וואס זיינען געגאנגען אין דער שקאלע,אז זיי זאלען זיך אויפשטעלען ביים אנהויב לערנען,ווען די גויעשע קינדער האבען געזאגט זייער "מאליטווע",די תפילה.

אין גלינע איז אויך געווען א גרויסער פוילישער קאשצאל (קלויסטער) צו וועלכען עס האבען געהערט די קריסטען פון א 20 דערפער פון דעם ארומיגען געגענד, מיט א פוילישער באפעלקערונג.

אין א זונטאג אדער אין א חגא-טאג זיינען זיך צונויפגע-פארען הונדערטער פאליאקען און געגאנגען אין פוילישען קלויסטער, הערען דעם אלטען גלחס דרשות און תפילות.וועגען אידען האט ער אלע מאל געזאגט גוטס.

די גלינער אפטייק איז געווען א אינסטיטוציע מיט א אנזען. זי איז געווען דאס אייגענטום פון צווי קריסטען,אדאלף הילמאר און א געוויסער בריקנער. בריקנער איז א שטיקעל צייט געווען בירגער-מייסטער פון שטאט און ער האט געטאן פיל טובות אידען, אלס איינצעלנע און אלס כלל. ער האט זיך אזוי ווייט אינטערע-

רעסירט מיט דער לאגע פון די אידען,און אין א עת צרה פלעגען ארימע אידען גייען צו בריקנערען און זיך אויסוויינען זייערע פארביטערטע הערצער פאר אים. ער פלעגט יעדען איינעם טרייסטען און העלפען לויט די מעגליכקייטען.אן ארמען קראנקען בעל מלאכה האט ער אפילו געשיקט אויף א גאנצען זומער אין א קור־ארט,און אז די פרוי מיט די קליינע קינדער פונם קראנקען איד זאלען דורך דער צייט האבען פון וואס צו לעבען,פלעגט דער אפטייקער אליין, יעדען דאנערשטאג ארומגייען צווישען די רייכע אידען פון שטעטעל,צונויפנעמען נדבות פאר דער ארימער פרוי מיט די קינדער.

אין שטעטעל איז געווען א קריסטלעכער נאטאר,א צוגעקומענער, אבער אן אלטער תושב. אט דער קריסט איז באמת געווען איינער פון די חסידי אומות העולם. ער האט אין זיין קאנצעליאריע געהאלטען צוויי אידען, שרייבער, און פירער פון די ביכער.מנשה פאגעלפאנגער און יודעל שטאד.

דער אלטער נאטאר,רודאלף קערבער איז אויך געווען עטלעכע יאר בירגערמייסטער פון שטאט, און צו זיינע טובות צו אידען איז גארנישט געווען קיין שיעור. חוץ דעם וואס ער האט אידען געטאן טובות אין דער געמיינדע און אין דער קאנצעליאריע,פלעגט ער פריוואט אסך אידען לייען געלט אויף וועקסלען, מיט זייער איינגענער אונטערשריפט,אן גוטזאגער,אלס א באווארעניש. ארימע,קראנקע אידען פלעגט ער העלפען מיט דאקטוירים און פיל מאל אויך געצאלט פאר זייערע רעצעפטען. אז עס האט זיך געמאכט אז א קראנקער האט געמוזט דורכמאכען א אפעראציע, אין א שפיטאל אין לעמבערג, האט דער נאטאר אלץ באזארגט, באצאלט פארען שפיטאל און די אפעראציע קאסטען.

פאר זיין טויט האט רודאלף קערבער,געהייסען פאר זיינע אייגען צערייסען און פארברענען אלע וועקסלען און אלע שולד־פאפירען,וואס ער האט געהאט פון גלינער אידען. אלץ אפגעמעקט, קיינער איז אים גארניט שולדעק..

עס דארף אויך פארצייכענט ווערען אז חוץ די אויסגערעכענטע גוטע און נאבעלע קריסטען,זיינען אין שטעטעל אויך געווען אסך קריסטלעכע מעשטשאנעס,רייכע בעלי בתים,ווי די טימניעקס, הארבוסעס,קאליצקיס און אנדערע,וועלכע זיינען אין פארשידענע צייטען געווען בירגערמייסטער פון שטאט. זיי האבען צווישען די גלינער אידען געהאט פיל פריינט, מיט וועלכע זיי האבען זיך פארהאלטען גאר גוט,זיי פלעגען קומען צו זייערע אידישע פריינט און פארברענגען ביי א גלעזעל בראנפען אדער טיי. רעדען וועגען מסחר, שטאטישע און פריוואט פאליטיק.

זיי זיינען אויך געווען פון די ערשטע גלינער קריסטען וואס האבען זייערע אינגלעך געשיקט שטודירען אין דעם לעמבערגער גימנאזיאום.

א חוץ וואס עס האט זיך אמאל געטראפען אויף א שטאטישען יאריד אדער אין דער צייט פון דער אסענטירונג פאר מיליטער, און די גוים אדער די רעקרוטען האבען געכאפט א איבעריגען טרונק בראנפען,אדער אזוי זיך צעווערטעלט מיט א אידען,און עס איז געווארען א געשלעג אין מארק, אדער אויף דער טארגאוויצע־איז נאך איידער די גוים האבען צייט געהאט זיך צוצעפירען די

הענט, האבען די אידישע קצבים,טרעגער און אנדערע,וואס קענען
געבען קלעפ,זיי גוט אנגעבראכען די ביינער.דאס קאן מען זאגען
זיינען געווען די איינציגע צוזאמענשטויסען צווישען די אידען
און די קריסטען, וואס פלעגט זיך טרעפען אים שטעטעל.דאס איז
אזוי אנגעגאנגען ביז דער ערשטער וועלט מלחמה. אבער אין די
יארען פון דער היטלער נאצישער פראפאגאנדע פון איין זייט און
דאס באלשעוויסטישע פארנעמען פון דער געגענד פון דער אנדערער
זייט,האבען זיך די באציאונגען צווישען די אידען און זייערע
שכנים אסך געהענדערט, צום שלעכטען פאר די אידען.

## 3. דער מארק, די גאסען, געסלעך.

דאס וואס מיר,גלינער אידען,געבוירענע און צוגעקומענע
און פון די ארומיגע דערפער רופען אן "אונזער שטעטעל"איז
דאס דער "מארק" אין מיטען שטעטעל,וואו עס זיינען געווען די
"קלייטען",די קרומען,געוועלבען פון צעגליק,גאלאנטעריי,שניט-
סחורה,לעדער,אייזען,טעפ,פארשידענע שפייז,אלץ וואס מען האט
אין שטעטעל באדארפט האבען צום לעבען,יעדען טאג. די סוחרים
פון טעפ און פון פארשידענע סטענגעס האבען יעדען פרימארגען
ארויסגעשטעלט זייער סחורה אין גאס,לעבען זייערע געוועלבען,
דאס זעלבע האבען אויך געטאן די קרעמער פון אייזענווארג.

מען האט דארט אויך געקאנט קויפען פארשידענע שמירעכצען,
מיט וואס די גוים האבען געשמירט די רעדער פון די וועגענער,
אדער פאר זייערע שטיוועל און די לעדערנע מכשירים,פאר די פערד.

עס זיינען אין מארק אויך געווען ביידלעך,אויפגעשטעלט
פון דער שטאטישער געמיינדע,וואו מען האט פארקויפט ברויט און
אנדערע געבעקס. אויך האבען גוים, חזר'ניקעס פארקויפט חזיר
פלייש ,קאלבאס און חזיר שמאלץ. ניט ווייט זענען געשטאנען
טישלעך וואו מען האט פארקויפט ווייסע בולקעלאך, פלעצלאך און
ראגלאך. ביי דער פראפענאציע זיינען געזעסען יונגע אינגלעך
און מיידלעך און פארקויפט הייסע קנישעקלאך,בולבעניקלאך און
געפארעטע אייער-בייגעלאך.

סיי זומער סיי ווינטער זיינען געזעסען סטעכעס ארום
די שטעלען און האבען פארקויפט פארשידענע אויבסען,לויט די
סעזאנען פונם יאר. אויך אלערליי צוקערקעס און אנדערע נאשע-
רייען.

ווינטער,אין די גרויסע פרעסט זיינען די זיצערקעס
געזעסען איינגעוויקעלט אין שמאטעס,מיט פייער-טעפ ביי די פיס,
אזוי אז מען האט זיי קוים ארויסגעזען. איבערהויפט אין א
יאריד טאג, ווען עס זיינען זיך אנגעפארען אויך קרעמער פון
אנדערע שטעט און שטעטלעך, און א שטיקעל פלאץ אין מארק איז
געווען מיט גאלד-גלייך, האבען די היימישע זיצערקעס און
געוועלבניקעס,שוין מיט א נאכט פריער,פארן יאריד,פארכאפט
די בעסטע פלעצער אין מארק,און אויפגעשטעלט זייערע ביידלעך,
געשטעלערלעך און קוישען.

אין מארק, אין לעבען דעם באזירק האבען זיך געפינען די
שענסטע און בעסטע הייזער,וואו עס האבען געוואוינט די רייכע

בעלי בתים פונם שטעטעל. עס זיינען אויך געווען עטלעכע הייזער, צוויי שטאקיגע, און איינציגע אפילו מיט גאניקלעך. עס האבען זיך אין שטעטעל אויך געפונען עטלעכע שענקען, וואס זייער הויפט לייזונג האבען זיי געהאט פון די גויעשע שכנים פון שטעטעל און פון די דארפס גוים, וואס זיינען געקומען אין שטאט אריין, קויפען און פארקויפען זייערע פראדוקטען.

אין מארק איז געשטאנען די פראפענאציע, אדער ווי מען האט עס גערופען דער "מאגאזין", וואו מען האט פארקויפט בראנפען, פאר אלע שענקער פונם שטעטעל און צו אלע ארענדארען, פון די ארומיגע קרעטשמעס. אויך האט מען לאחדים, צו גוים און אידען, פאר א קליינער מטבע, פון צוויי גרייצער פארקויפט א גלעזעל בראנפען. אויך די שבתים און יום טובים האבען אידען זיך אנגעגרייט פאר צען אדער פופצען גרייצער אביסעלע בראנפען, פאר די שבתדיגע פיש.

די רעגירונגס קאנצעסיע צו פארקויפען דעם בראנפען האט געהאט דער גראף. ער האט אויך געהאט א גראלנע, אבער אין דער פראפענאציע צום פארקויפען דעם בראנפען, האט ער אידען אנגעשטעלט.

די רעגירונגס פערלוג, דאס געוועלב וואס די רעגירונג האט פארקויפט באנדאראלען, טאבאק, סיגארעטען, סיגארען און בריוו מארקעס, האבען די קאנצעסיעס, יארען לאנג געהאלטען וואליעצהפליך-רובין, יאנקעל ראזען, יאר האלפערן.

ארום דעם מארק זיינען געווען עטלעכע רואיגע גאסען, אין וועלכע עס האבען געוואוינט פארמעגליכע און אויך ארימע בעלי בתים, די אזוי גערופענע "שיינע אידען".

ערב שבת און יום טוב איז דער "רינג" געווארען א פיש-מארק און די פילעלעס, די פיש הענדלער פונם שטעטעל אין אמאל אויך פון אנדערע שטעטלעך, האבען אהין געבראכט פעסער מיט לעבעדיגע פיש און אויך פארפרוירענע געזאלצענע פיש. זיי האבען אויסגעשטעלט א סך באליעס מיט וואסער און אריינגעלייגט אין זיי די לעבעדיגע פיש, און ווייבער האבען איינגעהאנדעלט פיש לכבוד שבת און יום טוב.

דער יאריד לשם מצוה האט פארמאגט די שענקייט און געשמאק וואס נאר א קליינשטעטלדיגער איד, אדער אידענע קאן עס פילען און באנעמען. נאך אלע געפילדער און געשרייען און קריגערייען, וואס איז פארגעקומעןביים איינקויפען די זאכען, איז עס דאך געווען לכבוד שבת און יום טוב.

די ברונעמער, וואס מען האט פון זיי געשעפט וואסער, איז געווען א פרימעטיווע מאכענאציע. אויף א שטארקען קלאץ מיט צוויי שפיצען, טיף אריינגעגראבען אין דער ערד, איז געווען איבערגעצויגען א לאנגער און שווערער האלקען, צו וועלכען אין איין עק איז געווען צוגעפעסטיגט א שווערער שטיין, און ביים אנדערען עק, וואס איז געווען איבער דעם טיפען ברונעם, איז געווען צוגענאגעלט א לאנגער דראנג, מיט א קליין פעסעלע, אדער קאן. דאס פעסעלע האט מען ארונטערגעלאזען אין ברונעם אריין, אנגעשעפט דאס וואסער און דאס פעסעלע אדער קאן צוריק ארויפגעשלעפט.

אין שטעטעל האט זיך געפונען נאך א מין ברונעם,איבערען
ברונעם איז געווען איבערגעלייגט א קלאץ, אויף וועלכען עס איז
געווען צוגעבונדען א פעסעלע. אז מען האט געדרייט דאר רעדעל,
האט זיך דאס פעסעלע אראפגעלאזט אין ברונעם, אמגעשעפט זיך מיט
וואסער און ווידער האט מען  געדארפט דרייען דאס רעדעל בכדי
דאס פעסעלע ארויפצוציען. איין פעסעלע ארויף,דאס אנדערע ארונטער.
מיט דער צייט האט מען אין שטעטעל געמאכט צוויי קרעניצעס מיט
מעכאנישע פאמפען. איינע אזא פאמפע איז געווען נעבען דעם שטאטישען
גלאק – די אנדערע לעבען דער אפטייק.

דער שטאטישער גלעקל האט געשפילט א גרויסע ראל אין שטעטעל-
שען לעבען. ער האט געדינט דער גמינע און דען אידישער באפעלקע-
רונג, אלס דער אנאנסער פון אלע וויכטיגע פאסירונגען,איבערהויפט
אין צייט פון א פייער. ווען די געמיינדע האט באדארפט עפעס
וויכטיגעס צו לאזען וויסען די איינוואוינער, האט מען ארויס-
געשיקט א פאליציימאן און ער האט אנגעהויבען צו קלינגען אין
גלעקל דאס האט געמיינט אז דער בירגערמייסטער, אדער דער סטא-
ראסטווא האבען עפעס צו לאזען וויסען, און ווען דער עולם איז
זיך צונויפגעקומען האט דער פאליציימאן אויסגערופען, דאס וואס
מען האט אים געהייסען זאגען.

יעדע נאכט, צען דעם זייגער האט מען געקלונגען אין
גלאק, אז עס איז צייט צו גייען שלאפען. (לצים פלעגען זיך
וויצלען אז  דער געקלאנג זאגט "לײדאקעס,דא דאמע ספאטש"-
לײדאקעס, א היים שלאפען!) אבער די וויכטיגסטע פונקציע פון
דעם גלאק איז געווען דאס רופען צו א פייער. וואו נאר מען
האט דערזעען ערגעץ א רויך ארויסקומען פון א הויז, אדער פון
א סטאדאלע,איז מען גלייך געלאפען צום שטאטישען גלאק און
גענומען קלינגען. דריי קלינג און אויפגעהערט,אזוי עטלעכע
מאל. ווען די מענטשען אין שטעטעל האבען דאס קלינגען דערהערט,
צי באטאג צי באנאכט, איז דאס גאנצע לעבען אין שטעטעל אויפ-
גערודערט געווארען. אויף יעדענס ליפען זיינען געווען די
ווערטער "וואו ברענט?"

איינע פון די אנגעזעענסטע גאסען אין שטעטעל, חוץ
דער מארק,איז געווען די גאס וואו עס איז געשטאנען דער
פוילישער קלויסטער. דארט איז אויך געשטאנען דעם נאטארס,
קערבערס הויז,דעם פוילישען גלחס הויף און אסך אידישע הייזער
און קראמען. אהרן קלאץ האט דארט געהאט זיין קאסע(באנק) דארט
איז געשטאנען די שטאטישע גמינע־הויז, די רעגירונגס פאלקס-
שולע, אדער ווי מען האט איר גערופען די "פוילישע שקאלע".

דער שטרויאיס־וועג קיין יאכטאראוו, אוניאוו,און פרעמיש-
ליאן, לעבען דער געמיינדע ־הויז איז געווען די "שאפע" א
געביידע אין וועלכער עס איז געשטאנען דער שטאטישער שפריצער
און די פעסער וואסער, אנגעגרייט אין פאל פון א פייער, זיך
ארויסלאזען לעשען.

ביי דער "שאפע איז געווען דער שיידוועג פון די דער-
פער  פראניאעוו און  בולעציען, אין וועלכע גלינער אידען
זיינען טעגלעך געגאנגען עפעס איינהאנדלען, ביי די דארטיגע
גוים.

די גלינער דארפס־גייער האבען זיך איינגעטיילט מיט די ארומיגע דערפער, וואו זיי האבען אויסגעקויפט סחורה ביי דער קריסטלעכער באפעלקערונג.
ניעט ווייט פון דער "שאפע" אים געווען א שמאלע ווילינצ־קעלע, געסעל, וואס האט געפירט צום אידישען בית עלמין.

אין מערב זייט פון חיים שמואלס איינפאר־הויז זיינען געווען די זשאנדארען קאסערין, סקלאדען מיט יוניפארעמס, וועלכע מען האט איינמאל א יאר ארויסגעהאנגען אויפן גאניקעל פון די זשאנדארענס, אויסקלופטערען. די מיליטערישע מלבושים זיינען געווען פון גרויען קאליר.

ווען מען האט די מיליטערישע קליידער ארויסגעהאנגען האט דאס געמאכט אויף די אידען פון שטעטעל א מאדנעם איינדרוק. מען האט געקוקט אויף די מונדירען און געפילט אז פריער אדער שפעטער וועט זיין א מלחמה.

צווישען די זשאנדארען־הויז און דעם אריינפיר־הויז איז געווען א סך פרייער פלאץ. דארט האט זיך נאר געפונען מאיר שמואלס הויז, אברהמ'צע אדלערס הויז. מיט יארען שפעטער איז דארט צוגעקומען מענדעל בעקערס שטוב, און נאך שפעטער האט געוואוינט דער רב,ר' יצחק לייזער גרינבערג ז"ל.

אין די יאריד טעג זיינען דארט געשטאנען די גאנטשארעס מיט זייערע ערדענע טעפ,טעלער און שיסלען.ערב פסח און פאר די גויעשע חגאות איז דארט געווען מער יאריד, ווי אין אלע אנדערע ערטער פון שטעטעל. הגם, ווען נאך א רעגען איז דארט געווען די גרעסטע סלאטעס, ווייל דער פלאץ איז געווען ניט געפלאסטערט.

אין דער צווייטער זייט פונם "רינג" איז די גאבארניע־גאס. דער נאמען פון דער גאס, ווי אלטע לייט האבען דערציילט, נעמט זיך פון דעם וואס מיט יארען צוריק איז דארט געשטאנען א קליינע גאבארני,אזא פאבריקעל, וואו מען האט אויף א פרי־מיטיוועך אופן ,פון רויע פעלען, אויסגעארבעט לעדער. אמת, קיין פיינע לעדער איז דאס ניט געווען, מען האט אים אבער געקאנט נוצען פאר פיל זאכען, דערפאר אבער איז זיין גערוך געווען א פיינער...

אט די גאס איז געווען די הויפט גאס פונם שטעטעל;
איבערהויפט אין שבתים און יום טובים. ביי טאג, נאכען עסען און נאך אביסעל שלאף, און טאקע אויך נאך א תורה ווארט, יעדער לויט זיינע קענטעניסען, איז מען ארויס אויף דער גאבארני גאס אויף א שפאציר, ביז דעם באצירק און דעם גראפס רויטער מויער. די יוגענט פון שטעטעל, אנגעטאן אין זייערע שענסטע און בעסטע מלבושים האבען שפאצירט אויף דער גאבארני גאס און ניט איינמאל צוגעווארפען א שמייכעל און א ווארנק צו א שפאצירענדער בתולה.

מען האט דארט געקאנט זעען בעלי מלאכות, קרעמער יונגע־לייטלעך און אפילו עלטערע בעלי בתים, שפאצירען אין די לייכטע קאפאטעס, מיט יארמעלקעס אויף די קעפ, אויף די טראטעווארען

און אפילו אין מיטן גאס, אויף דעם שטרויאיס. ווייל שבת און יום טוב איז זעלטען א גויעשע פור דורכגעפארען דורך דעם שטעטעל.

שפאצירענדיג האט מען גערעדט וועגען מסחר, פון "זיין רבין" און פון שטאטישע פאליטיק. יעדע גרופקע, יעדער צד האט גערעדט פון די פראבלעמען וואס זיין שטאנד אין וועלכען ער לעבט, האט ארויסגערופען, און דאס באהאנדעלט לויט זיין אינטעליגענץ. אבער רואיג,געלאסען האבען אלע געשפאנט איבער דער גאבארני גאס.

אין יענער גאס האט געוואוינט א געמישטער קלאס מענטשען. רייכע, קליין הענדלער, ארימעלייט און בעלי מלאכות, שניידער, שוסטער און סטאליארעס. עס זיינען דארט אויך געווען עטלעכע געוועלבען, די אפטייק, וואס האט געהערט צום פאליאק דאלניצקי, א פיינער, אנשטענדיגער מענטש.

ריין און ליכטיג איז געווען די אפטייק. ווען איינער האט געדארפט אהין אריינגיין פאר א רעצעפט,האט ער זיך פריער אויס-געגלייכט, האט אפגעשטויבט זיינע קליידער, מיט די פינגער, אויס-געגלעט די בארד, אראפגענומען דאס היטעל און צורעכט געמאכט די יארמעלקע אויפן קאפ. און ווען מען איז שוין אריין אין דער אפטייק, וואס איז געווען א ריינער און ליכטיגער צימער, האבען די שארפע אראמאטען פון די מעדיצינען א שלאג געטאן אין קאפ און מען איז געבליבען שטייען א צעטומעלטער. מען האט מיט געוואוסט ווי אזוי זיך צו באנעמען, וואס צו זאגען און וואס צו ענטפערען, און דער גאנצער "איך" איז ממש בטל געווארען. יעדע מינוט זיין אין דער אפטייק איז געווען אי איינגענומען אי לאנג...

א קאנטראסט צו דער אפטייק איז געווען די פאמפע, לעבען דער אפטייק און די נאענטע גאס דערביי. ווינטער צייט,ווען עס זיינען אויסגעפאלען די שנייען,און עס האט געכאפט א פראסט, איז דאס צוקומען צו דער פאמפע געווען סכנות נפשות. ביז מען איז צוגעקומען אנצונעמען דאס הענטעל פון דער פאמפע האט מען געקאנט ברעכען הענט און פיס, אויף דעם גלאטען אייז.

פאר פסח איז ארום דער פאמפע און די געסלעך צווישען שלמה מענדעלס הויז און דער גלות עכעס, געווען אזעלכע טיפע בלאטעס, אז ביים איבערגייען פון איין גאס אויף דער אנדערער האט מען געקאנט דערטרונקען ווערען.און גראד אנטקעגען דער אפטייק, לעבען דער פאמפע האט געוואוינט ליב שרייבער, א מענטש וואס האט זיין גאנץ לעבען זיך אפגעגעבען מיט כלל ענינים. אבער די גליטשען און די סלאטעס, לעבען זיין טיר האט ער נישט געזעען.

ווייטער אביסעל, איז אויף דער גאבארני גאס געווען דאס נייע דילנער קלויסטער, אויסגעבויעט און אויפגעהאלטען פון די רוטענער. ביים ענד פון דער גאס איז געשטאנען דעם גראפס רויטע מויער,געבויט אין יאר 1888,דאס געריכט הויז און דאס געפענגעניש הויז. ווייטער האט זיך געצויגען דער וועג צום זאפוסט-וועלדעל, וואו די יונגע און די עלטערע מענטשען זיינען שבת און יום טוב, און אמאל אויך אין א מיטען וואך, אין א זומערדיגען אויפדערנאכט, געגאנגען כאפען א

אביסעל פרישע לופט אין דעם סאסנאווע וועלדעל. פון דארט האט זיך אנגעהויבען דער וועג וואס האט געפירט צום גויעשען צווינטער. דער וועג צו דער מיל און צו דער באן סטאנציע זאדוואאורזשע,וואס האט פארבונדען דאס שטעטעל מיט דער גרויסער וועלט.

מיט יארען שפעטער איז אויף דער גאס וואס ציט זיך פונם געריכט הויז געשטאנען די פאסט און באראן הירש שולע. ארום דארט האבען געוואוינט די מערהייט קריסטען.

די דריטע וויכטיגע גאס פון שטעטעל איז געווען די קילעקאוועער גאס, וואס האט זיך אנגעהויבען אין מארק, לעבען יהודה וואלפס הויז, אביסעל בארג ארויף און האט זיך געענדיגטביים דילנער גלחס הויז, וואס איז שוין געווען צווישען די גויעשע הייזער, אויף דעם וועג קיין זאמאשצע. אויף אט דער גאס און אין די זייטיגע געסלעך האט געוואוינט א געמישטער קלאס מענטשען. אפענע און פארבארגענע קבצנים, בעלי מלאכות,דארפס גייער, שמאטעריעס(אידען וואס פארען איבער די דערפער און בייטען אויס גאלאנטעריי און קינדער שפילעכלאך אויף אלטער און נייער לייוואנד, אלט אייזען, אויך וואלענע שמאטעס.

עס האט זיך דארט אויך געפינען עטלעכע דרדקי חדרים, וואו דער חדר און די וואוינונג זיינען געווען צוזאמען. די מערסטע אידען פון די זייטיגע געסלעך האבען געוואוינט עטלעכע משפחות אין איין שטוב. ביינאכט האט מען דעם חדר איבערגעטיילט מיט א ליילעך, אזוי אז יעדע פאמיליע איז געווען באזונדער.

עס זיינען אויך געווען עטלעכע שטיבער מיט אלקערס. דאס מערסטע זיינען די ארימע שטיבלעך געווען מיט שטרוי באדעקטע דעכער. נאך דער גרויסער שריפה איז שוין געווען אויך שינדעלדעכער. אויף דער קאליקאוועער גאס מיט די זייטיגע געסלעך ,פון יענע יארען ביז צו דער ישער וועלט מלחמה, האט מען געמעגט זאגען " לא יחדל אביון מקרב קילאקאוועער גאס".

נאך א לאנגע גאס האט דאס שטעטעל פארמאגט. דאס איז געווען די גאס אונטער דער שול, וואו עס איז מיט יארען צוריק געווען דאס הקדש, שחיטה יאטקעס, דאס באד, קליינע שטיבלעך, נחום משהס און וואלפס חומש חדרים, עטלעכע קליינע גערטענלעך, דעם רבינס "הויף" מיט זיין גרויסען בית המדרש. אויך דא, אין די קליינע צעבראכענע שטיבלעך האבען געוואוינט אסך ארימע אידען, דארפס גייער, קירזשנער,שניידער,סאדאווניקעס,קאניערים, דער איינציגער שטריקען דרייער אין שטעטעל און דער איינציגער זייף און ליכט מאכער. ביים סוף גאס, אויפן ברעג פונם טייך איז געווען די "פאסע", וועלכע האט זיך געצויגען פון א ווייטען דארף, דורך דער לענג פונם שטעטעל, צווישען דעם גויעשען קווארטאל זאסטאוויע און דעם רבינס גאס. ביי דער פאסע האט זיך געפונען דעם פוילישען גלחס סאד, פול מיט עפעל, בארען, פלוימען און קארשען בוימער, אבער אויך מיט גרויסע, בייזע הינט, און ניט איינמאל האבען מיר ,אידישע קינדער קוים זיך געראטעוועט מיט גאנצע ביינער, פון די בייזע הינט, פאר וועלען אויך אמאל פארזוכען א פרישע קארש, פלוים אדער עפעלע ‾ ווען מיר זיינען געווען אויף דעם וועג זיך צו באדען און זיך אפגעשטעלט לעבען

דעם גרויסען סאד, אין וועלכען עס איז געווען אזויפיל פרי־עץ.

לעבען דעם סאד איז געווען דער גרויסער בארג, דער "וואוועל", א בארג פון געלבען ליים, צוליב וועלכען דאס שטעטל טראגט דעם נאמען "גלינע". כמעט דאס גאנצע שטעטל האט אויף ערב שבת אדער יום טוב זיך באזארגט מיט א ביסעל ליים פון דעם וואוועל אויס־צוגעלען דערמיט די ערד אין שטוב, לכבוד שבת. ווייל זעלטען אז עמיצער, איבערהויפט פון די ארימע זאל האבען א הילצערנע פאדלאגע אין שטוב. מיט דער געלער ערד האט מען אויך פארשמירט דאס ברעטעל פונם אויוון, אין וועלכען מען האט געשטעלט טשאלענט לכבוד שבת. דאס ברעטעל האט מען גערופען "דאס טשאלענט ברעטעל".

ביים גלינער טייך איז געווען עטלעכע ערטער צום באדען זיך. איין ארט איז געווען לעבען דער פאסע און דעם גלחס סאד, און ביי דעם גרויסען וואוועל בארג, וואו עס האבען זיך אין איין זייט געבאדען מאנסבליין נאקעט, און אין דער אנדערער זייט האבען זיך געבאדען די ווייבער איינגעהילט אין ליילעכער.

דער צווייטער פלאץ צום באדער זיך איז געווען אונטער דער שול, לעבען דער באד. גוטע שווימער פלעגען שווימען פון דער פאסע ביז צו דער באד. דער דריטער פלאץ צום באדען זיך איז געווען לעבען דער מיל. אין דער זייט וואו מען פארט צו דער באן. דארט האט זיך אמאל דערטרונקען יעקב יהודהס אינגעל פון א יאר 10־11, אין א העלען זומער טאג.

גלינע האט פארמאגט א קליינע מיל פון דריי רעדער, וועלכע איז געטריבען געווארען פון דעם וואסער פון טייך, דורך א גרויסע ראד. אין דער מיל האבען די גוים פון שטעטל און אויך פון די ארומיגע דערפער געמאלען זייער תבואה, קארען, ווייץ און גערשטען, פאר זייער אייגענעם געברויך. אויך האבען א טייל גלינער ארימע אידען, דאס מערסטע פון די דארפסגייער, ווען זיי האבען אמאל געהאט אבעסעל "איבעריג" קארען אדער ווייץ, אפגעמאלען אין מיל פאר זיך אויף א געבעקעל ברויט.

די מיל האט א איד געהאלטען אין ארענדע פונם פריץ. פאר פסח פלעגט מען כשרן די מיל צו מאלען שמורה מצות.

די טראטאווארען זיינען געווען פון שמאלע ברעטער, נאר אין די פאר הויפט גאסען זיינען די טראטאווארען געווען געפלאסטערט פון שטיינער. אין א רעגענדיגען טאג ווען מען איז געגאנגען אויף ברעטער טראטאווארען, האבען זיי זיך געהויבען ארויף און אראפ, און אסך מאל געגעבען א פליוך ארויף מיט בלאטע.

ביינאכט זיינען די גאסען געווען באלויכטען פון קליינע נאפט לעמפלעך, וואס האבען קוים באלויכטען דעם אייגענעם סלופ, און דערצו זיינען נאך די לאמפען געווען אזוי ווייט איינער פון אנדערען, אז אין א פינסטערער נאכט האט מען געקאנט אנטאפען דאס פינסטערניש.

נאך דער ערשטער וועלט מלחמה, אין די דרייסיגער יארען איז שוין אין שטעטל געווען גאז־לאמפען און אפילו עטלעכע טעלעפאנען.

# פרנסות פון גלינער אידען

## זייער עקאנאמישער מצב

די עקאנאמישע לאגע פון די גלינער אידען בככל איז נישט געווען אנדערש ווי די עקאנאמישע לאגע פון אלע גאליצישע שטעט און שטעטלעך, פון דעם זעלבען פארנעם און גרויס ווי גלינע. דאס איז ניט געווען ווייל אונטער דער רעזשים פון פראנץ יוזעף דעם ערשטען, אונטער וועלכען גאליציען האט אין דער צייט פון וועלכער עס רעדט זיך דא, דאמאלט געהערט, זיינען חלילה געווען ספעציעלע געזעצען געגען אידען. די עקאנאמישע לאגע אין וועלכער די גאליצישע אידען און בתוכם אויך די גלינער אידען האבען זיך געפונען איז געווען די אלגעמיינע עקאנאמישע, אינדוסטריעלע באדינגונגען פון לאנד, וועלכע האבען גורם געווען אז די אידען אלס הענדלער און קליינע געווערקשאפטליכער זאלען זיין דער עלימענט, וואס מוז נאטירלעכערווייז עקאנאמיש מער ליידען. אויך זיין פיל אפע נגינג פון די גוט־באזיצער, די גראפען און פון די דארפס גוים, איבעהויפט איז עס אזוי געווען אין דעם מזרח טייל פון גאליציען, אין וועלכען אנדדער שטעטעל האט זיך געפינען.

די הויפט הכנסה פון דער ~~[illegible]~~ באפעלקערונג איז געקומען פון די פעלדער, בהמות און עופות און פון א קליינער פרימיטיווער אינדוסטריע, וועלכע האט באפרידיגט דעם געברויך פון דער גרויסער פויערען באפעלקערונג. דא האבען די גאליצישע אידען געפונען זייער פרנסה. אלס סוחרים, מעקלער און בעלי מלאכות.

א חוץ א קליינער טייל אידען פונם שטעטעל, האט דער רוב מנין און רוב בנין גלינער אידען שווער געהארעוועט, געהאוועט, געשמייעט, געלאפען זוכען פרנסה יעדען טאג אין יאר, אויסער שבתים און יום טובים, וואס דעמאלט האט מען אראפגעווארפען פון זיך דעם יאך פון פרנסה. בכלל האט מען מכות דער עקאנאמישער לאגע פון די גלינער אידען געמעגט זאגען, אז "דער ווארם קריכט אריין אין כריין און מיינט אז קיין זיסערס איז נישטא".

יעדער איד אין שטעטעל האט שטענדיג געפילט דעם יאך פון דאגת פרנסה און פון צער גידול בנים, און פון צאלען שכר לימוד פאר די קינדער, און ניט איינמאל געטאן זאכען וואס זיינען געווען איבער די כוחות און אמאל אויך איבער די גרעניצען פונם געזעץ. ־ קיין סך גלינער פעלשער אין מסחר. יענעם מסיג גבול זיין, אדער קרימינעלע פארברעכער זיינען אין שטעטעל ניט געווען, חוץ אפשר א פאר אויסנאמען.

די גלינער אידען זיינען געווען סוחרים פון תבואה, מעהל, אייער, פלאקס, פרעזשע (אויסגעארבעטע גראבע פאדעם און גראבע ליינוואנד וואס די גוים האבען אליין געמאכט) פעלען, עופות און פון פעלדער.

די מעקלער האבען זיך ארומגעדרייט ארום די פריצים, די באזיצער פון גרויסע הויפען און אויך געמעקלערט אין לעמבערג אויף דער בירזשע. אנדערע אידען האבען אויף די יארידים געקויפט און פארקויפט פון פויגעל מילך ביז די קלענסטע זאך.

קרעמער: דאס זיינען געווען די געוועלבניקעס, וואס האבען פאר־
קויפט אויף לאחדים, אלצדינג וואס מען האט באדארפט צום טעגלעכען
געברויך אין אזא קליין גאליציאנער שטעטעל ווי גלינע. אויך זיינען
דארט געווען שענקער און אפילו צוויי קליינע רעסטאראנען, וואו א
דורכרייזענדער און אפילו א היימישער איד האט געקאנט אפעסען א
מאלצייט און פארטרינקען מיט א גלאז וויין אדער ביר.

עס זיינען אויך געווען א סך דארפס-גייער אין שטעטעל, וואס
פאר א מין באשעפטיגונג "א דארפסגייער" איז געווען איז כדאי צו
באשרייבען, ווייל אפשר וועט שפעטער מיט יארען אזא באשעפטיגונג
מער נישט זיין.

דאס זיינען געווען ארימע הארעפאשנע אידען, וואס האבען
געזוכט אוועג ווי אזוי מפרנס צו זיין ווייב און קינדער. זיי
האבען געהאט האנדעלס פעאיגקייט, אבער זיינען דאס רוב געווען
גרויסע קבצנים און נישט געהאט מיט וואס צו האנדלען. האט אזא
איד זיך ערגעץ געליען עטלעכע רייניש בלויז אויף א פאר טעג,
און מיט די עטלעכע געליגענע קרייצער אדער קראנען איז ער מאנטאג
פארטאג אוועק אין דעם נאענסטען דארף, וואו ער האט געהאט א פאר
באקאנטע גוים, און דעם ארענדאר פון דער קרעטשמע. גייענדיג איבער
דעם דארף מיט א זאק איבער די פלייצעס און א קליין קאנטעל
(אזא לאגעל) אין זאק און א שטיקעל ברויט, איז דער איד גע־
גאנגען פון הויז צו הויז און געפרעגט: יע טאם שא נאפראדאזש?!
(איז עפעס דא צום פארקויפען?) אמאל האט ער איינגעהאנדעלט א
שאק אייער (60 אייער איז א שאק) א צוויי־דריי עופות, א גאנז,
אדער א קאטשקע, לויט דעם סיזאן פון יאר. אביסעל חזר־האר, א
פעלעכעל, אביסעל פלאקס און אמאל אויך א קעלבעל. דערווייל
האט דער דארפסגייער צונויפגענומען, אדער איינגעקויפט אביסעל
שפייז פארען הויזגעזינד, ווי פאסאליעס, הירש, גרויפען, בולבעס.
אויך האט מען אמאל געקויפט א מארדער, אדער א טכוירען פעלעכעל,
(דאס זיינען געווען פון די פיינערע פוטערווארג). אזוי אפ־
גייענדיג און אפהאנדעלדיג דעם גאנצען טאג האט מען געלעבט מיט
דעם שטיקעל ברויט און זאלץ פון דער היים. מען האט ערגעץ אין
א ווינקעל ביי א גוי זיך געוואשען די הענט, געמאכט א ברכה,
אפגעגעסען און געבענטשט, און ווייטער געגאנגען איבער די הייזער
פרעגען " יע טאם שא נאפראדאזש?"

פארנאכט ווען מען האט זיך ארומגעקוקט און געזעען אז
מען האט דעם טאג א סך סחורה איינגעהאנדעלט, האט מען געדונגען
א גוי מיט פערד און וואגען, פאר א טראפען זאלץ, וואס האט
באטראפען 11 גרייצער און א טרונק בראנפען, און אפגעפירט די
סחורה א היים אין שטעטעל אריין.

טאמער האט דער דארפסגייער ווינציג סחורה דעם טאג
איינגעהאנדעלט, האט ער אנגעפילט דעם זאק און דעם שטרוי
געפלאכטענעם קוישעל מיט דער סחורה, פארווארפען דעם זאק איבער
די פלייצעס, אנגעבונדען דעם קויש פון פאראנט פון זאק און גע־
שפאנט מיט דער משא א היים. זומער צייט האט מען אויף דעם
וועג אויסגעטאן די שטיוועל. ווינטער צייט האט מען די שטיוועל
פארבונדען מיט שטרוי און מיט שטיקער זעק, און אינווייניג מיט
גראבע האנערטשעס, אבער נאך דעם אלעמען איז מען א היים גע־

געקומען מיט נאס־פארפרוירענע פיס.

ווען מען איז א היים געקומען האט זיך ערשט אנגעהויבען דער אמתער מסחר. מען האט די סחורה געדארפט פארקויפען צו די שטאטישע הענדלער, און פון דעם אלעמען האט דער דארפסגייער מיט ווייב און קינדער קוים געהאט א שטיקעל ברויט צום עסען.

עס זיינען אויך געווען דארפסגייער וואס פלעגען אוועקגייען אין ווייטע דערפער, דארט אפזיין א וואך אדער מער. די איינגעהאנדלטע סחורה פארקויפען אין די נאענסטע שטעטלעך צו יענע דערפער, אדער א היים ברענגען מיט א פור. אבער אויך זיי זיינען קיין נגידים ניט געווארען.

די מערסטע דארפסגייער זיינען איינגעשטאנען אין די קרעטשמעס, די ארענדארען פלעגען זיך אלעמאל גוט באציען צו די דארפסגייער.
אין שטעטעל זיינען געווען פארשידענע בעלי מלאכות, קצבים, קאניארעס, פערד־הענדלער, פילעכיעס,סאדאווניקעס, מארקזיצערקעס און אויך פראפעסיאנאלען. ווי מלמדים, באהעלפער,אד־וואקאטען, דאקטוירים, ריכטער, אינזשענירען,פאסט בעאמטע, שרייבער אין געריכט,אין דער גמינע און אין שטייער אמט. אויך בריוו־טרעגער, כלי קודש און "ווינקעל־שרייבער, דאס זיינען געווען פריוואט שרייבער.
ווען די גלינער פראפעסיאנאלען איז פיל נישטא וואס צו זאגען, זיי זיינען אלע געווען גלייך ווי מענטשען אין דער בראנזשע. אבער די בעלי מלאכות, זייער פירונג, איז ווערט אז מען זאל וועגען זיי אין קורצען עפעס דערציילען. ווייל זיי זיינען א פראדוקט פון דער צייט פון פאר דער גרויסער שריפה, וואס דאס מיינט נאך איידער א סך ענדערונגען זיינען פארגעקומען אין שטעטל.

די גלינער אידישע בעלי־עגלות זיינען געווען פון פינף משפחות,דריי פון זיי זיינען געווען די וואס האבען זיך אפ־געגעבען מיט פירען "פארשוינען" פאסאזשירען פון און צו דער באן־סטאנציע, א מהלך פון 12 קילאמעטער צו דער סטאנציע זאד־ווארזשע,זיי האבען געפירט די רייכע פאסאזשירען,די אנדערע בעלי עגלות האבען שוין געפירט די ארימע פאסאזשירען,אלע אבער פלעגען זיי מוזען אין מיטען נאכט אדער פארטאג ארומגיין אויפוועקען ז יערע פאסאזשירען, וועלכע האבען א טאג פריער אנגעזאגט אז זיי דארפען פארען צו דער באן.
עס זיינען אויך געווען בעלי עגלות,די צעטעל פירער. דאס זיינען געווען אידען צו וועלכע מען האט געהאט גרויס צוטרויען. אזא איינער איז צוויי מאל א וואך געפארען קיין לעמבערג און כמעט יעדער געוועלבניק האט אים מיטגעגעבען א צעטעל מיט באשטעלונגען פאר סחורה ארטיקלען. מיט אט דעם צעטעל איז דער "צעטעל פירער" געגאנגען צו די אנגעוויזענע סוחרים אין לעמבערג און באשטעלט די סחורה. א טייל איז גע־שיקט געווארען אויף קרעדיט צו די גלינער קרעמער, און פאר א טייל סחורה האט דער בעלי עגלה געמוזט באצאלען מען האט געוויסע גלינער קרעמער ניט געוואלט בארגען. ווען דער צעטעל פירער האט צונויפגענומען די באשטעלטע סחורה, האט ער זי

אנגעפאקט אויך זיין וואגען און היידא צוריק קיין גלינע. אין שטעטעל ווידער האט ער יעדען סוחר געבראכט זיין סחורה און זיך אפגערעכנט מיט אים און געקראגען זיין שכר.

אלע אידישע בעלי עגלות אין שטעטעל האבען געהאט פרנסה, נאר אזוי גיך ווי עס איז ביי עמיצען פון זיי געפאלען א פערד, איז שוין געווען גרויסע צרות.

שניידער: אין דעם מין בעלי מלאכות איז גלינע ניט געווען זשעדני, סיי אין מענער שניידער, סיי אין דאמען שניידער. די בעסטע בעלי מלאכות פון יענע יארען האבען געניייעט פאר די פריצים, פאר די רייכע און מיטעל רייכע אידען פונם שטעטעל. געמאכט פאר זיי די שבתדיגע און יום טובדיגע מלבושים און אויך געניייעט די חתונה קליידער פאר זייערע קינדער. זיי האבען אויך געניייעט קליידער פאר די פאסעסארען פון פילווארקעס, פאר די רייכע רענדארעס און אויך פאר דעם גרעסטען טייל בעאמטע פון שטעטעל.

מיט אסך יארען צוריק זיינען די בעסטע שניידער געווען, מרדכי בערטשע רובענצאל, חיים לייביש פאגעלפאנגער, שלום גדליהס, וואלף יודאלעס, מרדכי יחיאלס בליק, יוקעל שניידער, חיים הערש, הערץ פאצקעס גראסמאן. שפעטער מיט יארען זיינען צוגעקומען זייערע קינדער און איידעמס, וואס האבען איבערגענומען די מאס־טערסקייט אדער אליין געפירט ווארשטאטען פאר זיך. ווי נאטע רובענצאל, הערש יואל פאגעלפאנגער, הערש רובענצאל, ישראל בראדער צאנג, און אנדערע, יונגערע, וואס האבען מער ווייניגער געפירט א שנאדעריי.

אלע איבעריגע שניידער אין שטעטעל זיינען געווען "אויך מיר שניידער",זיי האבען געארבעט פאר די ארימע אידען אין שטעטעל און פאר דער רייכערער גויעשער באפעלקערונג פון דער ארומיגער געגענד, וואס האבען אחוץ די ווייסע פאלאטניקעס, אויך אמאל אנגעטאן א טונקעלנעם מלבוש.

עס זיינען אויך געווען שניידער וואס פלעגען אומגיין איבער די דערפער , און דארטען ביי פריצים, גלחים, ארענדארעס און רייכע גוים ארבעטען, איבערניצעווען און פאררירכטען קליידער. פורים צייט אדער פאר די יום טובים זיינען זיי געקומען א היים און ווידער געפירט זייערע ווארשטאטען.

אט דער מין שניידער האט זייער ווייניג געוואוסט פון שניידעריי, און אפילו די בעסערע שניידער,די אזוי גערופענע "קינסטלער אין פאך" האבען אויך זייער שניידעריי געפירט אויף פרימעטיווען אופן. א מאס האט מען גענומען מיט אליין געמאכטען שמאלען שטיק פאפיר,און ביי יעדער גענומענער לענג אדער ברייט, האט מען דאס פאפיר איינגעשניטען מיט א צייכען. צוגעשניטען האט מען פון דער "פריייער האנט" און געצייכענט האט מען די ווארע מיט א שטיקעל קויל אדער ליכט. עס האט זיך געווענדט אין דעם קאליר פון דעם געוואנד. דאס גאנצע מלבוש איז צו־נויפגעניייעט געווארען מיט דער האנט. די ניי מאשינען האבען זיך אין גלינע ערשט באוויזען ביים סוף פון די אכציגער יארען, פון פריערדיגען יארהונדערט, און דאס זייער ווייניג, נאר ביי

די גוטע מייסטער שניידער. דאס זיינען געווען אלטע מאשינען מיט צוויי קאפערס (שארער מאשינען) און ווען אזא נייע מאשין איז עפעס קאליע געווארען, האט מען געמוזטווארטען ביז א ניי מאשיניסט איז צופעליג געקומען פון א גרויסער שטאט, און פאריכט די מאשין.

ווען א רייכער בעל הבית האט חתונה געמאכט א קינד האט ער דעם שניידער מיט די געזעלען גענומען צו זיך א היים, און דארט האט מען געמאכט דעם חתונה אויסשטייער. איבערהויפט האט מען זיך אזוי געפירט ווען מען האט געדארפט אויסגעבען א מיידל.

די ווארשטאטען זיינען געווען אין די וואוינונגען וואו דער מייסטער מיט זיין פאמיליע, די געזען און א לערען אינגעל האבען געוואוינט, געגעסען און געשלאפען. געארבעט האט מען פון גאנץ פרי ביז צען א זייגער ביינאכט, מיט א איבעררייס פאר דאווענען שחרית און מנחה-מעריב. געצאלט האט דער מייסטער די געזעלען ביים יאר. פאר יום טובים האבען די געזעלען געמוזט אפארבעטען נאך דעם יאר, נאך עקסטרא פיר וואכען.

הגם פאר אלע יום טובים האבען די געזעלען מיט עטלעכע וואכען פריער געארבעט ביז שפעט אין דער נאכט אריין, און אויך מוצאי יום טוב און מוצאי שבת האט מען באלד נאך הבדלה זיך שוין געזעצט צו דער עבודת פרך.

דער כלל פון ארבעטען לאנגע טעג ביז שפעט אין דער נאכט אריין און נאך דארפען אפארבעטען פאר די יום טובים, איז געווען איינגעפירט ביי אלע בעלי מלאכות, פאר דורות. מיט יארען שפעטער האט זיך א סך געענדערט דער סיסטעם פון שניידעריי אין שטעטל. די ארבעט האט מען שוין געבראכט צום מייסטער א הלבם און געארבעט האט מען באשטימטע שעהן. אויך האט מען שוין געניי ערט טאנדייט ארבעט, דאס הייסט פארטיג געמאכטע קליידער, וואס מען האט פארקויפט אויף די יארידים.

שפעטער מיט יארען זיינען צוגעקומען עטלעכע שניידער מייסטערס און די ארבעטער זיינען שוין געווען אביסעל מער קלאסענבאוואוסט, האבען זיי אנגעהויבען צו קריגען בעסער געצאלט פאר זייער ארבעט און מער שוין ניט געדארפט אפארבעטען פאר די יום טובים.

עס זיינען אויך געווען שוואטצקעס אין שטעטל.ד.ה. פרויען שניידערינס, וואס האבען זיך נאר אפגעגעבען מיט נייען העמדער פאר פרויען און מענער, גאטעס,ציכען, ליילעכער און בכלל הויז זאכען וואס זיינען געניי ערט פון ווייסען לייוואנד. די פרויען שניידערינס זיינען ניט פארעכנט געווארן צווישען "עמך, שער און אייזען", נאר ווי א קלאס פאר זיך. אבער געניי ערט האבען זיי גאנצע טעג און נעכט , איבערהויפט ביי חתונה אויסשטייער, און פארדינט פון זייער ארבעט האבען זיי "וואסער אויף קאשע", ווייל עס איז געווען עפעס יא א ארבעט און ניט א ארבעט.

די שוסטערס האבען געמאכט נייע שיך און שטיוועל און

געלייגט לאטעס, ארויפגעגעבען פאדעשוועס און אנגעשלאגען פידקאוועס. פון די ארומיגע דערפער  האבען די שטאטישע שוסטערס געהאט זייער וויניג ארבעט. די דארפס גוים האבען געהאט זייערע אייגענע שוסטערס, און דאס מערסטע האבען זיי זייערע שטיוועל געקויפט פארטיגע אויף די יארידעס, וואס פלעגט פארקומען אין די שטעטלעך.הגם קיין סך שוסטעריי ארבעט איז אין שטעטל נישט געווען, דאך האט דאס שטעטל פארמאגט  א סך שוסטערס, און זייער וויניג פון זיי האבען געהאט גענוג פרנסה.

סטאליארעס: די סטאליארעס האבען אויך געארבעט אין זייערע שטיבער, אבער שוין אין א באזונדערען חדר פארען ווארשטאט.זייער ארבעט איז צום  גרעסטענטייל באשטאנען פון מאכען  טירען און פענסטער פאר די דארפישע  שטיבלעך.זעלטען פאר א שטוב אין שטעטל,  סיידען נאך א פייער ווען עס האבען אפגעברענט עטלעכע הייזער, דן זיינען זיי שוין געווען באזארגט מיט ארבעט פאר א שטיקעל צייט. ווינטער צייט ווען מען האט איבער די גרויסע פרעסט און זאווערוכעס ניט געקאנט בויען  נייע הייזער, אדער פארריכטען  אלטע הייזער, האבען זיי דאן געמאכט טישען,בענק, בעטען און שאפעס. פאר די איינוואוינער פון שטעטל. סיי די אידישע סטאליארעס און סיי די גויעשע  האבען זייער געהילץ, ברעטער און באלקאנעס געקויפט אין פנחס מעהלמאנס האלץ־סקלאד, וואס האט באזארגט די גאנצע באפעלקערונג פון אלע דערפער ארום גלינע מיט געהילץ, פאר אלע זייערע באדערפענישען, אפילו אויף טרונעס פאר זייערע טויטע.

בלעכערס: זיי האבען זייער פרנסה געצויגען פון אויס־ארבעטען פון בלעך פארשידענע זאכען  פאר די בעלי הביתטעס געברויך. בלעכלעך צום באקען, פענדלעך, וואסער קווארטען, סאמאווארען צו  מאכען קאוע אדער טיי. ריבאייזענס, קליינע וואנעלעך, צו באדען קינדער, רינוועס צו די דעכער, וועלכע זיינען געווען באלייגען מיט שינדלען,אדער מיט בלעך. אויך האבען זיי געארבעט פאר די פריצישע הויפען, געמאכט דארט פארשידענע כלים.שפעטער מיט יארען  ווען מען האט אנגעהויבען צו דעקען די דעכער מיט בלעך, האבען  זיי שוין אביסעל בעסער פארדינט.

אין שטעטל זיינען אויך געווען אידישע מילערס,אמת, קיין הייזער צו  אויסמויערען האבען זיי זיך ניט אונטערגענומען, נאר מאכען א אויוון, א קוימען, אויפשטעלען א ווענטעל,אפ־פראווען א וואנט און א סופיט, דאס האבען זיי געקאנט און פון דעם טאקע געהאט זייער ארימע פרנסה.

די גלעזער, זיי זיינען געווען געציילטע אין שטעטל, א צוויי דריי, און ווען עס איז צעבראכען געווארען א שויב אין א פענסטער, און די גלעזער זיינען ניט געווען אין דער היים, אדער זיי האבען ניט געהאט קיין גלאז פאר דער שויב, האט געמעגט זיין די גרעסטע קעלט האט מען געמוזט דאס פענסטער פארשטעקען מיט שמאטעס, ביז איינער פון די גלעזער האט געקראגען ערגעץ א שטיקעל גלאז פאר דער שויב. דער מאנגעל אין גלעזער האט זיך גענומען פון דעם , וואס געוויינלעך פלעגט דער גלעזער נעמען זיין קעסטעל מיט גלאז, א טעפעל קיט און דעם שנייד־דימאנט און זיך אוועקלאזען איבער די דערפער,

זוכען פרנסה.

די קירזשנערס, אדער פשוט געזאגט די בעלי מלאכות וואס פארריכטען, לאטען אלטע געטראגענע פעלצען (אין מזרח גאליציען זיינען די ווינטער חדשים זייער קאלט און די גוים אין די שטעטלעך און דערפער טראגען ווינטער פוטערנע פעלצען און פוטערנע היטלעך ) זיינען ווינטער געגאנגען איבער די דערפער און פארריכט די פעלצען דארט אויפן ארט. זומער פלעגען זיי ברענגען די פעלצען צו זיך א היים און זיצען גאנצע טעג און נעכט איבער די צעריסענע ווינטער מלבושים. ווען זיי זיינען פארטיג געווארען מיט דער ארבעט ,האט מען ערשט אפגעטראגען אין דארף אריין. און פון דער גאנצער ארבעט האט א קירזשנער קוים געהאט דאס שטיקעל ברויט.
א טייל קירזשנער, די רייכערע און מער האנדעלס פעהיקע, פלעגען אפקויפען אלטע פעלצען, זיי אויסרייניגען, פארריכטען זיי אוועקפירען זיי אויף די יארידים און פארקויפען צו די גוים. אייניגע גלינער קירזשנער האבען אויך געהאנדעלט מיט נייע פעלצען, וועלכע זיי האבען געקויפט אין אנדערע שטעט. בכלל איז דער האנדעל מיט פעלצען,סיי אלטע סיי נייע אין אונדזער שטעטעל געווען איינע פון די וויכטיגסטע באשעפטיגונגען, איבערהויפט האבען זיך דערמיט אפגעגעבען די קאטשעלאבעס.(א צונאמען)

א קליינע אבער מאדנע פרנסה האבען עטלעכע אידען געהאט אין שטעטעל, די דימטשארעס, דרוקער. געדרוקט האבען זיי ניט קיין ספרים אדער צייטונגען, נאר הוזארען אויף גראבער לייוואנד, וואס די דארפישע און שטאטישע גויעס האבען אליין אויסגעארבעט, און פון דעם זיך געמאכט קליידער. די מלאכה איז באשטאנען אין דעם וואס די דרוקער האבען אויף ברעטער די לענג פון א צוויי מעטער אויסגעקריצט פארשידענע צייכענס, בלימעלעך און אנדערע געשטאלטען, און מיט אליין געמאכטער פארב, פלעגען זיי אויף די ברעטער דריקען איבער דער גראבער לייוואנד אט די צייכענס. יעדען זונטאג אדער אין א יאריד טאג איז ביי די עטלעכע דימטשארעס געווען א גאנצער יאריד. שיקסעס און גויעס האבען געקליבען די מוסטערען און געווארט פאר זייער ארבעט. אין די וואכען טעג ווען די גלינער דימטשארעס האבען ניט געהאט גענוג ארבעט. האבען זיי אריינגעשטעקט זייערע עטליכע ברעטער אין א זאק, און אין די הענט די פענדלעך מיט פארב און היידא איבער די דערפער. ווען אזא"דרוקער" איז געגאנגען אויפען וועג, האט עס פון דער ווייטענס געמאכט א מאדנעם איינדרוק,עס האט זיך געדוכט אז עס גייט א מענטש אן א קאפ.ווייל די ברעטער אויף זיין פלייצע זיינען געווען העכער פון זיין קאפ. וועלכען מען האט פון דער ווייטענס ניט ארויסגעזעען. דאס איז געווען א ארבעט פון וועלכער מען איז תמיד געווען פארשמירט , און עס האט זיך כסדר געפילט א גערוך.

טרעגערס: אידען אויף דעם אויסזעען שוואכע,און קליין געוואקסענע, עטלעכע אויך שטארקע און גרויס געוואקסענע, האבען כשר פארדינט זייער שטיקעל ברויט פון טראגען שווערע זעק מעהל, זעק תבואה, און פארשידענע אנדערע שווערע זעק און פעק, וואס זיינען אנגעקומען מיט דער באן און דערנאך געבראכט געווארען

מיט פוהרען אין שטעטעל אריין, פאר די הארטאוונע סוחרים. אויך
די סחורות וואס די פארשידענע סוחרים האבען אוועקגעשיקט צד דער
באן און אלע שווערע זאכען וואס די איינוואוינער פונם שטעטעל
האבען באדארפט איבערטראגען פון איין ארט אויפן אנדערען, אדער
ווען עס איז צו די געוועלבניקעס אנגעקומען גרויסע קאסטנעס און
פעק מיט סחורה. האט מען געקאנט זעען אזא טרעגער טראגענדיג א
שווערען פאק, איינגעבויגען ביז צו דער ערד, דער גראבער שטריק
וואס האלט צו דעם פאק אויף זיין פלייצע, שניידט זיך אריין אין
זיין ברוסט און הענט, און אזוי גייט דער איד עטלעכע גאסען מיט
דער משא. ווען אזא טרעגער האט געהאט ארבעט פאר א פאר שעה אין
טאג און ער האט פארדינט א ראנישעל,(צוויי קראנען) איז ער גע-
ווען א גליקלעכער מענטש.

וואסערטרעגער: צו פארזארגען די שטוב מיט וואסער האט
האט מען געמוזט גייען צו א קרעניצע אדער פאמפע, אנציען וואסער
און עס טראגען אין קאנען אדער קרוגלעך צו זיך אין הויז אריין,
וואו עס איז געשטאנען אין פעדער־הויז א פעסעל אין וועלכען מען
האט געהאלטען דאס וואסער. זיינען אין שטעטעל געווען אידישע
וואסערטרעגער, וואס האבען געצויגען זייער בידנע פרנסה פון
טראגען וואסער צו די בעלי בתים. געטראגען דאס וואסער האבען
זיי אויף קאראמיסלאך, אזא שטיק האלץ איבערגעלייגט אויף די
אקסלען, און פון ביידע זייטען, אויף שטריק, אדער קייטען,
זיינען געהאנגען צוויי גרויסע הילצערנע קאנען. ווינטער אין
די גרויסע פרעסט, שנייען און זאווערוכעס איז דאס טראגען
וואסער געווען די גרעסטע אפקומעניש. אין די ווינטער פאר-
טאגען איז א וואסער טרעגער געווען פארוויקעלט מיט שמאטעס,
און לאכעס ארום דעם לייב און ארום די שטיוועל, אנגעפרוירען
מיט אייז סטאמפאלים און באדעקט מיט שניי, האט ער אויסגע-
זעען ווי דער "פאטער פראסט". פאר ברענגען די צוויי קאנען
וואסער יעדען טאג אין דער וואך, האט א באלעבאסטע געצאלט
פון 10 ביז 12 קרייצער א וואך, און אויך געגעבען דעם וואסער
טרעגער יעדען פרייטאג א קארזשעל,ד.ה. א קליין ברויטעל וואס
איז געמאכט געווארען פון אויסגעשקראבעטען טייג פון דער
דייזשע, פון וועלכער מען האט געמאכט דאס ברויט. פון אט דעם
גרויסען פארדינסט האט דער וואסערטרעגער מפרנס געווען זיין
פאמיליע.

קצבים: קצבים זיינען אין שטעטעל געווען שוין איבער-
גענוג, דערפאר איז קיינמאל ניט געווען קיין שלום צווישען
זיי. תמיד זיך געקריגט און זיך געשלאגען ביז אין בלוט אריין.
זייערע יאטקעס האבען זיי מיט יארען צוריק געהאט אין זייערע
היימען, אדער אין געדונגענע געוועלבען, צעווארפען איבער דער
שטאט, ניט חלילה איין יאטקע לעבען דער אנדערער, אבער דאס
האט ווייניג וואס געהאלפען. (ערב שבת אדער ערב יום טוב איז
דער קצב געווען דער הערשער איבער די ווייבער־באלעבאסטעס,
ער האט א דעה געזאגט ווי אזוי דער עונג שבת אדער יום טוב
זאל אנגעגרייט ווערען. ווייל דאס איז געווען דעם קצבס הויפט
פרנסה.)

חוץ די רייכע בעלי בתים וועלכע האבען זיך געקאנט
פארגינען א עוף אויף שבת אדער יום טום, האבען דאס רוב אידן
אין שטעטעל מער ווי א שטיקעל פלייש, א שטיקעל קישקע אדער א

פוס פון א בהמה זיך נישט געקאנט פארגינען. דער ארימאן האט גע-
מאכט שבת מיט א ביסעל "דרויב" ד.ה. מיט א שטיקעל לינג און לעבער,
קישקעלאך, מיט א קעפעל אדער א פיסעל פון א קאלב אדער שעפסעלע.

א שטיקעל עוף האט דער ארימאן געגעסען ווען די ווייב איז
געלעגען אין קינפעט, אדער דער מאן איז קראנק געווען.

טקאטשעס: עס זיינען אויך געווען עטלעכע אידישע פאמיליעס
וואס האבען ביי זיך אין שטוב געהאט וואכשטאטען וואו זיי האבען
אליין אויסגעארבעט פארשידענע דיוואנעס, וואס די טקאיצקע שקאלע
האט ביי זיי באשטעלט. אמת, די פארדינסטען זיינען געווען זייער
קליינע, אבער פארט א מער שטענדיגע און באלעבאטישע ארבעט, און
עס האט עטלעכע אידישע משפחות פארגרינגערט די פרנסה. נאך דער
ערשטער וועלט מלחמה איז אין גלינע געווען א גרויסער האנדעל
מיט די אין שטעטעל אויסגעארבעטע דיוואמען, טקאצען.

היטעל מאכער: חוץ די עטלעכע אידען וואס האבען פארריכט
און געמאכט די פוטערנע היטלען פאר דעם געברויך פון דער קריסט-
לעכער באפעלקערונג, איז אויך געווען איינציגע וואס האבען גע-
מאכט קאשקעטען און איבערגענוצעוועט אלטע קאפעליושען אויף נייע.

סאדא-וואסער: געווען אין שטעטעל א קליין פאבריקעל וואס
האט זומער געמאכט סאדע וואסער און עס פארקויפט אין "פאסאן-
פלעשער און אויך ארומגעפירט איבער די גאסען און פארקויפט
אויף דעם גלעזעל, א גראצער א גלעזעל "זימנא וואדא סאדאווא".
אין א הייסען יאריד טאג איז דאס געווען א גוטע פרנסה. אויך
איז געווען איינער וואס האט אויסגעארבעט פלעשלעך זיסען-
געטראנק, וועלכען מען האט גערופען "קראכערס". א אנדערער האט
געמאכט עפעל קוואס, אין א שבת און יום טוב דאס געגעבען צו
יעדען איינעם אויף בארג. אויף מארגען האט ער יעדען איינעם
געמאנט אז יענער איז אים שולדיג פאר א גלעזעל קוואס, צי
יענער האט יא געטרונקען צי נישט, דער "קוואסניק" האט געמאנט.

סאדאווניקעס: דאס זיינען געווען אידען וואס האבען
געהאנדעלט מיט אויבס. ביי די ארומיגע גוים אדער פריצים, וועלכע
האבען פארמאגט סעדער מיט פרוכט ביימער, האבען די אידען, באלד
נאך שבת שירה, ביי זיי די פירות פון די ביימער אפגעקויפט,
נאך איידער עס איז ארוים דער צוויט אויף די ביימער. זיי האבען
א גאנצען זומער געוואוינט אין די אליין אויפגעשטעלטע
ביידלעך און געהיט די ביימער. איז דער זומער געווען א
רואיגער, אן גרויסע ווינטען און שלאקס רעגענס און די פירות
זיינען גרינערהייט ניט אראפגעפאלען פון די ביימער, איז מען
נאכען פארקויפען די פרוכט געקומען א היים מיט א ביסעל רווח.
איז חלילה געווען א שלעכטער זומער, האט מען אומזיסט און
אומנישט אפגעפינסטערט א זומער, ניט געגעסען, ניט געשלאפען,
געלעבט ווי א חיה און צום סוף נאך בדיל הדל געווארען. דאך
האט א שלעכט יאר ניט צוריקגעהאלטען די סאדאווניקעס איבער
א יאר ווידער איינהאנדלען א סאד.

שערער און ראזירער: ווי פרום און רעליגיעז דאס שטעטעל
איז געווען. האט עס אבער אויך געהאט שערער און ראזירער.

צווישען די ראזירער האט זיך אלע מאל געפונען איינער וואס איז געווען א רופא. געשוירען און געגאלט האבען זיך די אידען נאר די האר פון קאפ. די גוים האבען זיך שוין אויך ראזירט די בערד, און פון דעם האבען עטלעכע אידישע פאמיליעס געהאט פרנסה.

אין שטעטעל איז אויך געווען א אייגענע קאפעליע כלי־זמר, אלע גלינער געבוירענע. נישט נאר אויף די חתונות פון גלינער בחורים און מיידלעך זיינען זיי געווען די בעסטע און באליבסטע כלי זמר, נאר כמעט אויך אין אלע ארומיגע שטעטלעך און דערפער האבען די גלינער כלי זמרים געשפילט אויף די חתונות. און א סך "זאכען" פון אייגענע געשריבענע נאטען.

אויך האט דאס שטעטעלע געהאט א אייגענעם "מארשאלאק", משהלע שטאם, אבער בעסער באקאנט אין דער גאנצער געגענד אלס משהלע מארשאלאק. אויף אלע חתונות, פון נאענט און ווייט האט מען גענומען דעם גלינער מארשאלאק צו באזעצען די כלה און אויסרופען דעם דרשה געשאנק. אין דעם איז ער געווען א קינסלער, און דאס מיט זיינע אייגענע פארפאסטע לידלאך און גראמען, מיט וועלכע ער פלעגט ארויסרופען טרערען און פרייד. עפעס א קלייניגקייט "משהלע מארשאלאק פון גלינע!" זיין באזעצען א כלה און זאגען ביי דער סעודה האט געשמ׳ט ווייט און ברייט.

דאכשלעגער: דאס איז געווען א מלאכה צו באדעקען דעכער פון שטיבער מיט הילצערנע שינדלען. אזוי פלעגען די דאכשלעגער מיט א זעקעל טשוועקעס און א קליין שארף אקעלע זיצען אויף דעם דאך און צוקלאפען א שינדעל צו א שינדעל, ביז דער גאנצער דאך פון שטיבעל איז געווען באדעקט. ווען עס האט ארייגערעגענט האבען זיי אויך פארריכט דעם בראך. די ארבעט איז צום מערסטען געטאן געווארען אין די זומער חדשים.

מצבה שלעגער: זיי האבען מיט אייגענע געמאכטע געצייגען אויסגעקריצט די שענסטע מצבות.

רימערס: ד.ה. א מלאכה וואס מען ארבעט אויס פון לעדער דאס געשיר פאר פערד און וואגען. די שלייעס, דעם כאמעט און אנדערע זאכען פאר די בריטשקעס. די רימערס האבען דאס מערסטע געארבעט פאר די הויפען און פאר רייכע גוים, וואס קאנען זיך פארגינען גוטע געשפאן געשיר פאר זייערע טייערע פערד. די ארהעט איז געטאן געווארען אין דעם היימישען וואכ־שטאט און ביי די פריצים אין הויף. דער רימער עריק אסטאדעלע האט געטאן זיין ארבעט אויף א אליין געמאכטען וואכשטאט.

הויז און שילדען מאלער זיינען אויך געווען אין גלינע, די שילדען מאלער האבען זייער וויייניג געהאט וואס צו טאן, א שילד איבער א געוועלב איז געהאנגען יארען און יארען. דערפאר האט שוין דער מאלער, וואס האט געמאלען די ווענט אין די הייזער, געהאט גענוג ארבעט, סיי אין שטעטעל גופא און סיי אין אנדערע שטעטלעך און ביי די פריצים. די ארבעט איז באש־טאנען פון אויסקאלעכען און מיט פארטיגע מוסטער אויסמאלען דעם סופיט און די ווענט.דאס איז געווען א גוטע מלאכה און

מען האט ביי דעם נישט שלעכט פארדינט.

בעקערס: הגם יעדע אידישע באלעבאסטע האט אליין געבאקען ברויט, חלה, קיכלאך און אנדערע געבעקס, האבען אבער די גליינער בעקער געבאקען אסך געבעקס און פארקויפט. די מערהייט ווייסע פארקאלאך, ראגלען, ווייצען־ראזעווע ברויט,פוטער געבעקסלאך, קנישענקעלאך, בולבעניקלאך, געזאטענע אייער בייגעלאך.

די אלע געבעקסען זיינען דאס מערסטע געקויפט געווארען פון אידען, אלס א נאש, אין א נאווינע, ווי ערב פסח, פארען חמץ פארברענען. די גוים ווידער, זיי האבען אלע מאל געגעסען זייער היימיש געבאקענע ראזעווע ברויט. נאר אמאל, ווען זיי זיינען געקומען אין שטעטל אריין, צי אין מיטען וואך אדער אין א יאריד טאג האבען זיי געקויפט די ווייסע ברויטלאך, בולקעלאך, אליין זיי געגעסען און אויך מיטגענומען א היים, אלס א מתנה פון שטאט.

זייגערמאכער: ווי אזוי איז עפעס א שטעטל אן א זייגער־מאכער? און נאך אין די יארען ווען זייגערס זיינען געהאנגען אויף די ווענט מיט צוויי שווערע אייזערנע אדער מעשענע וואגען און זיין גלינגען טיק־טאק האט זיך געהערט אזש אין גאס,נו. האט מען דאך געמוזט האבען אמאל א זייגער מאכער, צו פאררירכטען דעם וואנד זייגער און אמאל א טאשען זייגערעל, וואס מען האט באקו־מען פון א מחותן אלס חתן מתנה. אבער צו די זייגער מאכער האט דאס שטעטל קיין מזל ניט געהאט. איז דאס שטעטל א לאנגע צייט געווען אן א זייגערמאכער, נאר געהאט א איד בעריש, וואס האט געזאגט אז ער קאן פאררירכטען זייגערס, אבער זיינע פאררירכטע זייגערס זיינען קיינמאל מער ניט געגאנגען. נאך דער גרויסער שריפה איז אראפגעקומען א זייגערמאכער פון אן אנדער שטאט, נאר ער האט זיך אפגעגעבען מער מיט האנדעל ווי מיט זייגערמאכעריי.

מיט יארען צוריק האט גלינע געהאט א מעשאנזניק. בעריש ווילנער, זיין ארבעט איז געווען ענליך צום טמידס, נאר אנשטאט אייזען האט ער געמאכט זאכען פון מעש און קופער. ער האט מערסטען געארבעט אין די גערשלניעס ביי די מאשינען, און ו ען ער האט ניט געהאט וואס צו טאן אין דער גערשלניע, האט ער געארבעט ביי זיך אין דער היים, געמאכט פארשידענע זאכען צום קאכען און באקען, אויך פלעגט ער מאכען לייכטער,מנורות,הענגלייכער. זיין גאנצע קונסט האט ער ארייגעלייגט אין דער ארבעט ווען ער האט עפעס געמאכט פאר דער שול, אדער א אנדערן מקום קדוש.

אין שטעטל זיינען אויך געווען גרויפען מאכער אויף א קליינעם פארנעם. דאס זעלבע איז געווען מיט ליכט און זייף אינדוסטריע, וואס האט באשעפטיגט נאר איין פאמיליע, חיים צוועק, גערופען האט מען אים "דער ליכטציער".

עס איז אויך געווען א אידישער סטעלמאך, וואס האט פאר־ריכט פורען און געמאכט ריידער.

אין שטעטל זיינען געווען איינבינדערס. זיי האבען איינגעבונדען ספרים, חומשים, סדורים און ביכער פארען געריכט,

שטייעראמט און מאגיסטראט. די ארבעט איז אין שטעטל אפילו ניט געווען פארערכענט פאר א מלאכה, אבער אידען האבען ביי איינבינ־דריי שווער געארבעט און א צוויי פאמיליעס האבען פון דער מלאכה געהאט פרנסה. זיי זיינען געווען איטשע אייבינדער, יצחק לייב סיבערט.

דאס שטעטל האט אויך פארמאגט א זאקען פאבריקעל. עטלעכע מיידלעך האבען אין זייערע היימען אויף זאקען מאשינען געמאכט זאקען און זוביסלעך פארדינט. די מאשינען מיט דעם רויען מא־טעריאל האט באזארגט די "אידישע אליאנס" אין ווין.

שטריקדרייער: א איד וואס האט פון פלאקס אויסגעדרייט שטריק. די ארבעט האט ער באקומען פון די הייך און פון אידען סוחרים, וואס האבען די שטריק פארקויפט אין אנדערע שטעט.

איין איד א שלאסער איז געווען אין שטעטל, דאס איז געווען א צוגעקומענער פון אן אנדער שטאט, דער רויטער שליסער, דאס מערסטע איז ער געגאנגען איבער די דערפער און פאררעכט שלעסער פאר די גוים.

תו די קליינע פאבריקלעך אין שטעטל, קען אויך צו־גערעכענט ווערען די "וואנעס" דאס איז געווען אמין קליינע גראלניע וואו מען האט געמאכט מעהד ( א משקה געמאכט פון האניג) נאך דער גרויסער שריפה איז די "וואנעס: געשטאנען לעבען דער באד. שפעטער מיט יארען האט חיים ליכטציער געהאט אזא פאבריק, און געמאכט דעם מעהד.

טרעגערס פלעגען א פאר מאל אין חודש טראגען די הייסע קעסלען מיט מעהד פון די וואנעס צו יודא לייב באנער אין סקלאד אריין.

אין די יארען צווישען דער ערשטער און צווייטער וועלט מלחמה איז אין שטעטל געווען אויך א אידישער קאוואל, אדער קאטלער. מיט יארען שפעטער איז אין שטעטל מער קיין אידישער קאטלער ניט געווען און צוליב פארשידענע אורזאכען איז די מלאכה פאר יארען לאנג אין גלינע נישט אנגעגאנגען.

קאניארעס: הענדלער מיט פערד זיינען אין שטעטל אויך געווען, נאר נישט פון די וועלכע האבען געקויפט און פארקויפט די שיינע, טייערע פערד, מיט וואס די פריצים זיינען געפארען נאשפיץ, פיר פערד אין דער קארעטע, ווען זיי זיינען זיך אביסעל דורכגעפארען פאר וואוילטייג אדער אויף א באל איינער צום אנדערען. אויך זיינען גלינער קאניארעס ניט געווען קיין ליווערואנטען פון פערד צום קייזערליכען מיליטער. די גלינער קאניארערס האבען געהאנדעלט מיט פראסטע פערד, וואס די גוים פון די ארומיגע דערפער האבען גאנוצט צו באארבעטען זייערע פעלדער. די קאניארעס האבען אויף די יארידים געקויפט א פערד אדער צוויי און זיי באלד פארקויפט. זייער האנדעל איז גע־גאנגען פון האנט צו האנט, אבער געלאפען און געשמייעט האבען די גלינער קאניארערס ווי זיי וואלטען וועלטען איבערגעקערט.

נאך א קאטעגאריע פערד הענדלער איז אין גלינע געווען.

די קאנארעס האבען שוין געקויפט אסך פערד, נאר צוליב די פעלען
פון די פערד.איינער פון זיי איז געווען עליע קלים מיט די בי־
בישלאך, וואס פלעגען אסיען צייט, נאכדעם ווי די פויערן האבען
שוין אפגעארבעט מיט זייערע פערד דעם גאנצען זומער און האבען
מער נישט געוואלט האלטען די אפגעשוואכטע און אויסגעמאגערטע
פערד, דעם גאנצען ווינטער און זיי געבען אומזיסט עסען, האבען
זיי די פערד געבראכט אויף די יארידים און זיי פארקויפט,בעסער
געזאגט אוועקגעגעבען פאר עטלעכע רייניטלאך. אזעלכע סוחרים
פון פערד פלעגען די בעסערע און געזונטערע פערד אביסעל צופא־
שען און זיי פארקויפען. די גאר קראנקע און מאגערע נבלות,הא־
בען זיי ארויסגעפירט אויף דער פאסעוויסקע,וואס איז געווען
נישט ווייט פון דעם שטעטעל, און ביינאכט זיי דארט געטויט,
ארונטערגעשינדען די פעלען און באגראבען די פאדלע. זומער
פלעגען זיי אויסגראבען די ביינער און זיי אויך פארקויפען.
אפילו נישט אזא געזונטער און איימגענומער מסחר, אבער דאך
א מסחר.

די רייכע גלינער קצבים פלעגען צוביסלעך אונטערהאנדלען
מיט אקסען און קו. חוץ וואס זיי פלעגען קויפען פאר זייערע
יאטקעס, פלעגען זיי אויך שטעלען אקסען אויף "ברייי". האבען
אפגעקויפט ביי א פריץ עטלעכע אקסען, זיי געהאלטען טאקע ביים
פריץ אין די שטאלען און זיי געהאדעוועט פונם בעסטען, די בהמ־
מות זאלען ווערען פעט. נאך א שטיקעל צייט, ערב א יום טוב
האט מען די אקסען געפירט קיין לעמבערג און זיי דארט פארקויפט.
אמאל פלעגט מען אין שטעטעל אויך קויעלען אזא "ברייענעם אקס"
און אויך די גלינער אידען האבען פארזוכט דעם טעם פון א גוט
שטיקעל פלייש.

גלינער אידען – פעלד ארבייטער:

די אידען פון שטעטעל האבען אויך געארבעט אויף די פעלדער,
נישט חלילה ביי זייערע אייגענע פעלדער, אבער דאך זיינען זיי
געווען אמתע פעלד ארבעטער. געווען איז עס אזוי: אין די הייסע
זומער חדשים, ווען די גוים פון די ארומיגע פארשטעטלעך און
פון די דערבייאיגע דערפער זיינען געווען פארנומען מיט זייער
פעלד ארבעט,ביים אראפנעמען די תבואה פון די פעלדער און זיינען
ניט געקומען אין שטעטעל עפעס קויפען אדער פארקויפען, און דער
דלות האט זיך צעלייגט איבער דעם שטעטעל, פלעגען אין די וואכען
טעג פיל ארימע גלינער אידען, יעדען פרימארגען ארויספארען צום
פריץ אין אויף אריין און דארט ארבעטען אויף די פעלדער, פון
פארטאג ביז זון אונטערגאנג,פאר 25־30 קרייצער א טאג.

יעדען פארטאג זיינען אין שטעטעל ארייגעקומען פון
גראפס הויף גרויסע פורען מיט לאנגע דראבענים (לייטערס) אויף
די זייטען פון די פורען, אן פלעצער צום זיצען.די פורען האבען
עטלעכע צענדליג אידען אוועקגעפירט אויף דעם גראפס פעלדער,נישט
ווייט פונם שטעטעל. דארט האבען זיי געהאלפען אראפנעמען די
תבואה פון די פעלדער און זי אנלאדען אויף די פורען און אוועק־
פירען אין די סטאדאלעס אריין. פארנאכט האט מען די אידען מיט
זייערע שווער פארהארעוועטע עטלעכע גרייצער צוריקגעבראכט אין
שטאט אריין. יעדער איד וואס איז ארויסגעפארען ארבעטען אויף
דעם גראפס פעלדער, האט זיך מיטגענומען זיין ביסעל עסען פון

דער היים.

העלפערינס ביים באקען מצות:

דאס איז געווען א ספעציעלע ווייבערשע פרנסה.דאס פאר־דינסט וואס די ווייבער האבען אריינגעבראכט פון באקען מצות, איז פאר א סך ארימע אידען אין שטעטעל געווען א גרויסע הילף אריינצוברענגען דעם פסח אין זייערע היימען.

דאס באקען מצות פאר פסח איז אנגעגאנגען אויף אזא אופן: באלד נאך פורים האבען עטלעכע אידישע בעקערס איבערגעמאכט זייערע אויוועגס. ארום די ווינט פון זייערע שטיבער האט מען אויסגעשטעלט לאנגע הילצערנע טישען ,צום קנייטען אויף זיי און וואלגערען. מען האט אויך אוועקגעשטעלט א גרויסען טיש נישט ווייט פונם אויוועז אויף וועלכען מען האט גערעדעלט די אויסגעקנאטענע טעג.אין א אלקער איז געשטאנען דאס פסחדיגע מעל, דאס פסחדיגע וואסער און א גרויסע באליע, וואו מען האט געקנאטען די "מייר\עס". באלד נאך פורים האבען די בעקערס געדונגען א קנעטערין, רעדלערס און א שיבער, דער איד וואס זעצט דימצות אין אויוועז און גיט אויך אכטונג אז די מצות זאלען ארויסקומען גוט געבאקען און ניט פארברענט. מען האט אויך באשטעלט מצה וואלגערקעס, דאס זיינען געווען די ארימע ווייבער וועלכע זיינען פון פארטאג ביז א זייגער אכט ביינאכט געשטאנען ביי די טישען און געקנאטען,גע־וואלגערט די מצות און זיי דערלאנגט צו די רעדלער. יעדען פאר־טאג זיינען די אידען וואס האבען געהאט די אויוועגס ארומגע־גאנגען איבער די גאסען און געוועקט די פרויען אויפצושטייען צו דער ארבעט. גאנצע פיר וואכען האבען זיך די ארימע פרויען נעבעך געפלאגט, געהארעוועט ארויסצוהעלפען זעערע מענער צו קענען אריינברענגען דעם יום טוב פסח אין שטוב אריין און צו קענען באקליידען א קינד מיט א ניי מלבושל.

ווען די ארימע וואלגערקעס האבען באדארפט אפבאקען זייער אייגענע ביסעל מצות, האט איינע דער אנדערער געהאלפען. עס פלעגען אויך קומען עטלעכע פריינט,אדער רייכע פרויען און צוגעהאלפען וואלגערען לשם מצוה. אזוי האט מען אפגעבאקען דאס ביסעל אייגענע מצות לכבוד פסח.

אניאוו:

א איינקופט וואס האט אויך אביסעלע צוגעהאלפען אין גלינע צו דער פרנסה, איז געווען דער יערלעכער יאריד אין דעם דארף אניאוו. דאס איז געשען צוליב דעם וואס דארטען,אין דעם פארווארפענעם העק, צווישען בערג, וועלדער און גריבער האט זיך אמאל "באוויזען" עפעס א קריסטלעכער הייליגער. צוליב דעם האט די קריסטלעכע קירכע דאס ארט דערקלערט פאר א היי־ליגען "אטפוסט" וואו אימאל אין יאר זיינען זיך אויזענטער קריסטלעכע־גלויביגע צונויפגעפארען צו דעם ארט וואו דער היי־ליגער האט זיך באוויזען. דאס האט געגעבען א געלעגענהייט אז דארטען אין אניאוו זאל מען אויך מאכען א יאריד, וואס פלעגט זיך ציען פיר וואכען.

אניאוו איז מיט דער צייט געווארען איינער פון די וועלט יארידען פון פוטערווארג. דארטען איז אנגעגאנגען א האנדעל אויף מיליאנען קראנען. הונדערטע פורען און גרויסע לאסט-וועגענער,גע-פאקט מיט כל-המינים פוטערווארג זיינען דורכגעפארען אונדזער שטע-טעל, אויף דעם וועג קיין אניאוו. די אלע פורען און לאסט וועגע-נער, האבען זיך אפגעשטעלט אין שטעטעל פאר עטלעכע שעהן,אויך ביי זייער צוריקפארען פונם יאריד איז ווידער געווען דאס זעלבע.אין שטעטעל האט מען דערפון געלייזט געלט און געהאט פרנסה.

אחוץ דעם האבען אלע גלינער געוועלבניקעס פאר דער צייט פון דעם אניאווער יאריד אהינצו ארויסגעפירט זייערע גאנצע קרעמ-לאך סחורה, געפירט מסחרים און געלייזט געלט.

א גלינער איד וואס איז כאטש איינמאל אין זיין לעבען נישט געווען אין אניאוו, דארט עפעס האנדלען, קויפען, פון א גוטען שטריימעל, חתונה קליידער, אדער גלאט אזוי אנצוקוקען דעם געטומעל און געפילדער דארטען, יענער איז נישט געווען פאררע-כענט פאר א פולבארעכטיגטען גלינער איינוואוינער.

דורך דער צייט פונם "אטפוסט פלעגען הונדערטער גוים און גויעס, פון פארשידענע דערפער און שטעטלעך, אויף זייער פילגרים-וועג קיין אניאוו, זיך אפשטעלען אין גלינע, זיך אויסלייגען אויף די גאסען ארום דעם מארק,אפצורוען זיך און אפצועסען.

אביסעל הכנסה אין שטעטעל איז אויך אריינגעקומען פון די חסידים, וואס זיינען געקומען צום רבין ר' מעכעלע ז"ל און שפעטער צו זיין זון ר' בצלאל ז"ל, אויף א שבת מברכים, יומים נוראים און אויף א שמחלה ביים רבין, אדער חלילה אין א עת צרה. יעמאלט זיינען זיך אנגעפארען הונדערטער אידען פון די שטעט און שטעטלעך, און פון די ארומיגע דערפער און דער-וויל געגעבען צו לייזען די קרעמער אין שטעטעל,די בעלי עגלות און אמאל אויך א בעל מלאכה.

סך הכל פון בעלי מלאכות אין שטעטעל:

אין די יארען פון 1825 ביז 1914 זיינען אין שטעטעל געווען אידישע בעלי מלאכות,איינגעטיילט לויט זייערע מלאכות.
שניידער 27.שוסטער 9. קירזשנער 12.סטאליארעס 6. בעקער7.
בלעכער4. בעלי עגלות 3. צעטעלפירער 3. מילערעס 3. היטעל-
מאכער 2. צימער מאלער1. גלעזער 3. שוואצקעס 4. טרעגער 6.
דארפס גייער 10. דריקער-דימטשארעס 3. קצבים 8.קלעזמער 7.
ראזירער 3. מלמדים 10. קאניארעס 8. זייגערמאכער 2.דיוואן-
וועבער 10. זאקען מאכערינס 2. רימערס 1. דאכשלעגער 3.
מצבה שלעגער2. איינבינדער 2. זייף און ליכט מאכער 1.שליסער1.
שטריקענדרייער 1. מעשאנזשניק1. סטעלמאך 1.
פארשטייט זיך אין ניט אלע יארען זיינען געווען די זעלבע צאל ארבייטער,אבער דער ציפער האט זיך זייער ווייניג געביטען.

אין שטעל איז געווען פריוואטע לערער, אדער "שטונדען-געבער" ווי מען האט זיי גערופען.די לערער פלעגען דאס מערסטע

לערנען מיט קינדער פון רייכערען קלאס, פריוואט, אין זייערע היימען, און קריגען געצאלט ביי דער שעה. געלערענט האבען זיי כמעט בלויז מיט מיידלעך, לעזען און שרייבען, פויליש און דייטש. קיין גרויסע גליקען האבען די לערער ניט געמאכט.

פאר א פרנסה קוואל קען אויך צוגערעכענט ווערען די גלי-נער "גוט-פאכטערס", דאס זיינען געווען די רייכע אידען וואס האבען אפגעדונגען ביי די פריצים און גראפען גאנצע גיטער.ד.ה. די פריצישע פעלדער, וועלדער און זייערע הויפען, אויף עטלעכע יארען. די פאכטערס האבען זיך דארט געפירט ווי אמתע פריצים.

אויף פולווארקעס האבען געארבעט אסך פאראבקעס, דינער און דינסטען. זיי האבען דארט געהאט שטאלען מיט בהמות, פערד, עופות און אלעס וואס א לאנדסווירשאפט האט אין באזיץ. די גלינער צוויי אידישע גוט באזיצער זיינען געווען די פינע-לעס און די גערסטמאנס.

יארידים אין שטעטעל:

די יארידים אין שטעטעל, וועלכע זיינען פארגעקומען עטלעכע מאל אין יאר, זיינען געווען א גרויסער קוואל פון פרנסה פאר די גלינער אידען. עס פלעגען זיך צונויפפארען סוויזענטער גוים און הונדערטער סולרים און קרעמער מיט פאר-שידענע סחורות. זיי האבען פארנומען אלע גאסען אין מארק, ארום דעם "רינג", ביי די קלייטען און לעבען הערש גוטמאן. יעדעס פיצעלע פלאץ איז פארנומען געווארען אינם טאג פונם יאריד, איבערהויפט ווען עס איז פארגעקומען דער גרויסער יאריד, אסיען צייט, אדער פאר פסח. יענעם טאג איז ניט גע-ווען מעגליך דורכצוגייען די געבארניע גאס. אויך אויף דער טארגאוויצע, וואו מען האט געקויפט און פארקויפט פערד, און חזרים, האט מען קוים געקאנט זיך דורכשטופען. עס איז נישט געווען א זאך וואס די באפעלקערונג האט באדארפט האבען, סיי פאר זייער פערזענלעכען געברויך, סיי פאר זייער אגראר ארבייט, וואס מען זאל אויף די יארידים נישט קענען באקומען. אויך די גוים האבען כמעט אלץ וואס זיי האבען ארויסגעבראכט פון די פעלדער, גערטנער, אויך בהמות, עופות, און וואס זיי האבען אויף דעם פרימיטיווען אופן אויסגעארבעט, אלץ פארקויפט אויף דעם יאריד. די גלינער אידען און די אידען פון די ארו-מיגע שטעטלעך האבען אויך ארויסגעבראכט זייערע סחורות און זיי פארקויפט, אבער נאך מער האבען זיי געקויפט די פראדוקטען וואס די גוים האבען ארויסגעבראכט. אויך די שעהנקער האבען גע-לייזט געלט. אביסעל ווייניגער גערודער און אויך ווייניגער מסחר איז געווען אין די מארק טעג, וואס זיינען פארגעקומען איימאל אין צוויי וואכען, מען האט טאקע געהאנדעלט, נאר ניט אזוי ראשיג. אבער אביסעל מער פרנסה ווי אין א פראסטען און שטילען טאג, האט אזא מארק טאג פארט אריינגעבראכט.

צוויי באזונדערע טיפען מענטשען זיינען אלע מאל געקומען אויף די גלינער יארידען, קעשעניע גנבים און בעטלער, קאליקעס, וואס האבען געבעטעלט מיט זינגען מאנאטאנע ניגונים, און הייליגע לידער.

# דאס רעליגיעזע לעבען פון די גלינער אידען
# און די חסידישע עשפּעה אויפן שטעטעל:

אין לעבען קומען זייער זעלטען פלוצים פאר געזעלשאפט־לעכע דערשיינונגען, אן צו האבען ערגעץ וואו די סיבה ווארצלען אין דעם טאג טעגלעכען לעבען. א "אנהויב", א צוזאמענבונד פון איין געדאנק מיטען צווייטען, איין פארבארגענע, אדער אפענע טאט מיט דער אנדערער. און הגם דער מענטש זעעט עס ניט אויבען אויף, ארבעטען אבער באשטימטע כוחות שוין לאנג פריער, ביז מיט דער צייט קומט עס ארויס אין א מער בולט'ן געשטאלט, און יעדער דערזעעט עס דאן, ווען איין אנהויב האבען עס געזעען נאר איינצעלנע, געציילטע, די וועלכע האבען די נאטירלעכע פעאיג־קייט זיך צו פארטיפען אין נייע געשעענישען, און אויך ארויס־צוברענגען געדאנקען, אידייען אין א באשטימטער פארעם. הגם צו די מערסטע מענטשען קוקען די נייע אידייען, אדער געדאנקען אויס ווי זיי וואלטען "פלוצלים" אראפגעפאלען פונעם הימעל. אין אמתען איז דאס א אנטפלעקונג פון פריערדיגע עקזיסטענצען.

דעם זעלבען געדאנק קענען מיר אויך אנווענדען ווען עס קומט צו געזעלשאפטלעכע גרופירונגען, סיי אין א לאנד, סיי אין שטעט און שטעטלעך, אויך ביי משפחות און ביי איינצעלנע מענשן.

ווען מיר זעען ווי אזוי מענטשען גרופירען זיך און ווי שטארק זיי זיינען איבערגעגעבען צו פארשידענע אידייען און שטרעבונגען, מוזען מיר זיך פארטראכטען און זוכען די סיבות,די ווארצלען, פון וואס די סימפאטיעס, אדער אנטיפאטיעס פון די מענטשען נעמען זיך, צו די פארשידענע דערשיינונגען. דאס וועלן מיר פרובירען צו טאן ביים באשרייבען דאס רעליגיעזע לעבען פון די אידען אין דעם שטעטעל גלינע.

דאס גאליציאנער אידענטום האט זייט דורות אסך בייגעטראגן אויף אלע געביטען פון אונדזער רעליגיעזען, נאציאנאלען, קולטור־רעלען און פאליטישען אידישען שאפען. די 800,000 גאליציאנער אידען וואס פון זיי און דורך זיי, זיינען ארויסגעקומען אסך וויכטיגע אידישע פערזענלעכקייטען, באוועגונגען, פארטייען און ריכטונגען, האבען געשלאגען טיפע ווארצלען אין גאנצען אידישען פאלק, און פאר דורות לאנג געהאט א גרויסע השפעה אויף דעם היסטארישען גאנג פון אונדזער אידישען פאלקס לעבען.

אט דאס גאליציאנער אידענטום איז אין דעם אמתען לעבען נישט באשטאנען פון איין גרויסער מאסע־מענטשען, נאר זיי זיינען געווען צעטיילט אין גרופען, וואס האבען געהאט זייערע באזונ־דערע גייסטיגע צילען, און די גרופען ווידער זיינען זיך צעפא־לען אין איינצעלנע מענטשען. זיי זיינען עס געווען דער צעמענט אין דעם גרויסען בנין, דאס - גאליציאנער אידענטום.

אבער יעדע שטאט און שטעטל האט געהאט איר אייגענעם פנים, אירע אייגענע כאראקטעריסטישע קנייטשלעך, וואס האבען דאס שטעטעל אפגעטיילט פון אנדערע שטעט און שטעטלעך, נישט נאר אין געוויסע מנהגים, נאר אפילו אין מענשלעכע כאראקטערען.

בקיצור, יעדעס שטעטל איז געווען אנדערש.

איצט, אין דער שרעקלעכער צייט, ווען אלץ איז פאר אונדזערע אויגען חרוב און מוחרב, בענקט זיך נאך די אלטע זיטען, מיט וועלכע אונדזער לעבען אין אונדזער שטעטל און אין דער גאנצער אומגעבונג האט זיך אויסגעצייכענט, און ניט איינמאל רייסט זיך ארויס א טיפער זיפץ פון אונדזערע הערצער און מיר קרעכצען חבל על דהבדין,ולא משתכחין !

מיר קענען אמאל חוזק מאכען און אפשפעטען פון דעם אלטען חדר,איבער דעם בייזען מלמד, אבער דער אמת איז אז־מיר אבען אסך געלערענט פון אונדזערע מלמדים, ווייל נישט איין מלמדס קאפ האט פארמאגט א שטארקען דענקונגס-אפאראט, און נישט אין איין אויסגעדארטער מלמדס ברוסט האט געקלאפט א ווארים אידיש הארץ.

אין די לעצטע יארען, זינט דער צווייטער וועלט מלחמה איז גלינע געווארען "יודענריין". געווען א אידישער ישוב פאר עטלעכע הונדערט יאר, היינט מער נישטא.איך קען זיך נישט פארשטעלען גלינע אן אידען. און אזוי ווי דאס שטעטל גופא מיט אירע בנינים, מיט אירע גאסען און געסלעך איז מיין "איך" אויך דארטען. עס איז נישטא דער המן, וואס זאל דעם"איך" מיינעם קענען פון דארט פארטרייבען. איך בין דארטען מיט מיינע פאנטאזיעס פון די אינגעלשע יארען... מיט די געשטאלטען פון מיינע טאטע־מאמע ז"ל, מיט דער גאנצער משפחה מיינער. מיט דער שול און הייליגען ארט, און מיט אלע מיינע פריינט און חברים. איך און אלע לאנדסלייט מוזען אזוי פילען. ווייל - ווען עס וואלט אנדערש געווען, וואלט מיין יוגענד זכרונות וועגען דעם שטעטל און אירע איינוואוינער געווען ווי פון איינעם וואס איז גאר קיינמאל נישט געבארען געווארען...

פיל פון די גלינער אידען און פון דעם ארום, וועלכען אין די ווייטערדיגע באשרייבונגען דערזעען א סך געשעענישען וואס וועט זיי דערמאנען אין לײדען און פריידען, וואס זיי אליין און זייערע אייגענע האבען אין פארשידענע צייטען איבער-געלעבט אין דעם שטעטל פון זייער געבורט..

פאר אונדזערע קינדער וואס וועלען אפשר אויך די זכרונות לייענען, וועט עס פאר זיי עפענען א פרעמדע,אונבא-קאנטע וועלט. צו זיי קענען מיר זאגען: שאל אביך ויגדך, זקניך ויאמרו לך! ( פרעג דיין פאטער, וועט ער דיר זאגען, דיינע אלטע לייט - און זיי וועלען דיר זאגען !) לערענט אידישע געשיכטע און איר וועט זיך דערוויסען א סך גוטע זאכען וועגען אונדזער פאלק.

יעדער דור האט זיך זיינע פירער און װארטזאגער, וועמענס ווערטער זיינען כמעט פאר אלעמען דאס געבאט פון דער שעה.יעדער דור הויבט אבער נישט אן פון דאס ניי, נאר אונטערען איינפלוס פון די מעשים, טראדיציעס און שאפונג פון די פריער-דיגע דורות. דאס לעבען פון איין דור און דעם צווייטען ענדערט זיך, אבער ווערט נישט איבערגעריסען. אזוי איז עס מיט

דעם כלל־ישראל און אזוי האט עס זיך געפירט מיט אונדזער היים־שטעטל, גלינע.

ווער די ערשטע גלינער אידען זיינען געוועזן, פון וואנען זיי זיינען געקומען און ווי אזוי זיי האט זיך געלעבט, דאס, ווייסען נישט די גלינער זקנים אויך ניט, מיט וועלכע איך האב וועגען דעם ענין גערעדט.

מיר ווייסען אבער יא פון דעם נישט ווייטען עבר אז – דאס גייסטיגע לעבען פון די אידען אין אונדזער שטעטל איז געוועזן זייער א רייכס און פילפארביגעס. צו דעם האט גורם געוועזן אירע רביים, "גוטע אידען", חסידים, מתנגדים, משכילים און די ציוניסטען. יעדע גייסטיגע שטרעבונג אין אידישען לעבען פאר די לעצטע עטלעכע דורות האט געהאט די זכיה צו האבען געטרייע און איבערגעגעבענע אידעאליסטען און קעמפער אין דעם שטעטל, סיי גליניאנער גופא, סיי צוגעקומענע, וועלכע זיינען באקאנט אלס גרויסע לומדים, דענקער, גייסטיגע פירער און ווארט זאגער, וואס האבען משפיע געוועזן אויף א גרעסערען קרייז אידען אין גאליציע, פוילען, ארץ ישראל, און אפילו אין אמעריקע. צו מיין גרויסען באדויערען קען מען זיך דא נישט אפשטעלען מער בארוכות אויף דעם גייסטיגען און קולטורעלען לעבען פון די גליניאנער אידען, פון יענער צייט אן וואס זיי האבען זיך אין שטעטל באזעצט.

ווי דער לייענער ווייסט שוין פון די פריערדיגע קאפיטלאך וועגען דעם שטעטל גלינע, האבען די גלינער אידען, יעדער אויף זיין שטייגער, זיך דערנערט פון ערלעכער ארבעט, יגיע־כפים, אין די ווייטערדיגע קאפיטלאך וועלען מיר דעם לייענער באקענען מיט דער גייסטיגער סביבה און רעליגיעזער פירונג פון די גלנער אידען. דאס וועט זיין א אפשפיגלונג פון א היסטארישער פעריאדע, אין דעם אידישען גאליצישען לעבען בכלל און אין דעם גלינער אידישען לעבען בפרט. ווייל, צי מיר ווילען אדער ווילען נישט, צי מיר ווייסען עס אדער נישט, זיינען מיר קינדער פון פריערדיגע דורות, א רינגעל אין דער גאלדענער קייט פון אונדזער היסטאריע. יא, מיר געהערען צו א דור וואס א גרויסער טייל פון אים אונזערע נאענטע און טייערע זיינען אצינד אומגעבראכט געווארען פון רוצחים. עס איז אונדזער הייליגסטער חוב צו ראטעווען וואס מיר קענען נאר, צו ערשט אין לעבענס, און אויך אין פארצייכענונגען וועגען זייער לעבען און פירונגען.

# די שול

ווען עמיצער גיט זיך אפ מיט באשרייבען אדער דערציילען פון דעם לעבען פון א אידישער קהילה, פון אזא קליין שטעטעל ווי די ק"ק גלינע, מוז מען צום ערשטען אנהויבען מיט גאטס הויז. ווייל ארום דעם בית הכנסת, דער קלויז, דעם בית המדרש און די קליינע שילעכלאך, האט זיך דאס גאנצע אידישע לעבען גרופירט, איבערהויפט אין יענער צייט צו וועלכע אונדזערע זכרונות גייען צוריק.

ווי נויטיג און נוצליך אלע קהל'שע אינסטיטוציעס זאלען נישט זיין, דער רב מיט די דיינים, שוחטים, שמשים ראש הקהל און די גבאים, און להבדל, די באד, דאס הקדש, איז אבער די שול, דאס בית הכנסת – דער מקום קדוש! דאס ארט וואוהין אלעמענס אויגען זיינען געווענט.

ביי יעדען איד איז די שול פון זיין שטעטעל די שענסטע, אבער דער אמת איז אז אונדזער גלינער שול איז טאקע געווען איינע פון די שענסטע אינם געגענד, מיט דעם מאסיווען אויסזעען, הויך און גרויס און מיט גראבע ווענט און גרויסע פענסטער. דער אריינגאנג איז געווען דורך א קליינער טיר, אבער פון פלוש אריינצוגייען אין שול גופא. איז געווען א הויכער און ברייטער טויער, וואס האט פארכאפט דאס אויג. אזוי אז אפילו פון גאס האט מען געקאנט זעען אז דא שטייט א וואזשנע געביידע, א פעסטער מויער, וואס פארנעמט א וויכטיגען ארט צווישען די הייזער אין שטעטעל.

געשטאנען איז די שול אויף א בערגעל, צו דרום זייט, אונטערען בערגעל איז געווען דער שטאטישער טייך, וועלכען מען האט גערופען דער שול-טייך. צו מזרח זייט איז געווען די קלויז, צו מערב זייט – דער שטאטישער ביתהמדרש און צו צפון זייט איז געווען ר' לייזערס מנין. ארום דער שול אין דרום זייט איז געווען די ווייבערשע שילאכעל און אויך די שניידער-שע שול.

ווען דאס בית הכנסת, די גרויסע שול איז געבויעט גע-ווארען? זע, זייט 12 אין דעם בוך, וואו איך האב זידוועגן דעם ענין לענגער אפגעשטעלט.

די אלטע שול וואס איך געדענק (אין דער ערשטער וועלט מלחמה האט די שול אפגעברענט) האט געהאט א מאסיווען היל-צערנעם טויער אריינצוגייען, מיט צוויי טרעפלעך ארונטערצו-גייען אויף א הילצערנעם בריקעל. אינעווייניג זיינען אלטע סטענדערס געווען אויסגעשטעלט ארום די ווענט. דער סופיט, וועלכען מען האט אין מיטען פון דעם ניינצענטען יארהונדערטס איבערגעבויט, איז געווען קיילעכדיג ווי א העלפט פון א גלאב, אויסגעמאלען מיט פארשידענע קונסט בילדער אין הימל בלויען קאליר, מיט זילבערנע שטערענדלעך, וואס האבען דעם סופיט געמאכט אויסזעען ווי א שיינער אויסגעשטערנטער הימעל.

פונם סופיט האבען ארונטערגעהאנגען דריי גרויסע הענג-לייכטער, מיט א סך רערען פאר די ליכטלאך, און אין די זייטען ארום האבען געהאנגען קלענערע הענגלייכטער. די מזרח

וואנט, אין וועלכער עס איז געווען דער ארון קודש,איבער וועלכן עס איז געהאנגען צוויי לוחות מיט די עשרת הדברות , איז געשטא־נען דער נר תמיד. א שיסעלע מיט כשר'ן בוימאייל און א קנייטעל וואס האט תמיד געברענט. אין פארענט פונם ארון קודש איז מען ארויפגעגאנגען מיט עטלעכע טרעפ, דארט איז געשטאנען דער עמוד.
אין מיטען שול איז געשטאנען א גרויסער באלעמער,מיט א גרויסען טיש אויף וועלכען מען האט געלייענט אין דער תורה. ביי א זייט איז געשטאנען דער כסא של אליהו הנביא, פארען סנדק, ווען עס איז פארגעקומען א ברית מילה, וואס מען האט מערסטענס דורכגעפירט אין שול.

אויבענאן, ביי דער מזרח וואנט זיינען געזעסען די שיינע בעלי בתים, און דער רב בראש. באזונדערס שיין איז די מזרח וואנט געווען אויסגעמאלען. די מאלעריי איז געווען פון פארשידענע פידלען, פלייטען, הארפען און אנדערע מוזיקאלישע אינסטרומענטען, געטראגען פון פאנטאסטיש שיין געמאלענע מלאכימלעך. צווישען לולבים און וויינטרויב צווייגען, פאמעראנצעןביימלעך און גרינע גראזען, וואו עס האבען זיך געפיטערט הערשען, לייבען, פייגעלעך און אנדערע חיות און עופות.

אויף דער מערב זייט ,אין דער וואנט זיינען געווען צוויי אויסגעהוילטע ערטער, וואו עס האבען געברענט די יארצייט ליכט און לאמפען. א גרויסע, קיילעכדיקע בלעכענע פודלע איז געהאנגען אויף דער וואנט, אין וועלכער עס איז געווען באהאלטען פון איין ערב פסח צום אנדערען, א ספעציעל געבאקענע מצה. אויך האט זיך אויף יענער וואנט געפונען א איינגעמויערטע פושקע, פאר מתן בסתר. צו דער גרויסער שול איז געווען צוגעבויעט דאס ווייבערשע שולעכעל.

א "זיץ" אין דער ווייבערשער שול, ביי א גראטע, אדער א פענסטערעל, איז געווען אזוי חשוב ווי צו האבען א "שטאט" אין מזרח וואנט, אין דער מענערשער שול. נישט איינמאל פלעגט פון הינטער א פארהאנגעל פון דער ווייבערשער שול זיך אריינרייסען אין שול צווישען די מאנסבלען, א הארצרייסענדער געוויין, וואס האט אפילו די פאראכטעוועטע מענער הערצער געמאכט צעמאכט זיי אריבערציען די טליתים איבער די קעפ, און באגלייך מיט די ווייבער ווינען און בעטען צום רבונו של עולם: גאט העלף! ווען ביי עמיצען אין דער משפחה איז געווען א חולה מסוכן, אדער א געווינערן איז געגאנגען שווער צו קינד,און"ער זאל לעבען", דער רבי און להבדיל, דער דאקטאר האבען נישט געקאנט העלפען, איז מען גע־גאנגען אויפען הייליגען ארט קברים רייסען, אז דאס האט אויך ניט געהאלפען, דעמאלט האט מען אין שטעטעל געקאנט זעען איינע פון די הארצרייסענדע סצענע. א מאמע, א שוועסטער, אדער א נאענטע קרובה פונם קראנקען, לויפט איבער די גאסען, קלאגט און וויינט אויף די העכסטע ט ער, שרייט און בעט צו גאט און צו די מענטשען ארום, צו העי גן ראטעווען איר אייגענען בלוט און פלייש. אזוי לויפט די פרוי אריין אין שול, עפענט דעם ארון קודש און פאלט צו צו די הייליגע ספר תורות מיט א יאמערליכען געוויין און געבעט.עס איז ניט געווען קיין חילוק צי די שול איז געווען ליידיג פון דאווענער, צי מען האט גראד געהאלטען אין מיטען דאווענען, און ביי א זייער וויכטיגער תפילה, אין

אזא צייט איז יעדער איד אין שול פארגליווערט געווארן,און פון אלעמענס הערצער האט זיך ארויסגעריסען א געבעט צו גאט: רבונו של עולם,הער פון דער וועלט! העלף,גאטעניו,שיק א רפואה שלימה!

אין דער זעלבער גאס וואו עס איז געשטאנען די שול איז ניט ווייט געווען דער בית המדרש און ר' לייזערס מנין.אין בית המדרש האט מען געדאווענט און אויך געלערענט,אדער אריינגעקוקט אין א ספר.די קלויז איז געווען דאס לערענארט פון די בחורים און יונגעלייט,וואס האבן שוין געלערענט אליין פאר זיך, און געלייגט קלאפטער אין דעם גרויסן ים התלמוד.צווישען די קלויז בחורים האט זיך געפונען א גרויסע צאל קינדער פון ארימע עלטערען, וועלכע האבן זיך געגויטיגט אין אלץ וואס א מענש דארף האבן צום לעבען, אז ער זאל זיך קענען אפגעבען מיט לערנען תורה,טאג און נאכט. קהל האט אזעלכע לערנער באזארגט מיט"טעג" און אמאל אויך מיט א שוך און א מלבוש אויפען לייב. אבער די רייכע קינדער צווישען די לערנער האבן פיל ארויסגעהאלפען די ארימע בחורים. אין קלויז האבען אויך געדאווענט בעלי בתים,לומדים,און חסידים, און צו יעדער צייט אין טאג האט מען דארט געטראפן אידען אין די מיטעלע יארען און אויך עלטערע אידען, זיצען און לערנען תורה.

אין בית המדרש פלעגען זיך יעדען פארנאכט,בין מנחה למעריב און אין שבתים און יום טובים בייטאג,צונויפקומען פראסטע אידען,בעלי מלאכות, דארפסגייער,בעלי עגלות,ארימע קרעמער און לופט מענשען,וואס האבען געקאנט ארײנקוקען אין א ספר - און האבען געלערענט. אויך האט א איד א תלמיד חכם געלערענט מיט די אידען די פרשה פון דער וואך אדער א שטיקעל עין יעקב.

אין ר' לייזערס מנין האבען געדאווענט די קצבים.אין א וואכען טאג,ביים שחרית האט דארט געדאווענט כמעט דאס גאנצע שטעטעל. דארט האט מען אלע מאל געקאנט געפינען א מנין צום דאווענען און זאגען קדיש.פארטאג,נאך איידער דער מארגענשטערען איז אויפגעגאנגען האט מען דארט שוין געדאווענט,און מיטען "שנעלצוג",אנגעטאן דעם טלית און תפילין און איינסצוויי,שוין פארטיג. א קינסטלער פאר אזא דאווענען איז געווען ר' משה קווישס ז"ל.ווען מען האט אים געזעען צוגייען צום עמוד, איז מען געווען זיכער אז דעם באן ,אדער דעם יאריד וועט מען דעם טאג שוין ניט פארשפעטיגען.

אין דעם שניידערישען שולעכעל האבען געדאווענט די שניידער,שוסטער און אנדערע בעלי מלאכות.שבת בייטאג האט ר' ברוך באסעכעס געלערענט מיט די בעלי מלאכות די קליינע פינטעלעך.

אין דער גרויסער שול האט מען געדאווענט יעדען טאג אין יאר.ווינטער,אין די גרויסע פרעסט איז אין שול געווען שרעקלעך קאלט.אין אזעלכע טעג זיינען דארט געווען געציילטע אידען, וואס האבען דארט געדאווענט.דער רבי האט געהאט זיין אייגענען גרויסן בית דמדרש,מיט פיל ספרים,וואו עס זיינען געזעסען בחורים און געלערענט תורה.

מיט יארען שפעטער, ווען עס איז צוגעקומען יהודה וואלפס בית המדרש, האבען זיך אויך געפינען אידען וואס האבען דארט געדאווענט און געלערענט. ווער עס האט געהאט א סך צייט, איז געגאנגען דאווענען אין ר׳ יהודה וואלפס בית המדרש, פאמעליך דאר געדאווענט, נישט געאיילט, זיי האבען גענוג צייט.

יעדער גלינער איד וואס האט נאר געקאנט אפשפארען עטליכע רייניש, קראנען אדער זלאטעס, האט עס געהאלטען פאר א כבוד און א חוב צו קויפען א אייגענע "שטאט" אין דעם מקום קדוש וואו ער האט געדאווענט. דאס האט געמיינט אחריות צום מקום קדוש און יראת הכבוד צו קהל און די כלי קודש. די "שטעט" זיינען איבערגעגאנגען בירושה פון עלטערען צו קינדער.

חוץ די אלע אויסגערעכענטע בתי תפילה זיינען נאך גע-ווען הייזער וואו מען האט פרייטאג צו נאכטס און שבתים גע-מאכט א מנין.

וועגען דער גלינער קלויז איז כדאי איבערצוגעבען עטלעכע היסטארישע פאקטען, ווי ר׳ שלמה קיגעל האט זיי פארצייכענט.

די גלינער קלויז איז געבויט געווארען צווישען די יארען תקע"ב און תק"פ. די ערשטע בעלי הבתים זיינען געווען אידען דארפסגייער וואס זיינען געקומען קיין גלינע דארט זיך צום באזעצען. דא זיינען עטליכע נעמען פון זיי: ר׳ יצחק חיים ז"ל, ר׳ אהרן פארנאיוועד ז"ל, ר׳זעליג לא-שיקער ז"ל, ר׳ בנימין בעזבערידער ז"ל, ר׳ חיים סאלאוויער ז"ל, ר׳ מרדכי בעריש ז"ל, מען דערציילט אז אויף א טייל פון אט די אידען האט דער לובלינער צדיק ז"ל געזאגט, אז זיי האבען גרויסע נשמות.

די אלע אידען זיינען געווען קבצנים. פון דעסט וועגן האבען זיי די קלויז געבויט, און אין יאר תק"פ האט מען דארט שוין געדאווענט און טאקע מיטן נוסח ספרד און מיט ספרעליסקער התלהבות. אבער די "קלויז איז תמיד געווען טאלעראנט צו אלע דאווענער, אפילו נישט חסידים און מתנגדים האבען זיך דארט געפילט גאנץ היימיש.

דאס שניידערישע שולעכעל איז געגרינדעט געווארען אין יאר תקס"ב, און לויט זייערע תקנות האבען זיי פאר צוואנציג יאר כסדר געזאמעלט געלט צווישען עמך שער און אייזען, און פאר דעם געלט געלאזט שרייבען צוויי ספרי תורות. אין יאר תר"ד האבען זיי איינגעהאנדעלט אברישצאך און א יד פון זילבער. אין יאר תרי"ד האבען זיי געמאכט א מנורה פאר דער שול. (פנקס של יוסף מרדכי)

עס איז געווען א אלטער מנהג אין שטעטעל, אז אלע אלטע עמות פון די צעריסענע סדורים,חומשים, מחזורים,גמראות, תחינות, אלטע פרוכתן און מענטעלעך און בכלל יעדעס שטיקעל פאפיר מיט אידיש געדרוקטע אותיאות, האט מען באהאלטען אויף דעם בוידעם פון דעם בית הכנסת און איינמאל אין יאר האט

מען די אלע הייליגע שמות אוועקגעטראגען אויף דעם הייליגען ארט און זיי דארט מקבר געווען מיט גרויס יראת הכבוד.

כמעט אלע חופות האט מען געשטעלט אויף דער גאס, נעבען דער וואנט פון דער שול, אויפען שולהויף. די קלעזמער האבען מיט מיוזיק געפירט חתן-כלה מיט אלע מחותנים צו דער חופה און צוריק. ביי דער חופה צערעמאניע זיינען זיך צונויפגע- לאפען כמעט אלע מענטשען פונם שטעטעל. דער חופה מארש וואס האט זיך געצויגען פון דער הויז ביז דער שול איז באלויכטען געווארען פון ליכט און שטורקאצען.

# פירונגען און מנהגים אין שטעטל

מיט איבער הונדערט יאר צוריק, האט דאס שטעטל גלינע זיך געפירט שטרענג רעליגיעז,חסידיש און יראה־שמים׳דיג. אלע אידען אין שטעטל האבען זיך אויפגעפירט אזוי ווי גאט און זיין תורה האט געבאטען, און וואס אונדזערע חז"ל, דער רב און דער רבי "זאל לעבען"! און קהל האבען געהייסען. פארען געזונט, קינדער און פרנסה האבען די גלינער אידען צוערשט זיך פארלאזען אויפען רבונו של עולם, ווי אזוי ער האט מיט זיי געפירט, האט עס יעדער איד אנגענומען באהבה. פונם צוויי־קינדער סיסטעם האט מען אין שטעטל ניט געוואוסט, אבער פון דעם "מאן דיהיב חיי – יהיב מזוני" האט יעדער איד געוואוסט און געגלויבט אין דעם. און חלילה אין א עת צרה פון א יחיד, אדער פונם רבים,דעמאלט איז מען געלאפען צום רבין פונם שטעטל, אדער יעדער חסיד איז געפארען צו זיין רבין, און ער, זאל לעבען, האט זיך באמיעטביים רבונו של עולם פאר רעב ישראל און פארען כלל ישראל – לא ינום ולא יישן שומר ישראל!".

ווי קליין און ארים דאס שטעטל גלינע איז געווען, האט תמיד דארט אבער געשמעקט דער רוח של תורה און דער דרך־ארץ פאר תורה לומדות. פרומקייט און פשוטע ערליכקייט איז געווען פארשפרייט איבערען גאנצען שטעטל. אין הלכות טהרת המשפחה און אין מדריך זיין דעם יונגען דור, איז יעדער איד געווען יענעמס שומר.

יעדער דערוואקסענער מאנסביל האט געטראגען א בארד און פאות, אנגעטאן אין א בעקעשע מיט א גארטעל. א יארמעלקע אונטערען סאמעטענעם קאפעליוש אדער היטעל. אינגלעך, צו דריי יאר אלט האבען שוין אנגעהויבען צו לערנען אין חדר און יעדער אינגעל האט געטראגען א ארבע כנפות׳ל און א יארמעלקע אויפען קאפ. מיט דער יארמעלקע אויפען קאפ איז יונג און אלט געשלאפען. שבת און יום טוב האבען אלע פארהייראטע מאנסבלין, פונם רב ביז דעם וואסערטרעגער געטראגען א שטריימל.

אז א פרוי זאל פארפעלען גיין טבילה אדער טראגען די אייגענע האר, נישט קיין טיכעל; צי א מאנסביל זאל חלילה אונטערשערען די פאות, אדער חס חלילה אפגאלען די בארד – דאס האט זיך אין גלינע מיט א דריי דורות ניט געקאנט טרעפען.

א גאנצע וואך האבען אונדזערע מאמעס שווער געארבעט אלס באלעבאסטעס צו באזארגען דעם מאן און די קינדער, מיט קאכען, באקען, וואשען וועש, רייניגען און פארלאטען זאכען, ארויסהעלפען דעם מאן אין דער פרנסה, אדער אליין זיין די גאנצע פרנסה געבערין– אבער פון דאנערשטאג ביינטאג ביז פרייטאג צו ליכט בענטשען, איז גאר ניט געווען קיין גרעניץ צו זייער ארבעט. עס האט זיך אנגעהויבען מיטען איינקויפען, באקען חלה פאר שבת און ברויט פאר דער גאנצער וואך. קאכען און רייניגען לכבוד שבת, באזארגען דעם מאן און די קינדער מיט א ריין העמד,ארבע כנפות. נאכדעם ווי די ווייבער האבען שוין פארריקט דעם טשאלענט אין אויווען אריין, און פארקלעפט

דאס טשאלענט ברעטעל, אויסגעצוואגען די קינדער און זיי איבער-
געטאן אין ריינע מלבושים, האבען זיי זיך איך אנגעטאן א ריין
קלײדעל און א פאטשײלע אויפן קאפ און מיט א פרומער מינע
געבענטשט ליכט לכבוד שבת.

שבת און יום טוב זיינען די עזרת נשים, די ווייבערשע
שולעכלעך געווען פול מיט דאוונערס. נאכען אפעסען האבען
אונדזערע מאמעס מיט לייענען דעם טייטש חומש, זאגען תחינות
און נאך זון זעצען זאגען שטיל און הארציג פרום דעם "גאט פון
אברהם".

פרייטאג נאך צוועלעף דעם זייגער בייטאג האט זיך שוין
אין שטעטעל געפילט דאס אנקומען פונם שבת קודש. דער בעדער האט
ארויסגעשיקט זיין באד־יונג מיט דער אלטער קאסע צו קלינגען אין
די גאסען, א סימן אז די באד איז שוין איינגעהייצט און אפען.
ווען דער שמש האט שוין געקלאפט"אין שול אריין" דעמאלט האט
יעדער איד פארמאכט זיין קרעמעל און געמאכט שבת. טאקע ווי
דורך א נס האט דאס שטעטעל זיך אויסגעטאן פון איר דערשלא-
גענקייט און וואכיגקייט און זיך אנגעטאן אין פריילעכקייט
און צופרידענקייט. יעדער איד האט זיך אויסגעפוצט אין זיינע
בעסטע און שענסטע מלבושים, וואס מהאט גערופען "די שבתדיגע
קליידער". מיט א ניי קלייד האט מען אפגעווארט ביז א שבת
אדער א יום טוב צום באנייען. מען איז אין די נייע קליידער
דאס ערשטע מאל געגאנגען אין שול אריין,אדער אין דעם מקום
קדוש וואו מען האט געדאווענט. ביינאכט צו חצות, פלעגט דער
שמש ארומגייען אין שטעטעל און רופען הויך אויף א קול: עם
קדוש! שטייט אויף לעבודת הבורא, כי לכך נצרתם!"

שבת גאנץ פרי האבען זיך פון אלע שטיבער געטראגען
די זיסע, איינגענעמענע טענער פון מעביר סדרה זיין, שנים
מקרא ואחד תרגום.איינער מער מיט דעם טראפ און ניגון פון
די טעמים און איינער ווייניגער.נאכען מעביר זיין די סדרה
האבען אידען זיך א לאז געטאן אין מקוה אריין,זיך קענען
שטעלען פאר גאט ניט נאר מיט א ריין הארץ, נאר אויך מיט
ריינעם גוף.

הונדערטער אידען, אנגעטאן אין שבתדיגע קליידער
גייען צו איין פונקט, דארטען וואו עס זיינען די בתי תפילות,
די שול, די קלויז, דאס בית המדרש, דאס שניידערישע שולעכעל,
ר'לייזערס מנין, אהין ציען זיך דימענטשען. מענער אין אטלעסענע
בעקעשעס, מיט שיפקעס און מיט שטריימלעך אויף די קעפ, אונטער
די ארעמס גרויסע טליתים. די פרויען אין זייערע בעסטע שבת
קליידער, מיט פארקעמטע שייטלעך און שטערענטיכלעך אויף די
קעפ, און מיט צירונג די קליידער באצירט. די קינדער אין
זייערע שבתדיגע אנצוגלעך, אויסגעצוואגענע, מיט לאנגע נאסע
פאהלאך, גייען זיי מיט זייערע טאטעס און טראגען סדורים
אונטער די ארעמס, די שכינה רוט אויף זיי.

ווען עס זיינען געווען פרעמדע ארימעלייט אין שטעטעל
האבען די שמשים זיי באזארגט מיט שבת עסען ביי די רייכע
בעלי הבתים. יעדער איד וואס האט נאר געקאנט האט גענומען

א אורח אויף שבת.

ווען עס "איז געקומען א חזינדל אויף שבת" אדער א מגיד, האט דאס אריינגעבראכט אביסעל אויפרעגונג אין דעם שטילען שטעטעלשען לעבען, אמאל אויך קריגעריי, צוליב מבינות...און נישט איינמאל זיינען פארגעקומען קריגערייען לשם מצוה.ביים אויפנעמען א רב, א דיין, א שוחט, און אפילו ביים אנשטעלען א שמש.

די זעלבע פרומע, רוהיגע שטימונג האט געהערשט אין אלע יום טובים, איבעהויפט ראש השנה און יום כפור האט יעדער גלינער איד באמת געגלויבט אז "תשובה, תפילה וצדקה מעבירין את רוע הגזרה".

יעדען טאג פון וואך, חצות הלילה, זיינען א סך אידען פון שטעטעל אויפגעשטאנען, אנגעצונדען א ליכטעל, אפגעגאסען נעגעל וואסער, געזאגט מודה אני און זיך אוועקגעזעצט אויף א קליין בענקעלע אפריכטען חצות. געזאגט האבען זיי אין דער שטיל מיט א יאמערליכען קול, געוויינט אויפן חורבן ציון וירושלים. ווער עס האט אמאל געהערט אט דעם טרויעריגען הארציגען געוויין, וועט אים אין זיין גאנץ לעבען נישט פארגעסען.

ביי א סך גלינער אידען, גרויסע לומדים האבען זיך געפונען גאנצע שאפעס מיט ספרים, הייליגע ספרים. אין א שבת ביי טאג, אדער אפילו אין א מיטען וואך פארנאכט, האט מען געקאנט זעען אידען זיצען און לערנען, קוקען אין א ספר אריין. אפילו אין די הייזער ביי די פראסטע אידען, נישט פון די לומדים, האבען זיך אויך געפונען ספרים, חומש מיט רש"י, מדרשים, עין יעקב, שבט מוסר, שבחי בעל שם טוב. חוץ דעם האט מען געזאגט א קאפיטעל תהילים, ווינטער שבתים – ברכי נפשי, און זומער – פרקי אבות.

חוץ איבער ענינים פון מסחר, אדער עפעס א פערזענ_ לעכע סיבה, האט דאס שטעטעל ניט געוואוסט פון שנאת חינם, און אלע אידען זיינען געווען ווי איין גרויסע משפחה. כמעט יעדער איד האט זיך באטייליגט אין דעם אנדערענס לייד און פרייד, ווי ביי תנאים שרייבען, חתונות, ברית'ן, פדיון הבן, בר מצוהס, חנוכת הבית. גייען גוט שבת ביטען, פארהערען א יינגעל. שיקען עפעס מיטען גאסט, ווען א נאענטער קרוב אדער פריינט איז צו עמיצען געקומען צופארען. יום טוב גייען איינער צום אנדערען, אויף א סיום הספר, געבען א רייניגקייט אין א מקום קדוש, אדער חלילה ביי קראנק זיין און אין א טויטענפאל – דאן זיינען זיך די פאמיליעס, פריינט און שכנים און אזוי אידען און אידענעס פון שטעטעל זיך צונויפגעקומען, זיך אלע אינאיינעם געפרייט, אדער אלע אינאיינעם געטרויערט.

פון יאר צו יאר האט געטראפען אז ווען דער שמש איז א שבת אין דער פרי געקומען עפענען די שול, איז זי געווען פארמאכט פון אינעווייניג און פארבאראקאדירט מיט בענק, אזוי אז מען האט ניט געקאנט אריינקומען אהין, דארט צו דאווענען. דאס פלעגט געשען אין דער צייט פון די אסענטירונג צום

מיליטער, און די "שטעלערס" האבען עפעס נישט געקאנט אויספירען
ביי קהל, מיט גוטען, האבען די בחורים פרייטאג צו נאכטס, נאך
קבלת שבת, דערטאפט דעם שליסעל פון דער שול און זי פארשלאסען.
שבת אין דער פרי איז געווארען א גערודער אין שטעטעל: שטייטש!
די שול איז פארמאכט, מען מוז דאך דאווענען! אבער די שול איז
געבליבען אזוי לאנג פארמאכט, ביז דער ראש הקהל האט מסכים
געווען נאכצוגעבען די בקשה פון די געקריוודעטע שטעלערס,וואס
דארפען גייען צום אנסענטירונג.

## ימים טובים אין שטעטל

די מערסטע טעג פון לעבען פון דעם רוב בנין און רוב מנין אין אונדזער שטעטל זיינען געווען גרא-וואכעדיג,אחוץ וועגען פרנסה האבען די גלינער אידען ביי זיך געפועלט וואס ווייניגער צו האבען צו טאן מיט דער ארומיגער גויעשער וועלט. ווען עס איז געקומען צו רוחניות, צו גייסטיגע זאכען האבען זיי געזוכט א וועלט אין די ספרים מיט דעם עבר און אין דעם ווייטען "ימות המשיח". אט אין דער וועלט זיינען זיי געווען היימיש, ארייגעלעבט און געפונען דארט פאעטישע שיינקייט, און פארשאפט א סך תענוג, מער ווי די גויעשע גייסטיגע וועלט.

די ימים טובים האבען די גלינער אידען ליב געהאט מיט אלע זייערע רמ"ח אברים. אין א יום טוב פלעגט זיך דאס אידישע הארץ דערווארעמען, דערהויבען איבער דער גראער און אפט מאל שווארצער וואכענדיגקייט. וואס גראער און פארבלאז דאס טעגלעכע לעבען איז געווען, אלץ היי‌ליקער און טייערער איז דער יום טוב געווען.ווי שטערען אין א פינסטערער נאכט האט דער יום טוב באלויכטען דעם אידענס הימעל. ער האט אראפ-געווארפען פון זיך אלע דאגות פרנסה און געדאנקט דעם וואס לעבט אייביק, פאר די חסדים וואס ער טוט מיט אים, יעדען טאג פון א גאנץ יאר.

### חנוכה

חנוכה צייט איז אין אונדזער געגענד שוין געווען גרויסע פרעסט, און אידען וואס האבען ארייגעזעצט גענז צום האדעווען, פאר שמאלץ אויף פסח, האבען חנוכה צייט אנגעהויבען די גענז קוילען און אויסלאזען די שמאלץ אויף פסח. פון דעם איז אויף חנוכה געווען געגוג גריוען, וואס איז געווען פאררעכענט פאר א יום טובדיגען מאכל.

אלע אכט נעכט פון חנוכה האט דער שמש אין שול גע-בענטשט חנוכה ליכטלעך. נאך מעריב דאווענען האט יעדער איד געבענשט חנוכה ליכטלעך ביי זיך אין דער היים. אלע פון דער משפחה זיינען געשטאנען און אויסגעהערט די ברכות און געענט-פערט "אמן". נאך דעם חנוכה ליכט בענטשען האט יעדער טאטע געגעבען חנוכה געלט זיינע קינדער, און ווען א קרוב איז געקומען האט ער די קליינע קינדער אויך געטיילט חנוכה געלט. מען האט געגעסען לאטקעס, געשפילט אין דריידעל, ציגען וואלף, איקס-מיקס-דריקס, דאמינאס, און אין אייניגע הייזער האט מען אפילו געשפילט אין קארטען.

ווען די נאציאנאל- ציוניסטישע באוועגונג האט זיך אין שטעטל צעוואקסען, האבען די ציוניסטען איינגעפירט חנוכה פייערונגען, מיט חנוכה ליכט בענטשען, זינגען נאציאנאלע לידער, רעדען וועגען יום טוב חנוכה, און מיט פארשטעלונגען פון דעם קאמף פון די מאקאביייער, אבער די פרומע רעליגיעזע אידען אין שטעטל זיינען געבליבען ביי זייער זאגען על הנסים און זינגען מעוז צור ישועתי. די חסידים זיינען שטארק געווען דאגעגען וואס די ציוניסטען מאכען פונם יום טוב חנוכה א קאמעדיע.

פורים:

מען זאגט א ווערטעל אז"פורים איז קיין יום טוב, און קדחת איז קיין קרענק " ביי אונדז אין שטעטעל איז פורים געווען דער פריילעכסטער יום טוב פאר קליין און גרויס. שוין דאס אנגרייטען פון דער מאמען די המן טאשען, היינט מאכען די המן גראגערעס, דאס גראגערען און קלאפען המנן ביים לייענען די מגילה. אפילו עלטערע אידען, טאטעס פון שוין דערוואקסענע קינדער האבען זיך משמח געווען אום פורים אויף פארשידענע אופנים. אלץ וואס מען האט פורים געטאן האט דאס יונגווארג גענומען אין דעם א גרויסען איינטייל. נישט רעדענדיג פון דער מגולה לייענען, מיט דעם קלאפען און פארגראגערען המנן מיט זיינע צען זין, זיינען די צוויי הויפט צוציאונגען פאר דעם יונגווארג געווען די פארשטעלער, אדער פורים שפילער, און דאס טראגען שלח מנות.

פורים שפילער זיינען געווען א סך אין גלינע און פון פארשידענע עלטער, פון קליינע קינדער ביז עלטערע אידען. צווישען די פורים שפילער האט זיך שטארק ארויסגעזען די טערקען: עטלעכע חסידישע אידען, ווי יחזקל מעשעמס, שלמה שוסטער, נתן טרעגער און נאך איניגע וואס האבען זיך פארשטעלט אלס "טערקען", זיך אנגעטאן אין מאדנע קאלירטע ברייטע פליודערען, מיט א ברייטען און לאנגען כאלאט, ארומגעבונדען מיט א ברייטען גארטעל און א גרויסען ספאדיק פון רויטען געוואנט אויפן קאפ. מיט לאנגע ליולקעס אין מויל זיינען די עטלעכע טערקען ארומגעגאנגען פון מיטען טאג ביז שפעט אין דער נאכט. איינער האט געטראגען א גרויסע בלעכענע פושקע, א אנדערער האט געטראגען א גרויסען זאק. אין דער פושקע האבען אידען געווארפען קליינע מטבעות און אין דעם זאק - חלה און ברויט. דאס צונויפגענומענע געלט האבען די טערקען, דעם אנדערען טאג, שושן פורים דאס צעטיילט פאר די תלמוד תורות, בקור חולים און אנדערע צדקה אנשטאלטען און דאס ברויט און חלה האבען זיי אין דער שטיל אוועקגעטראגען צו די ארימעלייט פון שטעטעל.

עס איז אויך געווען צייטען אין שטעטעל ווען אידען האבען זיך פארשטעלט פאר גוים, אין פאלאטניקעס און פעלצען, געפירט פון עליע קליס און זיין כאליאסטרע, מיט א קפעליע קלעזמער געגאנגען איבער דער שטאט און אפגעשפילט א גוייעשע חתונה. דאס צוזאמענגענומענע געלט האבען זיי צעטיילט צווישן זיך. אויך האבען יונגע מיידלעך זיך פארשטעלט , מיט מיש-קארעס אויף די פנימער, אין פארשידענע מאדנע געשטאלטען, ארומגעגאנגען איבערן שטעטל און זיך לוסטיג געמאכט, און דערוויל טאקע געמאכט עטלעכע זעקסעלעך. ווען זיי זיינען אריינגעקומען אין א הויז האבען זיי געזונגען" היינט איז פורים, מארגען איז אויס, גיט מיר א גראצער און ווארפט מיך ארויס!".

ביינאכט, צו דער סעודה האט זיך פאר דעם ארימען יונגווארג אנגעהויבען דער אמתער יומטובדיגער פארגעניגען. דאס איז געווען דאס טראגען שלח מנות, וואס קרובים, פריינט, חברים האבען איינס דאס אנדערע געשיקט. און דאס קול פון די שלוח מנות טרעגער האט פארהילכט די גאסען מיט דעם געשריי: ווער שיקט שלוח מנות?!"אזוי האבען זיי פארדינט עטלעכע

גראַצער און געהאַט אויך נאַשערייען.

אין קלויז אין געווען א מנהג, אז ווער עס איז שושן פורים אריינגעקומען אין קלויז דאַווענען אן א שטריימעל אויפן קאָפּ, האָבען חברה קלויזניקעס אים דערלאַנגט דעם בעזים.

פסח:

דעם יום טוב פסח,זמן חרותנו, ווערט בכל תפוצות ישראל אפּגעהיט לויט דעם דין.אין דעם עיקר פון פראַווען דעם סדר און האַלטען פסחדיג דאָס הויז, איז גלינע נישט געווען אנדערש, אבער דער פאַר פסח אין גלינע האָט געהאַט אן אנדער אויסזעען. באַלד נאָך פורים האָט מען שוין געפילט אז עס רוקט זיך אן א אנדער צייט. די מצה בעקערס האָבען אנגעהויבען פאַרריכטען זייערע אויוונס,איינגעשטעלט דעם גאַנצען אפּאַראַט,פון באַקען די פּסחדיגע מצות. באַשטעלט די העלפערס, וואַלגערס, קנעטערס, רעדלער און מצה שיבער. די ווייבער האָבען אנגעהויבען צו וואַשען,רייניגען, שקראַבען און רייבען טיש און בענק, און צוביסלעך אוועקנעמען איינציגע זאַכען פון דער שטוב און ארויסשטעלען א געוואַשענס אויף דער גאַס, אדער באַהאַלטען אין דעם קופערט. אזוי, ביז עס איז געקומען דער ערב פסח, זיינען אלע הייזער געווען כמעט ליידיג, און דאָס מערסטע איז מען געשלאָפען אויף דער ערד און געגעסען אויף א פעסעל, איבערגעלייגט מיט א ברעט. עטליכע טעג פאַר פסח האָט מען אויף די גאַסען גע'כשר'ט די טישען און בענק.

דעם גרעסטען טייל אידען אין שטעטעל, איז דאָס אריינברענגען דעם פסח אין שטוב אריין נישט אנגעקומען אזוי גרינג. אויך די ווייניגער פאַרמעגליכע, איז דאָס באַזאָרגען דאָס הויז געזינד אויף פסח, געווען א שווערער עול. מען האָט באַדאַרפט מצות, בולבעס, בוריקעס, פלייש, וויין, און אביסעל נייע פסח'דיגע כלים. הגם עס זיינען געווען פאַרפּאַקט אין סאַלאַמעניק אגאַנץ יאָר אויף דעם בוידעם, דאָס פסח'דיגע גפעס, האָט מען אלע מאָל געדאַרפט עפּעס צוקויפען. דאָס פסחדיגע געפעס איז איבערגעגאַנגען פון טאַטעס צו קינדער פאַר דורות לאַנג. לכבוד יום טוב האָט מען אויך ווי ווייט מעגליך אויסגעקליידט די פאַמיליע, ובפרט, די קינדער. מיט וואַכען פריער האָט יעדע אידישע באַלעבאָסטע איינגעזייערט באָרשט אויף פסח, און אכט טעג פסח האָט ידער באַלעבאָס געשטעלט ראָזינקע וויין אויף די ארבע כוסות.

ערב פסח, פאַרטאָג האָט מען אנגעטראָגען וואַסער פון דעם ברונעם, עס אנגעגאָסען אין דעם געכשרטן פעסעל און דאָס פעסעל מיט דעם פסחדיגען וואַסער צוגעדעקט מיט א ריינעם געוואַשענעם טישטעך. דאָס באַקען די מצות, דאָס וועקען יעדען פאַרטאָג די העלפערס צו גייען צו דער ארבעט, דאָס קומען פון די ארענדאַרעס צו באַקען מצות און איינקויפען זאַכען לכבוד פסח, דאָס וואַשען, רייניקען און כשרען די זאַכען, דאָס באַשטעלען ביי די בעלי מלאכות קליידער און שיך לכבוד פסח, האָט געמאַכט אז אלע בעלי מלאכות זאָלען זיין שטאַרק פאַרנומען, זיי זאָלען האָרעווען פון פאַרטאָג ביז שפּעט אין דער נאַכט אריין.

די קרעמער האבען געלייזט געלט, פארקויפט חמצדיגע און פסח־
דיגע סחורה. דאס זעלבע די קצבים. גוים און גויעס האבען גע־
קאלעכט אידישע הייזער, געוואשען די וועש , טישען און בענק,
אזוי אז דאס שטעטעל איז פון פורים ביז ערב פסח געווען רודעוו־
דיג און מיט גרויס שפע. עס האט זיך אויף שריט און טריט געפילט
א רירעוודיקייט, חברה יונגווארג האט מיט אנגעדולד געווארט
פריי צו ווערען אויף אכט טעג פונם חדר, און פון דעם רבין ־שיר
השירים האט מען שוין געקענט און זאגען די הגדה און פרעגען די
קשיות אוודאי ־ פסח איז אויך געווען דער בין הזמנים, ווען
עלטערין האבען ארויסגענומען די קינדער פון איין מלמד, און
זיי ארייגעגעבען צו אן אנדערען מלמד, אין א העכערען חדר
אריין.

דער ארימסטער איד אפילו, דער גרעסטער קבצן איז אויף
פסח באזארגט געווארען מיט מצות, בולבעס, וויין און א שטיקעל
פלייש. קיינער אין שטעטעל האט חלילה ניט געגעסען חמץ אום
פסח. אלע האבען זיך באגלייך געזעצט אויף דער היסב בעט און
געפראוועט דעם סדר כדת וכדין. יעדער איד איז דאן געווען
א מלך.

חול המועד פסח זיינען בחורים און מיידלעך , מיט
זייערע עלטערין זיך צונויפגעפארען שליסען שדוכים. אמאל האט
מען געטראפען און אמאל צונויפגעפירט א וואנט מיט א וואנט.

שבועות:

שבועות איז געווען אריינגערעכענט צווישען די בעסטע
ימים טובים. עלטערין זיינען ניט געווען זייער שטרענג מיט
די קינדער , מען האט געגעסען מילעכיגס, פוטער געבעקס, בלינ־
צעס מיט זויער מילך, און געגאנגען איז זאפוסט אריין. פאר
שבועות האט מען אין די חדרים מיט די קינדער געלערענט
אקדמות, ו אס איז געווען מער געזאנג ווי דאס שטרענגע לערנען
פון א גאנצען זמן. אפילו ביים פארהערען דעם אקדמות האט דער
טאטע מער זיך צוגעהערט צום ניגון ווי צום טייטש. דאס באזאר־
גען די הויז מיט זשאווערן און גרינע צווייגלעך, איז שוין
געווען א ארבעט פאר די קינדער, און ניט איין מאל ביים שניידן
די זשאווערן ביים טייך און רייסען די צווייגלעך אין פרעמדע
אדער אפילו אין קהלישע סעדער, איז מען ניט געווען זיכער אז
עס וועט ניט אונטערקומען עפעס א שייגעץ און געבען קלעפ. דערפאר
זיינען אלע מאל געגאנגען צו צוויי אדער דריי אינגלעך צוזאמען,
אויך דאס מאכען די רייזעלעך און אנקלעפען זיי מיט די פאפירע־
נע זעלנער אויף די פענסטער, איז געווען א שבועותדיגער תענוג.
די טאטעס און די דערוואקסענע בחורים האבען געהאט זייער
הנאה פון זאגען תיקון ליל שבועות.

תשעה באב:

תשעה באב האט מען אין שטעטעל פשוט געקאנט אנטאפען
דעם טרויער, א שרעק האט זיך צעלייגט איבער דעם שטעטעל, יעדער
איינער האט געזעען פאר זיינע אויגען ווי דאס בית המקדש ווערט
חרוב. דאס גאנצע שטעטעל מיט אידען האבען פארפאסט אין דער

זעלבער צייט, א סך אידן האבן געגעסן בייגעל מיט אייער,
אייגנגעטונקען אין אש, דערנאך געגאנגען זאגען קינות, ווער
אין פאנטאפעל, ווער אין קאלאשען, אלע זיינען אבלים געווען.
אבער נאך טרויעריקער און שרעקלעך האט דער ערב תשעה באב
געווען ווען ער איז אויסגעפאלען אין א שבת. ביז פארנאכט איז
דער שבת געווען ווי אלע שבתים פון א גאנץ יאר, אבער ווי מען
האט נאר אפגעדאווענט מנחה און מען האט פארפאסט, האט זיך דאס
גאנצע שטעטעל פארענדערט. אין אלע גאסען האט מען פלוצלים דער־
זען אידען דערשלאגענע, פארצרהטע, גייען אנגעטאן אין אלטע
צעריסענע מלבושים, דאס מערסטע גייען אן שיך, אין די זאקען.
די מאנסבלען אן שטריימלעך, אין אלטע קאפעליושען, אלע גייען
שטיל, פארטרויערט, און מחנות ווייז ציען זיך יעדער צו זיין
מקום קדוש. און אזוי ווי אין שול איז אין אלע בתי התפילות
האלב טונקעל, וואו ניט וואו צאנקט א ליכטעל, דער ארון קודש
איז אן דעם פרוכת. אנקוקענדיג דאס האט עס יעדען געשניטען
ביים הארצען. די שטענדערס זיינען געווען אויסגעלייגט אויפן
דיל און יעדער וואס איז ארייגעקומען אין שול אריין, האט
זיך שטיל אוועקגעזעצט אויף אן איבערגעקערטען שטענדער. אייניגע
אידען האבען מיט זיך מיטגעבראכט קעסטלעך און זיך געזעצט
אויף זיי מיט אראפגעבויגענע קעפ ווי די אבלים, אריינגעקוקט
אין די קינות און זיך צוגעהערט ווי דער חזן אדער דער בעל
תפילה זאגט איכה, מיט דעם באקאנטען טרויעריקען איכה ניגון,
וואס האט ביי יעדען ארויסגערופען טיפע קרעכצען, אויף דעם
חורבן ירושלים.

תשעה באב אין דער פרי האט מען זיך געשטעלט דאווענען
פריער ווי אלע טעג, און געענדיגט האט מער אסך שפעטער. מען
איז געזעסען אויף די איבערגעקערטע בענק און שטענדערס,
נידעריג אויף דער ערד און פארגאסען הארציגע הייסע טרערען
זאגענדיג די קינות. ביי די קינדער איז תשעה באב געווען
אויסגעמישט פון טרויער מיט איינגעהאלטענער און פארשטעלטער
פרייד. אנקוקענדיג זייערע פארטרויערטע טאטעס, דעם ארון
קודש אן דעם פרוכת איז אויף זיי געפאלען א פחד, די פרייד
זייערע איז געווען וואס זיי האבען געווארפען אויף די עלטערע
אידען גרינע, שטעכענדיגע בארעלעך, וואס זיינען געוואקסען
אויף יעדען שטיקעל פרייען פלאץ, וועלכע די אינגלעך האבען
נאך מיט א טאג פריער אנגעריסען. נאך די קינות איז מען
געגאנגען אויף דעם הייליגען ארט.

בחוריד און יונגעלייט האבען דעם טאג אויפגעשטעלט
און אויסגעגליכען די איינגעפאלענע מצבות אויפן בית עלמין.
די עלטערע אידען און ווייבער האבען געווארפען קנאבעל אויף
די קברים.

אלול צייט אין שטעטל:

דעם שבת וואס מען בענטשט ראש חודש אלול איז א געהויבענער שבת, מען פילט אז אט באלד וועט מען אנהויבען בלאזען שופר. דער צווייטער טאג ראש חודש אלול,ווען מען הויבט אן בלאזען שופר ,איז דאס געווען דער סיגנאל אז עס דערנעענטערען זיך די פארכטיגע טעג.דאס פנים ביי יעדען איד ווערט ערענסטער און מען זעט ווי יונג און אלט פלייסט זיך צו ווערען פרומער ווי ער איז ביז איצט געווען. מען דאווענט גאר אנדערש, מען כאפט מער נישט אפ דאס דאווענען ווי אין אלע אנדערע טעג, און מען זאגט די תפילות מיט מער כונה. די וואס האבען אביסעל פרייע צייט בלייבען לענגער אין שול און זאגען א קאפיטעל תהלים, לערנען א פרק משניות; מען פילט ממש אז עס דערנעענטערען זיך די טעג,ווען אפילו א פיש אין וואסער ציטערט.

אבער מער קענטיג ווי אומעטום זיינען די אלול טעג אויף דעם בית עולם. ווייל דער חודש אלול איז די צייט צו גייען אויף קבר אבות. אלטע און יונגע גייען צו די קברים פון זייערע נאענטע, דערציילען דארט אז עס קומען אן די הייליקע טעג, און בעטען די נשמות אז זיי זאלען זיך פאר די לעבעדיגע באַ-מיען. זיי בעטען מחילה, און די טויטע זאלען האבען א ליכטיגען גן עדן.

באלד נאך תשעה באב הויבען די בעלי עגלות אן בודק צו זיין זייערע פיאקערס, און אויך צוזען זייערע פערד זיי זאלען האבען כוח ארייצופירען פון דער באן סטאנציע, די הונדערטער מענטשען וואס וועלען אין דעם חודש אלול קומען צופארען אויף קבר אבות.

אבער נישט נאר דוקא די בעלי עגלות האפען און קוקען ארויס אויף דעם היליגען חודש אלול, נאר עס ערווארטען אים נאך אסך אנדערע אידען. דער מצבה שלעגער, דער שמש, די גבאים, און די שטעטעלשע ארימע לייט. ענדלעך, דערלעבט דעם דערוואר-טעטען ר"ח אלול, ב' דר"ח זעט מען שוין אנקומען געסט אין שטעטעל, וועלכע גיין אויף דעם בית עולם, אויף קבר אבות. אין די בתי התפילות הייבען זיך אויך אן ווייזען נייע מתפללים, (פאר יונגווארג זיינען זיי פרעמדע, אבער פאר דעם עלטערען עולם זיינען זיי היימישע ,אלטע חדר און שול חברים.) ווייל די אנגעקומענע אויף קבר אבות לויפען כאפען א שחרית, און פארנאכט אריב מען בלייבט נעכטיגען, א מנחה־מעריב, לאזען זיי שוין עפעס איבער פאר דעם שמש און אמאל אויף דעם גבאי, פאר דעם מקום קדוש וועגען.

אויף דעם בית עלמין דרייט זיך ארום דער מצבה שלעגער, צו זיין יעדען אונטער דער האנט. איינער וויל אפפארבען א מצבה, א אנדערער וויל מאכען א שטיין קאסטען, און א דריטער וויל אויסגלייכען די מצבה וועלכע איז שוין שטארק געבויגען. אזוי נעמט דער מצבה שלעגער צונויף ארבעט כמעט אויף א האלבען ווינטער.

דער שמש דרייט זיך ארום אויף דעם בית עלמין ווי ער זאל זיין א אייגענער געשעפט, האלט אין האנט אפארשריבענעם בוך און ווייזט יעדען אן דעם קבר פון זיינע עלטערין, זיידע-באבע און קרובים ער מאכט אל מלא רחמים׳ס פאר וועלכע ער באַ־קומט מזומן. ביים ארײנגאנג אויף דעם בית עלמין שטייען ארימע לייט מיט טעלער אין די הענט, און ווער עס גייט אראפ פונם בית עלמין ווארפט עפעס אריין אין די טעלער, יעדער גיט כפי כוחו וכפי חפצו.

אזוי פירט זיך דער אלול יאריד א גאנצען חודש. מען קומט אין שטעטל און מען פארט אפ, די וועלכע קומען און האבען משפחה גייען ארום צווישען די פריינט, מען רעדט זיך דורך, מען דערציילט זיך פון אונטערען הארצען, גוטס און שלעכטס, מען וואונשט זיך א גוט יאר און מען פארט אוועק.

מער פון אלעמען קומען אויף דעם בית עלמין די ווייבער, זיי גיסען דארט אויס זייער פארביטערטס הארץ פאר זייערע נאענטע און טייערע, וואס ליגען אונטער די מצבות. די געוויינען און די געשרייען פון די ווייבער טראגען זיך איבער דעם גאנצען בית עלמין און זיינען אזוי הארצרייסענדיג, אז זיי קענען רירען א שטיין. מען זאגט ביי די קברים דעם "מענה לשון", איבערזעצט אין אידיש, און פאר די וואס קענען אליין נישט לייענען, זאגט פאר זיי פאר א אידענע, וואס קען די קליינע אותיות, און קריגט פאר דעם באצאלט עטלעכע גראשער.

נאך שטארקער, נאך אנגעצויגענער ווערט די ימים נורא־ימדיגע אטמאספערע אין שטעטל, אין סליחות וואך. צו די ערשטע סליחות שטייען אויף יונג און אלט, ווען עס איז נאך שטארק פינסטער. א גאנצע וואך, יעדען פארטאג גייט דער שמש ארום איבער דער שטאט און קלאפט מיט א הילצערנעם האמער אין יעדער טיר און רופט אויס:"שטייט אויף צו סליחות!" און אלע עלטערע מענער און פרויען שטייען אויף און גייען די גאנצע וואך צו די סליחות. די יונגערע בחורימלעך און די חדר אינגלעך גייען נאר צו די ערשטע סליחות, און צו די ערב ראש השנה סליחות.

ראש השנה:

אלע אידען, יונג און אלט שטייען אויף ערב ראש השנה גאנץ פארטאג און מען גייט זאגען "זכור ברית". אין אט דער דאזיגער צייט האט זיך אין שטעטל דערפילט די צייט פון חשבון הנפש. יעדע נשמה האט אנגעהויבען צו שוועבען אין די וייטע עולמות, די הערצער זיינען געווארען מער באטריבט און מיט גרויס חרטה. ערב ראש השנה האבען פיל אידען געפאסט א האלבען טאג. ארום איינס דעם זייגער האט מען געדאווענט די מנחה גדולה. די וואס האבען געפאסט זיינען פריער געגאנגען אין מרחץ אריין, און ערשט דערנאך איבערגעביסען. אין די היימען האבען ווייבער און מיידלעך געהאוועט, געשמאיעט, און אנגעגרייט לכבוד ראש השנה פון כל טוב.

ערב ראש השנה גיבען זיך די דארפס אידען א לאז אין

מיט פולע, געפאקטע וועגענער. עס ווערט אין שטעטל נאך מער רעש, מען קוואטירט זיך איין ביי אייגענע אדער באקאנטע. עס ווערט א געלויף אין מקוה, פריער לויפען די נשים, דאן ערשט די מענער, אפצושווענקען זיך פון דעם אוועקגייענדיגען זינדיגען יאר, און צו קאנען שטעלען זיך פאר דעם בית דין של מעלה, א טהור וקדוש, אויסבעטען א גוט יאר.

צו מעריב איז אין שול און אין אלע בתי התפילות יום־טובדיג. יעדער איינער איז ערענסט, רוהיג, דעם חזנס ימים־נוראים'דיגער ניגון, ביים דאווענען שאפט א פרומע, ערענסטע שטימונג. נאכען דאווענען וואונשט איינער דעם אנדערען א גוט יאר, א שנה טובה!

ווען מען איז א היים געקומען פון דער שול האבען זיך אלע געוואונטשען א שנה טובה. אין שטוב איז געווען ליכטיג און ציכטיג, אויף דעם טיש א ווייסער טישטעך, ברענענדיגע ליכט, אין בלישטענדיגע לייכטער. א פלעשעל וויין, א טעלערעל מיט האניג, צו באשמירען די "המוציא" און א גרויסער טעלער מיט טרויבען, פלוימען, וואסערמעלאן (ארבוז) צו מאכען א "שהחיינו".

שחרית האט מען זיך געשטעלט דאווענען גאנץ פרי, און מען האט אפגעדאווענט אין אלע בתי התפילות ארום איינס־צוויי דעם זייגער בייטאג, חוץ ביים רבין אין בית המדרש האט דאס דאווענען זיך פארצויגען כמעט ביז פארנאכט.

אין דער צייט פון דאווענען זיינען אלע בתי התפילות געווען געפאקט. מען זאגט די תפילות מיט אמתע ריינע כוונות, אויסצובעטען סליחה ומחילה, און צו גלייך א חתימה טובה, צום נייעם יאר. ווען מען האלט ביים "בראש השנה יכתבון, מי לחיים, וואונשט זיך יעדער איינער איינגעשריבען צו ווערען אויף דער קאנטע. פון "מי בחרב, מי ברעב, מי בצמא "קלערט גאר קיינער נישט, דאס איז נאר פאר עמיצען אנדערש.

דער ערענסטער און דראמאטישער מאמענט, איז דאס שופר בלאזען און די תפילה "ונתנה תוקף", ביי וועלכער יונג און אלט פארגיסען הייסע טרערען.

נאכען עסען האט זיך קיינער ניט צוגעלייגט כאפען א דרימעל, מען איז באלד צוריקגעגאנגען זאגען תהלים. פון מנחה איז מען געגאנגען צו "תשליך". דאס גאנצע שטעטל יונג און אלט, מענער און פרויען זיינען געגאנגען ארייננווארפן די עבירות אין וואסער אריין. א טייל אידען זיינען געגאנ־גען צום טייך לעבען דער שול, א טייל צום טייך ביי דער מיל, דער רבי מיט זיינע חסידים זיינען געגאנגען תשליך צו דער פאסע. די חסידים האבען דעם רבין געפירט מיט געזאנג היין און צוריק.

נאך תשליך איז מען געגאנגען א היים עפעס נעמען אין מויל אריין, און ווידער געגאנגען זאגען תהלים און דאווע־נען מעריב, און געווארט אויף דעם צווייטען טאג ראש השנה.

אס אזוי גייען די עשרת ימי תשובה, אידען רירען קוים מיט די פיס, מורא האבענדיג מען זאל זיך חליה נישט מיט עפעס פארזינדיגען פאר גאט. מען טוט תשובה צו באקומען דאס קוויטעל: לעבען, געזונט און פרנסה.

כפרות שלאגען:

עשרת ימי תשובה האט מען אנגעהויבען צו קויפען עופות פאר כפרות.דאס מערסטע האט מען געזוכט עופות מיט ווייסע פעדערען. ווען עס איז ניט געווען תו באקומען א ויים עוף, האט מען געשלאגען כפרה מיט וואס פאר א קאליר פעדערען דאס עוף האט געהאט, חוץ שווארץ. אבער פאר די טאטעס און זיידעס וועגען האט מען זיך אמגעשטרענגט צו קריגען א ווייסען האן אדער ווייסען קאטשער. פראסטע אידען, ווייבער און קינדער האבען געשלאגען כפרה עטלעכע טעג פאר ערב יום כפור. די פרומע אידען האבען געשלאגען כפרות פארטאג, ערב יום כפור.

ביי די ארימעלייט האבען טאטעס און אינגלעך אלע צו-זאמען געשלאגען כפרות מיט איין האן,דאס זעלבע די מאמעס מיט די מיידלעך.

א טייל רייכע בעלי בתים פון שטעטעל האבען אייניגע פון זייערע כפרה עופות אוועקגעגעבען צו ארימעלייט אין שטעטעל. ביים שעכטען די כפרות האט זיך ניט איינמאל געמאכט אז ווען דער שוחט האט אוועקגעווארפען דאס עוף, נאכן קוילען, האט זיך דאס בענדעל, מיט וועלכען דאס עוף איז געווען געבונדען, אויפגעבינדען, און דאס געקוילעטע עוף האט אנגעהויבען ארומצולויפען. ביז מען האט דאס געכאפט, איז עס פאר די קינדער געווען א שרעק און א שטיפעריי.

יום כפור:

דער הייליגסטער טאג פון אלע טעג פון א גאנץ יאר, האט זיך אנגעהויבען מיטען ערב יום כפור. פארטאג, ווען מען איז געגאנגען צו די שלשה עשרי מדות, אין מקוה אריין, זאגען תהלים, זיינען די גאסען און געסלעך שוין ערב יום כפורדיג געווען, מיט א ערענסטער און פארכטיגער שטימונג. מען איז געגאנגען אויף קבר אבות, און ביים ארייגאנג צום הייליגען ארט זיינען געשטאנען טישען מיט לעקאך און בראנפען און ווען א איד איז ארונטערגעגאנגען פונם בית עלמין האט מען אים דער-לאנגט א קליין קעלישעקעל בראנפען מיט א שטיקעל לעקאך צום פארבייסען, און מען האט זיך געוואונטשען א כתיבה וחתימה טובה.

דאס מנחה דאווענען, וואס האט זיך אנגעהויבען נאך האלבען טאג, האט געדויערט לאנג. נאכען דאווענען האבען די עלטערע און אויך אייניגע יונגע בעלי ביתלעך זיך געלאזט שלאגען מלקות. מען האט זיך אוועקגעלייגט אויף אויסגע-שפרייטען היי אין פלוש, מיטען פנים צום חיי, געזאגט על חטא און זיך געקלאפט אין הארצען. דער שמש איז געשטאנען און מיט עטלעכע לעדערנע רימענדלעך געשלאגען מלקות.

ביים ארויסגאנג פונם מקום קדוש זיינען געשטאנען טישען מיט קערות, אין יעדער קערה איז געווען א צעטעל מיט אן אויפשריפט, פאר וועלכען צוועק דאס געלט גייט. יעדער איד האט אין די קערות אריינגעווארפען לויט זיינע פינאנציעלע מעגליכקייטען, און לויט זיין אינטערעס און געפילען פאר די פארשידענע דבר, מצוה, פון די אויפשריפטען.

די אמתע הייליקע יום כפור געפילען און גרויס ציטער האבען זיך אנגעהויבען נאכען אפעסען די סעודה המפסקת, סיי דאס בענטשען ברכת המזון און סיי דאס ליכט בענטשען, איז געווען גאר אנדערש ווי פון אלע שבתים און ימים טובים. די טאטעס האבען דאס בענטשען געזאגט העכער, גלאסענער און מיט גרויס כונה. אלע מאל געגעבען א זיפץ און קרעכץ. די מאמעס, ביים ליכט בענטשען האבען געבעטען, געוויינט אויפן קול און זיך באגאסען מיט הייסע טרערען. די קינדער האבען מיט געבענטשט מיטן טאטען, און מיט געוויינט מיט דער מאמען. עס האט זיך געפילט די גרויסע אימה ופחד פאר דעם אנקומענדיגען יום הדין. נאך דעם ליכט בענטשען האט דער טאטע ארויפגעלייגט זיינע הענט אויף יעדען קינדס קאפ און אים געבענטשט. גענומען דעם ווייסען קיטעל, דעם טלית און מחזור, געזעגענט זיך מיט ווייב און קינדער און געוואונטשען יעדען איינעם א כתיבה וחתימה טובה.

שכנים זיינען געגאנגען איינס צום אנדערען זיך איבער-בעטען, און מיט טרערען אין די אויגען זיך געוואונטשען א גוט יאר, צו דערלעבען איבער א יאר, מיט דער גאנצער משפחה.

הארציגע געוויינען פון פשוטע אידען, אידענעס, האט זיך געהערט פון יעדען הויז. טאטעס, מאמעס און אפילו קינדער האבען אויסגעגאסען זייערע צעווייטיגטע און פארביטערטע הערצער. ווען די מאנסבלין זיינען ארויס פון זייערע הייזער, האבען זיי פרום געקושט די מזוזה, און די אינגלעך זיינען נאכגעגאנגען פארוויינטע און דערשראקענע, מיטגעטראגען די וואקסענע אדער חלבנע נשמה ליכט, אנצוצונדען אין מקום קדוש וואו מען האט געדאווענט.

די ווייבער, אנגעטאן אין יום טובדיגע קליידער זיינען געגאנגען דאווענען אין עזרת נשים. אויף דעם וועג צו דער שול, האט מען זיך באגעגעהנט מיט אנדערע אידען און פרויען, פון דעם שטעטעל און פון די דערפער. איינער דעם אנדערען האט געוואונטשען זיך אויסבעטען א געזונט יאר מיט פרנסה. אלע אין שטעטעל זיינען געווען ווי איין גרויסע משפחה, וואס יעדענס געדאנק אין הארץ איז געווען א געבעט פאר יעדען איינעם און ישעות ונחמות אויף כלל ישראל.

אין אלע בתי התפילות איז ליכטיג. אלע הענגלייכטער, מנורות, זיינען אנגעצונדען. נשמה ליכט און יארצייט ליכט און לאמפען זיינען אויסגעשטעלט אין קעסטלאך מיט זאנד אויף צוגעגרייטע טישלאך, אויף די פענסטער און אויף יעדען שטיקעל פלאץ, וואו מען קאן נאר אוועקשטעלען א ליכטעל, א יארצייט לאמפ.

אלע אידען שטייען אין די ווייסע קיטלען מיט די טליתים

איבער די קעפ, זיינען פארטיפט אין דער תפילה זכה. פון דער ווייבערשער שול הערט זיך א הארצרייסענדער געוויין. און בעת דער רב, דער חזן מיט עטלעכע חשובע און פרומע אידען זיינען מיט ספרי תורות ארויפגעגאנגען אויף דער בימה, זיך אוועקגע־שטעלט לעבען דעם שלחן, די סליחות איבער די קעפ, און ר' ישראל דער חזן האט מיט א הארציגען קול אויסגעשריגען" אור זרוע לצדיק," – האט אויסגעבראכען א יאמערליכער געוויין און אלע אין שול האבען זיך באגאסען מיט הייסע טרערען. דאס וויינען און קלאגען אין דער ווייבערשער שול האט איבערגעשטיגען דאס געוויין פון די מאנסבלין. קיין אידיש אויג אין אלע בתי התפילות איז אין יענער צייט נישט געבליבען טרוקען.

די עטלעכע שעה פון דער סעודה המפסקת ביז נאך כל נדרי זיינען געווען כמעט דער העכסטער רעליגיעזער פונקט פונם יום כפור. אסך פון די גלינער אידען זיינען געבליבען אין די שולען פון כל נדרי אן ביז נאך נעילה, און זיינען אפילו נישט א היים געגאנגען זיך אפצורוען, סיידען ווען איינער האט חלילה ניט געפילט גוט, אדער ער האט אין דער היים איבער־געלאזען א קראנקען.

אינגלעך און מיידלעך, פאר דרייצען יאר האבען גע־פאסט אזוי לאנג ווי זיי האבען געקאנט אויסהאלטען. אינגלעך וואס האבען שוין אנגעהויבען צו לייגען תפלין, האבען געפאסט דעם גאנצען טאג, ווען אפילו זיי האבען קוים געקאנט אויס־האלטען. אלע אינגלעך האבען ערב יום כפור פאר זיך איינגע־קויפט אין אפטייק "יום כפור טראפען". נאך דעם ערשטען האלבען טאג פון דאווענען, האבען שוין אסך עלטערע אידען געבעטען ביי די אינגלעך א שמעק־טראפען.

צו נעילה זיינען אלע אידען ווידער באלעבט געווארען. זיי האבען ווידער איבערגעצויגען די טליתים איבער די קעפ און מיט גרויס כונה געבעטען "פתח לנו שער,. כי פנה יום". עס האט זיך ווידער דערפילט די הייליגע, געהויבענע כל נדרי שטימונג. אלע מיידלעך און יונגע אינגלעך זיינען זיך צונויפגעקומען אין די שולען, און געווארט מיט גרויס התלהבות צו הערען שופר בלאזען, און זאגען "לשנה הבא בירושלים! נאכען דאווענען האט איינער דעם אנדערען צוגעוואונטשען, מען זאל אויסבעטען א גוט יאר, א גמר חתימה טובה.

נאך מעריב דאווענען האט מען מחדש געווען די לבנה. נאך דעם ווי מען האט אין דער היים אפגעפאסט, האבען א סך אידען אנגעהויבען צו בויען א סוכה, ד.ה. מען האט אריינ־געשלאגען א הילצערנעם פלאקען אין דער ערד, אויף דעם ארט וואו מען וועט די סוכה שטעלען.

סוכות:

יעדער איד, אדער יעדער צווייטער איד האט געהאט א אייגענע סוכה ביי זיך אין הויז, מיט א פליגעל אין דאך אדער מען האט לעבען דעם הויז אויפגעשטעלט א סוכה פון ברעטלעך, אלטע טירען און דרענגלעך. אסך אידען זיינען געווען גאנצע

מייסטערס צונויפשטעלען א סוכה פון ברעטלעך. ווען אזא סוכה איז פארטיג געווארען , באדעקט מיט סכך און אויסגעהאנגען אינווייניג מיט ליילעכער און פון די קינדער געמאכטע פויגלען, איז די סוכה געווען א אמתער "פאלאץ". די פארמעגליכע אידען האבען פאר זיך געקויפט א אתרוג מיט א לולב, די וואס האבען ניט געהאט א אייגענעם אתרוג און לולב, האבען די שמשים צו זיי געבראכט דעם אתרוג אהיים.

די צוויי וויכטיגסטע טיילען פון דעם יום טוב סוכות, זיינען געווען הושענא רבה און שמחת תורה. הושענא רבה מיט דעם שלאגען הושענות, און שמחת תורה מיטען גייען מיט די הקפות. די שול, די בתי מדרשים, די קלויז, ר'לייזערס מנין זיינען פול מיט פריילעכען טומעל און איינגענומענעם געדריש. אלעמענס פנימער שיינען פון פרייד, אלעמענס אויגען גלאנצען, אלעמענס הערצער פלאטערען "שישו ושמחו בשמחת תורה! אידען פון אלע עלטער און שטאנד גייען מיט די הקפות, האנט אין האנט גע-שלאסען, הארץ מיט הארץ, זינגען און טאנצען מיט דער תורה. ארום די ווענט, אויף די בענק שטייען פרויען מיט קינדער, וואס האלטען פיינדלעך אין די הענט ,אויף וועלכע עס איז ארויפגעשטעלט א רויט עפעלע מיט א ברענענדיג ליכטעל און אלע פרייען זיך מיטן יום טוב , שמחת תורה.

שוין ביים פארקויפען אתה הראית האט זיך אנגעהויבען די שמחה, די באלעבאטים האבען אנגעהויבען צווישען זיך קאנ-קורירען און ארויפגעטריבען דעם פרייז, צוליב כבוד, און עס האט ארויסגערופען קריגעריי. אויך ביים פארטיילען די הקפות איז ניט איינמאל געקומען צו א ברוגז ווערען, פארען געבען די הקפה פון "עוזר דלים" און אסך מאל האט עס געפירט צו באלידיגונגען,ווער רעדט נאך אז מען איז געקומען אין שול אריין מיט אביסעלע משקה אין קאפ.

שמחת תורה בייטאג האט מען זיך געלאזט וואוילגייען, און פיל בעלי בתים און אפילו די ארימע האבען געמאכט ביי זיך אין דער היים "קערמישלאך". די שול בעלי בתים האבען יעדען יאר געמאכט א שמחה ביים גבאי אין הויז, און פארנאכט האט מען דעם גבאי געפירט אין שול אריין מיט געזאנג.

ביים רבין איז געווען א מנהג אז שמחת תורה ביינאכט, האט זיך ר'נחמן לאפאטינער, דעם רבינס בעל תפילה פאר די ימים נוראים,ארויפגעשטעלט אויף א טיש און האט אויסגערופען מיט א ניגון:

"עס קומט דער ווינטער, אין דרויסען ווערען בלאטעס און קעלטען. מדארף שכר לימוד צאלען, אנגרייטען האלץ (אביסעל) און בולבעס, און קיין געלט איז נישטא! לאמיר האפען צום בורא: מאן דיהיב חיי, יהיב מזוני!

# גלינער רביים, גוטע אידען

## רבי ר' מעכעלע זצ"ל.

דאס שטעטעל גלינע איז דור דורות לאנג געווען געבענטש צו האבען ביי זיך צדיקים, גוטע אידען, וואס האבען געפירט רבייאישע הויפען און געפראוועט טישען גאנץ ברייטלעך, אבער נישט אזוי רייך און מיט לוקסוס , ווי ביי אנדערע גוטע אידען.

די גזע פון די גלינער גוטע אידען, חסידישע רבייאים, וואס איז אונדז גוט באקאנט ציט זיך פון ר' מעכעלע זצ"ל. ווי עס איז באקאנט איז ר' מעכעלע געקומען פון רוסלאנד. ער איז געווען א איייניקעל פונם זלאצאווער מגיד, וועלכער איז געווען א תלמיד פונם בעש"ט זצ"ל. ר' מעכעלע אליין איז געווען א תלמיד פון זיין זיידען, דער זלאצאווער מגיד און א איידעם פון דעם צדיק הדור, רבי מאירל פראמישלאנער זצ"ל.

רבי מעכעלע האט חתונה געהאט מיט רבי מאירלס טאכטער רחל'ע, זי איז געווען די צווייטע טאכטער ביי ר' מאירל. די עלצטע שוועסטער אירע איז געווען די ווייב פון דעם באוואוסטן רבי, ר' אברהמ'צע מיקאלאיעווער. נאך א שוועסטער , די יונגערע איז געווען די ווייב פונם רבי פון בעהוש, רומעניע.

נאך דער פטירה פון זיין שווער, ר' מאירל פרעמישלאנער זצ"ל, וואס איז געווען ערב ר"ח סיון, 1850, האט זיך ר' מעכעלע באזעצט אים שטעטעל גלינע.

צו האבען די הסכמה פון אזעלכע צוויי צדיקי הדור ווי דער רבי ,ר' מאירל פרעמישלאנער און דער זלאצאווער מגיד,איז עס אוודאי געווען גענוג אז צו ר' מעכעלען זאלען אנהויבען פארען חסידים. און הגם ר' מעכעלע איז דאן נאך געווען א יונגערמאן, זיינען דאך צו אים געפארען אסך חסידים. ער איז געווען א גרויסער למדן, און דערצו א איידעלע נשמה, און פאר־מאגט א הארץ, וואס האט מיטגעפילט פרעמדע צרות.

דער רבי ר' מעכעלע האט בשעתו געהאט א גרויסע השפעה אויף דער פירונג סיי פון דעם איינצעלנעם איד אין שטעטעל, און סיי אויף דער גאנצער קהילה. צו אים זיינען געפארען חסידים גאר פון א גאנץ אנדערען קלאס, ווי צום ביישפיל קיין בעלז, אדער סטרעטין, וואוהין מען איז געפארען אין יענער צייט.

ר' מעכעלעס חסידים זיינען צום מערסטענס געווען שיין געקליידט, נישט מיט קיין ווייסע תחתונים און שיך מיט ווייסע זאקען, ווי עס איז געווען דער מנהג אין בעלז. דער רבי ר' מעכעלע און זיינע חסיד'ים זיינען געווען אין דעם פאל אויף דער מדרגה ווי די סאנדאגערער חסידים. דאס דאווענען איז אויך געווען שטיל, נאר מיט התלהבות, אבער אן איבעריקע קולות און אן פייטשען מיט די הענט.

דאס פראווען דעם טיש איז אויך געווען אויף אן אנדער אופן. די חסידים זיינען געזעסען ביים טיש, און האבען בדחילו

ורחימו זיך צוגעהערט צום רבינס תורה זאגען. נאך דער תורה זאגען האבען די חסידים געזונגען נגונים, מיט חסידישער התלהבות. ער, דער רבי אליין פלעגט זינגען דעם זמר "יום זה מכובד". שיריים האט ר' מעכעלע געגעבען מיט א גאפעל, נישט מיט די הוילע הענט. דאס געשיר און אלע אנדערע זאכען ביים טיש זיינען אלע מאל געווען ריין.

קראנקע מענטשען מיט "דבוקים" האט ער נישט אויפ-גענומען, ווי עס פלעגט צוגייען ביים אלעסקער צדיק. צו ר' מעכעלע זיינען געפארען אידען וועגען שדוכים, מסחור, קראנקהייט, צער פון קינדער און וועגען שלום בית.

זיין ווייב האט אים געבוירען צוויי זין און א טאכטער, דער עלצטער זון בצלאל, דער אנדערער מאירל, און די טאכטער יוכבד, וועלכע איז שפעטער געווארען די ווייב פונם גלינער רב ר' יצחק אליעזר גרינבערג ז"ל. ווען אין חודש מר חשון תרל"ד 1873, האט אין שטעטעל אויסגעבראכען די מגפה, די כאלערע, וואס האט ניט אויסגעלאזען יונג און אלט, איבערהויפט זיינען קליינע קינדער געפאלען ווי די פליגען, און ווען עס איז יעדען טאג געווארען ערגער און ערגער, זיינען צום רבין ר' מעכעלע געקומען א עדה חסידים פון דעם דערבייאיגען שטעטעל גאלעגארע, אים געבעטען און ביי אים געפועלט, אז ער זאל מיט זיי מיט-פארען אין זייער שטעטעל, ווייל דארטען איז געווען גאנץ שטיל, מען האט דארט פון דער שרעקלעכער מגיפה ניט געהערט. די חסידים האבען געוואלט אז דער רבי זאל אנטלויפען פון דער מגפה, זיך אויסבאהאלטען פון דעם מלאך המות, און דער רבי איז געפארען.

דער רבי איז דארט אפגעווען ביז חנוכה תרל"ד. ערב חנוכה, נאך מעריב האט ער געבענשט חנוכה ליכטלעך און געפרא-ווועט א טיש. ווי עס פירט זיך ביי אזא סעודה האט דער רבי געזאגט תורה מעניינה דיומה, און נאך דער תורה זאגען האט ער געלאזט וויסען דעם עולם, אז איה"ש מארגען פרי, באלד נאכן דאווענען, פארט ער צוריק קיין גלינע, און וועט איה"ש בענטשען דאס צווייטע ליכטעל אין זיין בית המדרש. ער האט דערביי בא-טאנט, אז מען קען זיך ניט אויסבאהאלטען פון דעם מ"ה און אזוי איז עס טאקע געווען: דעם ערשטען טאג חנוכה, ביי טאג איז שוין דער רבי געווען אין גלינע. דאס גאנצע שטעטעל האט זיך זייער געפרייט מיט דעם רבינס א היים קומען. זיי האבען שוין פאר וועמען דאס ביטערע הארץ זיך אויסריידען.

נאך מעריב האט דער רבי געבענשט דאס צווייטע חנוכה ליכטעל און געפראוועט א קורצען, שטילען טיש. די חסידים זיינען אוועק זייער פארזארגט און דער רבי האט זיך געלייגט אין בעט. מען האט באלד גערופען דעם שטאטישען דאקטאר, נאר דער רבי האט געזאגט אז עס איז ניט נויטיג. אויפן אנדערען טאג אין דער פרי איז דער רבי ר' מעכעלעס נפטר געווארען. די שרעק-לעכע בשורה פון דעם רבינס טויט האט יעדען אידען אין שטאט און פון דעם ארום געטראפען ווי א דונער. אמת איז: והמגפה, און די מגפה האט אויפגעהערט צו בושעווען מיט דעם טויט פון רבין ר' מעכעלע זצ"ל.

אויך דעם הייליגען ארט, ארום דעם רבין ר' מעכעלעס קבר, האט קהל אויסגעבויעט א גרויסען אוהל. אהין פלעגען קומען אסך אידען און אידענעס, אנצינדען דארט ליכט און אויסגיסען זייער ביטער הארץ פארען צדיק, אריינלייגען א קוויטעל מיט די בקשות אין דעם געמויערטען קאסטען אויפן קבר.

יעדען חנוכה, צום יארצייט פונם רבין ר' מעכעלע, איז כמעט דאס גאנצע שטעטעל און אידען פון אנדערע שטעט און שטעטלעך געגאנגען צום רבינס קבר אוועקצולייגען דארט א קוויטעל, און אנצינדען א ליכטעל. דאס געווען און געבעט ארום דעם רבינס אוהל, איז געגאנגען ביז צום הימעל, און יעדער איינער האט מיט טיפען גלויבען געהפט אז פון רבינס קבר וועט א ישועה קומען.

פאר יארען לאנג האבען גלינער אידען און די אידען פון דעם ארום א נאמען געגעבען זייערע ניי געבוירענע אינגלעך נאכען רבין ר' מעכעלע זצ"ל.

אין דעם זעלבען טאג, באלד נאך דער קבורה פון דעם רבין ר' מעכעלע, איז זיין עלטערער זון, ר' בצלאל געווארען זיין ממלא מקומו.

דער אינגערער זון, ר' מאירל האט זיך באזעצט אלס רבי אין זבאראוו, לעבען טארנאפאל.

רבי בצלאל:

דער רבי ר' בצלאל איז נאך ביי זיין פאטערס לעבען געפארען צו ר' ישראלצע ריזענערס קינדער. קיין סאנדעגערע, קיין טשארטקאוו און קיין האשאטין. איס, ר' בצלאלן איז שטארק געפעלען געווארען זייער דרך און מנהגים אין חסידות, און ווען ער איז געווארען דער גלינער רבי, האט ער זיך געפירט ווי זיין טאטע און ווי די רביים פון דער סאנדעגארער גזע, אבער שוין נישט מיט דעם פארנעם ווי זיין טאטע.

"דער גלינער רבי" אונטער דעם נאמען איז דער רבי ר' בצלאל געווען באקאנט ביי זיינע חסידים און אין די ארומיגע שטעט און שטעטלעך. ווי באוואוסט, איז זיך יעדער חסידישער רבי מיחס ביז צום בעל שם טוב, אדער צו אנדערע פונם בעש"ט נאענסטע תלמידים. און דאס איז אויך אסך מאל אמת. ווייל חסידישע רביים זיינען זיך משדך צווישען זיך. אזוי איז עס אויך געווען מיט דעם גלינער רבין ר' בצלאל, א איינינקעל פון רבין ר' מאירל פרעמישלאנער פון דער מאמעס צד, און א איינינקעל פונם זלאצאווער מגיד פון טאטענס צד, און איינמאל א איידעם פונם מיקאלאיעווער רבין, און דאס צווייטע מאל, נאך דער ערשטער ווייב, איז ער געווארען דער איידעם פון דעם רבין ר' חיים סאנדזער, דער מחבר פון דעם ספר "דברי חיים".

דער גלינער רבי ר' בצלאל האט גע'ירשענט פון זיין טאטען ר' מעכעלע אסך חסידים, אבער ניט דעם פארנעם פון

זיין טאטען. די חסידים האבען געהאלטען דעם גלינער רבין אלס א חכם, אז מען קען זיך זיין אויף זיין עצה פארלאזען און זיי האבען אים געהאלטען אלס א גוטער פריינט, פאר וועלכען מען קאן זיך אויסריידען דאס הארץ. דער רבי האט געהאט די גוטע מעלה פון קענען געלאסען אויסהערען יעדענס צרות. די חסידים זיינע האבען אים דערפאר שטארק געליבט און ליב געהאט.

ווען עס איז געקומען צו זיין אייגענער פרנסה, האט דער רבי ניט געהאט קיינע תרעומות אויף קיינעם, ווייל אמונה, אין איר אבסאלוטער גאנצקייט האט אלע מאל באהערשט דעם רבינס הויז. מען האט דארט געגלויבט אז הכל בידי שמים, און ער האט עס ניט נאר געדרשנט צו אנדערע, נאר ער האט פריער אליין געגלויבט אין דעם באמונה שלימה. די רביצין, דאס צווייטע ווייב פלעגט יא אמאל האבען תרעומות אויף דער שווערער לאגע אין וועלכען דער "הויף" האט זיך אלע מאל געפונען, אבער בו ווייט איז דאס ניט געגאנגען.

די הנהגה פון דעם גלינער רבין, ר' בצלאל:

פון "דרויסען" האט זיך געזעען גדלות. דער רבי האט געלאזט אויסבויען א גרויס־שיין הויזאון א שיינעם בית המד־רש, מיט אסך ספרים, א באד און א מקוה, א גרויסע סוכה און קעך, א פלישיגע און א מילכדיגע. באדינער און דינסטען, גבאים און שמשים, און להבדיל, א שבת גוי, וואס האט געהאקט האלץ, געטראגען וואסער און געמאכט די הארובע אום שבת און געהיט שבת די ליכט. ער האט אויך געהאט א גרויסען גארטען לעבען דעם הויז, אט דאס אלעס האבען די גלינער אידען גערופען דעם "רבינס הויף".

קיין זאך איז ניטט געווען איבעריג רייך, אבער ריין, שיין, באלעבאטיש. חוץ דעם אייגענעם בני בית, האבען זיך דארט תמיד געפינען פרעמדע מענטשען, וועלכע האבען דארט געוואוינט און געגעסען ביים רבין. שבת און יום טוב, ווען עס זיינען געקומען צענדליגער און אמאל הונדערטער חסידים צום רבין, האט דער רבי געפירט דעם "טיש" מיט אסך געשמאק און מיט א ברייטער האנט.

צום גלינער רבין ר' מעכעלע איז מען געקומען מיט קוויטלאך, און דער רבי ר' בצלאל האט די פירונג איבערגע־נומען און זיך געפירט אויף דעם זעלבען שטייגער ווי זיין טאטע. ווען עס פלעגען קומען אסך חסידים, האט דער סופר און די גבאים זיך פארנומען מיט שרייבען די קוויטלאך, וואס די ווייבער און די מאנסבלין האבען דערלאנגט דעם רבין.

אסך מאל האט מען געדארפט אפשטייען א האלבען טאג ביז מען האט געהאט די זכיה זיך צושלאגען צום רבין, וואס האט יעדעס קוויטעל אליין צוגענומען, אריינגעקוקט אין דעם, זיך פארטראכט, און אמאל עפעס איבערגעפרעגט, און צום סוף האט ער געזאגט "גייט א היים, לחיים ולשלום!"און גאט וועט העלפען!". אמאל האט דער רבי אויך געגעבען א קמיע.

אין רבינס בית המדרש זיינען בחוריד, יונגע לייט-אויף קעסט, און עלטערע בעלי בתים, אלעמאל געזעסן איבער די גמראות און אנדערע ספרים און געלערנט יומם ולילה.

דער רבי איז געגאנגען אנגעטאן ציכטיג-ריין, זיין טלת קטן האט זיך נישט ארויסגעזעען, די הויזען זיינען געווען לאנג, ביז צו די שיך. אין דער וואכען האט ער געטראגען א שיינעם סא-מעטענעם קאפעליוש, א אטלעסענע בעקעשע מיט א ברייטען גארטעל. שבת און יום טוב האט ער געטראגען אגרויסען און טייערען סויבעלן שטראמעל מיט א זיידענעם כאלאט און א גארטעל.

אים יאר תרנ"ב 1891, ערב יום כפור, איז ביים רבין בצלאל געשטארבען די ערשטע ווייב, זי האט אים איבערגעלאזען א מיידעל שלאמצע, וועלכע האט גאנץ יונג חתונה געהאט, פארן ראדזעווילערט רבינס א זון.

נאכדעם ווי ר' בצלאל האט זיך משדך געווען מיט דעם סאנ-דזער רבין, ר' חיים, האט ער פארלוירען א גרויסע צאל פון זיינע חסידים. ווייל דער סאנדזער רבי האט אמאל געפירט א שטארקען מחלוקת מיט דעם ריזשינער רבין, האט דאס גורם געווען אז זיין נייער אידעם, דער גלינער רבי זאל פארלירען חסידים.

קיין סך היימישע אידען וואס זאלען זיין פארקאכט אינם רבין ר' בצלאלן, זיינען אין שטעטעל גופא נישט געווען. די גלינער אידען זיינען גאר געפארען צו אנדערע "גוטע אידען", ווי צום זשידאטשיווער, בעלזער, אלעסקער, שיניווער, סטרע-ליסקער און אנדערע. קיין גלינע זיינען חסידים געקומען די שטעט און שטעטלעך: דאלינע, באלאכאוו, קאליש, פרעמישלאן, בוסק, זלאטשאוו, בויבערקא, לעמבערג, בראד, טארנאפאל און אפילו פון ווייטערע מקומות, אין אונגארען. די אלע חסידים פלעגען דאס מערסטע קומען אויף א שבת מברכים, אויף ימים טובים, סתם א יומא דפגרא און אין א עת צרה.

פאר ראש השנה און יום כפור, ווען עס פלעגען צום רבין אנפארען הונדערטער חסידים, איז אין שטעטעל געווארען אזא ענגשאפט, אז עס איז ממש נישט געווען וואו דעם קאפ אוועקצולייגן. חוץ דעם זיינען נאך געווען דאן כמעט אין יעדער הויז "סעלובעס", די אידישע משפחות פון די ארומיגע דערפער, וואס זיינען אלע יאר אויף ראש השנה און יום כפור געקומען אין שטעטעל דאווענען בצבור.

אסך פון די מתפללים האבען געמוזט שטייען אויף די גאסען, לעבען די ווענט פון די בתי התפילות און אזוי דאווענען. אפילו לעבען רבינס גרויסען בית המדרש זיינען אסך ארימע חסידים געשטאנען, אנגעשפארט אויף די ווענט פון דעם בית המדרש, זיך איינגעהערט צו די תפילות, וואס דער רבי האט ארויסגעזונגען, און געדאווענט.

דער גרויסער עולם אנגעפארענע אידען האבען געגעסען ביים רבין די גאנצע צייט וואס זיי זיינען געווען אינם שטעטעל, און עס זיינען אויך געווען איניגע חסידים וואס זיינען פאר-בליבען ביים רבין פון עשרת ימי תשובה ביז נאך שבת בראשית.

זעלטען אז ווער פון דעם רבינס חסידים זאל האבען זיך באקלאגט אוין די אומבאקוועמליכקייטען, יעדענס געדאנקען זיינען געווען פארנומען נאר מיט איין זאך, אויסצובעטען פאר זיך און פארען בני בית, און טאקע אויך פארען כלל ישראל א גוט קוויטעל, מיט געזונט און פרנסה.

אויף ראש השנה און יום כפור האט דער רבי געהאט די בעסטע בעלי התפילות. בעל שחרית פלעגט זיין ר' יהודה הערש, פון באבערקע, בעל מוסף – ר'זינדעל וויטקאווער, א בעל מנגן און א הארציגער דאווענער.

ווען דער טשאטקאווער רבי האט ר' זינדלען צוגענומען פאר זיך, האט דער גלינער רבי געקראגען גאר א פיינעם בעל תפילה, ר' נחמן לאפאטינער, וועמען זיין בחורל האט ארויסגע-האלפען מיט זיין התלהבותדיגען דאווענען און שיינער שטימע.

אלע "געהויבענע תפילות" פלעגט דער רבי אליין זאגען.

ניט יעדען פרייטאג צו נאכטס זיינען צום רבין געקומען די זעלבע צאל חסידים, עס זיינען געווען צייטען ווען אין רבינס בית המדרש, ביי די טישען זיינען געזעסען א פאר הונדערט חסידים ביי א סעודה.

ביים טיש, וואו ער זאל לעבען, איז אליין געזעסען אויבען אן, זיינען פון ביידע זייטען לעבען אים געזעסען די גאר חשובסטע און גאר נאענסטע חסידים, סיי די פון שטעטעל גופא, און פון די צוגעקומענע.

נאך דעם דאווענען , , וואס איז אלע מאל געווען התלהבותדיג, נאר אן איבעריגע געשרייען. האבען דעם רבינס גבאים און שמשים אויסגעגלייכט די טישטעכער אויף די טישען, אוועקגעלייגט פאר יעדען אורח א חלה, גאפעל-מעסער און זאלץ, אויבען אן, אוואו דער רבי איז געזעסען איז געווען אוועק-געלייגט א גרויסע חלה מיט צוועלף קליינע חלות (כנגד די י'ב שבטים) א פלאש וויין, וואס א חסיד האט געבראכט, א כוס און אסך קליינע גלעזעלעך.

איידער דער רבי האט געמאכט קדוש, האט א גבאי פריערט געזעגען אז די רביצן מיט די קינדער זאלען זיך געפינען ביים פענסטער פון דער קיך, וואס איז געווען נאענט צום בית המדרש, בכדי זיי זאלען הערען קדוש פונם רבין.

דער רבי האט געגעבען א זופ פונם בעכער, האט אבגעגאסען אביסעל וויין פאר דער רביצן, און דאס איבעריגע צעגאסען אין קליינע גלעזעלעך, און ווער עס האט געקאנט דערלאנגען דער האט געכאפט א גלעזעלע.

יעדע סעודה איז געווען מיט פיש, פלייש, יוך, קוגעל און צימעס. יעדען איינעם האבען די גבאים דערלאנגט זיין חלק, כיד המלך.
פונעם קוגעל האט דער רבי טועם געווען א קליין

שטיקעל, און דאס איבעריגע געטיילט שיריים. די נאענטע חסידים האט ער די שריים געגעבען מיט א גאפעל, די פון די ווייטערע טישען און די וואס זיינען געשטאנען ארום די טישען, האבען שוין געכאפט מיט די הענט, און געריסען איינער פון דעם אנדערען.

נאך די פיש האט מען גענומען צו ביסלעך משקה און געזונגען "יום זה מכובד". געווײנלעך האט איינער א חסיד, א מנגן, געזונ- גען און אלע חסידים האבען אונטערגעהאלטען. ווען דער רבי האט אויך מיטגעזונגען, איז דאן דאס געזאנג געווארען פול מיט התלהבות. דאס זינגען אליין איז געווען א שטיק עקסטאז, א מין שוועבען אין די הימלען, מיט א ברען, אן א גרעניץ.

דער גאנצער בית המדרש מיט אלע חסידים און פשוטע אידען, וועלכע זיינען געקומען צום רבינס טיש הערען דעם רבין זאגען תורה, נאכדעם ווי זיי האבען פריער ביי זיך אין דער היים אפגעפראוועט דעם טיש מיט אלע פיסטשעוועס — האט בשעת מעשה אויסגעזעען ווי עפעס א ווינקעל פון אן אנדער וועלט.

דער רבי האט געזאגט תורה, דאס מערסטע ביי דער שבהדיגער סעודה. און אזוי ווי ר' בצלאל האט פארמאגט א שוואכע שטימע, האבען זיין תורה זאגען געקאנט הערען נאר די וואס זיינען געזעסען, אדער געשטאנען גאר נאענט צו אים, און אזוי ווי דער גאנצער עולם האט אויך געוואלט הערען א גוט ווארט, האט מען זיך געשטופט, געקוועטשט, געדריקט זיך איינס צום אנדערען, מיט אויסגעשטרעקטע העלזער און אויפגעשפיצטע אויערען, געוואלט הערען א ווארט פון זיין הייליגען מויל.

ביי די שלש סעודתן איז געווען דאס זעלבע. אלע חסידים וואס זיינען געווען ביים רבין אויף שבת, האבען געגעסען שלש סעודות ביים רבין בצבור. כדי צו מוסיף זיין מהחול על הקודש. און זאלען די רשעים אויך יענער וועלט אויך וויסען פון נאך אביסעל רו — האט זיך דער שלש סעודות ביים רבין פארצויגען ביז שפעט אין דער נאכט אריין. געבליבען שפעט צו די שלש סעודות זיינען די אידען וואס האבען ניט געהאט צו וואס זיך צו איילען.

און נישט פאר איין חסיד, וואס איז א גאנצע וואך געווען פארפלאגט אין די דערפער און אויף די יארידין, אדער ביים וואכשטאט, איז א פרייטאג צו נאכטס, א שבת בייטאג, אדער א שלש סעודות ביים רבינס טיש געווען א אמתער עונג שבת.

לפנים, פון דרויסען האט עס געהייסן אז דער רבי פירט א גרויסען "הויף", אמת ער איז געווען א גרויסער בעל הוצאה, ובפרט ביי די קצבים און שפייז קרעמער, אבער דער רבי האט זיך גענוג געמוזט דרייען א קאפ, דא בארגען, דעם אפגעבען, עס איז אזוי גרינג ניט צוגעגאנגען.

אין רבינס הויף איז יעדע סעודה געווען א קליינע חתונה. און ווען עס האט אמאל געטראפען א משפחה שמחה ביים

רבין, און עס זיינען זיך צונויפגעפארען עטלעכע גוטע אידען צדיקים, דאן זיינען טוין מיט וואכען פריער אין שטעטל זיך אנגעפארען און אנגעלאפען פארשידענע משוגעים, פיזיש קראנקע מענטשען און די וואס עס איז אין זיי אריין א דבוק. אלע האבען געהאפט צו קריגען א רפואה שלימה, פון די גוטע אידען - אבער ביז וואס-ווען איז דאס שטעטל געגאנגען ווי אויף רעדלעך, פאר וואכען לאנג.

איינע פון אזעלכע משפחה-שמחותביים גלינער רבין איז געווען, ווען עס איז פארגעקומען דער ברית פון זיין איינציגן זון, פון זיין צווייטער ווייב. צום ברית מילה, וואס איז גראד אויסגעקומען אין חנוכה, איז זיך צונויפגעקומען די גאנצע סאנדזער משפחה. וואס אין שטעטל האט זיך דאן אפגעטאן, לאזט זיך גאר נישט באשרייבען. דאס גאנצע שטעטל, מיט הונ-דערטער אנגעפארענע חסידים און כל המינים קאליקעס, האבען זיך משמח געווען א גאנצע וואך, טאג און נאכט. אגב האט דער רבי, ר' יחזקלע שינעווער און דאס גאנצע שטעטל צו די אנגעפארענע חסידים נישט דערלייגט.

כמעט אלע אידען פון די ארומיגע דערפער זיינען גע-ווען דעם גלינער רבינס חסידים. זיי האבען אים אסך ארויסגע-האלפען מיט שפייז און מיט האלץ, אויף ווינטער, און נאך די אלע זאכען איז די מאטעריעלע לאגע זיינע געווען א שווערע. מען האט באדארפט לייען און בארגען. עס איז אפילו געווען צייטען, ווען עס איז ניט געווען א קראנע פאר די נויטיגע פאסטמארקעס. אבער אזוי גיך ווי עס איז אריינגעקומען אביסעל געלט, פון די ימים נוראים, אדער ווען דער רבי פלעגט פארען עטלעכע מאל אין יאר, אין די שטעטלעך, לעמבערג, קאליש, בעלזע, -וואו ער האט געהאט חסידים - און זומער, באלד נאך שבועות, קיין סקאלע (א שטעטל אין די קארפאטען בערג) אויף "מאלקען", און איז אויף שבת נחמו צוריקגעקומען, האט ער אפגעצאלט זיינע חובות, לויט דער הכנסה זיינער.

דער גלינער רבי, ר' בצלאל האט אויסגעבויעט א בית המדרש אין צפת, ארץ ישראל און אזוי ארום האט ער געשאפען, אזוי צו זאגען א אייגענעם כולל. ר' שלום גבאי און יהושע סופר, די צוויי פארטרויערסטע מענטשען, דעם רבינס, האבען זיך אפגעגעבען מיטען זאמלען געלט פארן כולל. נאך ר' שלום גבאים טויט, האט ר' ישעיה שוחט און יושע סופר געזאמעלט דאס געלט. זיי פלעגען אויסטיילן פושקעס אין די הייזערצין גלינע און אין אנדערע שטעט און דערפער, ארום גלינע. די פושקעס זיינען ביי די אידען געווען אזוי חשוב און הייליג, ווי די ר' מאיר בעל הנס פושקעס, וואס יעדע גלינער פרוי האט אפגעהיט און צו ליכט בענטשען אדער אין א עת צרה אריינגעוואָרפען א פאר גראשער.

איינמאל אין יאר פלעגען די צוויי אידען פארען איבער די שטעט און דערפער, צונויפנעמען דאס געלט פון די פושקעס. פאר דעם געלט האט מען אויסגעהאלטען דעם צפתער בית המדרש, און אויך ארויסגעהאלפען די אידען, וואס האבען דארט געדאווענט און געלערענט.

ווען א גלינער איד איז אויף די עלטערע יארען געפארן

קיין ארץ ישראל, איז ער פארפארען קיין צפת און זיך דארט אנגעשלאסען אין די אידען וואס האבען זיך גרופירט אום דעם גלינער בית המדרש. אזוי זיינען אין דעם צפתער בית המדרש געווען ר׳נחמן, פון דער מיל, ר׳ משה שאפער, חיה־שרה די מילכיגערען, אהרן קלאטשס א ברודער און נאך אנדערע. א טייל אידען האבען געקראגען שטיצע פון די געלדער, וואס זיינען געזאמעלט געווארן דורך דעם גלינער רבין, פאר דעם צוועק.

אין יאר תרפ"ה — 1925, האט דער גלינער בית המדרש אין צפת מער נישט עקזיסטירט. נאר דער דארטיגער דיין אין צפת האט נאך גאנץ גוט געוואוסט, וואס דער בית המדרש, מיט דער הילף פונם גלינער רבין ר׳ בצלאל ז"ל, האט אויפגעטאן.

רבי בצלאל׳ס השפעה אויפן שטעטל:

דער רבי בצלאל האט אוודאי געהאט צו זאגען דעות, ווען עס איז געקומען צו קהלשע ענינים, ער האט אבער אויך געוואלט האבען זיין השפעה איבער דער גאנצער פירונג פונם שטעטל. אין א סך פאלען האט ער נים געוואלט דערלאזען אז עס זאלען פארקומען ענדערונגען אין דעם לעבען און פירונג פונם שטעטל. ער האט געוואלט אז אלץ זאל אנגייען אויף דעם אלטען שטייגער, לויט ווי עס האט זיך געפירט ביים לעבען פון זיין טאטען.

אבער אין שטעטל, אין יענער צייט איז שוין נישט אלץ צוגעגאנגען אזוי רואיג — חסידיש, ווי אין די צייטען פון זיינע עלטערן. קיין סך היימישע אידען וואס זאלען פון אים האלטען, זיינען אין שטעטל ניט געווען, מחמת פארשידענע סיבות. אסך גלינער זיינען מיט אים צוזאמען געוואקסען און זיך געקאנט פון קינדערווייז אן, אייניגע זיינען געווען צוגעקומענע איידעמס פון אנדערע שטעט, און געהאט זייערע רביים. אבער "ער האט דוקא געוואלט זיך מישען אין דער פירונג פון קהל, און דאס האט נישט איינמאל ארויסגערופען מחלוקתן אין שטעטל.

צוליב דעם רבינס צופיל זיך אריינמישען אין קהלישער פירונג, און דאס צופיל באלעבאטעווען פון זיינע חסידים אין שטעטל, האבען די מתנגדים, משכילים און שפעטער די ציוניסטען, אסך מאל געלאזט הערען זייער קול פון אונצופרידענהייט, מיט דעם רבינס זיך אריינמישען אין דער קהלשער פירונג פונם שטעטל. און נישט איינמאל איז געקומען צו מחלוקותן מיט דעם רבין, זיינע חסידים און סתם פרומע אידען.

די מערסטע קריגערייען זיינען פארגעקומען אין די צייטען ווען עס איז געקומען אויפנעמען א נייעם רב, דיין, שוחט, נאמן, וועגען דער תלמוד תורה, ראש הקהל. אבער יעדעס אלע מאל איז דער רבי ארוים דער געווינער. (זע קאפיטעל "דער פארשטערטער שבת)

## דער רבינ'ס פטירה און זיין ממלא מקומו:

ר' בצלאל'ן, דעם גלינ'יאנער רבין איז נישט באשערט געווען צו נפטר ווערען אין גלינע און מקבר צו ווערען לעבען זיין טאטען. בעת'ן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט מלחמה, איז דער רבי און זיין פאמיליע מיט אסך גלינער אידען אנטלאפען פונם שטעטעל. ער האט זיך גלייך מיט אלעמען ארומגעוואלגערט אין פארשידענע ערטער, ביז ער האט זיך דערשלעפט אין דעם שטעטעל באלאכאוו, וואו ער האט געוואוינט א שטיקעל צייט. אין א פרייטאג פארנאכט, צו קבלת שבת, ווען ער איז געשטאנען ביים עמוד איז אים פלוצלים ניט גוט געווארען, און מיט די ווערטער "אור זרוע לצדיק" אויף זיינע ליפען, האט ער אויף אייביג געשלאסען זיינע אויגען. דאס איז געשען אינם יאר תרע"ה-1915.

נאך דעם רבינס פטירה איז זיין בן יחיד, חיימ'ל געווארען דער ממלא מקום און פארנומען זיין טאטענס שטול.

אין חיימלס קינדער יארען האט זיין מאמע, די רביצן אים דערצויגען ווי אלע חסידישע קינדער. ווען ער איז אביסעל עלטער געווארען האט ער זיך געשפילט מיט אלע שכנישע קינדער פון דער גאס. נאך זיין בר-מצוה, האט זיין טאטע אים אנגעהויבען מדריך זיין אין די וועגען פון זיין זיידען ר' מעכעלע, און די חסידים האבען אנגעהויבען צוביסלעך איבערלאזען פדיונות אויך פאר חיימלן.

דער יונגער חיימל האט פארמאגט א גוט קעפעל, אוודאי געראטען אין זיין זיידען, דעם סאנדזער רבי. ער האט אליין אויך אסך געלערענט. און הגם אין זיין צייט האבען שוין די ציוניסטען געהאט א גרויסע השפעה אויף דעם גאנצען שטעטעל, און אויך די גאנצע פאליטישע לאגע אין לאנד האט זיך ראדיקאל אסך געענדערט, און אלע זיינע חברים זיינען פון די נייע אידייען און פירונגען מיטגעצויגען געווארען - האט ער, חיימל עפענטלעך גארניט ארויסגעזאגט וועגען די נייע באוועגונ-גען אינם שטעטעל. אלץ וואס זיין טאטע האט געזאגט און געטאן איז פאר אים געווען גוט.

אין יאר תרע"ח-1918 האט חיימל איבערגענומען זיין טאטענס שטול. עס איז דאן געווען א שווערע צייט פאר די גאלי-ציִשע אידען בכלל און פאר די גלינער אידען בפרט. קיין סך חסידים האבען זיך ניט אפגערופען, און די וועלכע זיינען שוין יא געקומען, האבען זיי דאס געטאן צוליב א זון און אן אייניקל פון די פריערדיגע גוטע אידען, אבער נישט אויס חסידישער התפעלות פאר ר' חיימל.

לאנג האט דאס ארימע לעבען און די ארימע פירונג פון ר'חיימל אין שטעטעל גלינע ניט אנגעהאלטען. צולי זיין ארומוואלגערען זיך אין פארשידענע ערטער, און דאס שלעכטע לעבען אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט מלחמה, איז ער קראנק געווארען, און אים יאר תרפ"א-1921 איז ער געשטארבען אין זיין דרייסיגען לעבענס עלטער. ער איז געבראכט געווארען צו קבורה אויף דעם גליהער בית עלמין.

## ר׳ צבי הירש אפרתי

נאך ר׳ חיימלן איז אין גלינע געווען א רבי ר׳ יצחק-הירש אפרתי, א איידעם פון ר׳ בצלאל ז"ל. זיין חסידיבם קרייז איז שוין געווען גאר קליין, און נאך קלענער זיין פרנסה. אזוי אז חוץ רביאישקייט איז ער אויך געווען א דיין אין שטעטל.
בעת דעם גלינער חורבן איז ער אויך געווען איינער פון די גערודפטע, פארפאלגטע, און פארענדיגט זיין לעבן אויף קדוש השם אין בעלזעצער קרימעטאריע, צוזאמען מיט נאך הונדערטער גלינער אידען. אזוי האט זיך פארענדיגט א פעריאד פון דריי און ניינציג(93) יאר, חסידיש-גוטע-אידען דינאסטיע, אין אונדזער שטעטל גלינע. פון 1850 -1943.

צו דער גלינער רביים גזע קען מען אויך צורעכענען דעם רבי ר׳ חיים גרינבערג. ער איז געווען א זון פון דעם גלינער רב ר׳ יצחק אליעזר גרינבערג ז"ל און א איייניקעל פון ר׳ מאירל פרעמישלאנער זצ"ל. רבי חיים גרינבערג איז פאר א סך יארען (40) געווען רבי אין לעמבערג, געפראוועט טישען, און זיך געפירט ווי אלע גוטע אידען פירען זיך.

ר׳ חיים גרינבערג איז דער פאטער פון אורי צבי גרינבערג, פאעט, פובליציסט, דערווייילטער דעפוטאט צום כנסת אין ישראל.

## גלינער כסא-הרבנות

רבנים אין שטעטל:

אויף דער גלינער כסא הרבנות זיינען אלעמאל געזעסען רבנים גאונים. דער רב איז געווען דער מנהיג פונם שטעטל, און אלץ וואס האט געהאט א שייכות צו דער רעליגיעזער-ריטואלער פירונג, סיי פאר די שטאטישע און סיי פאר די דארפישע אידען. אין אלע אנגעלעגענהייטן וואס האבען זיך געטראפען אין שטעטל, "פונם וויגעלע ביז צום קבר" האט דער רב באגלייט יעדען איינעם, אין פרייד סיי אין לייד. אין אלע פראגען וואס זיינען פארגעקומען בין אדם לחברו, איז דער רב מיט זיין בית דין געווען די ערשטע אינסטאנץ, זיינס א פסק דין איז פאר יעדען געווען א געבאט.

געווען אפילו צייטען, ווען א גוי מיט א איד האבען געהאט עפעס א סכסוך, זיינען זיי געגאנגען צום רב פאר א דין תורה , און וואס דער רב אדער דאס בית דין האט געפסקנט, האבען ביידע צדדים אנגענומען.

ווער עס האט יענע יארען ווידערשפעניגט קעגען רב, איז פון יעדען איד באטראכט געווארען פאר א פושע ישראל. אבער אזעלכע זאכען האבען זעלטען זיך געטראפען, ווייל סיי דער רב און סיי דאס בית דין, האבען קיינמאל ניט איבערגעטראטען זייער רעכט און אויטאריטעט, און זיי האבען זיך קיינמאל ניט גערעכענט מיט פערזענלעכע אינטערעסען און קריוודעס וואס זיי האבען געהאט קעגער דעם בעל דין.

וואס שייך פרנסה, האט דער רב, די דיינים, שוחטים,דער נאמן, שמשים קוים געקענט דערנערען זייערע פאמיליעס, פון דעם ביסעל שכירות, וואס קהל האט ארייגעשיקט. ווען נישט דאס ביסל זייטיגע מתנות, וואס בעלי בתים האבען געגעבען דעם רב, די דיינים, ביי א ברית, א חתונה, א נדר, וואלטען זיי און זייערע פאמיליעס אויסגעגאנגען פשוט פון הונגער.

דערפאר אבער האט אונדזערען א רב קיין כבוד נישט געפעלט, און אלע רבנים וואס זיינען געווען אין גלינע האבען געבראכט כבוד דעם שטעטעל, און עס געמאכט אויסזעען שענער און בעסער.

ווען עס איז געקומען די צייט פאר א נייעם רב אויפצונעמען ווערען אין גלינע, האבען אסך גרויסע לומדים אנגעווענט אלעס מעגליכעס צו פארנעמען דאס כסא הרבנות אין גלינע. עס איז קיינעם אזוי גרינג נישט אנגעקומען אויפגענומען ווערן פאר רב אין גלינע, ווייל אין שטעטעל גופא האבען זיך געפונען אסך אידען לומדים, וואס זיינען ראוי צו פסקנען שאלות.

ווען עס האט זיך איינמאל געמאכט, מען האט געדארפט אויפנעמען אין גלינע א רב, און ווי געוויינלעך האט זיך נאך פון קדמונים געפירט, אז דאס שטעטעל איז געווארען "אויפגערודערט"עס האט זיך געטאן אויף טיש און אויף בענק, יעדער וויל זאגען דעות, איבערהויפט די רייכע בעלי בתים. אט אין יענער צייט, האט זיך עס געמאכט, אז א איד א שעֿנקער, מיט א פעטען טייסטער און א גרויסען מויל, אבער זייער א קליינער לערנער, האט זיך שטארק געלאזט הערען ווען מען זאל אויפנעמען פאר רב אין שטעטעל. אין א געוויסען טאג, בין מנחה למעריב גייט צו צום שענקער א בעל הבית, א איד א גביר, און דערצו אויך א גרויסער למדן און ער רופט זיך אפ צום שענקער בזה הלשון: "הערט זיך צו, לאמיר איינמאל פאר אלעמען זיך געבען א תקיעת־כף, אז ווען מען וועט דארפען אויסקלייבען א בירגער מייסטער אין שטעטעל, וועל איך זיך נישט אריינמישען - און ווען מען וועט דארפען אויפנעמען א רב אין שטעטעל, זאלסטו זיך נישט אריינמישען". און אזוי האט טאקע דאס שטעטעל אין יענע יארען זיך געפירט. ביים אויפנעמען א רב אדער אויסקלייבן א ראש הקהל, האבען נאר די פני העיר געהאט די דעה. דאס פאלק, "עמך" האט מען נישט געפרעגט און וויינער געפאלגט.מיט יארען שפעטער האט זיך די פירונג זייער פיל געענדערט.

דאס גלינער כסא הרבנות איז אינם פארלויף פון אסך יארען געווען פארנומען פאר איינע פון די בכבודסטע און שענסטע אין מזרח גאליציען.דערפאר, ווען מען האט באדארפט אויפנעמען א רב אין שטעטעל, איז עס אלע מאל צוגעגאנגען זייער שווער . מיט קריגערייען פונם רבינס צד, פון מתנגדים, משכילים און שפעטער די ציוניסטען. אמת א גרויסער טייל פון די מחלוקותן זיינען געווען לשם מצוה, אבער עס האט אויך ניט געפעלט דער פערזענלעכער מאטיוו. אלע צדדים האבען געוואלט אז דער אויסדערוויילטער רב זאל זיין א גרויסער למדן.

אנצוגעבען א פאלקאמע רשימה פון אלע רבנים וואס

האבען פארנומען דאס כסא הרבנות אין גלינע פאר די לעצטע פינף הונדערט יאר, זינט אידען האבען אין שטעטעל זיך באזעצט, איז מיר און אפילו עלטערע אידען פונם שטעטעל נישט מעגליך (די סיבות איין אן אנדער קאפיטעל) אבער פון דער צייט נאך דער פראנקיס-טישער באוועגונג, איז יא מעגליך.

נאכדעם ווי די פראנקיסטישע באוועגונג איז אונטערגעגאנגען, האט גלינע ווידער אנגעהויבען צו פירען א נארמאלע קהליש אידישען לעבען. אין די יארען זיבעצען הונדערט און עס-לעכע אין זעכציג האט גלינע ווידער אויפגענומען א רב.

די נעמען פון די רבנים וואס זיינען געזעסען אויף דעם כסא הרבנות אין גלינע, אין די לעצטע הונדערט און זיבעציג יאר:

נאך דער תקופה פונם פאלשען משיח, יעקב פראנק, וואס האט געמאכט א גרויסע איבערקערעניש אויך אין אונדזער שטעטעל גלינע, איז דארט אויפגענומען געווארען אלס בית דין, דער גאון מו"ה נחמן הכהן ראפאפארט ז"ל, דער זון פון מאור הגולה מו"ה חיים הכהן ראפאפארט, וועלכער איז געוועזן דער רב הכולל אין לוואוו. ער האט געפירט א וכוח מיט די לוואווער פראנקיסטען, אין יאר הקי"ט.

נאך אים איז געזעסען אויף דעם כסא הרבנות זין גלינע, דער רב, דער גאון ב"ר צבי דוד. אינם יאר תקל"ה האט ער אפגעדרוקט דאס ספר "משיבת נפש", אויף שיר השירים, און "נשמת צבי", אויף דער תורה. ער איז נפטר געווארען אינם יאר תקמ"ד.

נאך אים איז געוועזן רב אין גלינע דער גאון מו"ה דוד פאמארינער ז"ל דער מחבר פון "מראה כהן" און "אהבת דוד ויהונתן", אויפן חושן משפט. פון אט דעם רב איז איבערגעבליבען א תקנה אין שטעטל, אז די טרייבערער זאלען ניט אראפנעמען א סרכה פון דער ריאה, פון ציגען און שאף. ער האט געגרינדעט די חברה בקור חולים, און א תלמוד תורה אין שטאט.

נאך אים איז געוועזן אלס רב, מו"ה אברהם אליניעווער ז"ל. דער מחבר פונם ספר "זרע יצחק" און די ביאגראפיע פון "אברהם, דער זון פונם גאון יצחק חריף, אב"ד אין סאמבאר.

נאך אים איז געוועזן הרב הגאון ר' מאיר קראס-ניפאלער. דער מחבר פונם ספר "יד המאיר". ער האט איבער-געלאזט פיל ספרים אין מענוסקריפט, וועלכע געפינען זיך ביי זיינע תלמידים. אויף דער עלטער האט ער זיך באזעצט אין בראדי, דארט איז ער נפטר געווארען.

נאך אים איז געוועזן רב אין גלינע, ר' יהודה צבי, דער זון פונם מסאמבאר רב, ר' משה. ער איז געוועזן דער איידעם פונם זידיטשאבער צדיק. און דערפאר פאם ער איז אפט געפארען צו זיין שווער, האבען איינמאל די ראשי הקהל גענומען זיין גאנצע משפחה און זיין פארמעג און דאס אפגעשיקט צום רב אין זידיטשאב. ווייל דעם רבס פארען צו זיין שווער האט ניט געפונען חן אין זייערע אויגען. ער איז שפעטער געווארען רב

אין שטעטעל ראזדאל. ער האט אנגעשריבען א ספר "דעת קדושים".
אין שטאטישען פנקס איז פארשריבען אז דער אנפירער פון דער
מאוסער טאט האט גאט געשטראפט.

דער רב ר' אריה לביש ראפאפארט, א אייניקעל פונם גאון ר'
חיים הכהן ראפאפארט, האט פארנומען דאס כסא הרבנות אין גלינע
און איז דארט געשטארבען אין ו" אייר,תר"ד.

נאך אים איז געווען הרב מו"ה ר' שלמה זלמן ראזען ז"ל,
דער ברודער פונ ם ראש הקהל ר' מעכעל ראזען. ער איז געשטארבען
אין ז' ניסן, תרל"ד.

נאך אים איז געווען ר' יצחק אליעזר גרינבערג ז"ל.
ער איז געווען א גרויסער תלמיד חכם. ער איז געווען דער
איידעם פונם גלינער צדיק ר' מעכעלע. ער איז נפטר געווארען
אין גלינע, אין יאר תרע"א, אין צווייטען טאג חודש שבט.

נאך אים איז געווען רב דער גאון מו"ה ר' מאיר
שאפירא, דער זון פון ר' יעקב שמשון.ער איז געווען רב אין
גלינע פונם יאר תרע"א ביז תרפ"א. דאן האט ער זיך איבער-
געקליבען קיין סאנאק,פון דארט אין פעריקאוו, און פון דארט
האט מען אים אויפגענומען אלס רב אין לובלין. ער איז דארט
געשטארבען אין יאר תרצ"ד.

נאך אים איז געווען ר' רפאל יחזקל בר' דוד משה,
א געבוירענער אין גלינע. ער האט מחבר געווען א ספר אין צוויי
טייל, א) שו"ת מראה יחזקאל, ב) דברי יחזקאל. ער איז געשטארבן
אין גלינע אינם יאר תש"ב.

נאך אים איז אויפן גלינער כסא הרבנות געזעסען דער
רם ר' אהרן אריה גאטעסמאן. ער איז געווען דער איידעם פון
ר' חיים גרינבערג, דער גלינער רב.

דיינים אין גלינע:

ר' חיים פאליק.
ר' אברהם חיים געבערט.
ר' ברוך באסעכעס. געבוירען אין גלינע אים יאר תרכ"ז.
ר' דוד גאלדבערג.(בערל רוחטשע דער בעקערנס)געבוירן
אין גלינע אין יאר תרל"ג.
ר' יצחק צבי אפרתי, איידעם פון הרב ר' בצלאל פון
גלינע.

צו מיין גרויס באדויערען האב איך נישט קיין
מאטעריאל, וועגען די רבנים וואס זיינען געווען אין גלינע
פאר הרב ר' שלמה זלמן ראזען ז"ל. אבער וועגען ר' שלמה
זלמנס משפחה, די רבנים נאך אים, וואס האבען פארנומען דאס
כסא הרבנות בק"ק גלינע, קען איך זיך אביסעל לענגער אפשטעלן.

הרב ר' שלמה זלמן איז געווען א ברודער פון ר' מעכעל
ראזען און דער זיידע פון ר' יעקעלע ראזען. דאס איז געווען

איינע פון די שענסטע בעלי ביתישע משפחות אין גלינע. ר' מעכעלע ראזען איז ביז דעם יאר 1848 געווען דער גאנצער דעה זאגער און תקיף אין גאנצען שטעטעל. ער האט זיך אפילו געמישט און דעות געזאגט אין פריוואטע פירונגען פון די אידען אין שטעטעל. מעכעלע ראזען איז געווען דער פאכטער פון אלע רעגי־רונגס מאנאפאלען. ווי טאבאק, זאלץ, מארקען, שנאפס, אקציז פאר שחיטה. האט באדארפט צושטעלען זעלנער צום מיליטער פון שטעטעל. מען מעג זאגען אז ער האט קאנטראלירט דאס גאנצע אידישע לעבען אין גלינע. עס פארשטייט זיך אז ווען אזא איד א תקיף האט א ברודער א למדן, איינער וואס איז ראוי צו זיין רב, וועט ער שוין נישט דורכלאזען אז ביי דער ערשטער געלעגענ־הייט זאל זיין ברודער ווערען דער רב פון זיין שטעטעל. לייכט איז דאס אוודאי נישט אנגעקומען.

דער הפוך צו ר' מעכעלע ראזען איז געווען זיין אייניקעל יאנקעלע ראזען, וואס האט פון זיין זיידען איבער־גענומען דעם רעגירונגס מאנאפאל, איבערהויפט די "פערלוג", וואו מען האט פארקויפט טאבאק, סיגארעטען, מארקעס, רעגירונגס לאטעריע צעטלאך. יאנקעלע אבער איז שוין געווען א איד א שטילער. די ווייב זיינע, טויבע, איז "געגאנגען אין די הויזען" און א נדבה, אדער א גמילת חסד האט מען ביי איר זעלטען געקאנט קריגען. אבער די פאמיליע ראזען האט זיך פארט גערעכנט פאר דער שענסטער משפחה אינם שטעטעל.

ניסן קארל, דער געלערנטער און העבראאישער שריפטשטעלער איז געווען א אייניקעל פון יאנקעלע ראזען.

הרב יצחק אליעזר גרינבערג ז"ל:

נאכן רב ר' שלמה זלמן איז געווען רב אין שטעטעל ר' יצחק אליעזר גרינבערג ז"ל, א געבוירענער אין שטאט פאסץ, אין בוקאווינע. ער איז געווען א אייניקעל פונם רבי ר' מעכעלע, און א שוואגער פונם גלינער רבין ר' בצלאל. ער איז געווען א למדן און נאך א גרעסערער עניו, האט זיך ווייניג געמישט אין פאליטישען און קהלישען לעבען ווער רעדט נאך ווען עס האט זיך געהאנדעלט וועגען א מחלוקת פארען כבוד פון א איינצעלנעם אדער א גרופע אידען.

דערפאר האט ער אסך געלערענט און געהיט אז די אידען זאלען חלילה נישט געשטרויכעלט ווערען אין זינד. די אידען האבען זיך אויך צו אים געהאלטען מיט גרויס דרך ארץ, אבער טום פאלשען לויב. מען האט אים גערופען "איציק לייזער", דער רבי.

ר' יצחק אליעזר ז"ל האט געהאט דריי זין און איין טאכטער, וועלכע איז יונג געשטארבען. איין זין, ר' חיים גרינבערג איז געווען א רבי אין לעמבערג, דער פאטער פון דעם העבראאיש־אידיש פאעט און שריפטשטעלער, אורי צבי גרינבערג.

אורי צבי גרינבערג איז געבוירען געווארען אין ביאלע־קאמען, א שטעטעל ניט ווייט פון גלינע. אלס קינד האבען זיינע

עלטערין געוואוינס אין גלינע, וואו דער טריפטשטעלער און עסייאיסט האט געלערנט אין חדר, און ביי זיין זיידען, הרב ר' יצחק אליעזר גרינבערג.

הרב יצחק אליעזר גרינבערג איז געשטארבען אין גלינע אים יאר תרע"א, אין חודש טבת.

הרב מאיר שאפירא:

נאך דעם גלינער כסא הרבנות האבען ארויסגעקוקט אסך רבנים, אבער די הויפט וויכטיגע זיינען געוועזען צוויי רבנים, הרב מאיר שאפירא ז"ל, וועלכער איז דאן אלט געוועזען בס"ה 24 יאר. ער איז געוועזען דעם רבינס, ר' בצלאלס קאנדידאט, דער צווייטער איז געוועזען הרב חיות ז"ל, פון בראד.

הרב חיות איז פארגעשטעלט געווארען אלס א וועלטלעכער מענטש און ציוניסט, און ער האט אויך צוגעזאגט געלט פארן שטעטעל. הרב שאפירא האט קיין געלט ניט צוגעזאגט.

דער ערשטער האט הרב שאפירא געהאלטען זיין קאנדידאטור ריידע, צו אלע די וואס האבען פארשטאנען אין די קליינע אותי־לעך, איז ער באלד געפעלען געווארען.דער רבי מיט די חסידים האבען באלד נאך זיין דרשה פארלאנגט אז מען זאל אים אויפנעמען פאר רב אין גלינע, דער צד שכנגד, וואס איז באשטאנען פון די ציוניסטען און די בעלי מלאכות האבען אויפגענומען א קאמף.

דער הויפט שטרייט־פונקט אין דעם מחלוקת אקעגען הרב מאיר שאפירא, פון די ציוניסטען און זייערע נאכפאלגער, איז באשטאנען אין דעם וואס ר' מאיר שאפירא איז געוועזען קעגן דעם רעיון פונם פאליטישען ציוניזם. אבער נאך א לאנגען ישוב־הדעת האבען די ציוניסטען מסכים געוועזען אז ר' מאיר שאפירא זאל אויפגענומען ווערען אין גלינע אלס רב. דער סוף איז טאקע געוועזען אז הרב מאיר שאפירא איז געווארען דער גלינער רב.

הרב ר' מאיר שאפירא איז געבוירען געווארען אין שאטץ. ער איז געוועזען א אייניקעל פונם בארמטען צדיק, חוקר ומקובל, דער רבי ר' פנחס קאריצער, מחבר פון "מדרש פינחס, איינער פונם בעש"ט תלמידים. הרב שאפיראן האט מען נאך אין די יונגע יארען גערופען "דער שאטצער עלוי". שוין צו אכצען יאר האט ער אפגעדרוקט דאס ספר "אמרי דעת, וואו ער ווייזט ארויס טיפע בקיאות אין ש"ס בבלי וירושלמי,אין רמב"ם, אין דעם ענין "קידוש החודש". אויך האט ער מחבר געוועזען דאס ספר שו"ת "אור־המאור" א אוצר פון וויכטיגע תשובות, וואס דאס טעגלעכע לעבן ברענגט פאר די רבנים.

אין יאר תרע"א האט ער איבערגענומען דאס כסא הרבנות אין גלינע. ביי זיין אנקומען האט ער געקראגען א קעניגלעכע אויפנאמע, וואס האט געדארפט דינען אלס א דעמאנסטראציע קעגן די כוחות פון פרייען גייסט און ציוניזם. באלד ווי ער איז נאר אנגעקומען אין שטעטעל האט מען שוין געקאנט זעהן דעם קעמפער און פאנאטיקער פארן רעליגיעזען לעבען פון שטעטעל.

חוץ דעם וואס ער איז געווען א גרויסער למדן אויפן תלמודישן געביט און אין אלע אנדערע אידישע לימודים, האט ער אויך געהאט וועלטלעכע ידיעות. ער איז אויך געווען א גרויסער מייסטער פון ווארט און דער אונערמידלעכער און אנדערשראקענער ארגאניזאטאר, פאר דעם אידעאל, אין וועלכן ער האט געגלויבט. עס איז קיין זאך פאר אים נישט געווען צו שווער און קיין קרבן צו גרויס, זיינע אידעאלען צו פארווירקלעכען. נישט איינמאל פלעגן די גלינער ציוניסטען צווישען זיך זאגען " הלואי וואלט ער נאר געווען א אונדזערער!".

הרב שאפירא האט אריינגעבראכט א נייעם גייסט אין שטעטל. ער האט ארגאניזירט און איינגעשטעלט א געוויסען סדר אין לערנען תורה, צווישען די מלמדים. ער איז אליין געווען דער ראש ישיבה און שלא על מנת לקבל פרס. ער האט צוגעצויגען צום לערנען אזעלכע קינדער און עלטערן וואס וואלטען אן אים זיכער קיינמאל נישט געלערענט. ער האט ארגאניזירט און אליין געפירט די גלינער "בני תורה", און אלס ראש האט ער ארויסגעוויזען זיין ברייט וויסען און קענטעניש אויף דעם געביט פון חינוך. פון דער "בני תורה, פון זיינע תלמידים זיינען ארויסגעקומען רבנים און שריפטשטעלער, ווי די רבנים ר' יונה באנער, ר'שלמה שיקלער און דער דיכטער-פובליציסט שמואל נאדלער.

מיט דער צייט האט דער רב אנגעהויבען א קאמף קעגען דער באראן הירש שולע, וועלכע האט עקזיסטירט אין גלינע נאך מיט יארען פריער, איידער ער איז געווארען רב אין גלינע.ער האט געוואלט פארמאכען די באראן הירש שולע, כדי די קינדער זאלען קענען א גאנצען טאג זיין אין די חדרים.דער קאמף איז געווען א פארביטערטער. די ציוניסטען האבען דעם רב באקעמפט, אמשטארקסטען אונטער דער פירערשאפט פון גרשון מעהלמאן, אפרים כאץ,בעריש שטאלצענבערג. זיי האבען אויפגעוויזען די גוטע און אנשאצבארע אויפטוענגען פון דער באראן הירש שולע, סיי אין בילדונג, סיי אין אויסלערנען קינדער מלאכות און מיטען ארויסהעלפען ארימע עלטערן דורך געבען עסען און טיילווייך אויך קליידונג, צו די ארימע תלמידים פון דער באראן הירש שולע.

ביים אויסברוך פון דער ערשטער וועלט מלחמה, איז הרב שאפירא פארהאלטען געווארען אין דער שטאט טארנאפאל, אונטער דער רוסישער אקופאציע.

נאך דער מלחמה, ווען הרב שאפירא איז צוריקגעקומען קיין גלינע און געטראפען דאס שטעטל חרוב,עקאנאמיש און גייסטיג צעבראכען, האט ער צו די גלינער געזאגט"איך וועל אייך נישט פארלאזען, ביז איך וועל נישט זעען גלינע צוריק אויפגעבויט"! און אזוי איז טאקע געווען.מיט מסירת נפש האט ער געהאלפען דאס שטעטל צוריק אויפבויען און עס איינארדענען. ער האט אויפגעשטעלט א גרויסען בנין, דאס געוועזענע יודא וואלפס הויז, פאר זיין חינוך אנשטאלט "בני תורה".

הרב שאפירא איז געווען א באקאנטע פערזענלעכקייט אין דעם ארטאדאקסישען רעליגיעזען פוילישען אידענטום. א פירער פון דער "אגודת ישראל",דער גרינדער און שאפער פונם "דף-

יומי" באוועגונג, וואס ער האט דורכגעפירט אויף דער קאנפערענץ פון אגודת ישראל, אין וויען. ער איז געווען דעפוטאט פון ווארשע, צום פוילישען סיים. געווען דער גרינדער און פירער פון דער "ישובת חכמי לובלין". און ווען ער איז אין יאר תרפ"ז-1926 געווען אין אמעריקע צוליב די אינטערעסען פון דער לובלינער ישיבה, האט ער מיט גרויס כבוד אויפגענומען א דעלעגאציע פון די גלינער אידען אין אמעריקע, וועלכע איז באשטאנען פון שלמה אונגאר, הענאך האלפערן, שלמה כהן, אהרן מאנדעל, יהושע פאגעל, און רפואל פרעגער. ער האט די גלינער אידען אין אמעריקע באדאנקט פאר דער גרויסער הילף, וואס זיי האבען געגעבען די אידען אין גלינע, דורך דער רעליף קאמיטע, אין ניו יארק.

ער איז געווען גוט ב'הבנהט אין וועלטלעכע לימודים. האט גוט געקענט אידיש, העברעאיש און דייטש, נאר נישט קיין פויליש. ווען ער איז געווען א דעפוטאט צום פוילישען סיים אין ווארשע און האט געדארפט האבען א אוידיענץ מיט א פוילישען פירער, האט ער מיט זיך מיטגענומען זיין תלמיד, מאני שמואל אדלער, וועלכער האט פאר אים גערעדט. (מאני נאדלער איז דאן נאך געווען א איבערגעגעבענער אגודת ישראל'ניק)

מיט דער צייט האט הרב שאפירא אנגעהויבען צו פראווען "טישען" ווי א רבי. פארשטייט זיך, אז דער גלינער רבי ר' בצלאל איז נישט צופרידען געווען, זעענדיג ווי אסך גלינער אידען גייען צום רבס טיש. נאר צו קיין עפענטליכע מחלוקתן איז צוליב דעם נישט געקומען.

נאכדעם ווי הרב שאפירא איז מער שוין ניט געווען רב אין גלינע, האבען זיינע תלמידים און אנהענגער פארגעזעצט זיין ארבעט. א טייל האבען פארנומען וויכטיגע פאזיציעס אין דעם אידישען לעבען בכלל, און אין גלינע בפרט.

הרב מאיר שאפירא איז אין גלינע געזעסען אויף דער כסא הרבנות פונם יאר תרע"א ביז תרפ"א. 1910-1920.

די רבנים נאך הרב מאיר שאפירא:

נאך דעם ווי הרב מאיר שאפירא האט פארלאזען דאס גלינער רבנות, האט דאס שטעטעל געהאט א מין רבנים-קארדינאציע, וואס דורך פארשידענע איינפלוסען און משפחה פארבינדונגען, זיינען די אלע רבנים געווען בלויז גלינער געבוירענע. אט זיינען זייערע נעמען און א קורצע ביאגראפיע:

דער דיין ר' יחזקאל האכבערג איז געווען דער זון פון ר' דוד משה האכבערג (א חסיד, א גרויסער לערנער און א זייער בכבודער איד.)

הרב אריה הלוי גאטעסמאן, א אידעם פונם לעמבערגער רבי ר' חיים גרינבערג, און דער רבי ר' יצחק הירש אפרתי, דער אידעם פון רבי בצלאל ז"ל. אלע דריי דיינים האבען

אפגעהיט אז די גלינער אידען זאלען זיך פירען כדת וכדין. זיי האבען דורכגעפירט די פונקציעס פון מסדר קדושין, גטן, דין-תורות, שאלות און אנדערע פראגען, וואס האבען א שייכות צום רעליגיעזען לעבען און פירונג פונם שטעטעל און פון די אידען פון די ארומיגע דערפער.

פרנסה האבען אלע דריי רבנים געהאט בצמצום. ערשטענס האט קהל וויייניג געגעבען, און צווייטענס איז בכלל די צייט דאן געווען א שלעכטע פאר די אידען אין פוילען, וואס האט דאן צו גאליציע געהערט, און פאר די גלינער אידען בפרט, צוליב דער אנטיסעמיטישער גלינער אוקראינישער און פוילישער אינטעליגענציע, וואס איז געווען נאציאנאל-שאוויניסטיש געשטימט.

ר' יחזקאל דיין:

אזוי האט געהייסען דער איד דער למדן, וואס האט אנגעשריבען די ספרים "מראה יחזקאל" און "דברי יחזקאל", דער ראש בית דין אין גלינע, דער יורש פון הרב מאיר שאפירא.

שטענדיק איז דער איד עוסק געווען אין תורה. ער איז געווען א חובב ציון, די ציוניסטען האבען אים געהאלטען פאר זייערען א מענטש. זיינע דרשות וואס ער פלעגט האלטען אין שול ערב יום כפור האט שטארק געווירקט און באצויבערט די מתפללים. יעדען פימארגען פלעגט מען אים זעען שפאצירען אונטער דער שטאט, ווייל ער האט געמוזט זיין אויף פרישע לופט, צוליב זיין געזונט צושטאנד. קורץ פארען קריג איז זיין פרוי אים אפגעשטארבען. די לעצטע יארען פון זיין לעבען האט ער זיך נאך מער אפגעגעבען מיט לערנען און פסקנען שאלות.

הרב יחזקאל האכבערג איז געשטארבען אין גלינע און איז מקבר געווען אויף דעם גלינער בית עלמין.

הרב אריה הלוי גאטעסמאן:

דער צווייטער רב אין גלינע נאך הרב מאיר שאפירא איז געווען אריה הלוי גאטעסמאן. ער איז געווען א וועלטליכער מענטש און האט זיך צוגעפאסט צום מאדערנעם לעבען פון זיין צייט. טאקע צוליב דעם איז ער געווען ביי אלעמען באליבט. ער איז געווען א איד א תלמיד חכם, מיט זיינע דרשות פלעגט ער ארויסרופען גרויס באגייסטערונג ביי זיינע צוהערער. זיינע א ריידע ביי א פראטעסט מיטינג, קעגן דער ענגלישער רעגירונג. צוליב דעם "ווייסען בוך", אדער קעגן היטלערן י"ש איז געווען א צינדשטאף פאר מעשים. ביי יעדער פאסיגער געלעגענהייט פלעגט ער האלטען ריידעס פארן ציוניזם, קרן היסוד, קרן קימת. אויף די שטאטישע אסיפות האט ער געהאלטען ריידעס לטובת דעם כלל ישראל. ער איז אויך געווען א גוטער בעל תפילה, זיין דאווענען האט יעדען פארטאפט גרויס נחת. ער האט אויך פיל צייט אפגעגעבן פאר תלמוד תורה. זיך באמיט אז ארימע אידישע קינדער זאלען האבען א מעגליכקייט צו גייען אין חדרים לערנען.

ער האט געהאט צוויי קינדער, אזון מיט א טאכטער. דעם זון האט ער געשיקט שטודירען אין לעמבערג, אין גימנאזיע.

דער סוף זיינער: ער איז אוועקגעפירט געווארען פון די נאצישע רוצחים, צוזאמען מיט זיין גאנצער פאמיליע, און איז אומגעקומען על קדוש השם, מיט אלע גלינער אידען.

הרב אפרתי:

הרב אפרתי איז געווען דער דריטער פונם גלינער בית-דין. ער האט געהאט א שיין הויז און חסידים פלעגען קומען צו אים אויך פון אנדערע שטעט. ער האט אויך געהאט א גרויסע פאמיליע, און די אלטע רבצין (ר' בצלאלס ווייב) איז אויך געווען ביי אים. אליין איז ער נאך געווען א יונגערמאן. בשעת די סאוועטען, האט מען אים געוואלט מאבליזירען, מיט אלע אנדערע יונגעלייט, און קוים מיט צרות איז אים געלונגען זיך ארויסצודרייען. ער האט געהאט אונטער זיך א גרויסע גרופע חסידים, וואס פלעגען אפילו האבען א אייגענעם פארשטעער אין דער קהילה. ער האט ביי זיך געהאט א מנין מיט א מקוה אין זיין הויז. געבוירען איז ער אין לעמבערג, נאר ער האט זיך משדך געווען מיט דער גלינער דינאסטיע.

זיינע קינדער האט ער דערצויגען אויפן חסידיש-טראדיציאנעלען אופן. די אינגלעך האבען צו דרייצען יאר אנגעטאן א שטריימעל, און האבען זיך שוין געפירט ווי יונגע רבנים. מיט זיין אומקומען אויף קדוש השם איז פארענדיגט געווארען די רבנישע דינאסטיע אין גלינע.

# גלינער לומדים
## וואס זיינען געווארען רבנים אין אנדערע שטעט און שטעטלעך

הרב ר' חיים ברוך ב'ר דוד משה האכבערג:
געבוירען אין גלינע אינם יאר תרכ'ח. איז געווען רב אין דער שטאט קראפניץ, ביז דעם יאר תר"ס, דערנאך איז ער אויפגענומען געווארען אלס רב אין דער שטאט ניזנעוו. ער איז געשטארבען אין יאר תרפ"ט.

הרב ר' ברוך באסעכעס,דער זון פון ר' יעקב און חוה'לע, געבוירען אין גלינע אין יאר תרכ"ז, געווען רב אין שטעטעל סאלקא, בוקאווינע.פון דארטען איז ער אויפגענומען געווארען אלס רב אין שטאט בארדיזאן, רומעניע.איז דער מחבר פון צוויי ספרים, "בבוד מלכים" און "תרועת מלך".עס איז פון אים געבליבן א כתב יד "שו"ת, ברוך אומר".(וואו דער כתב יד געפינט זיך האב איך ניט געקאנט אויסגעפינען) ער איז געשטארבען אים יאר תרצ"ג.

הרב ר' יהושע העשיל בן ר' אלתר לייביש פרענקעל. ער איז געווען דיין אין לעמבערג און דערנאך רב אין וויניק,א פארשטעטעל ביי לעמבערג.

הרב ר' יונה בר ר' יהודה ליב באנער. א תלמיד פון הרב הגאון ר' מאיר שאפירא אין גלינע, איז געווען רב אין שטעטעל ראדזיכאוו, לעבען דער רוסישער גרעניץ.

הרב ר' יעקב ב"ר אברהם רופא קאשאוויי, איז געווען דיין אין שטעטעל נאכאיאווק.

א חוץ זיי מעג מען מיט גרויס כבוד אויך דערמאנען נאך עטלעכע גלינער אידען, וואס הגם זיי האבען ניט פארנומען קיינע כלי-קודשדיגע שטעלען אין שטעטעל, זיינען זיי אבער געווען ראוי פאר דעם. זיי זיינען געווען: ר' יונה גאלדבערג, ר' נחמיה און מרדכי באסעכעס, מאנעס ליבערמאן, יוסף שואל פרענקעל, שמחה מלמד, שמעון פריינדליך, איטשאלע (חסיד) ענגעלסבערג, יאנקעל העשעלעס, מעכעל יענטעס, לייב אנשעלעס, עלצטער איידעס. שלמה אונגאר, שלמה (כ"ץ) כהן, מאטיק האלפערן, איטשע ענדע,יהושע גאלדשטיין, יעקב ראטה און בנימין פריינדליך.

## גלינער שריפטשטעלער און פאעטען:

לויט דער צאל אידען וואס גלינע האט פארמאגט, איז פון דארטען ארויסגעקומען א גאנץ היבשע לאל אינטעליגענציע. ווען מיר זאלען אפילו ניט אריינרעכענען די דארטיגע געבוירענע,וואס זייער בילדונג און טרייבען איז געווען זייערע פראפעסיע,זייער פרנסה, ווי,למשל, דאקטוירים, דענטיסטען,אינזשענירען, שרייבער אין געריכט,אין געמיינדע, ביים נאטאר, אין די בענק און ווינקל שרייבער, סיי די וואס האבען געוואוינט אין גלינע, און סיי די וואס זיינען אוועק אין אנדערע שטעט און שטעטלעך, און זיך אפ־געגעבען מיט די דערמאנטע פראפעסיעס – איז די צאל גלינער אידען וואס האט זיך אפגעגעבען מיט ליטעראַרישען שאפען געווען א גאנץ אנגעזעענע.

איך וויל זיך דא ניט אפשטעלען מיט אפשאצען יעדן שרייבערס מעלות און זיינע ליטעראַרישע פעהיגקייטען, איך וועל נאר אנגעבען א רשימה פון גלינער שרייבער און זייער זייכות צו דער ליטעראטור. פון דער רבנישער ליטעראטור ביז דער מאדערנער, העברעאיש-אידישער ליטעראטור.

געשריבען אין לשון קודש (העברעאיש) האבען די פאלגענדע אידען:

הרב ר' יוסף הארוויץ, געשריבען העברעאיש, אין "העברי" ,היהודה".

הרב ר' יחזקאל האכבערג ז"ל, אנגעשריבען א ספר אין צוויי טיילען. א) מראה יחזקאל ב) דברי יחזקאל.

הרב ר' ברוך באסעכען ז"ל, צוויי ספרים, א)כבוד מלכים ב) תרועת מלך.

שלמה אונגאר.געשריבען אין "המגיד", השחר החדש" הדואר".

ר' מרדכי בן יחזקאל (מרדכי האלפערן) געשריבען און שרייבט נאך אין "השלח", "העולם", התרן", הדים", "ספר השנה של ארץ ישראל" שבילים", מאזנים", הארץ" הצופה" הדואר", און פארעפענטלעכט פיר ביכער: "ספר המשעיות".

אשר כורך ( אשר איינבינדער) האט אנגעשריבען דריי ביכער 1) ראשונים לציון, 2)בגולה ובמולדת, 3) קהילת גלינע, אויך געשריבען אין "מאזנים","ההד" הממלאכה".

וועגען גלינער שריפטשטעלער און פאעטען, וואס האבן געשאפען אין אידיש וועל איך אנגעבען בקיצור זייערע ביא־גראפיעס,ווייל עס איז וועגען זיי אין דעם בוך גארניסט דערמאנט.

שמואל מוניע נאדלער (א גאליציען) געבוירען אין גליפע אינם יאר 1908, דער זון פון שמחה לייב און זיסעל, א תלמיד פון דער גלינער "בני תורה", א מאדערנער חדר און

קליינע ישיבה,געגרינדעט און געפירט פונם גלינער רב, הגאון
ר' מאיר שאפירא ז"ל. שוין אין די יונגע יארען האט מאניע
ארויסגעוויזען זעלטענע פעאיגקייטען. געהאט א גוטען קאפ און
געווען א גרויסער מתמיד. ער איז געווען דער שטאלץ פון הרב
שאפירא,אויף וועמען יענער האט געלייגט גרוים האפענונגען,
אז שמואל נאדלער וועט זיין א רב און א פירער ביי אידען. און
שמואל נאדלער האט זיך טאקע געגרייט אויף סמיכות רבנות. אבער
פון נאטור איז מוניע געווען באשאנקען מיט א דיכטערישער נשמה,
און א קעמפערישען גייסט.אנשטאט א רב איז ער געווארען א דיכטער,
פובליציסט און פראפאגאנדיסט. פריער א מיטארבעטער אין דער
אגודת ישראל וואכען צייטונג " דער איד" און געשריבען אין העב-
רעאיש און פארעפענטליכט א סך שירים, און א בעלעטריסטיש בוך
אין אידיש, אונטערען נאמען " דעם בעל שם טובס-סימפאני".,און
אנדערע דערציילונגען. שפעטער פארט ער אהבער אין פראנקרייך און
טרעט ארייין אלס סטודענט אין קאן, סארבאן אניווערזיטעט, ווערט
א אינזשעניר־ עלעקטריקער. בעת דער נאצישער אקופאציע פון פראנ-
רייך, האבען די נאציעס, דעם צענטען אויגוסט, 1942 אין פאריז
אים דערשאסען.ער איז דאן געווען דער מיטרעדאקטאר פון דער
פאריזשער טעגלעכער צייטונג,"די פרייע פרעסע".

אבא שטאלצענבערג:

אבא שטאלצענבערג ז"ל, דער זון פון בעריש און מאלשע,
דער ברודער פון טאליע, מאניע, איז געבוירען געווארען אין
גלינע אים יאר 1905. געלערענט ביי די גלינער מלמדים,געגאנ-
גען אין דער באראן הירש שולע. אויפגעוואקסען אין שטעטעל
צווישען דער גלינער יוגענד, וואס איז געווען ארגאניזירט
אין גרופען, פארטרעטנדיג כמעט אלע נאציאנאלע-ציוניסטישע
ריכטונגען אין אידישען לעבען. זיינע דיכטערישע פעאיגקייטען
האט ער אנגעהויבען ארויסוויזען, נאכדעם ווען ער איז מיט
זיינע עלטערין געקומען אין אמעריקע.דארט האט ער אנגעהויבן
צו שרייבען. אין כמעט אלע זיינע לידער קאן א גלינער איד גע-
פינען די איינגעזאפטע געפילען און איבערלעבונגען פון יעדען
גלינער איד.א סך לאקאלער כאראקטער שפיגעלט זיך אפ אין זיינע
לידער. ער איז זייער יונג געשטארבען, און פאר זיין טויט
האבען א גרופע פון זיינע חברים ארויסגעגעבען אבוך זיינע
לידער.

ירמיה העשעלעס:

ירמיה העשעלעס,געבוירען פעב 1910,27 אין גלינע. דער
זון פון משה און גאלדע, א איייניקעל פון ר' יעקב העשעלעס,
וועלכער איז געווען א גרויסער למדן און א בעל חשבון.(כמעט
דער איינציגער איד אין גלינע וואס האט פארשטאנען אזעלכע
למודים, ווי "ערבון " און "קדוש החודש" פונם רמב"ם)
ירמיה האט געלערענט ביי די מלמדים יוסף איציק כ"ץ, יוסף
מרדכי לייוואנד, מרדכי שמעון העכט און אויך ביי די תלמידים
פון הרב ר' מאיר שאפירא ז"ל.ער האט אויך געלערענט אין דער
באראן הירש שולע און אין דער לעמבערגער גימנאזיום.אויך
האט ער שטודירט אויף די מעדיצינישע פאקולטעטען אין פראגער
אוניווערזיטעט און אין פיזא, איטאליע. געקומען אין אמעריקע
איז ער אין סוף 1938.געדינט אין דער אמעריקאנער ארמיי.

אנגעהויבען צו שרייבען און זיך דרוקען האט ער נאך זייענדיג אין לעמבערג. זיינע ערשטע לידער אין אמעריקע האט ער פאר־עפענטליכט אין דעם מאנאטליכען זשורנאל "די צוקונפט".געדרוקט פאעמען און סאנעטען אין א רייע זשורנאלען ווי "געצעלטען", "אידישע שריפטען" "אונדזער שטימע" און אין אנדערע זשורנאלען. אנפאנג 1947 איז ער געווארען א שטענדיגער מיטארבעטער פון דער טעגליכער צייטונג "דער טאג", ווא ער שרייבט אויך אונטער א פסעוודאנים.

גלינער אידען וואס האבען פון צייט צו צייט געשרבן אין אידיש:

אפרים כ"ץ:(וועגען אים זע "די ציוניסטישע טעטיגקייט אין גלינע") ער האט געשריבען דערציילונגען אין "לעמבערגער טאגעבלאט", פובליציסטישע ארטיקלען אויף אידישע פראגען אין דער "וואכען שריפט", , און אין פעריאדישע שריפטען, ארויסגעגעבען פון די גאליצישע ציוניסטען.

חנוך.ה. האלפערן:

חנוך.ה. האלפערן. געבוירען אין גלינע. דער זון פון יחזקאל און חנה. דער ברודער פון מרדכי בן יחזקאל (מרדכי האלפערן). דערצויגען געווארען אין א שטרענגער ארטאדאקטיש־חסידישער היים. געלערענט אין חדרים פון דריי יאר אן.דורכ־געגאנגען אלע חדר לימודים. געלערענט גמרא. וועלטלעכע ביל־דונג געלערענט אין דער באראן הירש שולע. העכערע וועלטלעכע לימודים געלערענטביים דר. פילאזאפיע, חיים ליפא, מאיר באלבאן און ביים אדוואקאט דר. הארן. געוועןן פארבריים פאר עקזאמען אין לעמבערגער גימנאזיום, נאר צוליב דער ארימקייט פון דער פאמיליע האט ער עס נישט געקאנט נאכקומען.שטודירט סאציאל־עקאנאמיע, סאציאליזם, אידישע און ארבעטער פראבלעמען. שפעטער געווארען א כועלי ציוניסט און געשריבען אין "אידישען ארבעטער",לעמבערג. געגרינדעט א פועלי ציון פאראיין אין גלינע. א טעטיגער פועלי ציון פארטיי־חבר. איז געוועןן דער ערשטער פיאנער פון גלינע, אין דער צווייטער עליה. געפארען אין ארץ ישראל אינם יאר 1907 (צוליב שוואכען געזונד און די שווערע עקאנאמישע באדינגונגען אין לאנד, פון יענער צייט – צוריק־געקומען) אפגעוועןן דארט באלד צוויי יאר,ביים סוף פונם יאר 1909 איז ער געפארען קיין אמעריקע. איז ווידער געווארן טעטיג אין דער פועלי ציון פארטיי. איז געוועןן איינער פון די ערשטע גרינדער פון דעם אידיש־נאציאנאלען –ארבעטעס־פארבאנד. טעטיג אין דעם אידישען קאנגרעס באוועגונג. אמגעשריבען א קור־צען היסטארישען איבערבליק פון דער 40 יעריקער עקזיסטענץ פון דער "גליניאנער יונג מענס בענעוועלאט ארג".,לכבוד דעם 40 יאריגען יובילויי פון דער ארגאניזאציע. פון צייט צו צייט אויך געשריבען אין די פאלגענדע טעגליכע צייטונגען, וואכען בלעטער און מאנאטליכע זשורנאלען: " דער אידישער ארבעטער", " דאס לעמבערגער טאגעבלאט", "דאס אידישע פאלק" "די ווארהייט", "פארווערטס", "דער טאג", די צייט", "גערעכטיקייט","פרייע ארבעטער שטימע" "יידווא בלעטער", אונזער סטימע", "דער אידישער וועג".פארעפעמטליט עפיזאדען אין מארגען זשורנאל און "אמעריקאנער."

אנגעשריבען דעם גרעסטען טייל און רעדאגירט דאס בוך "חורבן גלינע".

לייב שראבער וואלף: געשריבען אין דייטש, אין "דאקטאר בלאכ'ס וואכענשריפט", וויען. געדיכטע און קארעספאדענציעס.

דר. יעקב פאגעלפאנגער: געשריבען אין פויליש, דער זון פון מנשה מאריץ, א געבילדעטער און איידעלער איד. דר. פאגעל-פאנגער איז געבוירען געווארען אין גלינע. געלערענט אין חדרים און אין דער באראן הירש שולע, שטודירט אין לעמבערג. געווען א מיטארבעטער אין דער ציוניסטישער טעגליכער צייטונג "כווילא".

אורי צבי גרינבערג:

פאעט און עסייאיסט. קאן אויך צוגערעכענט ווערען צו דער רשימה פון די גלינער פאעטען און שרייבער. (וועגען זיין שייכות צו גלינע, זע די באשרייבונג פונם גלינער רב ר' אליעזר גרינבערג.)

אפרים פאגעלפאנגער:

אפרים פאגעלפאנגער איז געווען א גלינער בן בלינער. זיין טאטע, איטשע יואל און זיין מאמע די "איטשע יולכע" האבען זייער איין און איינציגען זון געגעבען די בעסטע דער-ציאונג און בילדונג וואס מיט א 70 יאר צוריק איז מעגליך געווען צו באקומען אין שטעטעל, אין אידישער און וועלטלעכער בילדונג. הגם די פאמיליע איז פאר דורות לאנג באשטאנען פון בעלי מלאכות, איז פון איר ארויסגעקומען זייער פיינע און געבילדעטע מענטשען.

אפרים איז געווען איינער פון די ערשטע ציוניסטען אין גלינע, נאך אלס יונגער בחור איז ער מיטן גאנצען לעבען געווען איבערגעגעבען דעם ציוניסטישען אידעאל. ער איז געווען דער איינציגער אין שטעטעל וואס האט אנגעזאמעלט די גרעסטע העב-רעאישע ביבליאטעק. כמעט אלע אויסגאבען פון דער נייער העברע-אישער ליטעראטור, אידישער, דייטש-אידישער. ביכער איבער אידיש נאציאנאלע און ציוניסטישע פראגען און שיינע ליטעראטור. ווען די פארלאגען "היסף" התשועה" און דער דייטשער "אידישער פארלאג" האבען ארויסגעגעבען א ספר, האבען די לייענער אין שטעטעל גע-וואוסט אז זיי וועלען עס באלד ביי אפרים פאגעלפאנגער קריגען צום לייענען.

ווען אפרים האט זיך נאך דער ערשטער וועלט מלחמה באזעצט אין לעמבערג, איז ער געווארען דער ארגאניזירער און פירער פון דער שטודירענדער יוגענד ארגאניזאציע "צעירי — יהודה", אין גאליציען. ער איז אויך געווארען א מיטארבעטער אין דעם "לעמבערגער טאגעבלאט", וואו ער האט געשריבען איבער אידישע און ציוניסטישע צייט-פראגען.

# קהל

## גלינער ראשי הקהל, כלי קודש:

דאס ארגאניזירען פון די אידישע קהילות האט זיך אנגעהויבן אין יאר 1520, אין דער צייט פונם ועד-ארבע-הארצות.

די ערשטע צייטען זיינען עס געווען די פרנסים, די פארשטייער פון די אידישע געמיינדעס וואס האבען זיך אפגעגעבען מיט דער פירונג פון דעם רעליגיעזען און געזעלשאפטליכען אידישען לעבען, אין די שטעט און שטעטלעך, וואס איז דורכגעפירט געווארען מיט אמתער געטריישאפט און איבערגעגעבענהייט. די פרנסים פון די שטעט און שטעטלעך, האבען צווישען אנדערע קהלישע ענינים, אויך באדארפט איינקאסירען, איינמאנען די פאכט-שטייערען, א אפצא-לונג וואס די רעגירונג האט ארויפגעלייגט אויף יעדען אידען. ווי די פאכט-אפצאל אויף פלייש, ליכט, חתונות און פאר באגראבן א מת.

אינם פארלויף פון די הונדערטער יארען וואס אידען האבען געוואוינט אין גלינע קען מען זיך מהשער זיין, אז אויך זיי האבען געהאט פרנסים. נאר גלייך ווי ביי אלע פראגען וואס זיינען נוגע דאס לעבען און די פירונגען פון די גלינער אידען זינט דעם אנהויב פון דעם אידישען ישוב אין דעם שטעטל, האבען מיר ניט היסטאריש-פעסטען מאטעריאל, אזוי אויך קענען מיר ניט אנגעבן עפעס אין איינצעלהייטען וועגען די ערשטע פרנסים אין שטעטל. מיר פארצייכען בלויז דאס וואס איז איבערגעגעבען געווארען בעל-פה פון זקנים אין שטעטל.

די אפצאל שטייערען זיינען פון די גלינער אידען מיט צוואנג געריסען געווארען שוין אפילו נאך דעם ווי דער ועד ארבע הארצות האט שוין אויפגעהערט צו עקזיסטירען. די רעגירונגס ראשי הקהל, האבען געהאט אנגעשטעלט פאכט איינמאנער, וועמען מען האט גערופען "פאכאלקעס". זיי די פאכאלקעס האבען ניטש איינמאל אנגעטאן צרות און גרויס עגמת נפש די גלינער אידען. ניטש איין שמחה פארשטערט מיט זייער הארצלאזען מאנען דעם פאכט שטייער, הגם די פאכאלקעס האבען דאס געטאן צוליב פרנסה.

ווען אין יאר 1848 איז אין עסטראך געגעבען געווארן די פרייהייט-קאנסטיטוציע, זיינען צוזאמען מיט אנדערע פלעכטע און אנציוויליזירטע געזעצען אויך אפגעשאפט געווארן די גזרות פון די פארשידענע פאכט אפצאלונגען, וואס נאר אידען האבען געמוזט צאלען. אין יענער צייט האבען אין שטעטל גע-לעבט צוויי אידישע פאכאלקעס, וואס זיינען נאך דער קאנסטי-טוציע געווארען קברנים, מתים באגרעבער.

עס ווערט דערציילט אז ווען די קאנסטיטוציע איז פראקלאמירט געווארען, האט אין שטעטל זיך געטאן "אויף טיש און אויף בענק". מען האט דעמאנסטרירט און דער אלטער קלעזמער יעדאבע מיט זיין קאפעליע האבען געשפילט אין די גדסען. דער עולם, אידען און גוים האבען געטאנצט פאר פרייד. און אין דער זעלבער צייט האבען איניגע אידען באפאלען דעם רעגירער מיט זיינע פאכאלקעס און זיי גוט אנגעבראכען די ביינער. אזוי

האט "דאס פאלק" נקמה גענומען פון די באַלקעס, פאר די צרות וואס זיי האבען אנגעטאן, ווען זיי האבען איינגעמאנט דעם אפ־צאל שטייער.

די גלינער קהילה אלס א כלל איז נישט געווען אנדערש אין אירע פירונגען, מעשים טובים, אדער פארדארבענדיגקייט.דער יחיד אדער רבים, ווי עס זיינען געווען די אנדערע קהילות אין גאליציאישע שטעט און שטעטלעך,אין דער ווייטער פארגאנגענהייט. ביז צו דער צייט ווען די קהילות האבען באקומען דאס אלגעמיינע וואלרעכט, און פון "קהל" איז געווארען א קולטוס געמיינדע מיט א פרעזידענט און ראטגעבער, אנערקענט פונם געזעץ פון לאנד. אבער ביז צו דער צייט, האט זיך די קהילה געפירט אט אזוי: א ראש הקהל איז אין שטעטל אויסגעקליבען געווארען דורך א קלפי. ביי איינעם א בעל הבית זיינען זיך א שבת צו נאכט צונויפגע־קומען עטליכע בעלי בתים פון די פני העיר,שיינע בעלי בתים, דעם רבינס מקורבים און זיי האבען באשטימט א ראש הקהל.

די ראשי הקהל זיינען כמעט אלע מאל געווען אידען וואס האבען געהאט קיין פרנסה און איניגע אפילו זיינען געווען רייך און אלע האבען געזוכט כבוד, צו זיין ראש הקהל. די גלינער קהילה האט זיך פון קדמונים אן געפירט "פון זיך אליין", יעדער נייער ראש הקהל האט געטאן און געפירט זיך אין די קהלישע ענינים, אזוי ווי עס האבען זיך געפירט די וואס פאר אים.ווען עס האט זיך אמאל געמאכט עפעס א נייע "מאך" אן אויסנאם פונם אנגענומענעם כלל, האט דער ראש הקהל געענטפערט דעם טראדיציא־נעלען ענטפער"קהל האט נישט קיין געלט"!.

די הויפט ארבעט און זארג פונם ראש הקהל איז געווען, מיט יארען צוריק, דאס צוזאמענגעמען דעם ליכט שטייער(וואס איז שפעטער מיט יארען אפגעשאפט געווארען) וואס יעדער איד האט געמוזט צאלען צו דער רעגירונג.פאר יעדען ליכטעל וואס מען האט פריישאג צו נאכט אנגעצונדען, אדער אין א יום טוב האט מען געמוזט צאלען א שטייער. אדער דער שטייער אויף הייוועז, צום באקען ברויט און חלות, וואס מען האט נאר געקאנט באקומען דארט וואו דער ראש הקהל האט געגעבען זיין דערלויבעניש אויף דעם. צום גרעסטען טייל פלעגט דער רב פונם שטעטל פארקויפען די הייוועז, דאס איז געווען א טייל פון זיין הכנסה,איינקופט. שפעטער איז דאס אויך אפגעשאפט געווארען

דער ראש הקהל פלעגט אויך ארויסגעבען קוויטלעך, צו קענען שחטען בהמות און עופות, פארדינגען די שטאטישע באד, האלטען דאס זילבער פון דער שול, פירען דעם קהלישען פנקס דאס צאלען פאר שעלווארוג (פאר רייניגען די גאסען) צו דער שטאטישער געמיינדע. צאלען שכירות דעם רב, דעם דיין, שוחט און להבדיל צום שטאטישען שבת גוי, וואס איז אויך געווען דער קברות מאן, פארוואלטען די שחיטה יאטקעס און דאס בית עלמין, ביי די צוויי אינסטיטוציעס האט א ראש הקהל שוין גע־מוזט ארויסווייזען אביסעל פירערשאפט און אויך סוחר'שאפט, ווייל דא האט קהל צו טאן בלויז מיט "נעמען", עס איז געווען א פראגע פון ארייננקריגען א פעטען ראניש פאר קהל...

דער ראש הקהל האט "געזארגט" פארען הקדש, פאר דער תלמוד תורה. ער האט זיך ניט איינמאל געדארפט דורכרעדען מיטען בירגערמייסטער וועגען א טובה פאר קהל אדער פאר א יחיד. פארען אמאל צום סטאראסטווא, אין ברעמישליאן, וועגען רעגירונגס אנגעלעגענהייטען. זיין ביי דער אסאנטירונגס־קאמיסיע, וואס האט אסאנטירט די בחורים צום מיליטער דינסט, צו קענען באשטע־טיגען אז פלוני בן פלוני אז טאקע דער אמתער בחור, וואס מען רופט צום מיליטער. מיט יארען צוריק איז דאס געווען זייער א וויכטיגע זאך, ווייל אין יענע טעג האט יעדען שטעטעל באדארפט צושטעלען א געוויסע צאל זעלנער, און ווער זיי זאלען ניט זיין האט דער קאמיסיע ניט געהארט. פלעגט זיך טרעפען אז דער ראש הקהל אונטערגעשטעלט א אנדערען אויפען ארט פון א גבירס א קינד. עס זיינען אויך געווען ארימע בחורים וואס האבען זיך פארקויפט פאר געלט צו דינען אין מיליטער פאר יענם. דאס זיינען געווען די "האצקע־יונגען". שפעטער מיט יארען איז דאס געזעץ אפגעשאפט געווארען. יעדער בחור וואס איז אלט געווארען 21 יאר האט זיך אליין געמוזט שטעלען צום אסאנטירונג.

דער ראש הקהל איז געווען די פאראנטווארטליכע פערזאן וואס איז געווען דער פארמיטלער צווישען דער רעגירונג און דער קהילה, ביי אלע רעגירונגס אינסטאנצען, ווי געמיינדע, סטאראס־טווא, שטאטהאלטער, און אפילו ווען נויטיג אויך ביים קייזער אין וויען פאר א אודיענץ.

פאליטיש איז דער גלינער ראש הקהל (ביז די ציוניסטען האבען איבערגענומען די פארוואלטונג פון דער קולטוסגעמיינדע) און דער רבי אין שטעטעל אלע מאל געגאנגען צוזאמען מיט דער הערשענדער פארטיי, מיט די פאליאקען. זייער פראגראם, אדער פראגראמלאזיגקייט איז אלע מאל געווען שתדלנות ביי די פריצים און מיט אלע רעגירונג אינסטאנצען.

מיר וועלען געבען א טייל פון די גלינער אידען, וואס האבען געהאט דעם כבוד צו זיין ראשי הקהל פון דער צייט פון ר' מעכעלע ביז צום חורבן גלינע, בשעת דער צווייטער וועלט מלחמה. איך וועל זיי ניט אויסשטעלען פינקטלעך לויט דער צייט, ווייל עס קען לייכט זיין אז איך זאל מאכען א טעות.

ר' משה שאפירא, דער ערשטער גלינער איד צו פארען קיין ארץ ישראל. (תרל"א). ר' מעכעל ראזען. ר' לוזער שטאלצענבערג. ר' מרדכי בער נאדלער. ר' מענעל (מאשקעס) ק"ץ. ר' איסער פינעלעס. ר' לייב (שרייבער) וואלף. ר' זעליק אקער. ר' מרדכי רעה (קוטסקעס). ר' שלמה ציגלער. דר. יעקב קארקיס. דר. טע־נענבוים. דר.ש. נאס און ר' אהרן האכבערג.

אפיציעל איז ר' אהרן האכבערג נישט געוועלט געווארען פאר ראש הקהל, ער איז אבער געווען דער לעצטער גלינער איד וואס איז בעל כרחו, פון די נאציעס געווארען דער ראש הקהל פון גלינע, ווען די נאציעס האבען דארט איינגעפירט די "יודען־ראטהע". ער איז אומגעקומען על קדוש השם, נאכדעם ווי די נאציסע בעסטיעס האבען גלינע געמאכט "יודען ריין". ער איז באגלייך מיט אלע גלינער אידען אוועקגעפירט געווארען קיין

פרעמישלאן, אין געטא. דערנאך איז ער צוריקגעקומען קיין גלינע, און איז פון די אוקראינישע מערדער אויף דעם גלינער בית עלמין דערשאסען געווארען.

יעדער איינער פון די דערמאנטע ראשי הקהל האבען געטאן גוטס פארען שטעטעל, לויט זיין פארשטאנד, צייט און אומשטענדען, נאטירליך אויך זאכען מיט וועלכע אסך גלינער זיינען ניט געווען איינפארשטאנען.

עס איז כדאי צו פארצייכענען אז מרדכי רעה (קוטשקעס) וועלכער איז געווען א פשוטער איד און זיך נישט געמישט אין קהלישע ענינים, חוץ וואס ער איז אמאל געווען גבאי אין שול. איז צוליב א מחלוקת צווישען ישראל רובין, דער תקיף פון שטאט און די ציוניסטען, איז אט דער ר' מרדכי דערוויילט געווארען אלס דער ערשטער פרעזידענט פון דער גלינער קולטוס געמיינדע, געוועלט אויף דעם אלגעמיינעם וואלרעכט.

נאך א אויסנאם פאל: עס איז געווען א צייט ווען די גלינער אידען האבען אליין געדארפט רייניגען די גאסען אין שטעטעל. סיי זומער סיי ווינטער, האבען א באשטימטע צאל אידען געמוזט ארומגייען איבער די גאסען, מיט לאפעטעס און בעזימער קערען און צונעמען די בלאטעס פון די גאסען. די רייכע אידען האבען זיך אויסגעקויפט מיט דינגען ארימע אידען צו טאן די ארבעט פאר זיי.די וואס האבען ניט געקאנט גייען ארבעטען ביים רייניגען די גאסען, וואס מען האט גערופען "שעלווואריק",האבן געמוזט צאלען א שטייער צו דער געמיינדע, און ווען מען האט ניט געהאט צו באצאלען, איז געקומען א פאליציימאן און גענומען א משכון , דאס מערסטע די שבת-לייכטער.

ווען ר' מעכיל מאשקעס ק"ץ איז געווען דער ראש הקהל, איז ער צו יענער צייט אויך געווען אראדניק אין דער שטאטישער געמיינדע. זיינען איינמאל אין א פרייטאג צו נאכט, פאר ליכט בענטשען געקומען צו אים עטליכע ווייבער, ביי וועמען מען האט "אפגעפענד", צוגענומען פאר משכנות זייערע לייכטער און געמאכט א גערואלד און א געוויין:מען דארף שוין ליכט בענטשן און זייערע לייכטער זיינען פארנומען און ליגען אין דעם מאגיסטראט. איז ר' מעכעל מוסקע אריבערגעגאנגען אין מאגיס-טראט און אפגענומען די לייכטער. שפעטער אויך געזעען אז קהל זאל צאלען דעם מאגיסטראט פאר דער ארבעט ביים "שעלווא-רעק", פאר אלע אידען אין שטעטעל.

## שמשים, חזנים,בעלי תפלות

אין שטעטעל זיינען געווען עטלעכע שמשים,אבער דער הויפט שטאט שמש פאר א סך יארען איז געווען איציק מויער־איציק שמש. א קליין רירעוודיג אידעל,וואס האט איבערגעלעבט עטלעכע ווייבער, פון וועמען ער האט געהאט א סך קינדער. ביי אונדז אין שטעטעל, קאן מען זאגען,איז דאס שמשות געווען א ירושה זאך. פאר איציקען איז קאפעל, זיין טאטע געווען שמש. דער שטאט שמש איז געווען פארערעכענט ביי קהל ווי עפעס א פאליציימאן. ער איז געווען דער שליח פארען רב,דיין און ראש הקהל,ווען זיי האבען בהדארפט עמיצען רופען צו זיך, האבען זיי געשיקט צו אים דעם שמש.

די אנדערע שמשים, פונם בית המדרש,קלויז, ר׳לייזערס מנין און פון דעם שניידערישען שולעכעל, זיינען שוין ניט געווען אזעלכע וויכטיגע,הגם יעדער איינער פון זיי האט אין זיין מקום קדוש געטאן די זעלבע עבודה. אזוי איז אין שטאטישען בית המדרש פריער געווען שמש קאפעל, און נאך אים זיין זון לייזער.ביידע זיינען געווען בייזע אידען.

אין קלויז איז געווען שמש איינער א יאנקעל, לויט זיינע פעהיגקייטען און פירונגען וואלט ער באדארפט הייסען"האצמאך". אין שניידערישען שולעכעל איז הערש־ניטעס געווען שמש, אבער זיין הויפט פרנסה איז געווען פארקויפען א פעלעכעל. אין ר לייזערס שולעכעל איז געווען א שמש, בעסער געזאגט א שמשטע, א פרוי,גאלדע,דעם שמש ס אלמנה מיט קינדער יתומים,נו, האבען די גלינער קצבים, אידען בני רחמנים, ביי איר ניט געוואלט צונעמען די פרנסה.

ביים רבין אין בית המדרש זיינען געווען צוויי שמשים,לייביש דער מאזעוועע,און אירע מינסך, וועמען מען האט גערופען "ביק". זיי זיינען געווען מער משרתים אין רבינס הויף, ווי שמשים.

חוץ דעם וואס דער שטאטישער שמש האט געדארפט באדינען דעם רב און דעם ראש הקהל, האט ער אויך באדארפט האלטען די שול ריין,פאר א יום טוב זאלן די הענגלייכטער, די מנורה,זיין גלאנצענדיג אפגעריבען, באזארגן אז דער שבת גוי זאל שבת און יום טוב אויסגלייכען די ברענענדיגע ליכט און זיי אויסלעשען, נאכען דאווענען.

דער שמש האט אויך יעדען פרימארגען געדארפט קלאפען מיט א קליין העמערעל אין די טירען,מען זאל אויפשטיין דאווענען שחרית, אויך ווען עס איז חלילה געווען א מת אין שטעטעל, האט ער געדארפט געבען צוויי קלעפ אין די טירען, א סימן אז עמיצער איז דורך דער נאכט געשטארבען.

פאר א חתונה האט דער שמש פעטראגען די בילעטען צו די מחותנים. ביי א ברית, א לויה, ביי שמחות און ביי אבלות האט דער שמש געהאט זיין באשטימטע פונקציע דורכצופירען.

ער האט אויך געהאט די פריוועליגיע צו מאכען פרושות פאר די דורכרייזענדע ארימעליים.דאס איז געווען א קליין קיילעכדיק

שטיקעל בלייַ, מיט א אות אין דער מיטען. יעדער ארימאן וואס איז געקומען אין שטעטעל און געוואלט גייען בעטען אין די הייזער, האט געמוזט קויפען ביים שמש די פרוטות, וועלכער האט אים גע־רעכענט פון 8 ביז 10 פרוטות פאר א גראצער.

ווען דער ארימאן איז געגאנגען בעטלען איבער די הייזער, האט מען אין די מערהייט הייזער אים געגעבען א פרוטה, אבער ווען ער האט געדארפט געבען אויסגאב פון א גראצער, האט ער געגעבען פיר פרוטות. נאכען ארומגייען איבער די הייזער פונם שטעטעל, האט א ארימאן געקאנט צונויפנעמען עטליכע צענדליג פרוטות. פארען אוועקפארען פונם שטעטעל, האט ער דיפרוטות פאר־קויפט צום שמש פאר אמתן געלט.

אין א שבת און א יום טוב, ווען עס זיינען געווען פרעמ־דע אורחים אין שטעטעל, האט יעדער שמש אין זיין מקום קדוש בא־זארגט די אורחים מיט שבת עסען ביי די בעלי הבתים. געשלאפען זיינען די פרעמדע ארימע לייט אדער אין הקדש אדער אין די בתי מדרשים, ביים אויוון.

נאך איציק שמש טויט איז זיין זון משה בער געווארען דער שטאטישער שמש און קברן. ווען יאנקעל שמש פון דער קלויז איז געשטארבען ,איז מאיר מויער געווארען דער שמש.

חזנים:

גלינע האט געהאט זייער וויינינג שטענדיגע חזנים.דאס מערסטע פלעגט אין שטעטעל קומען "געסט חזנים", מיט וועלכע די גלינער אידען האבען זיך מחיה געווען,ווען די חזנים האבען געדאווענט א שבת אדער א יום טוב. די גלינער אידען זיינען געווען פארליבט אין גוטע חזנים און זיי האבען זיך אויך געלאזט קאסטען ,צו הערען א גוטען חזן. דער הויפט פון חזנס אויסנעמען איז געווען זיין "זאגען".

אין שטעטעל פלעגען קומען פארשידענע חזנים, צו דאווע־נען א שבת. די גלינער אידען האבען אויך געהאט די זכיה צו האבען ביי זיך אין שטעטעל און צו הערען דאווענען די באוואס־טע חזנים: ר' ירחם הקטן, ר' זיידעל ראוונער, ר' ישראליצע נאבלער,ר'ברוך שאר, ר' ברוך קינצלער און אנדערע.

צוליב דעם חזן ר' ישראליצע נאבלער, וואס איז פאר־בליבען אין שטעטעל אויף מער ווי איין שבת, אין אמאל אין שטעטעל געקומען צו א קריגעריי. די מעשה איז אזוי געווען: אויף א חתונה אין דארף פאלעניש, נישט ווייט פון גלינע, האבען די מחתנים אויך איינגעלאדען דעם חזן ר' ישראליצע. דארטען איז עפעס צווישען אים און א גלינער בעל הבית, וואס פלעגט דאווענען אין גלינער קלויז – געקומען צו א קריגעריי. פון גרויס ערגעניש איז דער חזן קראנק געווארען און פרייטאג צו נאכטס ניט געקאנט דאווענען אין שול. די דאווענער פון דער שול האבען זיך דערפאר געוואלט נוקם זיין אין די קלויז דאווענער, און עס איז געקומען צו א גרויס מחלוקת. אסך יארען האבען די גלינער אידן ניט געקאנט פאר־געסען די מעשה מיט ר' ישראלצע נאבלער.

ר׳ ישראל חזן:

די שול האט פאר א סך יארען געהאט איר שטענדיגען חזן. דאס איז געווען ר׳ ישראל זייד. דער רויטער ישראל-חזן, האט מען אים גערופען. א פשוטער איד, א קרעמער, וואס האט פאר_ קויפט טעפ, טיסלען, לאמפען, שפילקעס און נאך זאכען, וואס די גויעס פלעגען איינקויפען. ער האט אבער געהאט א שוואכ-קייט צום עמוד, און האט טאקע פיל יארען געדאווענט שבתים און ימים טובים אין שול. א גלינער איד, וואלט ישראלס חזנס דאווענען ניט פארביטען פארער גרעסטען חזן. ישראל חזן האט פארמאגט א הויכע שטימע און זיין דאווענען האט מען געהערט אין אלע גאסען ארום דער שול. די ערשטע גלינער עמיגראנטען אין ניו יארק, פלעגען זיך וואונטשען, אז זיי זאלען אמאל נאך קאנען באציען ישראל חזן, וואלטען זיי געוואוסט פון א עונג שבת אדער יום טוב. יעדער גלינער איד האט עפעס גע-קאנט "נאכזאגען" אזוי ווי ר׳ ישראל חזן האט "געזאגט", און נאכזינגען זיין דאווענען.

אין די יארען פאר דער ערשטער וועלט מלחמה האט גלי-נע שוין געהאט א שטענדיגען חזן מיט משוררים. דאס איז געווען ישראל דייטש, וואס איז מיט דער צייט באקאנט געווארען אין אלע שטעט און שטעטלעך אלס דער גלינער חזן. איינער פון זיי-נע משוררים, א גלינער בחור, ליב צוועק, שלמה מענדעלס א זון, איז שפעטער געווארען א באוואוסטער חזן אין גאליציע, אין סאמבאר און אין טארנאפאל.

חוץ די אויסגערעכנטע חזנים האט אויך יעדער מקום קדוש געהאט איר בעל תפילה, דאס זיינען געווען אידען וואס האבען געוואוסט פרוש המלות און געהאט א שטיקעל קול נגינה, און דער עיקר, ליב געהאט דעם עמוד.

ר׳ יוסעל שוחט:

ר׳ יוסעל שוחט איז געווען א איד א למדן, מיט א גוט הארץ און זיין פרומקייט און אידישקייט, איז געווען א איבערגעגעבענע און אמתע. חוץ דעם וואס ר׳ יוסעלע האט געהאט די חזקה צו דאווענען שבתים און ימים טובים אין בית המדרש, האט ער אויך אין די וואכען טעג געדאווענט פארען עמוד, אבער זיין דאווענען איז אפילו דאן געווען אויפגעלייגטע און יום טובדיגעס. ווער עס האט ניט געהערט דאס געבעט אין זיין קול, ביי א וואכענדיגער שמנה עשרה, קען ניט באגרייפען ווי טיף ר׳ יוסעלע שוחט האט געליטען, און געגלויבט.

זיין קבלת שבת, זיין ספאנטאנער אויסגעשריי "לכו נרננה! האט דעם פשוטען איד דערהויבען. מען האט ממש גע-פילט אז כל ישראל האט מיט אמאל זיך א הויב געטאן פונם ארט און גייט באגעגענען די שבת מלכתא.

יום כפור, וואס פאר א וועטער עס זאל ניט געווען זיין, קאלט אדער א רעגן, איז ר׳ יוסעלע פאר דער וויכטי-

570557B

גער תפילה געגאנגען זיך טובל זיין אין מקוה.

ביי די הקפות, ווען עס איז געקומען צום "עוזר דלים הושיעה נא!", האט ר' יוסעלע פארגאסען ביטערע טרערען, ווייל ער האט גוט געוואוסט וויפיל דלות און ארימקייט עס האט זיך געפינען ביי די גלינער אידען.

ר' יוסעלע האט זיך ניט באַניגונט מיט דאוונען אליין, אסך מאל פלעגט מען אים מיט ר' חיים בעדער, טרעפען גייען איבער די הייזער, ווייל ערגעץ וואו האט א גלינער אביון ניט געהאט אויף שבת, אדער א קראנקער האט זיך גענויטיגט אין א דאקטאר.

ר' יוסעלע האט אויך געפונען צייט צו לערנען בין מנחה למעריב מיט א עדה אידען אין בית המדרש. אמאל א בלאט גמרא, אמאל מדרש, אדער עין יעקב. די צוהערער זיינען געווען פשוטע אידען און אויך שטיקעל לערנער, ר' יוסעל שוחט האט זיי אלעמען פאראייניגט.

יא, חוץ צו זיין א שוחט, איז ר' יוסעלע אויך געווען דער הארציגסטער, ערליכסטער, אמתער בעל תפילה, דער געטריי־סטער שליח ציבור.

יארען לאנג איז ער געווען דער פאנאטישטער, אבער ערליכער געגנער פון די ציוניסטען אין שטעטל. נאך דער צוויי־טער וועלט מלחמה האט ער אביסעל געענדערט זיין מיינונג וועגן די גלינער ציוניסטען.

## שוחטים

ווי ווייט מיר געדענקען זיינען די שוחטים אין שטעטל געווען פרומע אידען. און וואס האבען געקאנט לערנען., מען קאן אפילו זאגען אז זיי זענען געווען תלמידי חכמים.

דער עלצטער שוחט איז געווען דער אלטער ר' משה נתן. זיין איידעם, ר' אבעלע געכסטעל איז געווען פון דער רבנישער משפחה. אייזענשטאדט, פון לעמבערג.

ר' יוסעלע ראזענפעלד, וואס איז געווען צו יעדען אידען באקאנט אלס ר' יוסעלע שוחט, איז געווען א הייסער און איבערגעגעבענער חסיד פונם זשידאטשוי'וער רבין. ער איז גע־ווען א תלמיד חכם און שטרענג אפגעהיט מיט דער בדיקה. ער און ר' אבעלע זיינען אויך געווען די מוהלים ביי די ברית מילה'ס אין שטעטל און אין דעם ארומיגען געגענד.

ר' אשר זעליג מארפעלד, ר' אבעלעס איידעם, איז גע־ווען א איידעלער איד און א למדן, א תלמיד פון הרב ר' ישכר בער, דער בעלזער צדיק.ר' אשר זעליג איז געווען דער לעצטער שוחט אין דער גלינער קהילה.

## דער נאמן, ר׳ שמואל ליב נעשעלעס ז"ל:

צום כלי קודש פונם שטעטל האט זיך אויך צוגערעכענט דער "נאמן". דער שטאטישער נאמן האט געהאט די שמירה אויף די קצבים, פון דער שחיטה הויז ביז דער יאטקע קלאץ, אז זיי זאלן חלילה ניט טועה זיין צווישען כשר און טריפע פלייש, וואס ביי געציילטע קצבים האט זיך עס יא אמאל געטראפען. אין אזא פאל האט קיינער ניטט באשולדיגט דעם נאמן. ער, ר׳ שמואל ליב, הגם ער איז געווען א איד א חלוש, האט ער סיי באנאכט, אין שחיטה הויז און סיי באטאג אין די יאטקעס, אכטינג געגעבען אז דאס כשר פלייש זאל זיין אפגעטיילט פונם טריפה פלייש. כמעט גאנצע 40 יאר איז ר׳ שמואל ליב נעשעלעס (גאלדשטיין) איז געווען דער נאמן פון שטעטל גלינע. ער איז געווען א למדן, און יעדע פרייע צייט וואס ער האט געהאט, איז ער געזעסען און געלערענט תורה, און אסך מאל געלערענט מיט אנדערע אידען, וואס האבען געוואלט פארשטיין א שווערע סוגיא.

פון די עטלעכע רייניש וואס קהל פלעגט אים צאלען, האט אים ווייניג געהאלפען צו פרנסה. האט ער גלייך ווי אנדערע כלי קודש געהאט אן אנדער קוואל פון וואנען ער האט געצויגען זיין חיונה. ער האט געהאט א קליין און ליידיג געוועלבעל אין מארק, און אין די יאריד טעג האט זיין ווייב פארקויפט הייסע טיי צו די גוים. זיין נאמנות איז ביי אים געווען אן עבודת הקודש.

ר׳ שמואל ליב איז יארען לאנג געווען דער בעל קריאה אין בית המדרש וואו ער האט געדאווענט. געווען איז ער א ענו און א פרומער, ערליכער איד, געפירט זיין לעבען שטיל, באלעבאטיש, און ווען און וואו ער האט געקאנט, האט ער געזוכט יענעם צו העלפען, לויט זיינע באשיידענע מאטעריעלע מעגליכקייטען.

אזוי פלעגט ער ווינטער צייט, אין פראסטיגע פארטאגען, העלפען די וואסער טרעגער, וואס פלעגען אויפשטיין כעלות השחר, אריינברענגען וואסער צו די באלעבאסטעס - זיי מחיה זיין מיט א גלעזעל הייסע טיי. ווען ער איז אויפגעשטאנען אפריכטען חצות, האט ער אליין אויפגעשטעלט דעם סאמאוואר, און יעדען וואסער טרעגער אליין צוגעטראגען דאס גלעזעל הייסע טיי און דערווארעמט די ארימע דערפרוירענע אידען.

ווען ער איז געשטארבען, האט דאס גאנצע שטעטל אים אפגעגעבען דעם לעצטען כבוד. מען האט אים געטראגען אין בית המדרש אריין און דארט געמאכט א הספד. די קראמען אין מארק זיינען געווען פארמאכט.

נאך זיין טויט איז דאס נאמנות איבערן כשרן פלייש, איבערגעגאנגען (מיט דער הילף פון רבי בצלאל ז"ל) צו שמואל ליבס זון, יהושע.

# חדרים אין שטעטל

דער סדר פון לערנען קינדער אין אונדזער שטעטל איז גע־וועץ דער חדר. דער חדר האט זיך געפינען אין דער זעלבער שטוב, וואו עס האבען געוואוינט דער מלמד מיט זיין משפחה, און אמאל אויך דער באהעלפער. יעדער מלמד האט געהאט איינעם אדער צוויי באהעלפערס. איבערהויפט ביי די דרדקי מלמדים איז געווען נויטיג צו האבען באהעלפער, וואס א חוץ לערנען מיט די קינדער, האבען זיי אויך געדארפט יעדען טאג ברענגען די רייכע קינדער אין חדר אריין. די באהעלפער פלעגען עסען טעג ביי די רייכע באלעבאטים, און אין ערב שבת און יום טוב זיינען זיי געגאנגען צו די רייכע אידען פוצען די שטיוועל און שיך פאר דער פאמיליע. יעדען ביי־טאג האבען זיי געבראכט די קינדער עסען. דער באהעלפער פלעגט ארומגייען פון איין באלעבאסטע צו דער אנדערער און צונויפנעמען דאס עסען, וועלכעס ער פלעגט אריינלייגען אין א גרויסען קויבער, (פון שטרוי אויסגעפלאכטענער בייטעל) און עס ברענגען אין חדר אריין, און יעדען קינד געבען זיין ווארימעס.

דערביי פלעגט זיך ניט איינמאל אפשפילען שטילע קינדע־רישע טראגעדיעס. די ארימע קינדער פלעגען בעטלען ביי די רייכע חברים א ביסען פון זייערע ווארימעסען, און אמאל פארקערט: די רייכע קינדער פלעגען מקנא זיין זייערע ארימע חברים פאר עפעס א שפייז וואס זיי האבען ביי זיך אין דער היים ניט געזעען. די קינדער פלעגען זיך בייטען מיט שטיקלעך, "מיט א ביסעל עסן, און עס האט זיך צווישען זיי געפירט א "חשבון": קומסטו מיר – קום איך דיר! א שטיקעל פלעצעל, א קיכעלע.

די לופט אין חדר איז געווען א פארשטיקטע, דער צימער אן א פאדלאגע און בלאטיג, דער סופיט שווארץ, די ווענט ברודיג. געלערענט האט מען ביי לאנגע פראסטע טישען, ביי וועלכע פון ביי־דע זייטען זיינען געשטאנען לאנגע בענק, אויף וועלכע די קינדער זיינען געזעסען און געלערענט, לויט דער כתה. ביינאכט האט מען געלערענט ביי חלבנע ליכטלעך.

אינגלעך צו דריי יאר אלט האט מען שוין געטראגען אין חדר אריין. דאס איז אין אסך פאלען געטאן געווארען צערעמאני־על. מען האט דאס קינד איינגעוויקעלט אין א טלית און דער טא־טע מיט דער מאמען, זיידע־באבע האבען דאס קינד געבראכט אין חדר אריין. דער רבי האט אנגעשמירט דעם "אלף־בית" מיט האניק און געהייסען דעם קינד א לעק טאן, און ווען ער האט דעם קינד געוויזען דעם ערשטען אלף, און געטייטעלט: דאס איז א "אלף" האט דער רבי איבער דעם קינדס קעפעל אראפגעווארפען א צוקערל, און דעם קינד פייערלעך דערקלערט: זעסט, אז א איד לערענט גאטס תורה , קריגט ער פון אלעם בעסטען, זאגזשע ,אינגעלע: אלף!

חדרים זיינען אין שטעטל געווען פון אלף בית ביז חומש, פון חומש ביז גמרא. א קליינער טייל אינגלעך מיט גוטע קעפ־לעך זיינען פון דעם גמרא מלמד אנגעקומען צו דעם העכסטען גמרא מלמד, ר' שמחה, דער קרומער שמחה. פון אים איז מען גע־גאנגען אין קלויז אריין , צו לערנען פאר זיך אליין.

אין די פריערדיגע יארען, פארען די "בני תורה" איז אין שטעטעל ניט געווען קיינע תלמוד תורות, אבער קהל האט צו־ביסלעך געצאלט פאר די ארימע קינדער שכר למוד צו די מלמדים, וואס האבען אין זייערע חדרים געהאט תלמידים, וואס זייערע עלטערין האבען פאר זיי ניט געקאנט צאלען שכר למוד.

אין די דרדקי חדרים האט מען מיט קליינע קינדער גע־לערענט דעם "אלף בית", עברי זאגען, זאגען מודה אני און לייע־נען קריאת שמע ביינאכט. צו מאכען אלע ברכות פארען עסען און נאכען עסען, פארן טרונקען וואסער, ברכות איבער דונערען און בליצען, אתרוג בענטשען, אפילו א ברכה ווען מען זעט א מלך. געבען שלום עליכם א אידען, און אז פאר אן אלטען איד דארף מען זיך אויפשטעלען.

אין די חומש חדרים האט מען ווינטער צייט געלערענט ביינאכט, נאך מנחה מעריב דאווענען. ווען מען איז א היים גע־גאנגען פונם חדר אין די שנייען, פרעסט, אין רעגענס און אין זליאטעס, האט יעדעס אינגעל געטראגען א פאפירענעם לאמטערנדל אין וועלכען עס איז געווען א ברענענדיג ליכטעל, און דאס האט באלויכטען דעם וועג א היים.

## גלינער מלמדים

דער מלמד, גוט אדער שלעכט( דער פריערדיגער באהעלפער איז א סך מאל געווען דער שפעטערדיגער מלמד) האט ניטש געלע־רענט לויט פעדאגאגישע מעטאדען. דער עיקר האט ער דערצויגען די קינדער מיט זיין פארהייליגען די תורה און איינפלאנצען אין די קינדער דאס יראת שמים געפיל. מעגען אסך פון די היינט וועלטיגע לאכען פונם אלטען חדר, און דעם בייזען רבין, מיט זיין קאנטשיק, און קאלטענע בארד, אבער אונטער דער ניט שטארק היגיענישער יארמעלקע אויפן רבינס קאפ, האט געארבעט א שטאר־קער דענקונגס אפאראט, און אין דער אויסגעדארטער ברוסט זיינער האט געקלאפט א ווארים הארץ, וואס האט פארמאגט אסך ליבע צו זיינע תלמידים, און פאר דעם אידישען פאלק און זיין צוקונפט בכלל.

דער שכר לימוד איז געווען א קליינער און דאס האט דער מלמד אים ניט געקראגען אין צייט, און ווי קליין זיינע הצטר־כות זיינען ניט געווען, האט עס ניט געקלעקט אויף פרנסה, און דער מלמד איז תמיד געווען פארדאגהט איבער דער בידנער חיונה און ניטש איין מלמדקע האט געמוזט דעם מאן ארויסהעלפען אין דער פרנסה מיט טאן עפעס אן ארבעט, ווי באקען ברויט, פארקויפן אויבס, מילך.א.א. וו.

די וויכטיגסטע צייט אין יאר איז פארען מלמד געווען דער בין הזמנים. דאס איז געווען צוויי מאל אין יאר, פאר פסח און סכות, ווען מען האט אריינגעקראגען נייע תלמידים, אדער פאר־לוירען אלטע תלמידים.
אים פארלויף פון איבער 70 יאר איז אין שטעטעל געווען די פאלגענדע מלמדים:

דרדקי מלמדים:

חיים הערש, תלמוד תורה מלמד. יאנקעל מלמד, ווען מען האט געדופען "דער מעשענער מלמד", ווייל ער האט געהאט א געלע בארד. נטע־שרה סאבעל־מאן. משה פויגעל. ביינעש מלמד. משה יואל. אברהם מלמד. מאטיע מינצער, יוסף איטשיק שבח.

חומש מלמדים:

פסח מלמד,בירך מלמד, יאנקעל גאלדבערג(ראכטשע דער בעקערינס) און וואלף, חנם משה מלמד, וועלכער האט געטראגען די לאנגסטע פאות, ביז צום גארטעל אריין, און צוליב דעם האט מען אים גערופען נחום משה מיט די לעק. יוסף מרדכי לייוואנד, דער ערשטער גלינער מלמד וואס האט די קינדער געלערנט מיט שכל, נישט מיט דעם קאנטשיק. ליב פאגעלפאנגער, א מלמד וואס האט אליין געקאנט און געהאט די פעאיגקייטן געבען צו פארשטייען די קינדער אז זיי זאלען קענען באנעמען וואס ער מיינט, דער בלינדער שלמבלע, יחזקאל קאלבפוס.

גמרא מלמדים:

אייזיק מלמד, משה צוועטעס, מרדכישמעונס, ר' משהלע זשוראוווניקער און אחרון אחרון חביב: ר' שמחה מלמד( דער קרומער שמחה) ער איז געווען דער בעסטער גמרא מלמד. ער איז געווען א גרויסער למדן, א בעל תורה און האט פארמאגט פעדאגאגישע מעטאדען, א בריליאנטענער מסביר.די שווערסטע סוגיא אין דער גמרא האט ער גרינג קלאר געצאכט פאר זיינע תלמידים. ער איז געווען שטארק געאכטעט אין שטעטעל און לומדים האבען אים אפגעגעבען דעם גרעסטען כבוד. ר' שמחה איז אין זיין צייט געווען דער "דיען" פון די גלינער מלמדים. זיינער א תלמיד האט זיך גערעכענט פאר א שפעטערען קלויז לערנער, א צוקונפטיגער קאנדידאט פאר רב אדער דיין, אדער גאר א אידישער דענקער. אום עטליכע פון זיינע געוועזענע תלמידים זיינען דאס טאקע געווען.

דער גרעסטער טייל פון ר' שמחה מלמד'ס תלמידים, זיינען פון זיין חדר גלייך געגאנגען לערנען אין קלויז פאר זיך אליין. אין קלויז און אין דעם רבינס בית המדרש, זיינען תמיד געזעסען און געלערענט די לומדים פון שטעטעל, יונגע לייטלעך, איידעמס אויף קעסט, און קלויז בחורים. דאס לערנען איז אנגעגאנגען גאנצע טעג , ביז שפעט אין דער נאכט אריין. פון דער גלינער קלויז, דעם רבינס בית המדרש און שפעטער פון דער בני תורה/ וואס איז געפירט געווארען פון דעם גאון הרב ר' מאיר שאפירא) זיינען מיט דער צייט פון יארען ארויסגעקומען תלמידי חכמים, גרויסע לומדים, חסידים, מתנגדים, משכילים און ציוניסטען, וועלכע האבען פארנומען א אויבען אן אינם שטעטעל און מחוץ דעם שטעטעל.

ביי די שטענדערס און טישען, אויף וועלכע די קלויזניקעס האבען געלערענט מיט גרויס התמדה,האבען א טייל פון די קלויז בחורים אויך געלערענט, געלעזען און שטודירט וועגן אלע נייע גייסטיגע און פאליטישע שטרעבונגען אין דעם

לעבען. און וויפיל די עלטערע לערנער אין כלויז דער רבי און די חסידישע לומדים פון שטעטל, און אויך די אייגענע עלטערן האבען מלחמה געהאלטען מיט זייערע קינדער, די קלויזניקעס, פאר זייער ביינקוקען אין די "טריף פסול" האט גארניט גע-האלפען.

א חוץ די סקארבאווע חדרים, זיינען אין שטעטל אויך געווען "מאדערנע" מלמדים.הערשעלע מלמד (דער קרומער הערשעלע) ער איז געווען א זאלצאווער און האט חתונה געהאט קיין גלינע. ער איז געווען פון די ערשטע משכילים אין גלינע.א חוץ דעם וואס ער האט אין זיין חדר געלערענט צוביסלעך תנ"ך, האט ער אויך געגעבען שטונדען, דאס הייסט, ער פלעגט לערנען שרייבען און לעזען, סיי ביי זיך אין חדר, און איז אויך געגאנגען צו יענעם אהיים לערנען שרייבען.

אויך אהרן (מרדכי בערטשעס) רובענצאל, דער שפעטערער רעליגיע לערער אין דער באראן הירש שולע, האט א שטיק צייט געפירט א מאדערנעם חדר אין שטעטל, וואו ער האט מיט זיינע תלמידים געלערענט בלויז תנ"ך. ווען ער איז נאך אסך יארען אפזיין אין בראד, און דארט חתונה געהאט, איז ער צוריקגע-קומען קיין גלינע, און ווידער געהעפענט א חדר, איז אין שטעטל געווארען א בהלה: סטייטש, אזא אפיקורות, וועט לערנען מיט אידישע קינדער אידישקייט, ער וועט געווים לערנען לויטן נוסח מענדעלזאן!

אבער דער אמת איז געווען אז נאר איין גאס האט גע-וואוסט אין וואס אהרנס אפיקורסוס איז באשטאנען. אפשר אין דעם וואס ער איז געגאנגען שיין אנגעטאן און גערעדט אמאל פויליש אדער דייטש, און איז געווען א ארייננגייער צו יאנ-קעלע ראזען.

די באלעבאטים וואס האבען זייערע קינדער געשיקט צו אהרן רובענצאל אין חדר האט מען גערופען או א דין תורה. מען האט זיי געסטראשעט און דעם מלמד, אז די שטאט וועט ניט שווייגען. אבער עס האט גארנישט געהאלפען, ער איז געבליבען ביי זיין חדר, ביז ער איז געווארען לערער אין דער באראן הירש שולע.

## פארשידענע חברות אין שטעטל:

פון קדמונים זיינען אין גלינע געווען פארשידענע חברות, וואס זייערע פונקציעס האבען געטראגען א רעליגיעזען און געזעלשאפטלעכן כאראקטער, האבען געדינט פאר באשטימטע צוועקען, לויט דער צייט און אומשטענדען (ניט אריינרעכענדיג דא די נייע פאראיינען און ארגאניזאציעס) ווייסען מיר אז דאס שטעטל האט געהאט א חברה מש-ניות, א חברה לינת לילה, בקור חולים, חברה קדישה, תמכי עניים, און אז א גרויסער טייל גלינער אידען האבען זיך אפגעגעבען מיט דברים שבצדקה און אויך געלערנט תורה, לויט די מעגליכקייטען און קענטעניש.

יעדען פארנאכט, בין מנחה למעריב פלעגען אידען קומען אין בית המדרש אדער קלויז לערנען תורה. דער למדן האט געלערנט מיט דער חברה ש"ס, דער בר אוריון - מיט חברה משניות, דער פשוט-ער איד האט געלערנט מדרש, חיי אדם, מנורת המאור, עין יעקב, חומש מיט רש"י, און די נאך ווייניגער געלערנטע פלעגן זאגען א קאפיטעל תהלים. אסך פון די טרויעריגע, איינגענעמענע נגונים זיינען טיף אריין אין יעדענס אידענס הארץ, אפילו צו די וואס האבען ניט פארשטאנען פירוש המלות פונם פשוטען דאווענען, ובפרט פון תהלים.

ווי אלט יעדע חברה איז געווען און אין וועלכען יאר יעדע פון זיי איז געגרינדעט געווארען, ווייסען מיר נישט, אבער וועגען איינינע פון זיי האבען מיר יא דאטען, און וועלען עס אין די ווייטערדיגע קאפיטלען איבערגעגעבען.

### חברה פועלי צדק חייטים:

ווי איינינע אלטע גלינער שניידער האבען דערציילט, וואס זיי האבען געהערט פון זייערע עלטערין, איז אין יאר תקס"ב געגרינדעט געווארען די חברה "פועלי צדק חייטים".

אינם פארלויף פון צוואנציג יאר האט די חברה געלאזט שרייבען צוויי רייניגקייטען-ספרי תורות, און זיי געגעבען אין שול אריין. אין יאר תר"ד האבען זיי געגעבען א יד פון זילבער. אין יאר תרי"ד האבען זיי געלאזט מאכען א מנורה, אויך וועלכער עס איז געווען אויסגעקריצט דער נאמען פון דער חברה און דאס יאר ווען מען האט די מנורה געמאכט, און די מנורה אריינגעגעבן אין שול אריין. ווען שפעטער מיט יארען איז ארויס א געזעץ, אז יעדע חברה מוז אריינגעבען אירע סטאטוטען צו דער סטאראסטווא, האבען די גלינער בעלי מלאכות, אין יאר תרס"א, געגרינדעט די חברה"יד חרוצים" און איבערגעגעבען זייערע סטאטוטען (רולס) צו דער רעגירונג, און אזוי ארום האט די "יד חרוצים" איבער-גענומען דאס פארמעגען פון דער אלטער שניידערישער חברה.

די "אגודת חרוצים" האט זיך נוהג געווען, אז יעדען שבת בייטאג האט מען אין שולכעל געלערנט חומש מיט רש"י (א איד א למדן האט מיט זיי געלערנט) א סך יארען האט דארט געלערנט דער דיין, ר' ברוך באסעכעס.)

## חברה "בקור חולים":

לויט די רייד פון די גלינער זקנים, איז די חברה בקור חולים אין גלינע, געגרינדעט געוואָרען מיט הונדערט און דרייסיג יאר צו-ריק. הרב הגאון, ר'דוד פאמארינער איז געוועז דער גרינדער פון אט דער חברה.

## חברה "תומכי עניים"

וויפיל עס איז באקאנט איז אין גלינע, און אפשר אויך אין אנדערע גאליצישע קליינע שטעטעלעך אין די אכציגע יארען פון דעם ניינצענטען יאר הונדערט, ניט געווען א געזעלשאפטלעכע אחריות צו די ארימעלייט פונם שטעטעל. עס איז ניט געווען א געזעלשאפט-לעכע אינסטיטוציע, וואס זאל מיט א ממשות'דיגער הילף ארויס - העלפען די ארימעלייט. אפשר, ווען עס האט געטראפען א גרויסער אומגליק מיט א יחיד, איז דער דעת הקהל אויפגעוועקט געווארען און מען האט דעם אידען יא געהאלפען. אבער אין טאג טעגליכען לעבען , האט דער ארימאן געהאט איין אויסוועג: בעטלען ביי איי-גענע און ביי פרעמדע.

אונזער שטעטעל גלינע איז אין דעם פאל ניט געווען קיין יוצא מן הכלל. אמת, די קלויז אידען האבען געהאט צוויי חברות, א לינת צדק און א בקור חולים, אבער זיי האבען געהאט זייער וויינינג חברים, און די וועכענטלעכע צאלונגען פון א חבר איז געווען ניט מער ווי צוויי גראצער א וואך. האבען זיי זייער וויינינג געקאנט יענעם ארויסהעלפען.

אינם יאר 1896-תרנ"ו, האבען עטלעכע קלויז בחורים זיך פארטראכט וועגען דער לאגע פון די ארימעלייט און האבען געגרינ-דעט די חברה "תומכי עניים", א חברה צו העלפען די ארימעלייט אין שטעטעל, די וואס האבען זיך ניט באהאלטען מיט זייער דלות, און אויך די וואס האבען לפנים געמאכט א אנשטעל,אבער מען האט גוט געוואוסט אז זיי לײדען הונגער און נויט.

די גרינדער פון אט דער חברה זיינען געווען די בחורים שלמה קיגעל-כהן, מאטיק (מרדכי)האלפערן,איטשע ענדע. זיי האבען באלד צוגעצויגען צו דער "חברה" די בחורים אשר בוכבינדער,אהרן דרייפוס,בעזשע און גרשון מעהלמאן, אפרים כ"ץ, דוד האראוויץ. אויך די חברים ליפע רייז, יוסעל, אברהם פאפס, מרדכי שאד,איטשע פרעגער און אנדערע.

אין פארלויף פון א קורצער צייט האט די חברה פארמאגט ביי פופציג חברים, וועלכע האבען יעדע וואך געצאלט צו דריי גראצער אין דער קאסע פון דער חברה, און אויך געקליבען נדבות פארען זעלבען צוועק.

ווען אין דער קאסע האט זיך שוין געפינען איבער דרייסיק ראניש איז באשלאסען געווארען איינצוקויפען האלץ, עס צעזעגען און צעהאקען עס, און פארקויפען צו די ארימע לייט פארן קרן. דער פלאץ וואו צו האלטען דאס האלץ און וואו עס צו פארקויפען, האט געגעבען דוד האראוויץ. ווען די חברה האט דערזעען אז פון

וועכענטלעכע דריי גראָצער, וואָס די חברים צאָלען צו דער חברה, קען מען נישט נאָכקומען דעם פאַרלאַנג פאַר האָלץ, וואָס די שטאָטישע אָרימעלייט דאַרפן. האָט מען באַשלאָסן, אַז צוויי חברים זאָלען אַ טאָג אין וואָך, און אין אַ ערב אַ יום טוב אַרומגייען צווישען די רייכע און פאַרמעגלעכע בעלי בתים און קריגען ביי זיי צושטייער פאַר האָלץ. איייניגע אידען האָבען געגעבען קליינע נדבות, אַנדערע אַנדערע האָבען געגעבען גרעסערע נדבות, און איייניגע האָבען אינגאַנצן אָפּגעזאָגט. איייניגע אידען, די איבערגעשפּיצטע האָבען אינגאַנצען חוזק געמאַכט פון דער חברה תומכי עניים און עס גערופען "חברה טאָמקע". אַבער איין גלינער איד, ר' אַזשע (קאַלעכניק) האַכבערג, האָט צו די אָפּלאַכערס אַלע מאָל געזאָגט: "לאַכט נישט,אידען, פון די בחורים, זיי ווייסען וואָס זיי ווילען! ווען מען וועט זיי צוהעלפען, וועלען זיי מיט דער צייט זיין בעסערע קהלישע פירער, ווי די זעליג אַקערס און אהרן קלאַץ.

שלמה כהן (קיגעל) האָט דאָס געשעפט פון האָלץ איינקויף און פאַרקויף געפירט ביז ער איז אינם סוף פון נייינצענטען יאָרהונדערט אָפּגעפאָרען נאָך אַמעריקע. אויך זיינען אַ טייל פון די מער איבערגעגעבענע חברים זיינע, די בחורים : דוד האָראָוויץ, איטשע ענדע, מרדכי שאַד, איטשע פרעגער, אָפּגעפאָרען קיין אַמעריקע. דאַן האָט שוין עקזיסטירט דער ציוניסטישער פאַראיין, און אַזוי ווי אַ סך פון דער חברה תומכי עניים זיינען אויך געווען די פירער און די איבערגעגעבענע אַרבעטער פאַר דעם ציוניזם אין שטעטל, האָבען זיי איבערגענומען דאָס באַשטאַטען די אָרימע לייט מיט האָלץ, און זיי האָבען דאָס האָלץ פאַרקויפט נאָך ביליגער ווי דער קאָסט פּרייז איז געווען.

אַסך חברים פונם אהבת ציון פאַראיין, ווי אפרים כ"ץ, דר. יעקב קאַרקיס; אשר בוכבינדער; חיים גערסטעל, מאָטיע אַללעראַנד, גרשון מעהלמאַן, אהרן און ישראל האַכבערג, מאָטיק און הענאָך האַלפערן, האָבען אַ סך צייט און ענערגיע אַוועקגעגעבען אַנצופירן מיטען האָלץ און מיטען פּסחדיקען מעהל פאַרקויף. דאָ איז שוין ניט געווען אַ פראַגע פון עטלעכע צענדליג ראַניש, נאָר שוין אַ מסחר אין די טויזענטער. דאָ האָט מען אָפּגעקויפט צענדליגער קלאַפטער האָלץ פון די וועלדער, דאָ הונדערטער זעק בולבעס,דירעקט פון די פּריצים.אַ גאַנצער מסחר!

דאָס וואָס מען האָט דערלעגט אינם האַנדעל לשם מצוה, האָבען דר. קאַרקעס, אפרים כ"ץ, און הילל פינעלעס און אַנדערע, געזאַמעלט ביי די גלינער און פון די דאָרפס אידען און אַרענדאַרס, און אפילו ביי קריסטען, און געדעקט מיט דעם דעם פאַרלוסט.

ווינטער, אין די גרעסטע קעלטען און פרעסט, זיינען די בחורים געשטאַנען אין דעם געדרונגענעם שפּייכלער און געוואויגען האָלץ אָדער בולבעס פאַר די גלינער אָרימעלייט.

עס האָט זיך איינמאָל אויך געטראָפען אַז אידען אין שטעטל, וועלכע האָבען געהאַנדעלט מיט האָלץ, האָבען איינמאָל געוואָלט אויסקויפען דאָס האָלץ ביים יאַכטאַראָווער בישאָף, וואָס די ציוניסטען האָבען געהאַלטען אין פאַרהאַנדלען, פאַר די אָרימע לייט. אָבער אַזוי גיך ווי די ציוניסטען און די אָרימעלייט פון

שטעטל זיינען פון דעם געוואויר געווארען, האבען זיי געמאכט אזא גערודער און געוואלד, אז די האלץ־סוחרים האבען זיך דער־שראקען און האבען חרטה געהאט אויפן גאנצען עסק. דאס האלץ איז אפגעקויפט געווארען פארען אנגעבאטענעם פרייז און איז צעטיילט געווארען צווישען די ארימעלייט פון שטעטעל.

פאר א סך יארען האט אנגעהאלטען די גוטע און נויטיגע ארבעט, וואס די תומכי ענים האט איינגעפירט. הגם דער אריגינע־לער נאמען איז מיט דער צייט פארגעסען געווארען,ווייל די אר־בעט איז געווארען א טייל פון דער ארבעט וואס די ציוניסטען האבען דורכגעפירט אין די ערטער וואו זיי האבען געלעבט און גע־שאפען, איז דער נאמען פון דער חברה צונויפגעשמאלצען געווארען מיטען ציון פאראיין.

אויך שפעטער, נאך דער ערשטער וועלט מלחמה, ווען א סך פון דער גלינער יוגענד זיינען שוין געווען אין אמעריקע, און האבען דא ארגאניזירט א "גלינער רעליעף קאמיטע", האט דער קא־מיטעט נאך אלץ געשיקט אויף האלץ, בולבעס און אויף מצות, צו די ארימע גלינער אידען.

די נייע חברה קדישא:

לויט דעם אידישען דין, ווען אין שטאט איז פאראן א מת, טאר קיינער פון דער קהילה ניט ארבעטען, ביז נאך דער קבורה. דער דין לייגט ארויף א גרויסען עול אויף א שטאט מיט אידען, האבען די רבנים געמאכט א תקנה, אז אין יעדען מקום וואו אידען וואוינען זאל זיך געפינען א חברה קדישא, וואס זאל איבערנעמען און זיך מתעסק זיין מיט דעם בר מנן, אזוי ארום באפרייען די איבעריגע אידען פון דער קהילה, אז זיי זאלען מעגען ארבעטען. און אזוי ווי די רייכע באלעבאטים האבען אלע מאל מער צייט ווי די קליינע קרעמערלעך און ארבעטער, האבען זיי איבערגענומען די דאזיקע פונקציע דורכצופירען. מיטן גאנג פון יארען האט מען פארגעסען דעם אמתן צוועק פון אזא חברה, און עס איז פון דעם שיינעם מנהג געווארען א שטיקעל פריוואט געשעפט, פאר אייגענם נוצען און פאר כבוד.

אזוי, ווען עס איז געשטארבען א איד וואס איז ניט געווען איינער פון דער חברה, אדער ער האט ניט געהאט א צד אין דער חברה, האט מען ביי זיין פאמיליע געריסען אסך געלט, פאר ברענגען דעם מת צו קבר ישראל.אסך מאל איז עס אויך גע־קומען צו בזיון המת. דאס געלט וואס די מתעסקים האבען בא־קומען פארן מקבר זיין דעם מת, האט מען א טייל פון דעם גע־געבען צו קהל און דאס איבעריגע פארטיילט צווישען זיך אליין. אזוי האט זיך עס געפירט אין די מערסטע גאליצישע שטעטלעך.

אויך ביי אונדז אין שטעטעל איז מען געגאנגען אויף דעם זעלבען אויסגעטראטענעם וועג, ביז אינם יאר 1887־תרמ"ז, האט דער שטאטישער משכיל ר' יוסף חלוי איש הארַאוויץ, געדרוקט א סעריע פון דריי ארטיקלען ,אין דער העברעאישער צייטונג "עברי אנכי" אונטער דעם נאמען "רקיון,רקיון, עד מתי אתה מכלה ממונם של ישראל?",באגרינדעט אויף א מעשה אין"ספר־הישר".

ווען די צייטונג איז אנגעקומען אין שטעטל און איז איבער־געגאנגען פון האנט צו האנט, איז אין שטעטל געווארען א רעש: אזא זאך צו טאן, א הייליגע חברה באשרייבען אין די גאזעטען ? אבער ר' יוסף הארעוויץ האט זיך ניט דערשראקען, פאר דעם גרויסן טומעל און רעש. ער האט פאררופען א אסיפה אין קלויז, און טאקע באלד אויסגעקליבען א נייע חברה קדישא. די נייע חברה איז באש־טאנען פון מיטעלקלאס מענשען, בעלי מלאכות און פשוטען פאלק. קיין מחלוקת , האבען שוין ניט אויסגעפעלט. דער רבי מיט זיינע נאענטע האבען געהאלטען מיט דער אלטער חברה. אויך די שטאטישע נאטשאלסטווא, די שלאכטא האט זיך געשטעלט אויף דער זייט פון דער אלטער חברה. די שטאטישע באאמטע אבער און דאס באצירק מיט אירע פארשטייער, זיינען געווען אויף דער זייט פון דער נייער חברה.

ווען עס האט זיך געמאכט אז עמיצער איז אין שטעטל גע־שטארבען, אדער מען האט ארייגעבראכט א מת פון א דארף, איז גע־ווארען א קריגערייי צווישען די צוויי חברות, מען האט שוין מער ניט געפרעגט פאר קיין געלט פון דער משפחה פונם מת. יעדע חברה האט נאר געוואלט אז מען זאל איר איבערגעבען דעם בר מנן צום באגראבען.די אלטע חברה האט געטענהט אינם נאמען פון איר אלטען יחוס, די אלטע חברה - אין נאמען פון פאלק, פון "עמך".

עטליכע יארען האט אנגעהאלטען די מחלוקתן צווישען די צוויי חברות, ביז פון דער נייער חברה איז מיט דער צייט געווא־רען א אלטע חברה,און ווען עס האט זיך אמאל געמאכט עפעס "א פעט" מת'ל, האבען זיי זיך אויך ניט אפגעזאגט פון א פאר רייניש,קבורה געלט. אזוי, מיט יארען שפעטער, ווען הינדע, יהודה וואלפ'ס (שטיינווארצעל) ווייב איז געשטארבען, האט די נייע חברה קדישא פארלאנג פון יהודה וואלפן צוויי טויזענט רייניש, אז ניט וועט מען זיין ווייב ניט באגראבען. און אזוי ווי יהודה וואלף איז געווען א איד א נגיד, כמעט דער גרעסטער נגיד אין שטעטל, און האט קיין קינדער ניט געהאט, האט מען אין אזא צייט געדארפט ביי אים נעמען געלט - און ער האט טאקע געגעבען.

בכלל אבער קען מען זאגען אז מיט דעם אויפשטיין פון די יונגע מענשען מיט נייע אידייען איז אין שטעטל אלץ וויי־ניגער געווארען פלאץ פאר אזעלכע מחלוקתן. ווען מען האט זיך שוין יא געקריגט איז עס געווען פאר מער וויכטיגע זאכען, ווי צו כאפען עטליכע רייניש פאר באגראבען א מת.

דאס בית הקברות:

דער בית עלמין האט אלע מאל געהערט צו קהל. אין דער אמתן איז דאס שטיק ערד פון בית עלמין געווען דאס אייגענטום פון אלע אידען פונם שטעטל. אבער קהל, דער רעגירער, האט איבער דעם געהאט די גאנצע דעה, און ווען מען האט באדארפט באגראבען א מת, האט מען געמוזט אנקומען צו קהל, צום ראש הקהל נאך א דערלויבעניש. לײדער זיינען אבער ניט אלע מאל די ראשי הקהל געווען מענשען וואס האבען זיך געפירט יושרדיג , און אפט מאל ווען דער מת איז געווען א אייגענער, אדער אזוי א שיינער איד, האט מען פאר די "דריי איילען" ערד אויף דעם בית עולם גארניט גערעכענט.

ווען דער מת אבער איז געווען פון פארמעגליכע קרובים, אדער א דארפס איד, דאן האט דער ראש הקהל פארלאנגט גאר א גרויסען פרייז, פאר דעם שטיקעל ערד אויפן בית הקברות. ווען מען האט דעם פרייז ניט געוואלט אדער ניט געקאנט באצאלען, האט דער מת געקאנט אפ-ליגען א שטיק צייט און נישט געבראכט געווארען צו קבר ישראל, ביז די משפחה פונם טויטען זיינען ניט משוה געווארען מיט קהל, וועגען דעם פרייז.

דאס גלינער בית עולם איז געווען אויף דעם גראפס פעלד, נישט ווייט פון דעם שטאטישען מאגיסטראט, לעבען דער מאליקע "ציגעלנע", אויף דעם וועג קיין פראנאיעווען.

אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט מלחמה איז דאס הייליקע הארט שוין אלט געווען עטליכע הונדערטס יאר און געהאט עטליכע טויזענט קברים, און מצבות, צווישען וועלכע עס האבען זיך געפינען גאר גאר אלטע מצבות, קברים פון רבנים, פון רביים, פון תלמידי חכמים, אידען וואס האבען געבראכט כבוד דעם שטעטעל, אידען ערליכע, פרומע, טיפגלויביגע אין גאט, אז ער און זיין משפט איז גערעכט.

בשעת דעם לעצטען חורבן האבען אונזערע גויאישע שכנים, די אוקראינער אין שטעטעל פון דעם בית עלמין געמאכט א גלאט שטיק פעלד, און געלאזט פאשען זייערע בהמות און פערד. פון די גרויסגעריסענע מצבות האבען זיי געמאכט טראטוארען און שטרוי-איסען.

פארצייטיגער גלינער מנהג פון קבורת המת:

פארצייטען האט מען אין גלינע געטראגען דעם מת צום הייליקען ארט אויף א ברעט, ביז עס האט זיך איינמאל געטראפען אז א מת איז אראפגעפאלען פון דער ברעט בעת דער לויה. דאס האט גורם געווען אז מען זאל אנהויבען צו אראגען די מתים אין א קאסטען, איין קאסטען פאר אלע מתים, ארים און רייך.

ווען עס האט זיך געמאכט א מת אין שטעטעל, האט א טרעגער געבראכט פון קברות שטיבעל דעם "טויטען קאסטען" צו דער הויז וואו דער בר מנן האט זיך געפונען. דער טויטער קאסטען איז געווען געמאכט פון פראסטע ברעטער, אן א דעק פון אויבען, מיט צוויי לאנגע דרענגעס,ביי וועלכע די נוסעי המטה האבען דעם ארון געטראגען אויף די אקסלען, אדער אין די הענט, נידעריג צו דער ערד. דאס האט זיך געווענדט אין דעם וועלכער מת איז געווען, און וואס פאר א לעצטען כבוד מען האט אים געדארפט אפגעבען. א איד פון א גאנץ יאר האט מען געטראגען אויף די אקסלען, א ערליכען און בכבודיגען איד האט מען געטראגען נידע-ריג צו דער ערד.

אין דעם אפענעם קבר, אויף דעם הייליגן ארט האט דער קברן צונויפגעשטעלט א קאסטען, און ביים אפענעם קבר האט מען דעם מת ארויסגענומען פון דעם ארון, מיט וועלכען מען האט אים גע-טראגען צום בית עלמין און אים אריינגעלייגט אין קבר אריין, צוגעדעקט מיט א ברעט, און ארויפגעווארפען די ערד, דעם קבר פארשאטען.

די שחיטה -יאַסקעס:

ביז דעם יאָר תרמ"ה-1885 איז אים שטעטעל גלינע ניט געווען קיין שטאַטישע שחיטה יאַסקעס. יעדער קצב האָט זיינע בהמות געשאָכטען ביי זיך אויף דער פאַדווירע, אויף א לײדיגען שטיקעל פּלאַץ ביי זיין הויז, אַדער אין א שטעלאַכעל, און דאָס בלוט מיט איבעריגען אָפּפאַל, האָט מען אַרויסגעוואָרפען אויף דער קופּע מיסט, וואָס איז געווען פאַר דער שטוב אָדער הינער דער שטוב. פון דעם איז ניט צו-געקומען קיין געזונט צו די מענשען וואָס האָבען געוואוינט נאָענט צו א קציב.

אויך די יאַטקעס צום פאַרקויפען פליש זיינען געווען אין די הייזער וואו מען האָט געוואוינט. ביז איין צייט, האָט די סטאַרסטוואַ אַרויסגעגעבען א באַפעל אַז אַלע קצבים מוזען קיעלען די בהמות אין איין אָרט, אונטער סאַניטאַרישע באַדינגונגען, און אַז אויך דאָס פליש זאָל פאַרקויפט ווערען אין באַזונדערע יאַטקעס, ניט אין די הייזער וואו מען וואוינט.

דאָס איז פון די קצבים אין יענע יאָרען אַפילו באַטראַכט געוואָרען פאַר א שרעקליכען גזר, וואָס זיי האָבען געוואָלט אַפּשרייען, אָבער זיי האָבען דאָס ניט געקאָנט דורכפירען. קהל האָט איינגעפירט שחיטה יאַסקעס, וועלכע מען האָט אויפגעשטעלט לעבען דעם טייך, אונטער דעם שול-באַרגעל. שפּעטער מיט יאָרען האָט מען אויסגעבויט א אמתן שלאַכט הויז, מיט וואַסער לייטונג, מיט א שטאַל וואו מען האָט געהאַלטען די בהמות, ביז מען האָט זיי געשאָכטען. דאָרט האָט זיך אויך געפינען א ספּעציעלע קאַנצעליי פאַר דעם נאַמן.

דער הקדש:

דאָס וואָרט "הקדש" זאָגט אַסך. יעדער קליינשטעטעלשער איד ווייסט אַז אין הקדש שלאָפען בעטלער, דורגייענדע אָרימע אורחים, מיט דעם וואָרט ווערט באַצייכענט א קהיליש שמוציג הויז. דאָס גלינער הקדש אָבער איז אין די יאָרען פון פאַר דער ערשטער וועלט מלחמה געווען דאָס שמוציגסטע און אומריינסטע פון אַלע הקדשן. קהל און אַפילו די שטאַטישע געמיינדע האָבען זיך זייער ווייניג אינטערעסירט וואָס אין דעם שטיבעל קומט פאָר.

דאָס שטיבעל, וואָס מער האָט גערופען הקדש איז געשטאַ-נען אונטער דעם באַרגעלע, לעבען די שעכט יאַטקעס און זי איז געווען א גאַנץ היבשע הויז אין איין זייט האָט געוואוינט א שוסטער און אין דער צווייטער האַלב איז געשטאַנען עטליכע צע-בראָכענע בעטלעך, אויף וועלכע עס זיינען געשלאָפען די אָרימע-לייט.

ווינטער איז דאָרט געווען זייער קאַלט און אין זומער האָט דער געשטאַנק פון די יאַטקעס פאַר'סמ'ט די לופט.וואוי-נען עטליכע טעג אין דעם הקדש האָט דער שטאַרקסטער מענש גע-קאָנט קראַנק ווערען. אָבער ווען עס האָט זיך געמאַכט אַז אַן אורח איז דאָרט שטאַרק קראַנק געוואָרען, האָט קהל, אָדער אַזוי גוטע מענשען געזאָרגט צו ברענגען א דאָקטער אָדער א רופא. די מער איידעלע אָרימעלייט פלעגען זיך אויפהאַלטען אין שול.

## דער גלינער טייך

דער גלינער טייך האט געהייסן "וויזשלאנקע", נאך דעם דארף וויזשלאן. דער טייך האט געהערט צום פריץ פון שטעטל, דעם גראף פאטאצקי, וועלכער האט פארבראכט די מערסטע צייט אין לעמבערג, קראקוי, וויען און פאריז.

די אידען אין שטעטל האבען פון דעם טייך געהאט א סך נוצען. מען האט פונם טייך געצויגען וואסער אין דער מקוה. דורך א ספעציעלער רער פאר דעם צוועק איז דאס וואסער פון טייך געריננען אין מקוה אריין. אויך די שעכט יאטקעס און דער שטא־טישער בית הכסא האבען זיך געפינען ביים ברעג טייך און אלע שמוצען זיינען אהין ארייננגעריגען.

זומער צייט האט דאס יונגוואַרג און אויך עלטערע מענער און פרויען זיך געבאדען אין טייך, איבערהויפט אין א ערב שבת.מערקווירדיג ווי פרום דאס שטעטל האט זיך ניט געפירט, האבען זיך מענער און פרויען זיך אויסגעטאן און אנגעטאן אויף דער גאס, זיך איינגעהילט אין א ליילעך און אזוי איז מען אין טייך אריין. דער צווישען שייד פון די מענער און פרויען איז געווען א צען ,פופצען מעטער אפגעטראטען..

יעדען זומער איידער מען האט זיך אנגעהויבען צו באדען, האט מען פריערט ארייננגעווארפען א לעבעדיגע קאץ אין טייך אריין, ווייל מען האט געגלויבט אז דער טייך דארף יעדען יאר פארשלונגן א לעבעדיגען נפש. נאר קיינער האט קיינמאל ניט געזען אז מען זאל א לעבעדיגע קאץ ארייננווארפען אין טייך אריין.

מיט יארען שפעטער האט דער גראף צוליב נוצליכע סיבות אפגעצויגען דאס וואסער פון טייך און געמאכט א שמאלען קאנאל, אין וועלכען עס איז גערינען א שטענדיגער וואסער שטאם, ווייט, ווייט אוועק.

מיט דער צייט איז דער באדען וואס איז געווען פאר אזוי פיל יארען פארפלייצט מיט וואסער, איז אויסגעטרוקענט און פארארכטעוועט געווארען, און מען האט דארט שפעטער אפילו אויפ־געשטעלט הייזער צום וואוינען.

### דער מרחץ-שוויץ באד

דאס מרחץ האט זיך געפינען אין דער זעלבער גאס וואו די שעכט יאטקעס און דאס הקדש. די שוויץ באד פלעגט מען הייצען נאר אין ערב שבת און יום טוב און אמאל איינמאל אין דער וואך, אין די גאר קאלטע ווינטער חדשים. די באד האט באלאנגט צו דער קהילה און מען פלעגט איר פארדינגען צו א אידען אויף א געוויסער צייט. דער ביידער פלעגט איינהייצען די באד, ארויסשיקן דעם באד-יונג איבער די גאסען אויסרופן: "אין באד אריין!". דאס ארייננגייען אין באד אריין האט געקאסט פיר גראצער.

דאס באד האט פארמאגט צוויי מקואות, איינע א קאלטע

און איינע א וואַרימע. די ווארימע מקוה האט מען גערופען "די ווייבערשע מקוה". עס האבען זיך דארט זיך אויך געפינען עטליכע היל־צערנע וואנעס, וואס זיינען אינווייניג געווען פארשווארצט און ברודיג. מיט זיי האבען זיך באנוצט די רייכע אידען, ווייל עס האט געקאסט עקסטרא עטלעכע גראצער א וואנע. ארום דער וואנע זיינען געשטאנען ארימעלייט, און ווי נאר דער איד האט ארויס־געשטעלט א פוס פון דער וואנע, אזוי האט א ארימאן זי באלד פארכאפט, און זיך געקוויקט מיט דער ברודיגער וואסער.

די באד איז געבויעט געווארען מיט א הונדערט יאר צוריק, און אין לויף פון יארען איז עס עטליכע מאל איבערגעבויעט גע־ווארען, עס צוגעפאסט צו דער צייט, עס זאל זיין ריין, היגיעניש. נאך יעדען מאל וואס דער סטארסטווא האט פארשלאסען די באד, האט מען געגעבען עשו'ן א מתנה און מען האט דאס באד ווידער געעפענט. אזוי האט זיך עס געפירט ביז תרפ"ט־1929.

ווען דר. שלמה נאסס איז געווארען ראש הקהל האט מען דאס מרחץ איבערגעבויעט. געמאכט מאדערנע וואנעס, מיט רערען פון הייסע און קאלטע וואסער אין יעדער וואנע. אין דער מקוה האט זיך געצויגען רערען דורך וועלכע מען האט געקאנט איר אויסרייניגען און אויך אריינלאזען ריינע, פרישע וואסער. הרב ר' יחזקאל האכ־בערג האט באשטעטיגט אז אזא איינפירונג איז כשר על פי דעם שלחן ערוך.

דער גאנצער קרעדיט פאר דער גוטער און נוצלעכער ארבעט איז געקומען צו דר. שלמה נאסס, דער ראש הקהל, און יעדער איינער אין שטעטל האט עס אים פארגינען מיטען גאנצען הארצן.

די גלינער סארגאוויצע:

די סארגאוויצע איז געווען דער פלאץ וואס האט געהאט א גרויסען שייכות צו דער פרנסה פון א סך גלינער אידען. ווייל אויך יענעם ארט איז אין טאג פון א יאריד, געפירט געווארען גרויסע מסחרים. מיט דער אנטוויקלונג פונם שטעטל האט מען אויך די סארגאוויצע געמאכט אלע מאל אויף אן אנדער ארט, וואס ווייטער פונם צענטער פון שטאט.

אין די יארען 1872 ביז 1895 איז די סארגאוויצע געווען אין דער גאס ניט ווייט פונם מאגיסטראט, אנטקעגן ר' לוזער פרעגערס הויז.

נאך דער גרויסער שריפה איז שוין די סארגאוויצע געווען אויף דעם פרייען פלאץ, אנטקעגען באלטאראוויצעס קאסע, לעבען דעם "קלאשטאר" פון די פוילישע נאנעס. שפעטער, ווען די באראן הירש שולע האט אין יענעם געגענד געקויפט א הויז, האט דאס מאגיסטראט געמאכט די סארגאוויצע אין מילניקאך (א גויאישע געגענד אונטער דער שטאט) לעבען דעם גויאישען צווינטער.

# דאס וועלדעל - דער "זאפוסט".

דער "זאפוסט" איז געווען א קליין וועלדעל פון סאסנאווע בוימער. די ערד דארט איז געווען א מאגערע, מיט אסך בערגלעך און ביי איי-ניגע פון זיי האט ארויסגערינען קליינע, שמאלע וואסער קוואלעכלעך. פון איין זייט דעם "זאפוסט" האט זיך געצויגען א לאנג פעלד,באוואקסען מיט גראזען. דאס פרייע באוואקסענע שטיק לאנד האט מען גערופען "די פאסאוויסקע", דארט האבען די גוים געפאשעט זייערע בהמות. זומער פארנאכט פלעגען די בהמות א היים גייען פון דער פאסאוויסקע, זאטע און מיט פולע אייטערס מילך. און ביינאכט, ווען די שקצים פלעגען ארויספארען מיט די פערד אויף "נאנאץ", לאזען די פערד דארט זיך פאסען א גאנצע נאכט - איז זייער געזאנג געווען א חיות צו הערען. אין דער לענג פון דער פאסאוויסקע איז געווען דער קייזער-שטראז, דער וועג וואס האט געפירט צו דער באן סטאנציע אין זאדווארזשע, פון דער אנדערער זייט פונם ווערדעל איז געווען דאס דארף זשעניאוו.

פון דער שטאט אין זאפוסט איז געווען עפעס מער ווי א פערטעל מייל,וואס מען האט באדארפט דורכגייען דורך פעלדער. פרומע אידען זיינען שבת ניט געגאנגען אין זאפוסט אריין, מחמת מען איז ניט געווען זיכער מיטען ערוב. אבער די יונגווארג און פשוטע אידען און ווייבער, זיינען כמעט יעדען זומערדיגען שבת , נאכן עסען געגאנגען אין זאפוסט אריין, זיך אננעמען מיט אביסעל פרישע לופט ,פון די סאסנאווע בוימער.מען האט אויך מיטגענומען אביסעלע צידה לדרך און געמאכט א פאמיליע סעודהלע. די קינדער האבען זיך געשפילט, די עלטערען האבען געכאפט א דרימעל, טאקע אויף דער נאקעטער ערד, צווישען די שמעקענדיגע ביימער און פרייער, פרישער לופט. דאס יונגווארג ווידער האט שפאצירט צווישן די ביימער און געזונגען, ווער ליבעס לידער, וואס די שניידער, שוסטער און אנדערע ארבעטער געזעלען האבען געזונגען, און ווער סאציאליסטישע, אדער נאציאנאלע לידער, ביז מען האט צווישען די געדיכטע בוימער דארט אויפגעזוכט א פארשטעלטען ווינקעל, זיך צוגעזעצט אפרוען, און אויך ראמאנסירען מיט דעם וואס עס איז געווען ליב און טייער. אין דער צייט ווען די ציוניסטישע באוועגונג איז געווען אנזעעוודיג אין שטעטעל, האט מען אין זאפוסט געפירט דיסקוסיעס, געהאלטען פארטראגען און אפילו אפגעהאלטען פארזאמלונגען פון די פארשידענע גרופען, וואס זיינען געווען אין שטעטעל, און אויך געמאכט דארט גימנאסטישע איבונגען.

מען דערציילט פון א גלינער איד וואס איז געווען שטארק פארליבט אים זאפוסט., אז ווען ער איז געקומען אינם ווערדעל, פלעגט ער כאפען א זשמעניע מיט גראז, מיט דער ערד און אלץ וואס איז דארט גראדע געווען,„דאס א נעם טאן צו דער נאז און געבען א געשריי: "אידען, א מחיה!" . אין דעם אידענס אויס-געשריי האט זיך אין א געוויסען זין אפגעשפיגעלט דאס געפיל וואס אלע גלינער אידען האבען געהאט צום זאפוסט ווערדעל.

אין די יארען ווען די באראן הירש שולע האט עקזיסטירט אין גלינע, פלעגען די לערער מיט די שילער מאכען מאיאווע וויטעצקעס, אויספלוגען אין זאפוסט, דארטן שפילען אין פארשי-דענע גימנאסטישע שפילען.

# די "שטעלער'ס"צום מיליטער

די "שטעלערס" זיינען געווען די יונגע בחורים וואס זיינען אלט געווען 21 יאר און האבען זיך געדארפט שטעלען צום אסענטי-רונג, צו דער מיליטער קאמיסיע, וועלכע פלעגט יעדען יאר,ארום פורים צייט קומען קיין גלינע, אדער די גלינער שטעלערס זיינען געפארען קיין פרעמישלאן זיך שטעלען צו דער אסענטירונג, צו גייען דינען אין דעם מיליטער.

אין יענע צייטען האט יעדע געמיינדע באדארפט צושטעלען א געוויסע צאל זעלנער, שפעטער אבער האט שוין יעדער בחור וואס איז אלט געווארען 12 יאר געמוזט אליין זיך שטעלען פאר דער מי-ליטערישער קאמיסיע, און אויב א בחור איז געווען געזונט געזונט האט מען אים צוגענומען פאר א זעלנער. אסך אידישע בחורים האבן ניט געוואלט אוועקגייען דינען ביים מיליטער גאנצע דריי יאר, אפילו ניט קיין טאג, ווייל די זעלנער האט מען אפגעגאלט די בארד און פאות, מען האט געמוזט עסען טריפות און מחלל שבת זיין. האט כמעט יעדער אידישער בחור זיך געוואלט אויסדרייען פון צו דארפען גייען דינען. דער איינציגער מיטעל איז געווען זיך אפשוואכען דאס געזינט, מען זאל ניט טויגען פארען מיליטער. נו, האט מען זיך קערפערליך אפגעשוואכט, מען האט ווייניג געגעסען, און איינציגע טעג אין גאנצען געפאסט. מען האט געטרונקען עסיג און גענומען אפפיר מיטלען, און דער עיקר גאר ווייניג געשלאפן.

אבער ווען מען עסט ווייניג און מען דארף אויך ניט שלאפען, קען מען דורך די נעכט ניט זיצען אין הויז, אין דער היים. פלעגען די אידישע שטעלערס, יעדען אויפדערנאכט זיך זיך צונויפקומען אין קלויז און דארט אויפגעווען די גאנצע נאכט. צום ערשטען פלעגט מען ארײנקוקען אין א ספר, געשמו-עסט, גענומען אביסעלע משקה ( וואס יאנקעל שמש פלעגט אנגרייטען אין א שאפקעלע). און ווען די בחורים האבען שוין ניט געהאט וואס צו טאן, פלעגט מען זיך ארויסלאזען איבערען שטעטעל אפטאן זביטקעס די אידען אויף וועלכע מען האט געהאט א בייז הארץ. מען האט צוגע גנבעט אביסעל האלץ ביי די רייכע באלע-באטים און דאס צעטיילט צווישען די ארימעלייט. מען איז ארומ-געגאנגען איבערען שטעטעל און געזונגען לידער, אדער א קלעז-מער האט געשפילט פאר זיי. די שטעלער האבען אויך געהאט א אייגען "שטעלער" לידעל, וואס זיי פלעגען זינגען אין דער צייט פון זייער פלאגען זיך. אט איז עס:

פלאגט זיך, ברידערלאך, פלאגט זיך!
פלאגט אייך אביסעל צו –
די ערשטע קלאס אנטלויפט שוין,
די צווייטע רוקט זיך צו.

פלאגט אייך, אידעלאך, פלאגט אייך!
פלאגט אייך אביסעלע צו –
די צווייטע קלאס אנטלויפט שוין,
צו דער דריטער מוזט איר שטיין.

לאמיר אוועקלייגען אלע זארגען,
לאמיר זיך נעמען צו דער "אלף",
אז א יונגעלע דארף זיך שטעלען –
ליגט אויף אים דער שארפער חלף!

אזוי האט מען געזונגען א גאנצען "אלף בית" אין פארשידענע ווא־ריאציעס און גראמען, אבער אלע מאל מיטן זעלבען רעפריין פון "פלאגט אייך ברידערלאך!".

א צווייט "שטעלער" ליד איז געווען:

עס רוקט אן די טרויעריגע צייט,
אידישע קינדער ווערען געפלאגט,
זיי פלאגען זייערע ביינער,
אויף האלז און אויף שטיינער –
אבי נישט צו ווערען א סאלדאט!

האצקע־יונגען:

קינדער פון רייכע עלטערין האבען זיך פארשפארט צו פלאגען" זיי פלעגען זיך ערגעץ אויסבאהאלטען און קהל האט דער־וויל אויסגעזוכט "א שטעלפארטרעטער". עס האבען זיך געפינען ארימע בחורים, וואס האבען איינגעווילגט פאר א געוויסער סומע געלט, צו גייען דינען אין מיליטער פאר א רייכען באלעבאטישען בחורל. ווען עס האט זיך אבער ניט געמאכט אזא "שטעלפארטרעטער", האט קהל געכאפט עטליכע ארימע בחורים און זיי געשטעלט פאר דער מיליטערישער קאמיסיע, אנשטאט די רייכע בחורים. אט די פאלשע צוגעשטעלטע האט מען גערופען "האצקע־יונגען", ווייל זיי האבען זיך געקאנט שטעלען עטליכע מאל צו דער אסענטירונג.

אבער נאכן יאר 1848 איז דאס געזעץ אזוי געענדערט געווארען, אז יעדער בחור וואס איז לויט דער מעטריקע געווארען 12 יאר אלט, האט ער פערזענליך געמוזט זיך שטעלען צו דער אסענטירונג קאמיסיע.

שרפות אין שטעטעל:

גלינער אידען דערציילען אז גאנצע זעכציג יאר, ביז דער גרויסער שרפה אין גלינע, איז אין די אלע יארען ניט פאר־געקומען קיין איינציגע שרפה. ווייל, דערציילן זיי, ווייל דער רבי ר' מאירל פראמעשלאנער זאל האבען געבענטש דאס שטעטעל "אז עס זאל נישט ברענען". די אידען פון יענער צייט האבען אין דעם שטארק געגלויבט, און זיי האבען זייער הייזער ניט אסעקורירט. דער גרעססער טייל אידען זיינען געווען מאמינים, האבען געגלויבט אז אין גלינע וועט ניט זיין קיינע שרפות צוליב דעם רבינס ברכה. אנדערע האבען געזאגט " אז גאט גיט ניט צוויי מאל אויף איינער און דער זעלבער זאך, אז מען וועט ניט זיין אסעקורירט פאר פייער, וועט גאט העלפן אויף אן אנדערען אופן, העלפען מוז ער!

נאך א סיבה פאר ניט זיין אסעקורירט איז געווען וואס

די פוילישע אסעקוראציע געזעלשאפטען האבען נישט געוואלט גע־בען אסעקוראציעס צו די אידען, און די דריטע און אפשר די וויכ־טיגסטע סיבה איז געווען, וואס דער גרעסטער טייל אידען אין שטע־טעל האבען פשוט נישט געקאנט צאלען די פרימיאומס, ווי קליין זיי זאלען ניט זיין.

אבער אינגאנצען אן שרפות איז דאס שטעטעל ניט אפגעקומען. אט וואס ר' שלמה קיגעל דערציילט וואס ער געדענקט און וואס אויך אנדערע עלטערע אידען דערציילען:

מיט זיבעציג יאר צוריק, אין א ערב פסח ביינאכט האט זיך אנגעהויבען א פייער אין א גוישער כאטקע, דאס דריטע הויז פון מעכעל מאשקעס, און איז דורך דער דילנער גאס דערגאנגען ביז צו דער גיבארניע גאס, און אריבער דעם טייכעל האט זיך דאס פייער פארשפרייט ביז דעם באלוטשינער וועג.

אין יענער שרפה זיינען פארברענט געווארען לערך איבער צוויי הונדערט הייזער, שטאלען, סטאדאלעס, אויך בהמות, עופות. פון די אידישע הייזער האבען אפגעברענט א ערך פופצען שטיבער, פון פייגעלע, דער ישראל ידעלעס הויז ביז צו אזשע קאלעכניק.

אזוי האט זיך דאס שטעטעל אלע מאל נאך א פייער, א גרויסער צי א קליינער זיך געטרייסט:געלויבט איז השי"ת, אפ־געקומען מיט שרעק!דערשראקען, אבי נישט דערשלאגען. ביז דעם זומער פון 1895.

אין יענעם יאר, אין א זונטיג פארנאכט, ווען כמעט אלע אידען זיינען געווען אין די שולען ביי מנחה און מעריב דא־ווענען, האט מען פלוצלים דערהערט דאס קלינגען פונם מארק־גלאק און טאקע באלד אלע קלויסטער גלעקער. דאס איז געווען א אנזאג אז ערגיץ ברענט, אבער ווייט האט מען ניט באדארפט זוכען. א פייער האט זיך פלוצלים באוויזען פון די דריי גרעס־טע הייזער אין "רינג", ביי הערש גוטמאן, משה פראמער און יושע וואלף. פון וואנען דאס פייער האט זיך גענומען האט קיי־נער ניט געוואוסט. דעם אנדערען טאג האט זיך ארומגעטראגען א קלאנג,פון וואנען ער נעמט זיך האט מען ניט געוואוסט, אז אין די קומענדיגע עטליכע וואכען וועט דאס גאנצע שטעטעל אפברענען. יעדער איינער איז עפיס געווען זיכער אז אזא זאך וועט טאקע געשען. די געמינע האט אנגענומען אלערליי מיטלען, באפוילען אז אלע קוימענס זאלען ווערען אויסגערייניגט, יעדער זאל האבען א לייטער און א פעסעל וואסער לעבען דער הויז. מען האט פארבאטען צו רויכערען אין די גאסען. די גמינע האט ארגאניזירט פייער לעשער. מען האט איינגעטיילט דאס שטעטעל אין קווארטאלען און יעדער קווארטאל האט געהאט א אפטיילונג פון פייער לעשער. די זשאנדארמערי און די פאליציי האבען אויך געטאן זייערס. מען האט געהיט, געזוכט, און יעדער פרעמדער דורכגייער איז געווען פארדערכטיגט. "אט דער איז דער פייער מאכער" "אט יענער, וואס מען האט ארעסטירט איז דער אמתער אונטערצינדער!", און אזוי האט מען יעדען טאג ארעסטירט א אנדערען גוי, א בעטלער, אדער אזוי א וואנדעראווניק, וואס האט זיך נאר באוויזען אין שטעטל אדער אויף די וועגען ארום דעם שטעטל.

אבער דאס מערקווירדיגסטע איז געווען וואס אלע מאל האט געברענט אין אן אנדער טייל פון שטעטל, אבער ניש׳ט אין מארק אדער צווישען די אידישע געסלעך, נאר אין די גויאישע קווארטאלען האט געברענט, אין זארובלע האט אפגעברענט עטליכע שטיבער, און מיט עטליכע וואכן שפעטער האט געברענט אין דער רעכטער זייט פון זאהלעניסקעס אויך אין מילענקאך האט אויסגעבראכען א גרוהס פייער. אין זאמאזשע האט געברענט. נטע שטוטשעס שטוב אחן נאך אסך גויאישע הייזער זיינען פארברענט געווארען.

אסך אידען אבער האבען נאך אלץ געטענהט אז די שטאט וועט ניט ברענען, זיי האבען דאס געזעען בחוש. אט ברענט אלע מאל אין די ברעגעס פון שטאט, אבער אין שטאט גופא קומט ניט צו דאס פייער. אבער לאנג האבען די גלינער אידען ניט געדארפט ווארטען, אז אויך דער אידישער טייל שטאט זאל אויך אוועק מיטען רויך און פלאמען.

די גרויסע שרפה אין שטעטל:

דאס איז געשעען אין יאר תרנ"ה ־1895. אין איינעם פון די הייסע תמוז טעג, ווען די זון האט ממש געברענט ווי א פייער, מען האט דעם אטעם ניט געקאנט כאפען. האט זיך אין מיטען טאג פלוצלים אויפגעהויבען א שווארצער רויך־זייל, פון דער דילנער גלח'ס סטאדאלע, וועלכע איז געשטאנען ביים ענדע פון דער קילא־קאווער גאס. די שטיבלאך זיינען געווען נידעריגע, די דעכער מיט שטרוי באדעקט, באלד האט מען דערזעען פלאמען, וועלכע האבען זיך גיך פארשפרייט אויך אנדערע דעכער. די גוואלדען און געשרייען זיינען מיט יעדער מינוט געווארען אלץ גרעסער. אלע קלויסטער גלאקען און דער גלאק אין מיטען מארק האבען געהאלטען אין איין קלינגען, רופענדיג אלע מענטשען נאך הילף. און ביים ערשטען דער־זעען דאס פייער, זיינען טאקע אלע מאנסבלין אוועק דארט וואו דאס פייער האט זיך אנגעהויבען. מען האט אנגעהויבען צו רייסען די שטרויענע דעכער, איבערגעהאקט שינדלענע דעכער. די שפריצער מיט פעסער וואסער האבען געשפריצט און געגאסען וואסער, דאס פייער אבער איז געווען שטארקער און שנעלער ווי די שפריצער מיטען וואסער, און די איהערמענשלעכע ארבעט.

מיט אמאל האט מען דערזעען אז דאס גאנצע שטעטל איז אין געפאר אוועקצוגייען מיטן רויך. די גוואלדען, די געשרייען פון די צעטראקענע און פארצווייפעלט אידען האט זיך צוזאמענ־געמישט מיט דעם קלינגען פון די גלאקען, עס איז געווארען אזא טומעל אז מען איז ממש פארטויבט געווארען. דער העלישער פייער האט זיך געשפרייט אלץ מער און מיט מער קראפט. די מהומה איז פון מינוט צו מינוט געווארען גרעסער און גרעסער. ווי משוגעים זיינען די מענשען געלאפען פונם פייער. יעדער האט געכאפט ראטעווען זיינס, דאס ווייב, די קינדערלאך, דאס ביסעל בעבעכעס, זיין ביסעל פארמעג, און וואס נאר עס איז געקומען צו דער האנט. האט מען אויך גיך פארפאקט אין פעק, פעקלעך, קופערטען און עס געווארפען אין גאס אריין. באלד זיינען אלע גאסען און געסלעך געווארען פארווארפען מיט אנגעפאקטע זעק און קופערטען. ווער עס האט פארמאגט א פערד און וואגען האט אנגעלייגט אפולען וואגען און אוועק מיט די זאכען אויסער דער שטאט. אלע זיינען געלאפען

און געשלעפּט מיט זיך זעק און פּעק. איינער האָט זיך געפּלאָנטערט אינם אַנדערען,פאַרגרעסערנדיג דערמיט די ענגשאַפט אויף די גאַסען. מען האָט זיך געשלעפּט אויף דעם הייליגען אָרט און להבדיל, אויפן צווינטער. דאָס פייער האָט געסמאַליעט, דער רויך האָט געשטיקט, און די היץ איז געווען ניט צום איבערטראָגען. צוליב דעם געדרענג און די פלאַמען, רויך און היץ, האָט מען אַסך חפצים געמוזט איבערלאָזן אין די גאַסען, אויף גאַנס באַראָט. דאָס פייער האָט זיך גיך אַריבער־געכאַפּט אין מאַרק, צו די קלייטען, די הויפּט גאַסען פונם שטעטעל.

עס זיינען אָנגעקומען גוים פון דעם אַרום, פון די דערפער, די פּאַראַבקעס פונם "הויף" מיט שפּריצערס צו לעשען דאָס פייער,אָבער עס האָט גאָר ניט געהאָלפען אָפּצוהאַלטען די פלאַמען , ביז דאָס גאַנצע שטעטעל איז געווען איין גרויסער פלאַם־פייער, איין שטיק פלאַקער־דיגער גיהנום.

און בשעת ברענענדיגע דעכער און ווענט זיינען איינגעפאַלען און קוימענס האָבען געקראַכט, האָט זיך אין די גאַסען געוואַלגערט שניט סחורה, און אַלץ וואָס מען האָט אַרויסגעטראָגען פון די קראָמען. און לעת בעת האָבען זיך געפונען גוים, וואָס זיינען געוואָקען מאַספים, איינזאַמלער, און האָבען איינגעזאַמעלט אַלץ וואָס זיי האָבן נאָר געקאָנט און דאָס טאַקע אַוועקגעטראָגען צו זיך אַ היים.

ווען די נאַכט איז צוגעפאַלען איז די לאַגע געוואָרען נאָך שרעקלעכער. איצט האָט מען זיך אַרומגעזען אַז פאַמיליעס זיינען צעריסען געוואָרען. עלטערין זיינען צעשיידט געוואָרען פון זייערע קינדער,, מענער פון זייערע פרויען. איינער איז געווען ערגיץ אויף איין אָרט, און דער צווייטער אויף אַן אַנדער אָרט. מען איז געליגען אין פעלדער, לאָנקעס און אין סעדער,ביים טייך און אין סטאַדאָלעס, צווישען די גוים, און איינער האָט ניט געוואוסט פונם אַנדערען. צו די אַלע צרות האָט נאָך אין יענער נאַכט געגאָסען אַ שלאַקס רעגען, מיט דונערען און בליצען, און ליגענדיג אין דרויסען אונטערען פרייען הימעל, איז מען דורכגעווייקט געוואָרען. עס האָט זיך יעדן איינעם געדוכט אַז די וועלט גייט אונטער.

קוים מיט צרות איבערגעלעבט די גיהנום נאַכט, און ווי נאָר דער מאָרגען שטערען האָט זיך באַוויזען, האָבען מאַנסבלין זיך אַרויסגעלאָזט זעען וואָס עס איז געוואָרען פון זייער שווערער פּראַצע, האָב און גוטס. זיי האָבען דערזעען אַ שרעקליך בילד: דאָס גאַנצע שטעטעל — אַש און קויל, אַלץ חרוב! אויסער די שול און דער בית המדרש, און נאָך עטליכע הייזער אַרום דער שול, זיינען ווי דורך אַ נס ניצול געוואָרען פונם שרעקלעכען פלאַם פייער. די שול איז געווען איבערגעפּאַקט מיט זעק, קופערטס און אַנדערע חפצים, און מיט עלטערע מענער און פרויען און קליינע קינדער, וואָס האָבען זיך דאָרט אויסבאַהאַלטען.

צוזעענדיג די חורבות, דאָס וואָס איז געוואָרען פון די היימען, זיינען מענשען געפאַלען אין חלשות פון האַרצווייטאָג. ווער עס האָט ניט איבערגעלעבט יענעם שרעקלעכען פרימאָרגען, נאָך דער גרויסער גלינער שרפה, קען ניט פאַרשטייען ווי אַזוי הונגער און שרעק זיינען די שטאַרקסטע כוחות צו צווינגען אַ מענשען צו טאָן אַלצדינגס, אַבי צו שטילען דעם הונגער. אידען רחמנים בני

רחמנים, פון די ארומיגע שטעטלעך, פון פרעמישלאן, בוסק, יארישאוו, זלאטשוב, האבען שוין גאנץ פרי געבראכט גאנצע פורען מיט שפייז, אלטע קליידער. פון די ארומיגע דערפער האט מען געבראכט מילך, קעז, פוטער, און די ערשט נעכטיגע רייכע באלעבאטים האבען זיך גלייך מיט די שטענדיגע ארימעלייט א ווארף געטאן אויף די פורען, צו כאפען א ברויטעל, א ביסעל מילך, צו שטילען דעם הונגער.

דערווייל האט מען זיך אריינגעשפארט אין די ווייניג פארבליבענע אידישע הייזער, צו עטליכע פאמיליעס אין א שטוב. מאנכע האבען זיך באזעצט אין פריינדליכע גויאישע הייזער, אין סטאדאלעס, אויף דער טארגאוויצי אין ביידלעך, אין צונויפגעשטעלטע בודעס, פון שטיקלעך פארברענטע געהילץ. מען האט זיך איינגעמעסטעט וואו מען האט נאר געקאנט, אבי ניט צו ליגען אונטער דעם פרייער הימעל. און וואו עס איז נאר פארבליבען א זראב, א גאנצער אויוועז, האבען באלעבאסטעס דארט געקאכט און געבאקען און אפילו געשטעלט טשאלענט לכבוד שבת.

די אינגלעך וואס זיינען געבליבען אן חדרים, זיינען די ערשטע עטליכע וואכען ארומגעלאפען פוסט און פאס, געהאלפען אפריינציגען די פארברענטע זרובעס, און געזוכט שטיקער אייזען, אויף די חורבות פון די פארברענטע שטיבער, דאס פארקויפט און געקראגען א פאר קראצער. שפעטער האבען די מלמדים איינגעארענט זייערע חדרים, אין פלוש פון שול, אין שניידערישען שולעכל, אין בית המדרש און אין ווייבערישען שולעכל.

זייער א קליינער טייל אידען זיינען געוועזען אסעקורירט פאר פייער, הגם מיט עטליכע חדשים פארן פייער זיינען אין שטעטעל געקומען אסעקוראציע אגענטען, און געבעטען אז מען זאל זיך אסעקורירען פאר פייער, האבען עס זייער ווייניג אידען פון שטעטעל געטאן.

מען האט דורכגעלעבט א שווער און ביטער שטיקעל צייט, ביז גאט האט געהאלפען און דאס שטעטעל איז צוביסלעך ווידער אויפגעשטעלט געווארען. נאטירלעך האבען די רייכע און פארמעגליכע פריער אויפגעבויעט זייערע שטיבער, ווי די ארימע אידען. אזוי האט גענומען עטליכע יאר ביז אלעס איז צוריק אויפגעבויעט געווארן. דאס מאל איז די שטאט געבויעט געווארען מיט א פלאן. דאס מאגיסטראט און די סטאראסטווא האבען מער ניט געלאזט דעקען די דעכער מיט שטרוי, נאר מיט בלעך און מיט שינדלען, און די ווענט האבען געמוזט זיין פון ציגעל.

בכלל, האט דאס שטעטעל נאך דער גרויסער שרפה געקראגען אן אנדער אויסזעען, הן אויסערליך, הן אינערליך, און אפילו דאס גייסטיגע לעבען און פירונג האט זיך פיל געענדערט.

# דאס קולטורעלע לעבען אין שטעטעל:

וואס עס איז פארגעקומען אויף דער גרויסער און ברייטער וועלט, און וואס עס טוען אנדזערע אחינו בני ישראל אין אלע ארבע פנות העולם, האבען די גלינער אידען, ובפרט דער המון עם, זייער ווייניג געוואוסט. אין יענער צייט, נאך איידער דער רבי ר' מעכעלע איז גע־קומען קיין גלינע, און אין די ערשטע יארען ווען זיין זון ר' בצלאל איז געווען רב אין שטעטעל — פלעגען אידען צווישען מנחה און מעריב, אין בית המדרש ביים אויווען, זיך דערציילען וועלט־נייעס, וועלכע זיינען שוין אלט געווען חדשים לאנג, און אמאל אפילו יארען. און געשען איז עס אזוי:

עמיצער פון די גלינער אידען האט די נייעס געהערט אויף א יאריד, אין אן אנדער שטאט, אדער א חסיד, וואס איז פון ערגיץ א ווייטער שטאט געקומען צום רבין, און מיטגעבראכט אנייעם חסי־דישען נגון און אלטע וועלט נייעס, אדער ספעציפיש אידישע נייעס. א טייל נייעס זיינען אויך געבראכט געווארען פון גלינער סוחרים, וואס פלעגען פארען קיין לעמבערג, טארנאפאל און בראד צוליב מסחר, און אין דער זעלבער צייט אויך מיטברענגען נייעס. אזא "נייעס" ווען זי האט אנגעהויבען איבערצוגייען פון מויל צו מויל, האט דער וואס האט די נייעס געבראכט, שפעטער אליין זי נישט דערקאנט. די איינציגע מענשען וואס האבען באמת צונויפגעבונדען די מענשן פונם שטעטעל מיט דער גרויסער וועלט, זיינען עס געווען די מגידים, וואס פלעגען זייער אפט קומען אין שטעטעל אויף א שבת, און אמאל אויך אין א וואכען טאג, און מיט זייער מוסר דרשות, שוין במילא אויך דערציילען ווי אזוי עס פלאגען זיך אונדזערע שוועסטער און ברידער אין אנדערע לענדער. ווי אזוי גאטס צארען האט זיך אויס־געגאסען אויף א טייל אידען, ווי אזוי מלכים רשעים זיינען גוזר שלעכטע גזרות אויף אחינו בני ישראל, כדי זיי צו פארטיליגען.

אויך פון אמעריקע האט מען אין יענע יארען זייער ווייניג געהערט און געוואוסט. און ווען אפילו שפעטער, ווען די "ערשטע שוואלבען" זיינען שטילערהייט "אוועק" קיין אמעריקע, האבען דער־פון ק ינער ניט גערעדט. די אייגענע פון די אוועקגעפארענע האבן אזא זאך געהאלטען שטרענג בסוד. ווייל אזוי גלאט, מיר נישט, דיר נישט, איז מען מיט איבער אכציג יאר צוריק פון גלינע ניט אוועקגעפארען קיין אמעריקע. עפיס האט געמוזט זיין א אורזאך פאר דעם. אנזעצען, געדארפט גייען זיצען אין קרימינאל, אדער אנט־לאפען פון מיליטער, און אזוינע זאכען צעפויקט מען ניט אין די גאסען...

מיט יארען שפעטער פלעגט פון א גלינער אידען אין אמעריקע, אדער לאנדאן אנקומען א אידישע צייטונג אדער א ראמאן, וואס געציילטע אידען פלעגען דאס לייענען, און ווייל דער ראמאן איז געווען געדרוקט אין דער צייטונג האט מען שוין אויך ארייגעקוקט אין די נייעס. עס האט ניט געמאכט קיין אונטערשיד ווי אלט די צייטונג איז געווען. און אזוי האט מען זיך דערוואוסט וואס עס טוט זיך אויף דער וועלט, און צווישען די אידען אין אמעריקע און אין לאנדאן.

צו יענער צייט, אין די זעכציגער יארען פונם ניינצענטען יאר הונדערט, האט דער רוב מנין און רוב בנין פון די גלינער אידען זייער וויניג געוואוסט וועגען שטרעבונגען און באוועגונגען, וועלכע קומען פאר אין דעם אידישען לעבען, אין אנדערע לענדער. דאך האבען זיך פארט אריינגעריסן אין דעם פאנאטישען רעליגיעז־חסידישען לעבען, כוואליעס פון נייע אידישע געדאנקען און באוועגונגען.

געקומען זיינען די נייע אידייען שטילערהייט, דורך עטליכע גלינער און צוגעקומענע, וואס מיט זייער אויסערליכער פירונגען האבען זיי אויף זיך ניט געצויגען קיין שום אויפמערקזאמקייט. די גלינער שטילע משכילים און מתנגדים האבען אלס א כלל אין זייערע פירונגען און אינם פאמיליע לעבען, זייער זעלטען זיך אונטערשיידט פון אלע אנדערע אידען אין שטעטעל. אלע משכילים און מתנגדים אין שטעטעל האבען געטראגען באָרד און פאות, געגאנגען אנגעטאן א בעקעשקע, אדער שיפּקע, מיט א גארטעל ארום די לענדען און אין א אטלעסענעם קאפעליוש. שבת און יום טוב געטראגען א שטריימעל, געדאווענט אין די זעלבע בתי התפילות, גלייך מיט אלע אידען. געפאסט יעדען תענית, געגאנגען צו תשליך, געשלאגען כפרות. ערב יום כפור זיך געלאזט שלאגען מלקות, און געגאנגען אין מרחץ באגלייך מיט אלע אידען.

די השכלה אידייען זיינען אריינגעדרונגען אין גלינע דורך די מסחרים וואס די גלינער אידען האבען געפירט מיט לעמבערג, זלאטשאוו, טארנאפאל און בראד, און אויך וואס גלינער אידען האבען זיך משדך געווען מיט בראדער אידען.

פון די זלאצאווער משכילים האבען אין גלינע געלעבט א לענגערע צייט נח פירסט, משה שעפס און דער קרומער הערשעלע. הערש לוזער טעלער איז קיין גלינע געקומען ארום די יארען 1862 פון בארטיזשאנע. ער איז געווען דער באקאנטער העברעאישער פעדאגאג און מחבר פון דקדוק ספרים אין העברעאיש. די אלע יארען וואס ער האט געלעבט אין גלינע, האט ער געהאט א אריינגאנג צו די אידישע גבירים, וואו ער האט געגעבען שטונדען צו זייערע קינדער. ער האט געלערענט לעזען און שרייבען די אינגלעך פון די פאמיליעס ראזען, באסעכעס, פינעלעס און אנדערע. אויף אט די פאמיליעס האט ער געהאט א גרויסע גייסטיגע השפעה, איבערהויפט אויף זייערע קינדער, מיט וועמען ער האט אין דער שטיל אויך געלעזען מיט זיי דייטשע און העברעאישע השכלה ביכלעך. צוליב זיינע אדויסגעזאגטע מיינונגען וועגען קהל, האט ער געמוזט פארלאזען דאס שטעטעל, און איז געווארען א לערער אין גאלאץ.

משה שעפס און נח פירסט זיינען פון גלינע אוועקגעפארען קיין וויען. שעפס איז געווארען דער רעדאקטאר פון דער "ווינער אידישער צייטונג וואכענבלאט", נח פירסט איז געווארען דער בארימטער מארים פירסט, דער באלעבאס און רעדאקטאר פון דער "ווינער נייער צייטונג" וועלכע האט געהאט א גרויסען איינפלוס אויף דער אמאליגער פירונג פון דער עסטרייכישער רעגירונג. דער קרומער הערשעלע איז געבליבען א שטונדען געבער און מלמד אין גלינע, און געהאט א איינפלוס אין זיין קרייז.

דאס "שטונדען געבען", לערנען מיט קינדער לעזען און שרייבן די לאנד שפראך, וואס איז אין יענער צייט אין גאליציען געווען מער דייטש ווי פויליש, האט אסך געהאלפען אז קיין גלינע זאלען זיך א לאז טאן אזוינע לערער, שטונדען געבער, וואס האבען מיט זיך מיטגעבראכט נייע אידייען און געדאנקען. הגם נאך אין יאר 1782 האט קייזער יוזעף דער צווייטער ארויסגעגעבען א געזעץ אז אידען זאלען לאזען לערנען זייערע קינדער אין די רעגירונגס שולען, וועלכע מען האט אין גאליציען גערופען "שקאלעס", האבען כמעט ניינציג פראצענט פון די גלינער אידישע קינדער וואס זיינער געגאנגען אין דער שקאלע געווען בלויז מיידלעך. די אינגלעך האבען די טאטעס געשיקט אין חדר אויף א גאנצען טאג, דארט לערנען. אבער אזוי ווי איינציגע טאטעס האבען פארט געוואלט אז זייערע אינגלעך זאלען קענען לעזען און שרייבען דייטש און פויליש, האבען זיי פאר זייערע אינגלעך גענדונגען די שטונדען געבער, דאס הייסט, לערער וואס האבען געקראגען באצאלט פאר דער שעה לערנען. זייער ווייניג גלינער אידן האבען אין יענער צייט געקאנט דייטש און פויליש, הגם ריידען האבן זיי יא צוביסלעך געקאנט. זייער גאנצער מסחר, קארעספאנדענץ, און די ביכער האבען זיי געפירט אויף העברעאיש. ווען מען האט געדארפט אונטערשרייבען א פאפיר אין געריכט אדער אין דער געמיינדע, האט מען געמאכט א רינגעלע, אדער זיך אונטערגעשריבען אין העברעאיש.

האט עמיצער געדארפט אנשרייבען אן אדרעס, א ביטע צום פריץ, איז מען מיט דעם געגאנגען צו א ווינקעל שרייבער, א באאמטערעל אדער א לערער פון דער שקאלע. אין געריכט פראצעסען איז מען געפארען צו אן אדוואקאט קיין זלאצאוו, לעמבערג אדער בראד.

איינער פון די גלינער אידען וואס האט יא געקאנט שרייבן דייטש און פויליש, לשון קודש און זשארגאן (אידיש) איז געווען ר' משה לייב לאנעס. ער פלעגט אויך שרייבען פראשעניעס און קלאגעס צום געריכט און אפילו ביטעס צום קייזער. דאס איז אלץ געוועדט פון די פריערדיגע יארען – 1850 און ווייטער.

די שטאט בראד האט געהאט א גרויסען איינפלוס אויף אונזער שטעטעל גלינע. געאגראפיש איז די שטאט בראד געווען לעבען דער רוסישער גרעניץ און דאס האט געשאפען די מעגליכקייט אז בראד זאל ווערען א גרויסע מסחר שטאט, מיט א ספעציעלע דערלויבעניש פון דער עסטרייכעשער רעגירונג צו קענען אהין אריינפירען פארשידענע סחורות אן שום אפצאל-שטייער, דערפאר האט מען די שטאט בראד גערופען "אפרייע שטאט".

א חוץ די שוין פון פריער דערמאנטע משכלים וואס האבען געהאט אן השפעה אויף די גלינער אידען, זיינען געווען נאך אנדערע, וואס זייער ווירקונג איז שוין געווען א מער שטארקערע, און וואס אונטער זייער אויפזיכט איז דערצויגען געווארען א דור, וואס איז שפעטער געווארען די פיאנערען פון דעם חובבי ציון רעיון און פון דעם פאליטישען ציוניזם.

## ר' יאנקעלע חיה-אסתרס

איינער פון די צוגעקומענע שטילע משכלים אין גלינע, איז געוועזן ר' יאנקעלע ענדע. (יאנקעלע חיה־אסתרס האט מען אים גערופן, אויפן ווייבס נאמען) געקומען איז ער קיין גלינע פון בראד אין יאר תק"צ אדער אין תקצ"ב. ער איז געווען א שטילער און צוריקגעצויגענער מענש, זיך אפגעגעבען מיט האנדעל אין דעם דארף פרענאיעוו. געוואוינט האט ער אין מארק צווישען די קלייטען, אין א קליין ענג שטיבעל, וואס חוץ דער וואוינונג איז עס אויך געווען דער סקלאד פאר זיינע סחורות. יעדע פרייע צייט האט מען אים געקאנט זעען מיט א ספר אין האנט, כסדר געלערנט און זיך געגריבלט, פון נאטור איז ער געווען א שוואכער מענש.

יעדער איינער פון די גלינער לומדים, וואס האט ניט אזוי קלאר פארשטאנען א פסוק אין תנ"ך האט ער נאר געדארפט א פרעג טאן ביי ר' יאנקעלען, און יענער האט עס אים דערקלערט און געגעבען צו פארשטייען.

פאר א צייט פון יארען האט ר' יאנקעלע יעדען שבת ביי טאג געלערנט אין שטאטישען בית המדרש מיט פשוטע אידען, וועלכע זיינען א גאנצע וואך געווען פארפלאגט מיט זייערע פרנסות – מיט זיי געלערנט די סדרה פון דער וואך, אביסעל רש"י, און א שטיקעלע אלשיך. עס פלעגט זיין ע תענוג רוחני צוקוקען ווי עטליכע מנינים אידען זיצען ביי א לאנגען טיש און הערען זיך צו מיט גרויס דרך ארץ צו יעדעס ווארט וואס קומט ארויס פון זייער רבינס מויל. "דער אלשיך הקדוש, זאגט!" האט ער ליב געהאט אויסשרייען. נאכן לערנען האט מען געדאווענט אלע צוזאמען און ביי דעם זעלבן טיש אויך געפראוועט דעם שלוש סעודות, וואס אפאר תלמידים האבען געבראכט לכבוד זייער רבין.

אין מיטען וואך, נאך מעריב, ווען ר' יאנקעלע האט געהאט צייט און איז געווער בקו הבריאות, האט ער געהאט אנדערע תלמידים. עס פלעגען זיך ביי אים אין שטוב זיך צונויפנעמען עטליכע יונגעלייט וואס האבען אליין געלערנט מיט גרויס התמדה דקדוק און תנ"ך, און ר' יאנקעלע האט אלץ וואס עס איז זיי ניט קלאר געווען, זיי מסביר געווען, גלייך ווי ער וואלט געלערנט פאר א קלאס סטודענטן. ר' יאנקעלע האט א סך געהאלפען צו פארשפרייטען אידיש וויסען אין אונדזער שטעטעל.

### ר' יוסף הארָאוויץ:

ר' יוסף הארָאוויץ, דער איידעם פון ר' אפרים פערנאיווער איז געקומען קיין גלינע אינם יאר 1880 פון דעם שטעטעל זאלאזיץ, ניט ווייט פון בראד. ער איז געווען א זון פון א גרויסער מיחוסדיגער חסידישער משפחה, און געהאט סמיכה אויף רבנות. ער איז געווען א איידעם אויף קעסט, און געווען פריי פון דאגות פרנסה. האט ער נאך דער חתונה גאנצע טעג און נעכט געלערנט ביי זיך אין דער היים און אויך אין קלויז, און איז דארטען געווען א שטילער וועג ווייזער, מנהיג, פאר א גרויסן טייל קלויז לערנער, וועלכע פלעגען זיך באראטען פאר זיינע תלמידים. פון צייט צו צייט פלעגט ר' יוסף שרייבען אין די העברעאישע צייטשריפטען "העברי" און אין "היהודה".

ער האט זיך קארעספאנדירט מיט פרץ סמאלענסקין, שלמה בובער און אנדערע געלערענטע פון יענער צייט. איינציגע בחורים פלעגען זיך צונויפקומען ביי אים אין שטוב און דארטען שטילערהייט אז קיי־נער זאל ניט וויסען לייענען השכלה ביכלעך און צייטונגען. איינמאל האט זיך געטראפען אז זיין שווער איז געוואָרע גע־ווארען פון א קארעספאדענץ אינם "העברי", וואס ר' יוסף האט דארט געשריבען וועגען דעם שטעטעל גלינע. זיין שווער, ר'אפרים פראנאיווער, א הייסער סטרעטינער חסיד, האט פאר גרויס כעס, וואס זיין איידעם, וועלכער פארט אליין אויך צום טרעטינער, זאל טאן אזא זאך, שרייבען אין די גאזעטען! ער האט צונויפגעזוכט אלע טריף פסול , וואס זיין איידעם האט געהאט, זיי צעריסען און דערנאך פארברענט. ר' יוסף האט פאר א לאנגער צייט געמוזט אוועק־פארען פון גלינע, ערשט ווען זיין שווער איז געשטארבען איז ער צוריקגעקומען.

ווען ער האט זיך ווידער אביסעל איינגעארדענט מיט זיין באלעבאטישקייט, האט ער זיך ווידער אנגעהויבען צו פירען אויף זיין שטייגער. ער האט ווידער געלערענט אליין, און ווידער זיינען צו אים אין שטוב געקומען די בחורים משה נחומס, ברוך חוהלעס־באסעכעס און זיין ברודער יהושע, הילל איסערס־פינעלעס, שלמה קיגעל־כהן, שלמה זינדעלס-אונגאר, יעקב שעוועס-ראטה און נאך יונגעלייט.

זיי פלעגען איינקויפען השכלה ביכער, אויסשרייבען צייטונגען און זשורנאלען, וועלכע זיי האבען אליין געלייענט און אויך פארטיילט צווישען אנדערע. ר' יוסף האראוויץ האט זיך אזוי שטארק אריינגעלעבט צווישען די גלינער אידען, אז אסך אין שטעטעל האבען אינגאנצען גאר פארגעסען אז ער איז נישט קיין גלינער א געבוירענער.

ער האט פאר יארען לאנג געפירט א שטילע מלחמה מיט דעם רבין ר' בצלאל און אין אסך פאלען זיך עפענטליך געשטעלט קעגען דעם רבינס פארלאנגען. מיט זיין לומדות און שטרענג רעלי־גיעזער פירונג זיינער האט ר' יוסף זיך פארשאפט אסך אנזעען און א גרויסע נאכפאלגערשאפט.

נאך זיין שווערס טויט האט ער איבערגענומען א גרויסע ירושה. די קרעטשמע אין דארף פראנאיעוו און אסך פעלדער. ער האט אנגעהויבען צו פירען מסחרים, אבער ער האט געהאט ווייניג מזל צו דעם, און מיט דער צייט פון יארען איז ער געבליבען בלויז ביים לערנען, ביי זיינע קענטעניסען.

זייענדיג א איד א מטפל מיט קינדער איז ער מיט זיין פאמיליע אפגעפארען קיין אמעריקע. אינם יאר 1899 איז ער אין פראווידענס, ראוד איילאנד אויפגענומען געווארען אלס רב, און פון דעם יאר 1901 ביז זיין טויט 1906 איז הרב האראוויץ געווען רב ביי דער חברה 99ער אין ניו יארק.

## הרב ר' ברוך באסעכעס:

ר' ברוך באסעכעס איז פאר היפשע עטליכע יארען געווען דיין אין גלינע, שפעטער איז ער אויפגענומען געווארען אלס רב אין דער שטאט בארדאזשאנע, רומעניע. איידער ער איז אוועקגעפארען פונם שטעטל, נאכדעם ווען ר' יאנקעלע חיה אסתרס איז געשטארבן האט ר' ברוך איבערגענומען דאס לערנען שבת בייטאג. זיך געפירט אויף דעם זעלבען אופן ווי ר' יאנקעלע. געלערנט אין דעם שטאטישען בית המדרש יעדען שבת בין מנחה למעריב, מיט דער זעלבער עדה אידען, וואס ר' יאנקעלע פלעגט מיט זיי לערנען חומש מיט רש"י, און די בעלי מלאכות, קרעמער און דארפס גייער האבען אים אפגעגעבען אזוי פיל כבוד, ווי זייערען פריערדיגען רבין, ר' יאנקעלע.

ר' ברוך אים געווען א געבוירענער א גלינער, דער זון פון ר' יאנקעלע און חוהלע באסעכעס.ביידע זיינען געווען אידעלע און גוטע מענשען, פון די שענסטע משפחות אין שטאט. די שענסטע נדבה האט מען ביי זיי אין שטוב געקראגען, זיי האבען געהאלפען גלינער אידען אפען און בסתר. א חוץ הרב ר' ברוכן האבען זיי געהאט נאך דריי זין. צוויי, ר' נחמיה און ר' מרדכי זיינען געווען גרויסע לומדים, האבען געהאט פיל ספרים און יומם ולילה געזעסען און געלערנט. זיי זיינען זייער יונג געשטארבען. זיי האבען אויך געהאט א יונגערען זון, "שיקע" יהושע, וועלכער איז געווען איינער פון די ערשטע גלינער ציוניסטען. א ענערגיש איבערגעגעבענער ארבעטער פאר דעם אידעאל. זיי האבען אויך געהאט דריי טעכטער, מלכה, שרה־חנה און רבקהלע, די לעצטע זיינען אומגעקומען אים חורבן גלינע.

א חוץ די קלויז בחורים און איינציגע שטילע אבער ענערגישע פארשפרייטער פון השכלה אין אונדזער שטעטל, זיינען אויך צוגעקומען עטליכע איבערגעגעבענע אויפקלערער און כלל טועב, וואס האבען גארנישט געהאט צו טאן מיט לערנען. אין קלויז אין בית המדרש ביי די גמראות זיינען זיי נישט געזעסען, אבער אין בראד זיינען זיי יא געווען, און דארטען פאר א לענגערע צייט יא געלערנט. און ווען זיי זיינען צוריקגעקומען א היים קיין גלינע, האבען זיי מיטגעבראכט אשטיק בראדער לעבען, א שטיק בראדער השכלה, און אפשר אונבאוואוסטערהייט, האבען זיי אסך מיטגעהאלפען צו פארשפרייטען בילדונג צווישען דער גלינער יוגענד.

ר' לייב שראבער (לייב וואלף)

די הויפט טוער צווישען די מענשען זיינען געווען "אלישע־יהודה", וואס איז געווען באקאנט אין שטעטל און אין דער ארומיגער געגענד אלס לייב שראבער, און אהרן רובענצאל. ביידע קינדער פון גלינער בעלי מלאכות, ביידע זיך געלערענט אויף אייגענעם ווילען, ביידע יונגערהייט, נאר נישט אין דער זעלבער צייט, אוועק קיין בראד און דארטען געגאנגען אין דער "פרייער שולע" און ביידע צוריקגעקומען קיין גלינע. און אלע זייערע יארען געהאלפען פארשפרייטען בילדונג און גוטע מדות צווישען די גלינער אידען. הגם אין עלטער פון יארען איז צווישען זיי ביידען געווען א גרויסער אונטערשייד, דאך וואס לייב שראבער האט אנגעהויבען, האט אהרן רובענצאל געהאלפן ווייטער פירען.

ר' אלישע יהודה, המכונה ר' לייב שראבער, אדער בעסער געזאגט לייב וואלף, איז געבוירן געווארען אין גלינע ארום די יארען אכצען הונדערט זיבעץ און דרייסיג, ביי זיין טאטען אברהם מרדכי, א איד א שוסטער, אבער א מאמין אין גאט און אין זיין רבין, זאל לעבען. געפירט א פראסט ארים חסידיש לעבען, גלייך ווי דער גרעסטער טייל אידען אינם שטעטל. א חוץ שוסטעריי איז ר' אברהם מרדכי אויך געווען א מלאטשע, א קברן.

ווען לייב וואלף איז אפגעוועזען עטליכע יארען אין בראד, וואו ער האט געלערענט דייטש, פויליש אין דער בראדער פרייע־שולע, איז ער א היים געקומען געקליידט ווי א דייטש, מיט א קורצען ראק אין א צילינדער הוט. ווען די גלינער אידען און אויך די גוים האבען זיך דערוואוסט אז ליבב וואלף קאן אנשרייבען א פראשעניע, האבען זיי אים א נאמען געגעבען לייב שראבער. ער האט זיך איינגעארדענט א מין קאנצעליאריע און אידען און גוים זיינען צו אים געקומען שרייבען זייערע פראשעניעס. מיט דער צייט האט דאס מאגיסטראט אים געמאכט פאר דעם שטאטישען אסעסאר, אים געגעבען דאס רעכט אויסמעסטן די גרעניצען פון איינעמס פעלדער, די ברייט פון די גאסען, דער פארנעם פלאץ פון א הויז. אויך האט דער סטאראסטווא אים איבערגעגעבען די פירונג פון די מעטריקעס, פארשרייבען די געבורטען, און די טויטען שיין פון יעדען איד אין שטעטל.

מיט דער צייט איז ער געווארען א ראדניק אין דעם מאגיסטראט, א פארטרעטער ביי דער אסעקוירונג קאמיסיע, א ראש הקהל, און בעאמטער אין דער ערשטער שפאר און לייי קאסע, אין גלינע. ער האט אויך פון צייט צו צייט געשריבען "געדיכטע" און קארעספאדענציעס אין דר. בלאקס וואכענשריפט, אין וויען. אויב קייזער פראנץ יאזעף דער ערשטער האט ווען עס איז געהאט א פארערער א פאטריאט, איז עס געווען לייב שראבער. עס איז ניט געווען איין ראש חודש בענטשען אז לייב שראבער זאל ניט מאכען א מי שברך און א נותן תשועה להקיסר פראנץ יאזעף. און יעדעס יאר, דעם 18 אויגוסט, דער געבורטסטאג פון פראנץ יוזעף, פלעגט לייב שראבער זיך אנטאן די שבת־דיגע קאפאטע און האלטען א פאטריאטישע רעדע אין שול, פאר א גרויסען עולם אידען און אפילו קריסטען האבען זיך צוגעהערט מיט גרויס דרך ארץ.

ער האט אויך געזעען אז אין שטעטל זאל איינגעפירט ווערן סאניטארישע באדינגונגען, דורכגעפירט אז מען זאל מאכען א געפלאסטערטען טראטואר אין איינינגע גאסען.

ווען אים יאר 1895 איז דאס שטעטל כמעט אינגאנצען אפגעברענט געווארען, האט לייב שראבער אסך מי און געזונט אוועקגעגעבען צו באקומען הילף פאר דעם ארימען טייל אידען אין שטעטל, וועלכער זיינען נאך דער שרפה געבליבן ווי אויפען וואסער. ער האט דאן אנגעו ענדט זיין גאנצע שרייבערישע קענטעניסען, געשריבען צו אלע וואוילטעטיגע אינסטיטוציעס און ארגאניזאציעס און געבעטען הילף, איבערהויפט צו דעם באראן הירש קוראטאריום אין וויען און צום קייזער פראנץ יאזעף, און די מערסטע האבען געענטפערט מיט צוגעשיקטער הילף. ער האט אויך ביי דער געלעגענהייט דערזעען מעגליכקייט אריינצוברענגען מער בילדונג און פראקטישע הילף, דורך ארבעט פאר די גלינער אידען.

אין יענער צייט גראד האט דער באראן מאריסץ פאן הירש געגרינדעט שולען אין גאליציען און אין בוקאווינע, האט לייב שראבער אנגעווענדט אלע מיטלען צו האבען א באראן הירש שולע אין גלינע. ער האט געשריבען ביטעס, ארגאניזירט קאמיטעטען, געפארען קיין לעמבערג, קיין וויען, וועגען דעם ענין.

ער האט פאר דעם געדארפט פירען א ביטערען קאמף מיטען רבין, מיט זיינע חסידים און מיט גאנץ קהל, וועלכע האבען אלץ געטאן אויפצורייצען די גלינער אידען קעגען האבען אזא שולע אין שטאט. לייב שראבער האט אבער געהאט געטרייע מיטהעלפער אין דער ארבעט, דאס זיינען געווען די יונגע משכלים און די שטילע חובבי ציון פון שטעטעל. און לייב שראבער האט דעם קאמף געוואונען. און די אכט הונדערט ביז טויזענט אידישע קינדער, וואס זיינען געגאנגען אין דער באראן הירש שולע, וועלען זייער גאנץ לעבען געדענקען מיט גרויס יראת הכבוד דעם נאמען " לייב שראבער".

לייב שראבער האט אויפגעצויגען א גרויסע פאמיליע פון זין און טעכטער. כמעט אלע אין זיין משפחה זיינען געווען מוזיקאליש באגאבט. זיין זון פסחיהי און זיינע אייניקלעך, בעריש, יאזעף און מוני זיינען געווען מוזיקער, פסחיהיס זון יאזעף האט שטודירט אין וויען און געווען א באקאנטער פידלער אין ניו יארק. אפרים כ"ץ איז געווען א באוואוסטער ציוניסטישער עסקן און כלל טוער.

איינער פון זיינע אייניקלעך, בעריש כ"ץ, נאך זייענדיג אין גלינע האט ער פארפאסט מוזיקאלישע קאמפאזיציעס. קומענדיג אין ניו יארק האט ער א לענגערע צייט געשפילט אין טעאטערען אויף בראדוויי, און אויך א שטיק צייט אנגעפירט אויף דער ראדיא סטאנציע מיט אן אייגענער קאפעליע מוזיקער, אונטער דעם נאמען " בויבעריקע קאפעליע", פאר וועלכער ער האט פארפאסט די מוזיק.

אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט מלחמה, אין יאר 1914, ווען די רוסען זיינען דאס ערשטע מאל אריין אין שטעטעל, איז ער מיט אלע גלינער אידען אנטלאפען פונם שטעטעל. לייב שראבער איז אין יאר 1915 געשטארבען אין לעמבערג.

צו דעם פאמיליע קרייז פון לייב שראבער, קען אויך צוגערעכענט ווערען משהלע שטאם, אדער ווי מען האט אים גערופען "משהלע מארשאלעק", דער גלינער מארשאלעק. ער איז געווען א איידעלער איד, געקענט דייטש, פויליש און אידיש. חוץ זיין "באזינגען און באזאגען", האט ער אויך מיט נגידישע קינדער געלערענט דייטש און אידיש, לייענען און שרייבען. די מערסטע פון זיינע "באזאגערצען" האט ער אליין פארפאסט, ער האט אויך געשריבען לידער און זיי אפגעדרוקט, אסך זיינען פארבליבען אין כתב יד.

# די באראן הירש שולע אין גלינע

ביי יעדען פאלק און פאלק קומען פאר געשעעענישען וואס ברענגען מיט זיך געוויסע און וויכטיגע ענדערונגען אין דעם לעבן פונם פאלק. אויך דאס אידישע פאלק איז ניט קיין אויסנאם, אויך ביים אידישען פאלק קומען פאר געשעעענישען און ענדערונגען, ווי נאך א גרויסער נאציאנאלער קאטאסטראפיע, אדער נאך א אויפקום פון א גרויסער רעליגיעזער אדער נאציאנאלער אידייע. אויף א קלענערער מאס קומען די ענדערונגען אויך פאר אין איינצעלנע אידישע קהלות. נאך א א פאסירונג, ווי א גרויסע שריפה, א גרויס מחלוקת, א פאגראם אין א שטעטעל, און ווען מען לייענט וועגען דעם שפעטער אין אלטע ספרים, הויבט דאס ערשטע בלעטעל זיך אן מיטען באקאנטען "ויהי" און עס איז געוועזען.

אויך אין אונדזער שטעטעל איז געוועזען א "ויהי", דאס איז די גרויסע שרפה אין יאר 1859, וואס האט נאך זיך געבראכט די באראן הירש שולע אין גלינע., און דערמיט גורם געוועזען צו גאנצע ענדערונגען אין דעם קולטורעלען לעבען פון די גלינער אידען.

נאך מיט יארען צוריק, איידער די באראן הירש שולע איז געהעפענט געווארען אין שטעטעל, האט די ווינער-אליאנץ (אידישע געזעלשאפט צו העלפען אידען) באשלאסען צו גרינדען שולען פאר אידישע קינדער אין גאליציע. אלס א פראבע, צי דער פלאן וועט ארבעטען האבען זיי אויסגעקליבען דריי שטעטלעך אין מזרח-גאליציע: זשורא ווגע,זבאראש און גלינע.

ווען די גלינער פרומאקעס האבען זיך פון דעם דערוואוסט, האבען זיי געארבעט מעשים ,דעם פלאן צו צושטערען. פון דעם רבין אליין איז שוין אפגערעדט, ער האט וועלטען איינגעלייגט, געטאן אלצדינג ניט צו דערלאזען אז די אליאנץ זאל אריינברענגען זייער ווינער אפיקורסות אין שטעטעל. אפילו די בעלי מלאכות און די ארימע לייט זיינען געווען קעגן. אסך פשוטע אידען זיינען א לאנגע צייט ארומגעגאנגען, געפילדערט, זיך געקריגט און געוואלדעוועט: "מיר וועלען צו אזא זאך ניט דערלאזען!". עס איז כאראקטעריסטיש מיט וואס פאר ארגומענטען זיי האבען זיך באנוצט. מיטען "ניט וועלען דערלאזען" האבען א טייל געזאגט, אז זיי וועלען פרייטאג צו נאכטס, נאך קבלת שבת קומען א היים פונם דאווענען און זאגען "שלום עליכם", וועלען זייערע קינדער זיצען פאר זייערע אויגען און רויכערען ציגארען. עס פארשטייט זיך אז אין גלינע איז פון דעם ווינער אליאנץ-פלאן גארניט געווארען.

מיט יארען שפעטער האט די באראן הירש קוראטאריום אין ווין, מיט איר פלאן צו גרינדען א שולע אין גלינע געהאט א בעסערע מערכה, און דאס צוליב דער גרויסער שרפה און אנדערע אומשטענדען.

איידער מיר גייען איבער צו באשרייבען די באראן הירש - שולע אין גלינע, איז כדאי אין קורצען צו ברענגען עטליכע היסטארישע פאקטען וועגען דער גרינדונג פון די באראן הירש שולען אין גאליציע און אין בוקאווינע, און א קורצע ביאגראפיע פון דעם פאטער פון אט די שולען.

מאריץ פרייהער פאן דע הירש-געררייטה, בעסער באקאנט אלס באראן הירש, איז געבוירען געווארען אין מינכען, דייטשלאנד, דעם 9טען דעצעמבער,1831 און איז געשטארבען אין ערסעק-איוואר, אונגארן, דעם 21סטען אפריל, 1896. ער האט דעם גרעסטען טייל פון זיין לעבען געלעבט אין עסטרייך, און עס איז געווען גאנץ נאטירלעך אז ער זאל זיך באקענען מיט דעם לעבען פון די אידישע מאסען אין דער עסטרייכעשער מדינה. מיט דער קלאגעדיגער לאגע פון די אידען אין גאליציע און בוקאווינע, וואס זיינען דאן געווען עסטרייכישע פראווינצען. אינם יאר 1888 האט דער באראן דע הירש, אויף דער עצה פון דר. אדאלף יעללעניק, געגרינדעט " די באראן דע הירש שטיפטונג פאר דער באפעדערונג פאר שולוועזען, האנדווערק און אקערבוי אין אסט(מזרח) און אין וועסט (מערב) גאליציע און בוקאווינא".

אין דעם זעלבען יאר האט די עסטרייכישע רעגירונג געפייערט דעם פערציג יאריגען יובילייום פון קייזער פראנץ יאזעף דעם ערשטען. האט דער באראן הירש ,וועלכער איז צו יענער צייט געווען אין פאריז, איבערגעגעבען א ביטע צום עסטרייכישען קעניגלעכען מיניסטעריאום דאס אינערען, אויך צום עסטרייכישען קולטור מיניסטעריום אין וויען, וועגען א דערלויבעניש צו גרינדען די דערמאנטע ארגאניזאציע. מיט א סיגנירטען קאפיטאל פון צוועלף (12) מיליאן פראנק. אין דריי יאר שפעטער איז דער פארלאנג באוויליגט געווארען. די סומע פון צוועלעף מיליאן פראנק ,פאר דעם צוועק זיינען אין פארשידענע ווערט-פאפירען, אקציעס , דעפאזיט געווארען ביי דער קעניגלעכער לאנדעס הויפט-באנק, אין וויען.(דעקרעט פון דעם קולטוס מיניסטאריום, פעברואר דעם 7טען,1891, №274) די פירונג פון די שולען איז איבערגעגעבען געווארען צו א פארוואלטונגס-ראטה, קוראטאריום, וועלכע איז באשטאנען פון 18 מיטגלידער. 14 מיטגלידער זיינען באשטימט געווארען פון באראן הירש, 4 פון דער עסטרייכישער רעגירונג.

דעם ערשטען סעפטעמבער 1895, אין חודש אלול איז אין גלינע געהעפענט געווארען די באראן הירש שולע, מיט דעם האט זיך אנגעהויבען דער ערשטער שול יאר, מיט די לערער דר. יעקב טארטאקאווער אלס דער עקסאר פאר אלגעמיינע למודים, און אהרן רובענצאל אלס רעליגיע לערער.

נאר עס טוט זיך ניט אזוי גרינג ווי עס רעדט זיך. אסך, אסך פריער האבען זיך די ביטעס און פארהאנדלונגען צו באראן הירש קוראטאריום אין וויען, וועגען גרינדען אין גלינע א שולע, שוין אנגעהויבען. נישט איינמאל איז לייב שראבער אליין און אויך קאמיטעט געפארען קיין לעמבערג, און אפילו קיין וויען וועגען דעם ענין. אויך איז דער שול אינספעקטאר, נחמיה לאנדעס, נישט איינמאל געקומען קיין גלינע אויסצוגעפינען די סענטימענטען פון די גלינער אידען, וועלכע וועלען דארפען שיקען זייערע קינדער אין דער שולע. וואס זאגען זיי וועגען דעם ענין! אזוי האט זיך די זאך געשלעפט פאר חדשים און חדשים, אין שטעטעל האט מען זיך ארומגעקריגט. עס האבען זיך געשאפען פארטייען, פאר דער באראן הירש-שולע און קעגען דער שולע. דער קאמף איז געווען א מער געלאסענער, ווייל מען האט שוין ניט געקאנט זיך באנוצען מיט די אלע נארישע באבע מעשיות, פון מאכען קינדער פאר אפיקורסים, ווי אין די פריערדיגע יארען. איבערנויפט האט דער צד, וואס איז

געוועזן פאר א באראן הירש שולע, איצט ניט אפגעטראטען פון זייער שטאנדפונקט, און ניט אויפגעהערט אנצואווייזען אויף דער נוצליכקייט פון אזא שולע, סיי פאר די קינדער , סיי פאר די ארימע עלטערען: מיט דעם לערנען די ארימע קינדער לייענען און שרייבען , וועלען זיי קענען קוקען אויף דער וועלט מיט אפענע אויגען, מען וועט אויסלערנען א סך פון זיי מלאכות און אזוי ארום שאפען פאר זיי א עקזיסטענץ אין לעבען. אויך ארויסהעלפען די ארימע עלטערען פון די קינדער, געבען איינמאל אין טאג א ווארימען מאלצייט, און אויך צו ביסלעך קליידונג פאר די ארימעתלמדים פון דער שולע.

די ארגומענטען האבען אויף א טייל אידען פונם שטעטעל געהאט א געוויסען איינפלוס, אבער נאר א קלענער טייל איז געווען באשלאסען אויף יא. אין מיטען פון דעם וואקלעניש, איז געקומען די גרויסע שרפה אין שטעטל. די ארימקייט און נויט איז געווארען נאך גרעסער ווי פאר דער שרפה. די מלמדים האבען געמוזט לערנען מיט די קינדער אין פלוש פון דער שול, אינם בית המדרש, וואס זיינען ניצול געווארען פון די פלאמען. און ווי שלעכט די דיסציפלין פון די מלמדים צו זייערע תלמדים, ווי שלעכט און נישט סאניטאריש עס זיינען געוועזן די חדרים פאר דער שרפה, זיינען זיי נאך דער שרפה געווארען אסך ,אסך ערגער, ממש נישט צום איבערטראגען. און נישט איינמאל האט די פאליציי צעטריבען די חדרים, און באשטראפט די מלמדים מיט א שטראף. די קינדער זיינען מערסטענס ארומגעגאנגען פוסט און פאס.

אין יענער צייט האט דאס באראן הירש קוראטאריאום אין וויען , באשלאסען צו עפענען א שולע אין גלינע, אין אנזער שטעטל.

אין גלינע איז אנגעקומען דער הער לאנדוי און מיט דער הילף פון לייב שראבער, אהרן רובענצאל און נאך עטליכע אידען, האט מען זיך גענומען פארווירקליכען דעם פלאן, פון עפענען א באראן הירש שולע אין גלינע. קיין סך הייזער פון וועלכע מען זאל קענען אויסקלייבען א הויז וואס זאל זיין פאסיג פאר א שולע, איז אין שטעטל נאך דער שרפה ניט געווען. האט מען געדונגען די" בעסטע" שטוב וואס מען האט געקאנט קריגען, דאס איז געווען ראכעל מאנדעלס הויז, וואו עס איז געשטאנען די "מאטקא באסקא",וואס דאס איז שפעטער געווארען א וויכטיגערפראבלעם פאר די עלטערען און די קינדער (וועגען דעם שפעטער) די שטוב איננווייניג איז איבערגעבויעט געווארען, מיט צוויי באזונדערע צימערען פאר צוויי קלאסען, מיט טול בענק און אנדערע שול איינריכטונגען. מיט א יאר שפעטער, ווען די שולע האט זיך געצוויטיגט אין א דריטען קלאס, האט מען אין דער זעלבער גאס געדונגען ביי א גוי א שטוב פאר דעם צוועק. ווען עס איז געקומען צו א פערטען קלאס, האט שוין די שולע געהאט איר אייגען הויז.(באלאכאווישטעס הויז לעבען דער.טארגאוויצע)

מיט עטליכע וואכען איידער די שולע האט זיך געדארפט עפענען, איז געקומען דער לערער דר? יעקב טארטאקאווער און אויך דער שול אינספעקטאר הער לאנדעס, אהרן רובענצאל און זיי האבען אנגעהויבען פארשרייבען די קינדער. אזוי ווי אין אלע אונטערנעמונגען איז "כל התחלות קשות" , אזוי איז עס אויך פארגעקומען מיטען ארייננשרייבען די קינדער אין שולע. אפילו צווישען די אידען וואס זיינען געוועזן פאר אזא שולע, האט מען זיך אויך

נישט געאײלט מיטען איינשרייבען א קינד, איינער האט געווארט אויפען אנדערען.זאל יענער זיין דער ערשטער!

ווער עס איז געווען פון די ערשטע גלינער איען איינשרייבען זיין קינד אין דער באראן הירש שולע, געדענק איך ניט, אבער זיי- ענדיג פון די ערשטע קינדער פונעם ערשטען קלאס, געדענק איך ווי אזוי מיין מאמע האט מיך דאס ערשטע מאל ארויסבאגלייט אין שולע אריין.

גאנץ פרי האט מען מיך אויפגעוועקט,איך האב זיך אפגעגאסען נעגעל וואסער, זיך אנגעטאן ,געזאגט מודה אני, אפגעדאווענט,הגם איך האב נאך נישט געלייגט קיין תפלין: עפיס אפגעגעסען, און די מאמע האט מיר געגעבען א יארמעלקע און אנגעזאגט אז איך זאל די יארמעלקע אנטאן אין שולע, און איר ניט אויסטאן אפילו ווען דער לערער וועט מיר הייסען. מיר אויך מיטגעגעבען א שטיקעל ברויט פאר ווארימעס, און מיר אנגעזאגט למען השם, ניט פארגעסען צו מאכען אן המוציא.

דאס זעלבע בילד איז אויך פארגעקומען אין אלע הייזער מיט אלע טאטעס און מאמעס, וואס האבען דאס ערשטע מאל ארויסגעפרא- וועט זייערע קינדער אין דער שולע. געקומען זיינען דעם ערשטען טאג ביי א צען-פופצען קינדער. די יונגע קינדער זיינען געווען אין עלטער פון 8-10 יאר, און די עלסטע זיינען געווען אין די יארען 12-14. מיט עטליכע וואכען שפעטער, נאך דער דערהעפענונג פון דער שולע , ווען די קלאסען זיינען געווען שוין איינגעשטעלט, זיינען אין שולע געווען קינדער פון אלע קלאסען און שיכטען. זייער א קליינער טייל פון די גאר גאר פאנאטיקער האבען זיך צוריקגעהאלטען פון שיקען זייערע קינדער אין דער שולע, ובפרט דאס ערשטע און דאס צווייטע יאר.

דער דירעקטאר, יעקב טארטאקאווער איז געווען א גוטער ארגא- ניזאטאר און שול פארוואלטער און מיט אסך טאקט, און אויך מיט דער עצה און מיטהילף פון לייב שראבער, האט ער איינגעשטעלט די גע- העריגע רוטינע און דיסציפלין, ווי די קינדער זאלען זיך פאר- האלטען אין דער שולע און אויסער דער שולע. עס האט נישט לאנג גענומען און די קינדער זיינען מער נישט געזעסען מיט די יארמעל- קעס אויף די קעפ, אחוץ ווען דער רעליגיע לערער, אהרן רובענצאל האט געלערענט מיט די קינדער חומש. אבער אויך איין זאך זיינען די קינדער ניט איינגעגאנגען און זיי האבען טאקע געוואונען:

דער שול פארוואלטער און לערער, הער טאראקאווער האט צוליב דיסציפלין און צוגעוואוינען די קינדער צו גוטע זיטען און מא- נירען, האט ער איינגעפירט, אז ווען מען גייט ארויס פון דער שו- לע א היים, זאל מען גייען פארען ווייז, ביז ארויס אויף דער גאס. נאך אזאך: אז מען באגעגענט א לערער אין גאס זאל מען אים באג- ריסען מיט אונטערהויבען דאס היטעל, און ווינטער זאל מען זיך ניט גליטשען אויפען אייז פון טייך. מילא, די לעצטע צוויי געבא- טען האט מען נאך ווי עס איז אויסגעפאלגט און אפגעהיט, אניט האט מען געקראגען באשטראפט, און טאקע מיט קלעפ , אבער דאס ער- שטע, צו באגריסען דעם לערער וואס איז געשטאנען אויפען טראטואר, לעבען דער "מאסקא באסקא" און אויפהויבען דאס היטעל, און ווי

אזוי קענען אידישע קינדער אויפהויבען א היטעל פאר דער "מאטקא באסקא"?, און נאך עטליכע וואכען פון יא און ניט באגריסען דעם לערער, ביים אהיימגייען, האט מען דעם פריקאז אפגעשאפט, מען האט דעם לערער באגריסט בלויז אין דער שולע גופא. נאך איין אינצידעט פון דער ערשטער צייט פון דער שולע איז ווערט צו פארצייכענען:

דער יארצייט-טאג פון דעם רבין ר' מעכעלע, האט נישט נאר זיין פאמיליע און דעם רבין בצלאלס מקורבים אפגעהיט און געפראוועט, נאר אסך גלינער אידען און חסידים פון אנדערע שטעט און שטעטלעך פלעגען יעדען יאר, אין טאג פון יארצייט, פארען אדער גייען צו פוס צום רבין ר' מעכעלעס קבר. אויף דעם וועג צום גלינער בית עולמין איז געשטאנען דאס הויז וואו די שולע האט זיך געפונען. נו, האט זיך אינעם ערשטען יאר, מיט א טאג פאר דעם יארצייט, זיך פארשפרייט א קלאנג צווישען די קינדער פון דער שולע, אז בשעת רבי בצלאל מיט זיינע חסידים וועלען פארער צום רבין ר' מעכעלעס קבר, וועט דאס הויז וואו די באראן הירש שולע געפינט זיך איינפאלען. די הויז מיט דער שולע וועט זיך אראפקייקלען פון דעם בערגעל, אויף וועלכען זי איז געשטאנען, און ארייננפאלען אין פאסע אריין. א פחד איז אנגעפאלען אויף די קליינע קינדער, א קעלט איז איבער יעדענס קינדס לייב דורכגעגאנגען, איינינע קינדער זיינען יענעם טאג אינגאנצען ניט געקומען אין שולע. די וואס זיינען יא געקומען האבען אלע מיט זיך געבראכט יארמעלקעס. דאס איז געווען אויף דער עצה פון רחמיאל ריינהארץ, דער עלסטער אינגעל אין קלאס, און איינער וואס איז געקומען פון א חסידישער משפחה. אז בשעת דער רבי וועט פארען פארביי דער שולע, זאלען אלע קינדער זיך אנטאן די יארמעלקעס און ארויסקוקען אין גאס. אלע קינדער האבען אים געפאלגט, אין די שולע האט זיך ניט איבערגעקערט...

ווען עס איז איינגעשטעלט געווארען דער לערענסיסטעם פאר דעם ערשטען יאר, איז אנגעקומען נאך א לערער, הער גערסטען, א פריינדליכער מענש, אבער צו די קינדער איז ער געווען זייער שטרענג.

דער לערען-טערמין אין שולע האט געדויערט פיר יאר צייט. דער לערנקורס (קוריקילום) פון דער שולע איז באשטאנען פון פויליש, דייטש, רוטעניש לייענען און שרייבען. היסטאריע (געשיכטע) מאטעמאטיק, געאגראפיע, אסטראנאמיע, באטאניק, זינגען און צייכענען. דאס זיינען געווען די אלגעמיינע למודים, וואס יעדעס קינד האט געמוזט דורכמאכען ביז ער האט פארענדיגט די פיר שול-קלאסען. חוץ דעם רעליגיעזען לימוד, וואס איז באשטאנען פון לערנען חומש, תנ"ך, דקדוק, שרייבען און לייענען לשון קודש, זשארגאן (אידיש) און זינגען. מען האט אויך געלערענט און דערקלערט די באדייטונג פון די אידישע יום טובים און עס זיינען אויך געפייערט געווארען איינינע אידיש-נאציאנאלע יום טובים, קעגען דעם פראגראם און ווילען פונם קוראטאריום. פאר נישט האבען די נויטיגע אויסצייכענונגען פאר רעליגיע איז מען געבליבען צוריק אין דעם פריערדיגן קלאס, גלייך ווי פאר ניט קענען איינעם פון די הויפט געגענשטאנדען פונם לערנקורס. געלערענט אין שולע האט מען פון אכט אין דער פרי ביז א זייגער דריי פארנאכט. ווען מען איז געקומען א היים איז מען ערשט געגאנגען אין חדר אריין.

דאס דארפען טיילען די צייט פאר דער שולע און פאר דעם חדר, און דאס וואס מען האט פריער געדארפט גייען אין שולע און נאכדעם ערשט אין חדר, איז געווען דער צינד־שטאף מיט וועלכען די חסידים האבען זיך באנוצט אויפצורייצען די פשוטע אידען פון שטעטעל, קעגען דער באראן הירש שולע( אין דער צייט ווער ר׳ שאפיראאיז געווען רבי אין שטעטעל, האט ער דעם ארגומענט אויסגענוצט הונדערט פראצענט, אין זיין קאמף אקעגען דער באראן אירש שולע) עס זיינען געווען זאכען וואס זיינען געווען א שטארקע קעגען ווירקונג און דאס איז געווען וואס די שולע האט א חוץ לערנען אויך געגעבען אלע ביכער און אלע שרייב געצייג פריי צו די שילער, אויך מאלצייטען און מלבושים.

די ארימע קינדער פון דער שולע האט מען יעדען טאג, צוועלעף דעם זייגער געגעבען א טעפעלע הייסע מילך מיט א גרויסער פארקע (ווייס־בולקעלע) און אין א קאלטען טאג א שיסעלע געשמאקע יושקע (יוך) מיט א היבש שטיקעל פריש־ברויט. און איינמאל אין וואך האט מען געגעבען קאשע מיט יוך, מיט א היבש שטיקעל פלייש און ברויט. דאס עסען איז געקאכט געווארען אין דער שול קיך, פון דעם אידישען שול באדינער, וואלף מיטצע און זיין ווייב, א געוועזענער קירזשנער, פאר וועלכען לייב שראבער האט געווירקט אז מען זאל אים אננעמען אויף דעם פאסטען. די מילך, פלייש, ברויט און די אנדערע שפייזען, האט די שולע געקויפט ביי די גלינער קרעמער, קצבים און מיליכיקעס און אזוי געהאלפען עטליכע אידען אין דער פרנסה.

אויך האט דער באראן הירש קוראטאריאום אין ווין געשיקט צוויי מאל א יאר קליידער פאר די ארימע שילער. יעדען ערב פסח האט די שולע געגעבען צו די ארימע קינדער א אנצוגעל, א העמד, א קאשקעטעל און א פארטשילעכעל און יעדען נאך סוכות האט מען געגעבען א ווארעם פלאשטשיל מיט א פאר שטארקע שטיוועלעך. אט דאס עסען און די באקליידונג מיט אלע ביכער פריי, האט שוין פון אנהויב אסך געהאלפען אז די צעלאזענע און איבערגעוואקסענע שילער זאלען איינגעצוימט ווערען, דאס האט אויך אסך געענדערט די באציאונגען פון די עלטערען צו דער שולע בכלל.

מיט דער צייט האבען די קינדער פון דער שולע אנגעהויבן צו לייענען און שרייבען און אין יעדער הויז האבען זיך געפונען ביכער, שרייב געצייג. טאטע מאמעס האבען אין אנהויב, אין דער שטיל און שפעטער אפען, אויפן קול ארויסגעוויזען זייער צופרידענהייט און נחת. ובפרט ווען זייערס א קינד האט ביים סוף פון א שול סעמעסטער א היים געבראכט א גוטע צייגעניש, א צייגעניש פון א פארענדיגטען 4 יאריגען שול קורס אין דער באראן הירש שולע, איז געווען גוט אויף ארי נצונעמען ווערען אין אלע גאליצישע גימנאזיעס.

אינם יאר 1897 האט די גלינער באראן הירש שולע געהאט א אייגען הויז מיט באקוועמע, מאדערנע איינגעארדנטע קלאס צימערען, א גימנאסטיק פלאץ פאר פיזישער איבונג, און זומער, דעם גאנצען מאנאט מאי, איז געווען "וויצעצקעס" אלע קינדער און די לערער זיינען איינמאל א וואך ארויסגעמארשירט אינם זאפוסט, מאסנאווע וועלדעל און דארטען פארבראכט ביי פארשידענע שפילען.

אלע איינריכטונגען פאר די פיזישע איבונגען איז געשאנקען געווארען דורך דער באמיאונג פון מאיר באלאבאן, פון דעם אלטען נאטאר, הער רודאלף קערבער(א קריסט), דאן האט די שולע געהאט פולע פיר קלאסען מיט 176 שילער, צווישען וועלכע עס זיינען געווען אכט אידישע קינדער פון די ארומיגע דערפער, און איינער אדער צוויי קריסטלעכע קינדער.( לויט די סטאטוטען פון דער באראן הירש שולע קוראטאריאום, האט די שול פארוואלטונג געמוזט ארייננעמען א געוויסען פראצענט קריסטלעכע קינדער אין דער שולע, און אפילו האבען פאר זיי א באזונדערען רעליגיע-לערער)

די שולע האט שוין פארמאגט פינף לערער, פיר פאר די אלגעמיינע למודים און איינער פאר רעליגיע אונטעריכט. די לערער זיינען געווען: דר. חיים ליפא(פילאזאפיע) דוד זענעזיעב, זיגמונד בלאך, מאיר באלאבאן און אהרן רובענצאל.

חוץ די פריער דערמאנטע למודים האט מען אין שולע אויך געלערענט טאקערי און שניצעריי, אויך איז פאר א לענגערער צייט געווען נאכט קורסען פאר עלטערע אידען, וואס האבען זיך געלערענט לייענען און שרייבען.

אלע שול קינדער וואס האבען פארענדיגט זייער פיר יאריגען שול קורס מיט גוטע אויסצייכענונגען, האבען געקראגען א צייגעניש מיט וועלכער זיי זיינען געפארען קיין סאמבאר, אין א דארטיגער שולע זיך לערנען בוכאלטעריי. אנדערע זיינען געפארען קיין וויען, זיך לערנען מעבעל מאכען, בכלל האט זיך יעדער איינער פון די אבסולווענטען פון דער שולע געקאנט לערנען א מלאכה אויף דער רעכענונג פון באראן הירש קוראטאריאום. יעדער האט פאר זיך געקאנט אויסוועלען וואס פאר א פאך ער האט געוואלט. און דאס נישט דוקא אין דעם שטעטעל גופא, נאר דאס קוריטאריאום האט אויך געשיקט אין אנדערע שטעט זיך דארטען לערנען א מלאכה, געצאלט דאס ערשטע יאר פארען לערנען זיך און צוביסלעך ארויסגעהאלפען מיט קליידונג. אבער דער גרעסטער טייל אינגלעך, צוליב געוויסע אורזאכען און אומשטענדען, זיינען פארבליבען אין שטעטעל און דארט זיך געלערענט א מלאכה. די מלאכות זיינען באשטאנען פון שניידעריי,סטאלעריי, בלעכעריי, שוסטעריי, בארשטען מאכער און ראזירער.

מיט דעם אנקומען פון דר. חיים ליפא, דער שול פארוואלטער און שפעטער מיטען צוקומען פון מאריץ באלאבאן, און די לערער זענעזיעב און בלאך, האט די גלינער באראן הירש שולע באקומען אן אנדערען כאראקטער און אויסזעען ווי אין אנהויב. די לערער זענעזיעב און בלאך זיינען געווען די אמתע טיפ לערער, אבער דר. ליפא און באלאבאן זיינען געווען לערער אוים נויט. זיי זיינען געווען עכטע געבילדעטע מענשען און איבערגעגעבענע נאציאנאלע אידען. מאיר באלאבאן איז קיין גלינע געקומען נאך אלס אוניווערזיטעט סטודענט, וואס האט געהאלטען אין מיטען זיין שטודירען. ער און דר. ליפא האבען געוואוסט אז דער גרעסטער טייל פון די גלינער קינדער ווערען קיין אנדער בילדונג אחוץ אין דער באראן שולע ניט באקומען, האבען זיי דערפאר ניט איינמאל אפגענויגט פונם פארגעשריבענעם שול למוד, און געלערענט מיט די קינדער אנדערע למודים, און מיט די וואס האבען ארויסגעוויזן פייאיגקהייטען און ווילען צום לערנען, האט מען צוויי מאל א

וואך געלערענט עקסטרא עטליכע שעה'ן, אַנדערע געגענשטאנדען, א חוץ געוויינלעכע שול למודים. אזוי, ביסלעכווייז האט די באראן הירש שולע אין גלינע אנגעהויבען צו האבן א השפעה אויף די קינדער און דורך די קינדער אויף זייערע עלטערען. א טייל עלטערען פון די שי־לער אין דער שולע, האבען זיך שוין אנגעהויבען אויך צו פאראינ־טערעסירען מיט דער קהלישער פירונג פונם שטעטעל.

וואס לענגער די באראן הירש שולע אין גלינע האט עקזיסטירט, אלץ שטארקער איז זי געווארען, און אלץ גרעסער איז געווארען איר איינפלוס אויף דעם שטעטעל.אפילו דאס רעליגיעזע אונטעריכט, וואס אהרן רובענצאל איז געווען דער לערער, און וואס איז פון אנהויב אן פון קיינעם ערענסט ניט גענומען געווארען, און יעדער איינער אין שטעטעל האט זיך געוויצעלט איבער זיין אנהויבען לערנען חומש אויף דייטש, "בראשית ברא אלוקים"-אם אנפאנגע שאף גאטט", און ווען די קינדער האבען דאס דערציילט אין זייערע היימען, האט מען מער שוין ניט באדארפט. וואו מען איז געגאנגען, און וואו מען איז געשטאנען, האט מען נאר געהערט "גאטט שאף".

דער סוף איז געווען, ווען א איינגעל האט געלערענט פיר יאר אין דער שולע האט ער געקענט שרייבען און לייענען אידיש, אביסעל העברעאיש,דקדוק און א ביסעלע תנ"ך. געוואוסט די וויכטיגסטע פע־ריאדען אין דער אידישער געשיכטע און די באדייטונגען פון די אי־דישע יום טובים, און פארשטאנען די טייטש פון איינגע תפילות אין סדור.

נאך די ערשטע פיר שול יארען די שווערסטע און וויכטיגסטע פאר דער שולע און אירע לערער, און פארען גאנצען שטעטעל, איז גע־לייגט געווארען דער פונדאמענט,פארדער גרויסער גייסטיגער וויר־קונג, וואס די שולע מיט אירע לערער האבען געהאט אויף דעם קול־טורעלען און נאציאנעלען גאנג פונם שטעטעל גלינע. עס איז כמעט אונמעגליך אפצושאצען דעם גרויסן קולטורעלען כוח און איינפלוס, וואס די יונגע מענטשען האבען אריינגעבראכט אין דעם לעבען פונם שטעטעל, און וואס זיי זיינען געווען פארען נאציאנאל-ציוניסטישען געדאנק אין אונדזער שטעטעל.

דער גלאנץ פעריאד פון דער גלינער באראן הירש שולע, ווי פון אלע באראן הירש שולען בכלל, קען גערעכענט ווערען ביז צו דער ער־שטער וועלט מלחמה. נאכדעם ווי די עסטרייכישע מלוכה, דער דאמאלס־דיגער שותף צום קייזער ווילהעלם, האט פארלוירען די ערשטע וועלט מלחמה, האט אויך "דאס באראן הירש שטיפטונג פאר שול ועזען אין גאליציע און בוקאווינא" פארלוירען א גרויסען טייל פון איר פאר־מעגען, וועלכעס עס איז געווען אינוועסטירט אין עסטרייכישע ווערט־פאפירען, און דאס איז געווען איינע פון די הויפט סיבות וואס די גלינער שולע איז גלייך ווי די אנדערע באראן הירש שולען אין גאליציע און אין בוקאווינא, צוביסלעך אונטערגעגאנגען.

די גלינער אידען האבען אבער אזוי גרינג ניט געוואלט די שולע אויפגעבען. עס האט זיך געוואלט האפען: "אפשר, אפשר! וועט א נס געשעען און די שולע וועט פארט פונקציאנירען.

האבען די עלטערן וואס האבען קינדער געהאט אין דער שולע, אליין באצאלט דעם שכר למוד צו די צוויי פארבליבענע לערער. אבער זיי האבען ניט געקאנט אויפהאלטען די שולע. ווייל צוליב מאנגעל אין לערער, זיינען אסך עלטערן געצוואונגען געווען צו שיקען זייערע קינדער אין דער אלגעמיינער רעגירונגס שקאלע אין שטעטעל. און אזוי האט די שולע פון טאג צו טאג פארלוירען דעם באדען פון אונטער אירע פיס. ביז אין יאר 1925 –תרפ"ה איז אין דער שולע פארבליבען ניט מער ווי איין לערער און ער האט אויך ניט געהאט גענוג תלמידים צום לערנען.

אין אנהויב פון 1927 –תרפ"ז איז די באראן הירש שולע אין גלינע פארמאכט געווארען לעולם ועד. דער בנין פון דער שולע איז געבליבן ווי א מצבה אויף דער איבערגעהאקטער נוצליכער דערציאונגס טעטיגקייט פון דער שולע.

## די תקופה פון "חובבי ציון",ציוניזם און ציוניסטען אין גלינע:

נאך איידער דר.טעאדער הערצל ז"ל, איז ארויסגעקומען מיט זיין אידייע "דער פאליטישער ציוניזם", וועגען א אידישער מלוכה, זיינען שוין אין גלינע געווען חובבי ציון, וועלכע האבען אגיטירט פארען ציון רעיון, אז אידען דארפן זיך אומקערען אין זייער אייגען לאנד, און דארטען זיך אפ געבען מיט ערד ארבעט. אין יענער צייט זיינען די טרעגער פונם ציון געדאנק אין גלינע געווען יונגע בחורים,קלויזניקעס. און ניט איינמאל בשעת א קריגעריי, וואס זיינען זייער אפט פארגעקומען, וועגען דעם ציוניזם, און די ציוניסטען האבען זייערע קעגנער אלס א באליידיגונגס ווארט אנגערופען מיטען ווארט "אינגלעך", שקצים. אין דער אמתען האבען טאקע אסך פון זיי געלעבט אויפען טאטענס ברויט. גאר א קליינער טייל פון זיי זיינען געווען באווייבטע.

דאס איז געווען די גלאנץ פעריאדע, די גאלדענע צייט פון דער גלינער יוגענד, און זי איז ניט געקומען ווי א איבערגאנגס-שטורעם, וואס ברענגט מיט זיך צעשטערונג און פארוויסטונג, נאר זי איז געקומען וו א אויפגענדיגע זון, וואס מיט אירע ווארימע שטראלען מאכט וואקסען און בליען און דערהאלט אלץ וואס לעבט.

די גלינער ציוניסטען און דער ציוניזם האט מיטען גאנג פון די יארען זיך צעוואקסען ווי א שטארקער בוים, וואס האט מיט זיינע געשפרייטע צווייגען, בלעטער און פירות געגעבען דעם מענשען פונם שטעטעל א גייסטיגע רו, און באלערונגען פון אידיש-באוואוסטזיין, און נאציאנעלען שטאלץ. דער אמת דארף געזאגט ווערען, אז גלייך ווי אין אנדערע לענדער מיט א אידישער באפעלקערונג, האבען אויך די גלינער פרומע אנטי-ציוניסטען, מיט זייער גאנצער ערליכער כוונה געמאכט דעם גרויסען טעות וואס זיי האבען געדענקט אז דער ציוניסטישער רעיון(אידייע) איז געקומען אוועקצורייסען אידען פון אידישקייט.

אבער אין דעם אמתען האט דר. הערצל דעם ציוניזם אזוי דערקלערט: "דער ציוניזם איסט דער ריקקער צום יודענטום,בעפאר דער ריקקער אין יודענלאנד". און אזוי איז עס טאקע געווען!

ווען קיין גלינע איז צום ערשטען מאל געבראכט געווארען דר. הערצלס ביכעל "יודען-שטאט", איז דאס ביכעל געגאנגען פון האנט צו האנט, צו די וואס האבען דעם יודען שטאט געקאנט לייענען אין דעם אריגינאל. ווען דער פארלאג "תושיע" אין ווארשא, האט דאס ביכעל ארויסגעגעבען אין לשון קודש (העברעאיש) האבען איינינגע חובבי ציון באלד באצויגען מערערע קאפיעס און דאס פארטיילט צווישען די גלינער משכילים און חובבי ציון, און איינער האט דעם אנדערען איבערגעגעבען דאס ביכעל צום לייענען, ביז כמעט יעדער באוואוסזיניגער איד אין שטעטעל האט דאס ביכעל געלייענט.

די גלינער ציוניסטען זיינען געווען די ערשטע גאליציאנער ציוניסטן וואס האבען זיך דערקלערט פאר דר. הערצלס אנהענגער. און ווען דר. הערצל האט צונויפגערופען דעם ערשטען ציוניסטישען קאנגרעס אין באזעל, אין יאר 1897, זיינען די גלינער ציוניסטען געווען דארט פארטראטען דורך זייער דעלעגאט, דר. יחזקאל ווארטסמאן, ז"ל.

די חובבי ציון באוועגונג האט אין גלינע געהאט א צאל חברים, וועלכע האבען אסך געהאלפען דער ציוניסטישער באוועגונג. אין שטעטל זיינען געווען ספרים-ליטעראטור וועגען חובבי ציון, און דער ביל"ו באוועגונג. פרץ סמאלענסקיס "השחר", דר. פינסקערס "אויטאעמאנציפאציאן" און אנדערע ביכער וועגען שיבת ציון, און זיי זיינען געלייענט געווארען פון די גלינער חובבי ציון, נאך איידער דער פאליטישער ציוניזם איז געקומען.

## יהושע (שיקע) באסעכעס ז"ל

איינער פון די גאר ערשטע און טעטיגסטע ציוניסטען אין גלינע איז געווען יהושע באסעכעס, דער זון פון ר' יעקב און חוה'לע באסעכעס ז"ל, איינער פון די שענסטע גלינער בעלי בתים. יהושע באסעכעס האט געלערענט ביי ר' יאנקעל חיה אסתרס, ער איז אויך געווען א קלויז לערנער. אין יאר תר"ן-1890, איז יהושע געווען דער ערשטער גלינער איד וואס איז ערב יום כפור געשטאנען אין קלויז מיט א קערה, וואו עס זיינען געשטאנען די אנדערע קהלישע קערות אויפן טיש, מיט אן אויפשריפט "נדבות בעד ישוב ארץ ישראל". דאס געזאמעלטע געלד פון דער קערה ווי אלע געזאמעלטע געלדער פאר ישוב ארץ ישראל, זיינען אוועקגעשיקט געווארען פאר דער קאלאניע "מחנים" אין ארץ ישראל, וואס איז געגרינדעט געווארען פון דער חברה אהבת ציון אין טארנאוו, אין יאר תרנ"ב-1892, אנגעפירט פון דר. אברהם מאלץ.

יהושע באסעכעס איז געווען דער ערשטער ציוניסט אין שטעטל צו שאפען א ציוניסטישע באוועגונג אין גלינע. אונטער זיין פירערשאפט איז אין גלינע אנגעפירט געווארען א קאמף פאר ארץ ישראל-אתרוגים. די גבאים פון דער שול, קלויז בית המדרש און פון אנדערע קליינע שולעכלעך האבען אלע יאר געקויפט קארפער אתרוגים. ווען די ארץ ישראל קאלאניסטען האבען אנגעהויבען ארויסצושיקן אויפרופען, אז אידען זאלען קויפען ארץ ישראל אתרוגים, האבען די גלינער ציוניסטען אויסגעקלעפט די אויפרופען אין אלע בתי התפילה און זיך באמיעט אז מען זאל אין גלינע בענטשען אתרוג נאר מיט אן ארץ ישראל אתרוג.

דאס איז אבער נישט אזוי לייכט אנגעקומען, מען האט געמוזט פירען א קאמף פאר א לאנגער צייט. דאס ניט וועלען קויפען ארץ ישראל אתרוגים איז געווען א פארביסענער רייצען זיך מצד די ראשי הקהל און די גבאים. אבער מיט דער הילף פון גאר א מאדערנעם קאמפס-מיטעל, האבען די ציוניסטען זייער דורכגעפירט. דער מיטעל איז געווען וואס מיט דער הילף פון עטליכע גאר יונגע אינלעך, וועלכע זיינען צעביסלעך אנגעהויבט געווארען מיט דעם ארץ ישראל געפיל, איז אפגעמאכט געווארען אז זיי וועלען בענטשען אתרוג זאלען זיי אפבייסען דעם פיטום און אזוי ארום פסול מאכען

די קארפיער אתרוגים. גלאט, שטיל איז עס טאקע ניט אפגעגאנגען, עס האט אבער גורם געווען אז מען זאל אין שטעטל אנהויבען צו קויפען ארץ ישראל אתרוגים.

ר'הילל פינעלעס ז"ל.

איינער פון די נאענסטע און איבערגעגעבענע חברים צום ציון געדאנק נאך יהושע באטעכעס, איז געווען הילל פינעלעס, דער זון פון ישראל איסר און רבקה. ר' איסר איז געווען א איד א עושר און א אנגעזעענער בעל הבית, וועלכען קהל האט אמאל געשיקט אלס דעלעגאט צום ועד הרבניב, אין לעמבערג אינם יאר תרל"ט, און אלס זשידעטשוויווער חסיד, האט ער געהאט דעם מוט, אין א געוויסען ענין, בא דער אסיפת הרבנים זיך קעגען שטעלען דעם בעלזער רבין. זיין זון הילל איז געווען א פיין דערצויגענער מענטש מיט א גוטן כאראקטער און מיט א אפענע האנט און צו טאן טובות. געווען א גרויסער למדן און געהאט א פיינע, היידעלע נשמה.

ביי הילל'ן און ביי יהושע'ן האבען זיך געפונען קליינע ביבליאטעקען מיט פארשידענע השכלה ספרים. זיי זיינען געווען פון די אמתע מפיצי השכה, די ספרים האבען זיי מיט פארגעניגען אויס-געליען יעדען איינעם. אין זייער גרויסער ארבעט צו פארשפרייטען השכלה און דעם ציון רעיון, האבען זיי אויך געהאט ארויסהעלפער און חברים לדעה, די קלויז בחורים שלמה'קע (קיגעל) שלמה אונגאר, יצחק ענדע, אלטער (אשר איציקס) שטיינהויער, אברהם (מרדכי לייבס) בערקון, אשר בובבינדער. חוץ די קלויז בחורים איז אויך געווען א קליינע גרופע איבערגעגעבענע טוער און אגיטאטארען פאר דעם ציוניזם, ווי אפרים כ"ץ, יוסף מרדכי לייוואנד, חיים באראל,נטע רובענצאל, בעזשע מעהלמאן, אוטשע סעלצער, בערעלע (משה יאסקעס) ראטה און אויך עטליכע פשוטע אידען.

ר' שלמה כהן(כ"ץ)

שלמה כהן (קיגעל) דער זון פון מרדכי קיגעל.,איז געווען א תלמיד פון שמחה מלמד און דערנאך האט ער געלערענט אין קלויז. אלס קלויזניק האט ער שוין געלייענט ספרים חיצונים, דאס מערסטע איבער דער חובבי ציון באוועגונג. נאך אלס אינגער בחורל האט ער זיך שוין אפגעגעבען מיט קהלישע ענינים אין שטעטל. אסך גוטע זאכען לטובת די ארימע אידען אין שטעטל האט ער געהאלפען דורכפירען. ער איז אויך געווען פון די ערשטע חובבי ציונים, און ער איז געווען פון די וואס האבען פרובירט צו גרינדען א ציון פאראיין אין שטעטל.

ווען ער איז אין אנהויב פונם צוואנציגסטען יאר-הונדערט,פורים 1900 אוועקגעפארען קיין אמעריקע, האט א גרויסער טייל אידען פונם שטעטל דאס באדויערט. שלמה איז א איד א למדן, ער האט אסך געלערענט און געלייענט, סי די אלטע און סיי די נייע העברעאישע ,אידישע און אלגעמיינע ליטעראטור, און געלערנט טאקע לשמה.

די הויפט ארבעט פאר ארץ ישראל איז געווען וועגען קאלא-
ניזאציע. און נאך דער גרינדונג פון דער אידישער קאלאניעל באנק,
צו פארקויפען אקציעס, זאמלען שקלים און פארשפרייטען בראזשורען,
פלוג בלעטער, קול קוראס, וואס דער טארנער פאראיין און דער לעמ-
בערגער ציון פאראיין האבען צוגעשיקט, און די וויכטיגע אויפקלע-
רונגס ארבעט וואס איז באשטאנען פון פארשפרייטען לייען ביכער פון
אברהם מאפו, פרץ סמאלענסקין, י.ל. גארדאן,קלמן שולמאן, יצחק ב.
לעווענזאן און אנדערע. אויך העברעאישע זשורנאלען און צייטונגען.
ווען די גרופע גלינער ציוניסטען האבען געפילט אז זיי זיינען שוין
גענוג שטארק פאר אן עפענטליכען ארויסטריט, האבען זיי באשלאסען
צו ברענגען א ציוניסטישען רעדנער, ער זאל האלטען א רעדע אין שול.

ר'לייב טויבעס

ער איז געווען א באקאנטער גאליציאנער ציוניסט, און פאלקס-
רעדנער.ווען לייב טויבעס איז אין א פרייטאג פארנאכט אנגעקומען
אין שטעטעל אריין, איז ער פארפארען צו הילל פינעלעס און איז טא-
קע דארט איינגעשטאנען. ער איז געווען געקליידט ווי א "דייטש",
אבער ווען ער האט שבת אין דער פרי געדארפט גייען דאווענען,
האט ער זיך אנגעטאן היללס א בעקעשע מיט א גארטעל און א שטריימעל,
גלייך ווי אלע אידען אינם שטעטעל, כדי זיין דייטשע הלבשה זאל
ניט זיין די סיבה פאר א גערודער, נאך איידער ער ו עט האבען א
מעגליכקייט צו האלטען זיין דרשה.

טובים איז דעמאלט נאך געווען א יונגערמאן מיט א קאפ
שווארצע האר. געהאט שיינע איירא‍פעיאישע מאניערען און גערעדט
א שיינעם,זאפטיגען אידיש. שבת בייטאג איז די שול געווען גע-
פאקט מיט אידען, און בעת טובים האט גערעדט האט מען געקאנט זען
דאס גרויס התלהבות, וואס דער עולם האט ארויסגעוויזען. אסך הא-
בען זיך אודאי פארטראכט וועגען דעם ענין ארץ ישראל, וואס טוי-
ביס האט זיי אין א פראסטען מאמע לשון געגעבען אזוי לייכט צו
פארשטייען. יענעם שבת צו נאכטס, נאך טויביסעס רעדע אין שול,
זיינען עטליכע גלינער בעלי מלאכות געקומען צו חיים באראל,דער
סעקרעטאר פון דער ציוניסטישער גרופע, און געבעטען אז מען זאל
זיי פארשרייבען צו פארען אין ארץ ישראל. שפעטער ווען הער טוי-
ביס פלעגט קומען אין גלינע האלטען א רעדע, האט ער מער שוין
ניט געדארפט בייטען זיינע דייטשישע קליידער , אויך חסידישע
טראכט.

אפרים כ"ץ ז"ל

איינער פון דער גרופע גלינער ציוניסטן צו פארנעמען
יהושע באסעבעס ארט, נאך מיט מער ענערגיע און התלהבות פאר דער
ארבעט פונם ציוניזם,איז געווען אפרים כ"ץ. ער איז געווען דער
זון פון ר' יאנקעל און זיסעלע כ"ץ, א אייניקעל פון ר' לייב שרא-
בער. מיט דער צייט איז ער געווארען הער איבערגעגעבענסטער און
טעטיגסטער ציוניסט און כלל טוער, נישט נאר אין גלינע איילן,
נאר אויך אין דעם ארום. פון בארוף איז ער געווען א שרייבער אין
א באנק(אין באלטאראוויטשעס באנק, א רוטהעניש ליי-און שפאר
קאסע געזעלשאפט) נאך דעם ווי ער האט חתונה געהאט מיט חיהלע ,
משה(וועלישעס) מעהלמענס טאכטער, איינע פון די רייכע אום פאר-

צווייגטע גרויסע פאמיליעס אין שטעטל. האט אפרים כ"ץ מיט זיין פרוי חיהלע זיך אנגעהויבן אפצוגעבן מיט דער ארבעט פארען ציוניסטישען געדאנק. קודם כל האבען זיי זיך אליין אנגעהויבן צו לערנען,העברעאיש און אידישע געשיכטע, אסך געלערענט און אסך געלייענט. זייער שטוב איז געווארען דאס אמתע בית ועד לחכמים,פאר אלע ציוניסטישע עסקנים, רעדנער און ליטעראטען וואס זיינען געקומען קיין גלינע פאר א לענגערער צייט.

ביי אפרים כ"ץ אין הויז זיינען אין שבתים און יום טובים זיך צונויפגעקומען ציוניסטען, מען האט דיסקוטירט, דעבאטירט וועגען פראגען און פראבלעמען פון די חובבי ציון און השכלה.דארטען זיינען באשלאסען געווארען אלע אונטערנעמונגען און אלע טעטיגקייטען לטובת דער ציוניסטישער באוועגונג.פון דארטען זיינען אלע רעדנער און ליטעראטען איינגעלאדען געווארען.דארטען, ביי אפרים אין הויז זיינען אלע פראבלעמען און גייסטיגע שטרעבונגען אין דעם ציוניסטישען און אין אידישען לעבען בכלל, געלערענט און דיסקוטירט געווארען, און ווען נויטיג אויך געהאלפען געווארן מאטעריעל. אפריים כ"ץ האט געהאט די מיטהילף פון די איבערגעגעבענע חברים-ציוניסטען, אבער דעם גרעסטען טייל פון דער פראקטישער אר בעט,זאמלען געלט פאר שקלים, פארקויפען אקציעס פון דער אידישער קאלאמיעל באנק, זאמלען פארען אידישען נאציאנאל פאנד, און העלפען ארימע גלינער אידען, איז פאר אפריםן ניט געווען קיין שום אפהאלט פון צייט און מיה, און קיין ארבעט צו שווער. ווען עס האט זיך געהאנדעלט וועגען רוחניתדיגע פראגען, וועגען קולטורעלע, רעליגיעזע, נאציאנאלע און פאליטישע פראגען, זיינען די ווארט זאגער געווען די חברים הילל פינעלעס, שלמה אונגאר,שלמה קיגעל, מאטיק האלפערן, בעזשע מהעלמאן, דר. חיים ליפא, און שפעטער דר מאיר באלאבאן, יוסף מרדכי לייוואנד, און אשר בוכבינדער.

נאכדעם ווען עס האט אפריים כ"צן געטראפען דער גרויסער אומגליק: אין א קורצער צייט פון דריי וואכען זיינען ביי אים געשטארבען זיינע דריי יונגע קינדערלעך, איז דער ציוניזם ביי די כ"צעס געווארען זייער לעבענס אידעאל. פון יענעם גרויסען אומגליק אן האט ביי זיי גארנישט מער עקזיסטירט ווי דאס ארימע ,אונטערדריקטע פאלק ישראל, צו זעען דאס א באפרייטע אינם אייגען לאנד ארץ ישראל.

צום באדויערען האט אפרים דאס ניט דערלעבט, אבער זיין פרוי חיהלע מיט א טייל פון אירע שפעטער געבוירענע קינדער, האבען עס יא דערלעבט. זיי האבען זיך באזעצט אין ארץ ישראל, נאך דער ערשטער וועלט מלחמה. אפרים איז געשטארבען אין לעמבערג. אינם יאר תרפ"ד-1924, צען טאג אין ניסן.

### דאס גרינדען פונם אהבת ציון פאראיין אין גלינע:

ווען דר. הערצל איז געקומען מיט זיין רוף פאר א אידישער מלוכה, האט דער דאמאלסטדיגער ציוניזם אנגענומען א גאנץ אנדערען פנים און ארומגעכאפט אלץ ברייטערע אידישע שיכטען. אויך דער ציוניזם אין גלינע האט באקומען אן אנדערען אויסזעען און געקראגן מער ענערגיע און א באשטימטען ציל. שוין אין יאר 1896 האבען די חברים ציוניסטען, הילל פינעלעס, אפרים כ"ץ, שלמה אונגער,אהרן

סעלצער, חיים באראל און אנדערע, אריינגעשיקט א בקשה צום סטא-ראסטווא אין פרעמישלאן, וועגן דערלויבען צו גרינדען א ציון פאראיין אין גלינע, דער פארלאנג איז פון דעם סטאראסטווא צוריק-געוויזען געווארען. ערשט אין יאר תרנ"ח-1898, מיט צוויי יאר שפעטער, איז אין גלינע געגרינדעט געווארען דער ערשטער ציון פאראיין, א אפטיילונג(ברענטש) פון דעם טארנאווער ציון פאראיין אהבת ציון. דער ערשטער פרעזידענט פונם פאראיין איז געווען אור-טשע (פאיעס) סעלצער, שלמה אונגאר - סעקרעטאר פאר העברעאיש און דוד זענעזיב, א לערער אין דער באראן הירש שולע, דער סעקרעטאר פאר דער לאנדס שפראך.

דער ערשטער סעקרעטאר פונם ציון פאראיין, שלמה אונגאר איז געווען דער זון פון ר' זינדעל און איטע אונגאר. זינדעל איז געווען א איד א לערנער און ער האט געהאלטען א שענק. שלמה איז געווען א קלויז לערנער, א למדן און א משכיל, אין זיינע בחור-שע יארען האט ער געשריבען שירים, וועלכע האבען זיך געדרוקט אין "השחר החדש" און אין "המגיד". אין דער צייט ווען ער איז געווארען סעקרעטאר פונם ציון פאראיין, איז ער שוין געווען א באווייבטער און געהאט א געוועלבעל פון שרייב-געצייג און אנ-דערע זאכען. אוין יאר 1922 איז ער מיט זיין משפחה געקומען אין אמעריקע און געווארען אין ניו יארק א שוחט. ער האט אויך איינ-מאל געשריבען אינם ניו יארקער "הדואר"וועגן הרב שאפירא. ער איז געשטארבען אינם יאר תרצ"ח-1938.

די דירה פארען פאראיין האט מען געדונגען ביי בעריל אנגסטרייך,(נחמן פון דער מילס זון) דאס איז געווען א קליין צי-מערל, וואו בעריל האט פריער געהאט זיין שפייז קרעמעל. אין אנ-הויב האט דער פאראיין געהאט א דרייסיג איינגעשריבענע חברים, יעדער מיטגלידער האט אין פאראיין געדארפט צאלען לויט זיינע פינאנציעלע מעגליכקייטען, אבער דער העכסטער אנגענומענער שטייער איז געווען פופציג גראצער א חודש. פאר דעם געלט האט מען גע-צאלט דירה געלט, און באצויגען צייטונגען און זשורנאלען.

פון דעם ערשטען טאג אן וואס דער ציון פאראיין האט זיך גע-עפענט, האט מען דארט געקאנט טרעפען די פאלגענדע צייטונגען און וואכען שריפטען און מאנאטשריפטען: "המליץ" הצפירה" "המגיד", "הצופה", היום", "הדור", "השלוח", "די וועלט"אין דייטש, און אויך די אידישע אויסגאבע "פשישלאסק"(שפעטער איז דער נאמען פארביטען געווארען אויף "ווסכאד", "דער איד","דאס לעמבערגער טאגעבלאט", און אויך פוילישע, רוטהעניש און דייטשישע צייטונגען. דער עולם לייענער, יא מיטגלידער, ניט מיטגלידער האבען אלץ געלייענט, מען איז צוגעפאלען צום געדרוקטען ווארט, ווי א דארשטיגער צו א קוואל פרישע וואסער.

יעדען פארנאכט, נאך מנחה-מעריב דאווענען, פלעגען זיך די חברים און א:וי אידען זיך צונויפקומען אינם פאראיין לייענען די צייטונגען, און שמועסען וועגען פארשידענע טאג פראגען, הן פון דער ציוניסטישער באוועגונג, הן פון שטאטישער און לאנד פאליטיק.

יעדען שבת בייטאג אדער מוצאי שבת איז אין פאראיין געהאלטען

געווארען א רעדע, א פארלעזונג אדער א פארטראג איבער א וויסענשאפטליכער טעמע. די מערסטע ריידעס זיינען געווען פון א נאציאנאל ציוניסטישען אינהאלט, וועגען פארשידענע אידיש־היסטארישע געשעענישען, אויך די ביידייטונג פון די אידישע יום טובים, זייער נאציאנעל שייכות. חוץ די צוגעקומענע פרעמדע רעדנער, וועלכע פלעגען קומען אויף א שבת אדער א יומא דפגרא, זיינען די רעדנער באשטאנען פון אייגענע חברים, ווי דר. חיים ליפא, מאיר באלאבאן, מאטיק האלפערן, שלמה אונגאר, בעזשע מהעלמאן, הילל פינעלעס, אפרים כ"ץ און יוסף מרדכי ליינוואנד, וועלכע האבען געהאלטען פארלעזונגען פון די שריפטען פון י.ל. פרץ, מענדעלע מוכר ספרים, שלום עליכם, דוד פרישמאן און אנדערע.

דער ערשטער ארויסטריט פון די גלינער ציוניסטען איז געווען א קולטורעלער און אגיטאטארישער. מען האט זיך מער אפגעגעבען מיטען פארשפרייטען דעם ציוניזם און אידישער וויסען צווישען די גלינער אידען. ביי יעדער רעדע אין פאראיין, אדער אין שול, זיינען חוץ די ציוניסטען אויך געקומען בעלי מלאכות, קליינע קרעמערלעך, דארפס גייערען פיל פון די יונגע באראן הירש שולע שילער. אז די ארבעט פון די ציוניסטען איז ניט געגאנגען לאבוד און אז דער אהבת ציון פאראיין האט געבראכט גוטע רעזולטאטען, באווייזט דער פאקט אז נאך א קורצער צייט האט מען דעם פאראיין געמוזט איבערציען אין א גרעסערער וואוינונג, צו שמואל שאפירא (קאניער) אין הויז, ווי מיר וועלען זעען ווייטער.

דער פארשריט פונם פאראיין. דער ערשטער גלינער קרבן צוליב דעם ציוניזם:

אין א בריוו, געשריבען פון אפרים כ"ץ צו זיין חבר שלמה (קיגעל) כהן, קיין אמעריקע אין יאר תרס"א־2־1901, שריימט אפרים צווישען אנדערעס דאס פאלגענדע:

" דער אהבת ציון פאראיין מאכט ריזיגע פארשריט. פון טאג צו טאג אנטוויקעלט ער זיך בעסער. יעדען שבת ווערען געהאלטען פארטראגען פון דר. חייב ליפא. דאס מערסטע וויסענשאפטליכע פארטראגען. ער איז צווישען אונז געווארען א ווארימער איד און טוט אסך אויף. אויך מאטיק און בעזשע און אנדערע האלטען רעדעס, יעדער נאך זיין רייע און לויט זיין טעמע. מיר האבן איצט איבער פופציג מיטגלידער, אלע איבערצייגטע גוטע ציוניסטען. מיר האבען א אייגענע ביבליאטעק, וועלכע באשטייט פון הונדערט ווערק און איך אסך בראזשורען. אונזער גוטער הילל פינעלעס, אונזער פרעזידענט האט אונז געשענקט זיין קליינע ביבליאטעק. אין אלע בתי התפילה איז מען מנדר פאר ארץ ישראל, און כמעט אויף אלע חתונות, בריתן און אנדער שמחות, ווערט געזאמעלט פאר דעם אידישען נאציאנאל פאנד, און פיר טויזענט נאציאנאל פאנד מארקען זיינען שוין פארקויפט געווארען. מיר האבען געזאמעלט א גרעסערע סומע פאר דר. יוסף כאזאנאוויצ'ס נאציאנאל ביבליאטעק. מיר האבען 15 אבאנענטען פאר דעם "אסט אונד וועסט" (א דייטש־אידיש צייטשריפט, ארויסגעגעבען פון דעם אידישען קונסט פארלאג אין בערלין. נ.ה.) אין א צייט פון אנדערהאלבען חדשים האבען מיר געמאכט צוויי באשטעלונגען פון פארלאג "תושיה" און "איאסף"

אויף ניינציג ראניש. מיר האבן 8 גרעק׳ס אידישע געשיכטע, אין אי-
דיש. צוויי גרויסע גרעת "געשיכטע אין דייטש". אלע פעדאגאגישע
מעטאדען צו לערנען העברעאיש פון פארלאג "תושיה, האבן מיר שוין
אין גלינע. אסך פרויען און מיידלעך לערנען זיך העברעאיש. מיר הא-
בען א קורס פאר אינגלעך זיך צו לערנען העברעאיש. מיר האבען 15
אבאנענטען אויף דעם "השלוח", 10 אבאנענטען אויפן "עולם הקטן",
(א לשון קודש קינדער צייטונג) מיר האבען דעם "הקשת", די העברע-
אישע מאנאט שריפט. מיר האבען דורכגעפירט ליטעראַרישע אווענדען
איבער מענדעלע, פרץ און געהאלטען פארלעזונגען פון שלום עליכם,
פרוג, ביאליק, בערדיטשעווסקי און פון ראזענפעלדס שריפטען. א חוץ
דעם האבען מיר דעם ווינטער געגעבען גאנץ אומזיסט 150 פארציעס
מילך און זעמעל צו די ארימע קינדער, און פאר די עלטערע ארימע
אידען האבען מיר אין די קאלטע ווינטער טעג , א צייט פון עטליכע
וואכען, געגעבען פריי טיי מיט צוקער. אין דעם לעצע צימער פון
דעם פאראיין קאן יעדער איינער אלע טעג פון דער וואך אריינקומען
און לייענען אלע צייטונגען און זשורנאלען און ספרים."

אט אזוי זעען מיר ווי ביסלווייז האט זיך דער ציוניסטישער
געדאנק און איינפלוס אלץ מער און מער פארשפרייט און זיך געלאזט
פילן אין שטאט. דאס האט אויך אריינגעבראכט אסך מחלוקתן צווישער
טאטע, מאמע און זייערע קינדער, צווישען חברים און פריינט, צווישן
חסידים און עמך, די פשוטע אידען. ניט איינמאל האבען די קריגע-
רייען אין די היימען אזוי וגייט געבראכט אז אפילו טאטעס און
מאמעס האבן מיט זייערע קינדער פאר א לענגערער צייט ניט גערעדט.

ביי עקיבא בוטער, א גלינער איד, א פאנאטישער חסיד, איז
זיין געראשענער בחורל, אהרן, פון די פארשידענע קריגערייען
מיטן פאטער, איבער דעם וואס ער איז א ציוניסט – איז ער פון
די שטענדיקע אויפגעגונגען קראנק געווארען , און אין א קורצער
צייט איז ער געשטארבען. אויף אים האט מען געזאגט, אז ער איז
פארען ציוניזם געווען דער ערשטער גלינער קרבן.זכרונו לברכה!

אויך צווישן עמך, צווישען די בעלי מלאכות און דארפס
גייער, זיינען געווען אזעלכע וואס האבען זיך געלאזט פארפירען סיי
פון די חסידים, און סיי פון די אזוי גערופענע אנטוועלטיגע, די
וואוילי יונגען, די גלינער ישראל רובינס, ישראל יודעלס און
זייערע חברים. עס איז נאר געווען א פראגע פון דער זאך, און די
צייט אין וועלכער די ציוניסטען האבען ארויסגעזאגט זייער מיינונג,
און זיך באמיט דורכפירען זייער ווילען,אין וועלכען דער צד שכנגדו
עס האט באַרירט. דער צד האט אלע מאל געטראפען אידען צווישען
פשוטען עולם אז זיי זאלען זיי העלפען צו קריגען זיך און צו באַ-
לידיגען די ציוניסטען. און ניט איינמאל ווען די גלינער אידען
זיינען אין א שבת אין דער פרי געגאנגען אין שול אריין, האט מען
דערזעען ווי די ווענט און די פענסטער פונם ציון פאראיין זיינען
באגאסען און באווארפען מיט קויט, און אסך מאל זיינען אויך די
שטיבער פון איינצעלנע ציוניסטען באשמירט געווארען מיט שמוץ.

## דר. הערצל'ס טויט

ווי א דונער האט די ידיעה (כ'תמוז, תרס"ד, 3טן יולי,1904) וועגן דעם טויט פון טעאדאר הערצל ז"ל, געטראפן די גלינער ציוניסטן, זיי האבן האבן באלד באשלאסן אויפצוהענגען שווארצע פאנען אויף דעם לאקאל פונם ציון פאראיין און אויף דער שול.

נישט אנפרעגענדיג ביים ראש הקהל און נישט ביי די גבאים פון דער שול, האבן עטליכע געוואגטע ציוניסטן ארויסגעהאנגען א גרויסע שווארצע פאן אויף דער שול, און באשטימט עטליכע ציוניסטן זיי זאלן היטן די פאן. ווען די גלינער אידען האבן דאס דערזעען, זיינען זיי ווי פארשטיינערט געווארען. און דער אמת זאל געזאגט ווערען, אז ניט אזוי צוליב דער ביטערער בשורה פון דר. הערצלס טויט, נאר וועגן דער שווארצער פאן אויף דער שול.אסך אידען זיינען דאן ארומגעגאנגען ווי דערשלאגענע. די ציוניסטן מיט זייער ווייטאג און טרויער, די אנטי ציוניסטן מיט זייער גרויסן צער, וועגן דער פאן. אבער א חוץ ר' יוסעלע שוחט, וואס האט געוואלט ארונטעררייסן די פאן פון דער שול, און האט שטארק מרעיש עולם געווען, איז די פאן אויף דער שול געהאנגען א גאנצען מעת לעת.

צו דער טרויער פארזאמלונג זיינען געקומען אסך מער אידען ווי עס האבן געקאנט אריין אינם לאקאל פונם ציוניסטישען פאראיין, און עס איז געווען איינע פון די אימפאזאנטסטע טרויער פארזאמלונגען , וואס דאס שטעטעל האט אמאל געזעען. די רעדנער, הלל פינעלעס,שלמה אונגער, אפרים כ"ץ, בעזשע מעהלמאן,מ. באלאבאן און מאטיק האלפערן, ווער עס האט זיך געשטעלט ריידען האט אויסגעטאן זיינע זיך און שטייענדיג אין די זאקען, האבן זיינע טרערען געריגען פון די אויגען און גערעדט מיט אזויפיל ווייטאג און טרויער, און פון טיפען הארץ, אז דער גאנצער עולם אידען, יונג און אלט האבן מיט אים מיטגעוויינט, און באקלאגן דעם גרויסען בראך וואס עס האט דאן געטראפען דעם אידישען פאלק.

מיט טעג שפעטער האבן די קלויז לומדים און חסידים געהאט גרויס תרעומות אויף מאטיקן, למאי ער האט אין זיין רעדע פארגליכען דעם טויט פון דר. הערצל צו דעם טויט פון משה רבינו, דערמיט האט זיך עס פארענדיגט.

געווארפען א ברענענדיגען לאמפ אין שול:

די ציוניסטען האבען אלס א מיטעל פון אויפקלערונג און אגיטאציע פארען ציון אידעאל זיך באנוצט מיט עפענטליכע פייערונגען פון אונזערע נאציאנאלע און רעליגיעזע יום טובים, ווי פורים, פסח, ל"ג בעומר, שבועות, סכות און אנדערע נאציאנאל היסטארישע געשעענישען פון דער ווייטער פארגאנגענהייט, און אויף פון דער צייט אין וועלכער מען האט מיטגעלעבט און מיט געשאפען.ביי איינער פון אזא פארזאמלונג, פאר וועלכער די ציוניסטען האבען באקומען אן ערלויבעניש פון די שול גבאים אפצוהאלטען אן עפענטליכע פייערונג אין שול, האבען די ציוניסטען אויס געקלעפט האנט געשריבענע מדעות, אויף די ווענט פון דער שול, בית המדרש און קלויז. אזוי ארום געלאזט וויסען דעם עולם אז אין א געוויסען טאג בין מנחה למעריב, וועט הער מאיר באלאבאן, רעדען און קלעזמער וועלען

שפילען. די מודעה אליין  האט שוין צווישען די חסידים אין שטע־
טעל אנגעמאכט א סומאטאכע,מען איז געווארען ווילד פון צארען:
סטטייטש, אזזא זאך! פארשוועכען א מקום קדוש, מיט רעדעס און
מיט קלעזמער שפילען! ווען האט מען אזעלכעס ביי אונז געהערט?
אפ דאס זיינען געווען די ווערטער וואס מען האט געקאנט הערען
אויף שריט און טריט. ביינאכט האט טאקע עמיצער אראפגעריסען די
ציוניסטישע פלאקאטען, אבער אויף מארגען זיינען שוין געווען
אויסגעקלעפט פרישע מדעות. דאס אראפרייסען די מדעות האט באווי־
זען אז עפעס קאכט זיך צווישען די חסידים, אדער צווישען די פראס
טע אידען אין שטעטעל.די ציוניסטען אבער האבען זיך ניט אפגעשרא־
קען און אנגעגאנגען מיט זייער צוגרייטונג צו דער פארזאמלונג אין
שול. אויך דער ראש הקהל און די גבאים האבען געהאלטען זייערע
צוזאגען.

אין דעם אנגעגעבענעם טאג, אין דער ריכטיגער צייט ,איז
צו יעדענס איבעראשונג דוקא געקומען א גרויסער עולם ,מענער און
פרויען אין שול אריין, אז מען איז פשוט געשטאנען קאפ אויף קאפ.
דער הויפט רעדנער אויף דער פארזאמלונג איז געווען הער מאיר בא־
לאבאן. באלאבאן וועלכער איז שוין געווען א לענגערע צייט אינם
שטעטעל און האט שוין פריער געהאלטען  עטליכע רעדעס אין דעם אהבת
ציון פאראיין, און אויך אפילו איינמאל גערעדט אין שול, האט דאס
מאל גערעדט וועגען דעם  פאליטישען ציוניזם. נאכדעם ווי מען איז
פארטיג געווארען מיטען דאווענען, איז די פארזאמלונג געעפענט גע־
ווארען. הער באלאבאן איז ארויפגעגאנגען אויפן באלעמער, נישט
ווייט פונם ארון קודש און געהאלטען זיין רעדע אין פויליש. גע־
רעדט האט ער שיין און מיט גרויס התלהבות, מיט איבערגעגעבענהייט,
אז אלע אין שול זיינען מיטגעריסען געווארען פאר באגייסטערונג.
יעדער איינער פון דער איבערגעפאקטער שול איז מיטגעריסען געווארען
פאר באגייסטערונג און זיך פארהאלטען מיטען גרעסטען כבוד, און
ווען באלאבאן האט פארענדיגט זיין רעדע, האט מען דאס ערשטע מאל
אין דער גלינער שול געפאטשט בראווא. א גערודער פון אויפרעגונג
האט זיך דערהערט, און באלד טאקע אויך אויסרופען: אידען, שאט!
מען טאר ניט פאטשען בראווא אין א שול! און ווען אלע זיינען
געווארען שטיל, האבען די קלעזמער אנגעהויבען צו שפילען. און ווען
הער פסחיה וואלף מיט זיין קאפעליע האט אויסגעשפילט די "התקוה",
האט א איד פלוצלים א ווארף געטאן א ברענענדיגען לאמפ, געצילט צום
ארט וואו באלאבאן איז געשטאנען. דער לאמפ איז אבער געפאלען צווי־
שען די קלעזמער, דער נאפט האט זיך צעגאסען און עס האט ארויסגע־
זעצט א גרויסער פלאם פייער. אויפען ערשטען מאמענט זיינען אלע אין
שול ווי פארשטיינערט געווארען פון שרעק, נאר באלד האט זיך דער־
הערט געשריען: א שריפה! עס ברענט! וואסער, וואאסער! אידן, רא־
טעוועט די שול! געוואלד, געוואלד! אסך האבען זיך געשטופט צו דער
טיר, און אנדערע צום פלאץ,  וואו דער לאמפ איז געפאלען.  די
פייערונג וואס האט זיך אנגעהויבען אזוי שיין און מיט אזוי פיל
באגייסטערונג, איז פארשטערט געווארען. פאר וואכען און חדשים
האט דאס שטעטעל זיך גערודערט און הגם עס זיינען געווען  עדות
און באווייזען און מען האט געוואוסט ווער עס האט דעם לאמפ גע־
ווארפען,האט מען דעם שולדיגען ניט אנגעקלאגט, נישט די גבאים
פון דער שול, און נישט אפילו די ציוניסטען האבען געוואלט פאר־
פירען א פראצעס קעגען דעם פארדארבענעם אידען.

## דער קאמף אויף צוויי פראנטען

דער קאמף אויף די צוויי פראנטען, פון איין זייט מיטן רבי און זיינע חסידים, און פון דער אנדערער זייט מיט די ישראל רובינס, א איד א סוחר, און א תקיף, וועלכער האט זיך געחברט מיט די ארימעלייט פונם שטעטל, און זיי אסך ארויסגעהאלפען מאטעריעל. און זיי אויך אויסגענוצט פאר זיינע פערזענלעכע נוצען — האבען די ציוניסטען ניט אפגעשראקען און זייער טעטיגקייט ניט פארקלענערט, זייער ענטוזיאזם ניט אפגעקילט. די ציוניסטען זיינען מיט יעדען יאר אלץ שטארקער געווארען, סיי אין מיטגלידערשאפט און סיי אין סימפאטיקער און אינם איינפלוס אינם קהלישן לעבען. עס איז שוין ניט געווען איין קהלישע פראגע אז די ציוניסטען זאלען ניט לאזען הערען זייער ווארט און געפירט אן עפענטליכען קאמף פאר זייערע איבערצייגונגען.

נאך א פאריאר פון אינטעסיווער אגיטאציע און אויפקלערונג, איז דאס פאראיין צימער ביי מאיר שמואלין שוין געווארען צו ענג און מען האט זיך געמוזט איבערציען זיך אין א גרעסערער דירה. האט מען געדונגען ביי חיים יוסעל ריינהארץ א דירה פון צוויי גרויסע צימערען, ווא עס האט בעקאנט אריין אסך מער מענטשען, ווי אין דעם פריערדיגען לאקאל.

נאכדעם ווי פון איינעם פון די ציוניסטישע קאנגרעסען איז ארויס דער אויפרוף אז די ציוניסטען זאלען באהערשען די קולטוס געמיינדען, און אויך נאכדעם ווי די גאליציש ציוניסטישע לאנדעס קאנפערענץ האט באשלאסען צו פירען א אידיש נאציאנאלע לאנדעס פאליטיק, האבען די גלינער ציוניסטען זיך ערשט גענומען צו דער ארבעט. זיי האבען ניט דורכגעלאזען די קלענסטע געלעגענהייט זיך צו באטייליגען אין די שטאטישע וואלען, אין וועלכע זיי האבען ארויסגעשטעלט אייגענע קאנדידאטען, פאר ראדניקעס, צום מאגיסטראט. ביים וואלען צו קהל האבען זיי געהאט זייערע אייגענע קאנדידאטען, און אויך ביי די אלגעמיינע פאליטישע לאנדוואלען, האבען זיי גענומען א גרויסען איינטייל, און אפילו געהאט זייערען א קאנדידאט צום פארלאמענט. ביי די ערשטע עטליכע וואלען ארויסטרעטונגען האבען די גלינער ציוניסטען ניט געהאט קיין גרויסען ערפאלג, אבער מיטען גאנג פון די יארען, האבען די ציוניסטען שוין דערוועלט זייערע קאנדידאטען צו דער געמיינדע — מאגיסטראט. זיי האבען געהאט פארטרעטער אין קהל, און מיט דער צייט איבערגענומען דאס גאנצע קהלישע פירונג און ערוועלט זייערע ראשי הקהל.

ביי איינער פון די פארלאמענט וואלען אין וויען, צו דערוועלען א אפגעארדענטען צום פארלאמענט, וואס זאל פארטרעטען דעם קרייז, אין וועלכען גלינע איז געווען אריינגערעכענט, האבען די גלינער ציוניסטען, חוץ וואס זיי האבען געשטיצט מיט געלט און מיט אנדערע מיטלען דאס ציוניסטישע וואל-קאמיטע פאר גאליציען, כדי ניט צו דארפען שטימען מיט די פאליאקען אדער מיט די רוטענער, פאר זייערע קאנדידאטען, און דערמיט ניט צו פארשטארקען די שונאים פון די פאליאקען האדער די רוטענער, וואס דאס איז געווען די ציוניסטישע לאנד-פאליטיק אין גאליציע. ניט ווי די אסימעלאטארען, מיט די חסידים וואס האבען אלע מאל געשטימט

פאר די פוילישע פארטרעטער, און דערמיט פארגרעסערט דעם צארען פון די רוסענער קעגען די אידען - דאסמאל האבען אויך די גלינער ציוניסטען אויפגעשטעלט זייער אייגענעם, קאנדידאט פאר דעם פארלאמענט. דאס איז געווען דער גלינער רב ר' ברוך באסעכער, א איבערגעגעבענער און געטריי נאציאנאלער איד. אין דער צייט פונם וואל קאמפיין האט ער געהאלטען נאציאנאל ציוניסטישע רעדעס און אויך געשריבען עטליכע ארטיקלען אינם לעמבערגער "טאגעבלאט". די גלינער ציוניסטען האבען אנגעפירט א שטארקען וואל קאמפיין, מיט אויפקלערונגען דורך אויפרופען און פארזאמלונגען, מיט די הענט געשריבען די אויפרופען און העקטאגראפירט אין די הונדערטער עקזעמפלארען, און זיי פארטיילט אין אלע שטיבער און אין אלע בתי מדרשים. צו די ציוניסטישע וואל פארזאמלונגען זיינען געקומען פוילישע און רוסענישע פארטרעטער און דיסקוטירט די פאליטישע פראגען. די חסידים און דער "וואויל יונגערישער צד, האבען באקעמפט די ציוניסטען און זייער קאנדידאט. נאטירליך יעדער מיט זיינע מיטלען און לויט זיינע פאליטישער רייפקייט. עס האט אויך ניט אויסגעפעלט דער ארגומענט פון דער פויסט... דער רעזולטאט פון יענע וואלען איז געווען אז איבער הונדערט גלינער אידען האבען געשטימט פאר דעם ציוניסטישען קאנדידאט, ר' ברוך באסעכעס.

דאס איז געווען דער עכא, דאס ווידערקול, וואס די גלינער ציוניסטען און דער ציוניזם בכלל האבען ארייגעשרימען אין דער געשיכטע פון גלינע. צוויי זאכען דארף מען געדענקען, בכדי צו קענען באגרייפען דעם גרויסען זיג. ערשטענס, אז דער גרעסטער טייל פון די גלינער ציוניסטען זיינען אין יענער צייט נאך געווען יונגע מענטשען, וועלכע האבען נאך ניט געהאט דאס רעכט צו שטימען, און צווייטענס, מ'מוז קענען די דאמאלסדיגע עקאנאמישע לאגע פון אסך גלינער אידען, צו קאנען פארשטייען, וואס עס האט געמיינט ביי אן ארימען גלינער איד, א פינפערל, אדער א צענערעל, וואס די געגנער פון די ציוניסטען האבען געצאלט פאר א שטימע , פאר זייערען א קאנדידאט. דאך האבען אסך אידען זיך דערפון אפגעזאגט, נאכדעם ווי זיי האבען געהערט די רעדעס און געלייענט די אויפרופען פון די ציוניסטען און זייער קאנדידאט, האבען, די אידען זיך נישט געוואלט פארקויפען פאר געלט, און האבען געשטימט פארן ציוניסטישען קאנדידאט.( אסך שטימען פארן ציוניסטישען קאנדידאט זיינען גע'פסולט געווארען, אדער צוגענומען געווארען...) נאך די וואלען האט מאטיק האלפערן געהאלטען א רעדע לכבוד דעם גרויסען זיג, און צווישען אנדערש געזאגט:" די גמרא זאגט " אז ווען איינער לערענט א זאך הונדערט מאל ,איז ניט געגליכען צו דעם וואס לערענט א זאך הונדערט און איין מאל".( ווייל דער וואס לערענט א זאך הונדערט מאל איז מעגליך אז ער זאל די זאך פארגעסען, אבער דער וואס לערענט הונדערט און איין מאל וועט קיינמאל שוין ניט פארגעסען) די גלינער אידען האבען דעם ציוניזם געלערענט "הונדערט און איין מאל" און זיי האבען אים קיינמאל ניט פארגעסען ...

אין גלינע זיינען יענע יארען פארקויפט געווארען הונדערטער אקציעס פון דער אידישער קאלאניאל באנק. עס זיינען געזאמעלט געווארען טויזענטער ראניש פארען נאציאנאל פאנד, וואס דאס איז געווען א לעבענס אויפגאבע פון אפרים כ"ץ, און וויפיל מיר איז באקאנט , האט מען מיט א טייל פון דעם געלט איינגעשריבען צום אייביגען כבוד און אנדענק, אין דעם ספר הזהב, גאלדענעם בוך

פון דעם אידישען נאציאנאל פאנד, דאס פאלגענדע: "דר. הערצל, דר. נארדוא, דוד וואלפזאן, חיים נחמן ביאליק, מ.ל. לילענבלום, פראפ. ל. קעלנער, הלל פינעלעס, דר. אברהם און יעקב קארקיס, פראפ. דר. מאיר באלאבאן, אפרים כ"ץ א.א. וו.

מען האט אויך געפלאנצט אסך ביימער אין יער הערצל, אין ארץ ישראל. פאר יעדען ציוניסטישען קאנגרעס זיינען אין גלינע פארקויפט געווארען מער ווי גענוג שקלים, צו קענען שיקען א אייגענעם דעלעגאט צום קאנגרעס. אויף איינעם פון די ציוניסטישע קאנגרעסען, אפגעהאלטען אין וויען, אין 1913, איז מאטיק האלפערן דאן באקאנט אונטערען פען נאמען "מרדכי בן יחזקאל" געווען א דעלעגאט, געוועלט פון די גלינער ציוניסטען.

## ציוניסטישע רעדנער פונם שטעטעל:

חוץ די ציוניסטישע רעדנער פון שטעטעל גופא, האט גלינע גע-האט די זכיה אז עס זאלען דארט האלטען רעדעס כמעט אלע ציוניס-טישע פירער פון גאליציע און אויך עטליכע ציוניסטישע פערזענ-ליכקייטען אויסער גאליציע. אין לויף פון יארען זיינען קיין גלינע געקומען האלטען ציוניסטישע רעדעס, דר. אדאלף שטאנד, אין זיין צייט דער אנערקענטער פירער פון די גאליצישע ציוניסטען. דר גרשון ציפער, דר. לעאן רייך, שלמה שילער, גרשום באדער, דר. היינריך גאבעל, דר. משה פראסטיק, ראבינער דר. ברוידע, פראפ. מאלער און די ציוניסטישע פאלקס רעדנער, לייב טויבים, דוד הערש טיגער, הער אבראמזאן, און אויך אנדערע, צווישען וועלכע מיכעלע פרעמישלאנער איז געווען א אפטער גאסט אין שטעטעל ער, מעכעלע איז געווען א פרעמישלאנער, נאך א יונגער בחורל, קליין געוואק-סען, א חסיד, א למדן און א בעל דרשן, וואס האט פאר שעהן לאנג געקאנט האלטען אן עולם צוהערער אין דער גרעסטער אויפמערק-זאמקייט. און געדעדט האט ער מיט א ווארימער איבערגעגעבענהייט וועגען עם ישראל און ארץ ישראל, אז ווען נאר ער איז געקומען אין שטעטעל, איז א גרויסער עולם אים געגאנגען הערען.

## ר׳ מאטיק האלפערן (מרדכי בן יחזקאל)

א חוץ מאיר באלאבאן, וועלכער איז געווען זייער א גוטער און שיינער רעדנער. איז מאטיק האלפערן געווען איינער פון די בעססע און באליבסטע רעדנער אינם שטעטעל. ווען מאטיק האט גע-האלטען א רעדע, איז ביי די גלינער ציוניסטען, יונג און אלט, געווען אן עונג רוחני. מאטיק איז געווען ר׳ שמחהס א תלמיד, א קלויז לערנער, א למדן סיי אין אידישען, סיי אין אלגעמיי-נער וויסען. ער איז שוין אין יענער צייט געווען בקי אין דער אלטער און אין דער נייער העברעאישער ליטעראטור און אויך אין דער רבנישער ליטעראטור. ער איז געווען א אויסגעצייכענטער קע-נער פון דעם ציוניזם אין אלע שאטירונגען און פראקציעס. און זיינע א רעדע איז געווען מיט לאגישע ארגומענטען, און פייער-דיגע ווערטער. אזוי לאנג ווי מאטיק איז געווען אין גלינע, האבען די ציוניסטען גארנישט געטאן אן זיין הסכמה. מען קען זא-גען אז מאטיק האלפערן איז אסך יארען געווען דער גייסטיגער פי-רער פון די גלינער ציוניסטען. צווישען די גלינער לומדים, אי-בערהויפט צווישען די חסידים האט מאטיק געהאט אסך געגנער, אבער אלע האבען זיך פארהאלטען צו אים מיט גרויס דרך ארץ. אפילו

הרב מאיר שאפירא, א איבערגעגעבענער אגודת ישראלניק, איז געווען מאטיקס א חבר און פריינט. הגם מאטיק האלפערן איז געווען דער זון פון ארימע עלטערן און אלס א קלויז לערנער געלעבט און געליטען אסך דוחקס, האבען אלע גלינער אידען, פון די רייכע ביז די ארימע אים כבוד אפגעגעבען.

ר' יחזקאל מעשענעמס (אזוי האט מען אים גערופען, צוליב דעם וואס זיין שווער, ר' יאנקל מלמד האט געהאט א געלע בארד, און מען האט אים גערופען דער מעשענער מלמד) און חאנטשע זיין ווייב זיינען געווען די עלטערן פון מאטיק (מרדכי בן יחזקאל) און העניאך (חנוך). דאס זיינען ביי זיי געווען די צוויי קינדער, וועלכע זיינען זיי איבערגעבליבען פון צען קינדער.

ה' יחזקאל איז געווען א פשוטער פרומער איד, ערליך ביז גאר, וואס האט אין דער פרייער צייט ליב געהאט אריינקוקן אין א ספר. אויך זיך שטענדיג צוגעהערט ווען יאנקעלע חיה אסתרס, ברוך באסעכעס, מעכעל יענטעס און אנדערע למדנים האבען געלערענט פאר אן עולם אידען. ער איז געווען א שטענדיגער שול דאווענער, אפילו אין די גרעסטע פרעסט. א חסיד פונם רבין ר' בצלאל. איז געווען א דארפס גייער און צוליב זיין שוואכען געזונט האט ער קוים, קוים געקאנט מפרנס זיין פאמיליע זיין.

ווען מאטיק האלפערן איז אינם יאר 1920 אוועקגעפארען קיין ארץ ישראל, דארטען זיך צו באזעצען, האט ער שוין געהאט פארעפענטלעכט מאמרים אין די בעסטע העברעאישע זשורנאלען, אין פעריאדישע שריפטען און וואכענבלעטער, אונטער דעם נאמען "מרדכי בן יחזקאל", און אונטער דעם נאמען איז ער באקאנט אין ארץ ישראל, און אין דער העברעאישער ליטעראטור.

גלינע האט אויך געהאט דעם כבוד צו האבען אלס געסט באזוכער די שריפטשטעלער, שלום אש, חיים ברענער, שלום עליכם, וועמען מען האט אויפגענומען מיט גרויס פאראד, און ער האט פארגעלעזען פון זיינע שריפטען אינם גרויסען זאל פון דער געמיינדע – און אנדערע. אויך חסידישע רביים זענען אין פארשידענע צייטען געקומען קיין גלינע אלס געסט. דאס זיינען געווען דער שיניאווער רבי, דער סאנדזער רבי, דער זבאראווער רבי, דער מיקאלאיעווער רבי.

דער פארשטערטער שבת:

אין א צייט פון צען יאר האבען די גלינער ציוניסטען אויף אזוי פיל פארשטארקט זייער השפעה אויף דעם שטעטל, אז די אלטע בעלי בתים, די דעה זאגער אין דעם קהלישען לעבען פונם שטעטל, האבען זיך אליין ניט געקאנט אפגעבען דין וחשבון וואס עס איז געשען מיט די "אינגלעך" ציוניסטען. זיי האבען געטענהט: אז פאר דורות איז דאס אידישע לעבען אינם שטעטל געפירט געווארען פון די עלטערע בעלי בתים, און דא זיינען געקומען די ציוניסטען און זיי ווערען גאר די דעה זאגער און די פירער. און אז די ענדערונג איז ניט געווען אזא רואיגע און שטילע, וועלען וועלען באשטעטיגען די פאסירונגען וועלכע האבן איבערגעלאזט א

געוואלדיגען רושם אויף אלע אידען אין שטעטל אוס פון דעם ארום. געשען איז עס אין דער צייט ווען די גלינער ציוניסטען האבען גע-מאכט פלענער צו גרינדען אן העברעאישע שולע "שפה ברורה", מיט עברית בעברית אלס לערען מעטאדע. די פאסירונג איז באקאנט אין שטעטל אלס "דער פארשטערטער שבת".

אין איינעם פון די זומער חדשים אין יאר 1905-תרס"ה אין א פרייטאג פארנאכט, זיינען אויף די ווענט פון דער שטאטישער שול בתי מדרשים און קלויז אויסגעקלעפט געווען מודעות אז הער אבראם-זאן וועט שבת בייטאג האלטען א פארטראג אין שול וועגען לימוד התורה און חנוך הבנים. דאס איז נישט געווען דאס ערשטע מאל וואס דער הער אבראמזאן האט גערעדט אין גלינע.געווען איז ער א רוסישער איד, א ציוניסטישער אגיטאטאר, וואס איז ארומגעפארען איבער גאליציע און בוקאווינא אין די אינטערעסען פון דער ציון באוועגונג. ער איז געווען אין די פערציגער יארען, און א גרויסער למדן, געהאט ברייטע ידיעות אין דעם אלגעמיינעם אידישען עקאנא-מישען און פאליטישען לעבען, און זיינע א רעדע האט איבערגעלאזט א גרויסען רושם אויף זיינע צוהערער.

אין דעם חסידישען לאגער איז א פנים די זאך ניט געווען לרצון, וואס הייסט עפעס דוחק זיין דעם קץ? ווילען איבערנעמען די אידען קיין ארץ ישראל פאר דער צייט, איידער די גאולה איז געקומען פון הימעל? און וואס ווילען זיי עפעס מיטען שאפען נייע פאראטקעס און א נייעם מין חדר , צו לערנען מיט די קינדער עברית בעברית? האבען די חסידים מיט דער מיטהילף פון ניט חסידים זיך דערטראכט צו א פלאן, צו פארלויפען דעם וועג, און מאכען אזוי, אז דער הער אבראמזאן זאל גאר ניט האבען די מעגליכקייט צו קענען ריידען דעם שבת אין שול, און ווען ער זאל אפילו יא רעדען, זאל זיין רעדע ניט האבען קיין איינפלוס אויף זיינע צוהערער. און אט אין וואס עס איז באשטאנען דער פלאן פון די געגנער פונם ציוניזם.

שבת אין דער פרי, נאך איידער מען האט זיך געשטעלט דא-ווענען אין שול, האט זיך פארשפרייט א קלאנג אז פאר קריאת התורה וועט דער רבי ר' בצלאל קומען אין שול האלטען א דרשה. דאס איז געווען א נייעס, א דבר חדש, דער רבי , ווי עס איז באוואוסט האלט ניט קיינע דרשות. ער, זאל לעבען! ווען ער זאגט תורה, "זאגט" ער עס ביים פראווען דעם טיש, טא ווי קומט עס אז ער זאל דרשנען פון א בימה און דאס אין שול און ניט אין זיין בית המדרש? די טשיקאווע נייעס האט געמאכט א גרויסען רושם, יעדער איינער האט פארשטאנען אז די זאך וועט ניט אפ-גייען גלאט. האט מען אויף גיך פארטראכט פלענער וואס צו טאן, אין פאל עס וועט קומען צו א צוזאמענשטויס צווישען די צוויי געגנערישע צדדים.

דערווייל איז מען אין יעדען מקום קדוש אנגעגאנגען מיטען דאווענען.אסך אידען האבען אפילו מפסיק געווען אין מיטען דא-ווענען און זיינען ארויס אין דרויסען זעען צי דער רבי מיט זיין סוויטע קומט שוין פון זיין הויף. אז מען האט צואוויסען געגעבען אין שול אז דער רבי מיט איניגע פון זיינע חסידים און גבאים קומען אן, האט דער עולם פונם בית המדרש, קלויז און

אנדערע שולעכלעך זיך א לאז געטאן אין דער גרויסער שול אריין. גראד האט דער חזן דאן געזאגט די הויכע שמנה עשרה, פון שחרית. אין שול איז געווארען א טומעל, א געררודער, און דער געדרענג און דאס ענגשאפט ממש צו דערשטיקט ווערען. דער שמש און די גבאים האבען געקלאפט אין שלחן און אויף די סטענדערס.,מען הערט ניט וואס דער חזן זאגט און ווי ער האלט, נאר דעם עולם האט מען ניט געקאנט איינשטילען. אבער ווען דער רבי בצלאל איז צוגעקומען צו דער שול, איז ער איר גאר פארביי געגאנגען און איז אריין אינעם בית המדרש וואס איז געווען אקעגען איבער דער שול.

איצט איז דער געלויף שוין געווארען אין בית המדרש אריין, און דער טומעל און שטופעניש האט זיך אריבערגעטראגען אהין. ענדלעך האט מען דעם עולם איינגעשטילט. און ווען דער רבי איז ארויפגעקומען אויפן באלעמער איז געווארען אזוי שטיל, אז מען האט געהערט דעם טיק-טאק פונם וואנט זייגער. יעדער איינער האט גוט געוואוסט אז דער רבי איז ניט קיין בעל דרשן און דערצו רעדט ער נאך זייער שטיל, האט יעדער ווי ווייט מעגליך זיך פאר-האלטען רואיג-שטיל, מען זאל בעסער קענען הערען וואס ער וועט זאגען. נישט אלע אידען האבען געקאנט הערען דייטלעך זיינע רייד , ווייל דער עולם איז דארט געווען א גרויסער און אפילו אויף דער גאס ארום דעם בית המדרש איז מען געשטאנען, אבער די וואס זיינען געשטאנען נאענטער צום באלעמער האבען געהערט וואס דער רבי האט געזאגט און מען האט עס שפעטער נאכגעזאגט:" מיר ווערען אסך געשטראפט פונם רבונו של עולם, אסך אידען דא, אין שטאט האבען ניט קיין פרנסה! עס איז דא ביי אונדז אסך חולאים, און קליינע קינדער שטארבען ביי אונדז, ווייסט איר פארוואס? - דאס איז דערפאר וואס אין אונדזער קהלה ווערען ניט אפגעהיט גאטס מצות. נשים גייען מיט די אייגענע האר און היטען נישט אפ טבילה. בחורים און מיידלעך, רחמנא לצלן קומען זיך צונויף און מען טאנצט צוזאמען, מען איז מחלל שבת!

דא איז זיין ריידען איבערגעהאקט געווארען. פון א ווינקעל אין בית המדרש, וואו די ציוניסטען זיינען געשטאנען, האט זיך דערהערט קולות: "זאל דער רבי זאגען ווייזמען ער מיינט מיט זיינע רייד?! ווער זיינען עס די אידען און די אידישע קינדער וואס ער ווארפט אויף זיי די שולד פון אזעלכע עבירות? " און באלד האבען זיך א סך קולות דערהערט: "ווער,ווער?, זאל דער רבי אנווייזען, אדער אנרופען עמיצען ביים נאמען!"

ווי יעדערער האט פארשטאנען האט דער רבי געמיינט די ציוניסטען, כאטש ער האט עס אפען נישט ארויסגעזאגט. אט די קולות זיינען טאקע געקומען פון די ציוניסטען און זייערע סימפאטיקער, וועלכע האבען צווישען זיך ארגאניזירט א "פראנט" צו קעמפען געגען דעם רבין און זיינע חסידים.

אין דעם צווייטען לאגער פון דעם חסידישען און פראס-טען עולם איז מען פאר א מאמענט געבליבען צעטומעלט פון דער ציוניסטישער אטאקע, נאר באלד איז צווישען זיי געווארען א שטארקע אויפרעגונג, איבער דער חוצפה פון די ליידאקעס,וואס האבען געוואגט זיך צו שטעלען קעגען דעם רבין, און אים איבער-שלאגען זיינע רייד. דער עולם האט זיך א לאז געטאן מיט אזא

אויפרעגונג און רציחה צו די ציוניסטען, ווי זיי וואלטען יעדען גע־
וואלט צעריסן. עס איז באלד געווארען א געשלעג מיט קללות ביז אין
הימל אריין.די ווייבער האבען געוואלדעוועט און געקוויטשעט און עס
געווארען אזא טומעל און מישמאש, אז מען איז זיך צונויפגעלאסען פון
די הייזער ארום. די גאנצע אידישע באפעלקערונג פון שטעטעל איז גע־
ווען אין דעם שול־הויף און אין די ארומיגע געסלעך. אסך פון די אנ־
געלאפענע פרויען האבען פארהיטען פון בלוטיגע געשלעגען, מיט דעם
וואס זיי האבען אין דעם גרויסען ווירוואר אויפגעזוכט זייערע מענער
און זיי מיט געוואלד אוועקגענומען פון דעם קאכענדיגען און ברויזנ־
דיגען קנויל ,פון בייזע און אויפגערעגטע מענטשען.

די ציוניסטען פון זייער זייט זיינען אויך ניט צוריקגעשטא־
נען , זיך ניט אפגעשראקען. זיי האבען זיך געקאנט פארמעסטען מיט
כוחות, מיט דעם גרעסטען טייל פון די וואס האבען זיך אנגענומען פאר
דעם רבין. זיי האבען זיך געקאנט פארמעסטען, סיי אין פיזישער קראפט,
געבען קלעפ, און סיי אין ארגומענטען און סטראשונקעס. דא האט עמי־
צער געקרופען די פאליציי און די זשאנדאמערי, עס האט אויסגעזעען אז
עס וועט חלילה קומען צו בלוט פארגיסונג.

דער רבי בצלאל איז געבליבען שטיין אויף דער בימה א צו־
שראקענער, א באליידיגטער און א פארשעמטער, עטליכע נאהענטע הא־
בען זיך ארום אים ארומגעשטעלט און אים באוואכט פון א איבערפאל
מצד די ציוניסטען. הגם, קיינעם איז חלילה וחס אויפען זינען
ניט געקומען צו וועלן עפעס בייז טאן דעם אלטען רבין.

מען האט דעם רבין ווי עס איז ארויסגעפירט פונם בית המד־
רש און אוועקגעפירט א היים, אין דער באגלייטונג פון זיינע חסידים,
עטליכע טרעגער, בעלי עגלות, קצבים און סתם שטארקע יונגען און
מיט דער באגלייטונג פון צוויי זשאנדארען. די דאסיגע פראצעסיע
האט פארשאפט זייער ווייניג כבוד, סיי די חסידים און סיי די ציו־
ניסטען. דעם רבינס צד אבער האט מיט דעם באשטעטיגט אז די ציו־
ניסטען אין שטעטעל זיינען און האבען שוין א שטארקען כוח.

דער גערעש און טומעל אין בית המדרש און ארם דעם בית
המדרש איז ניט אזוי גיך איינגעשטילט געווארען. פאליציאנטען
האבען פאר א לאנגער צייט שווער געארבעט ביז מען האט דעם צעיו־
שעטען עולם צעטריבען און געשאפען ארדענונג. אבער אינגאנצען שטיל
איז ניט געווארען. אין די גאסען און אין די הייזער האט זיך גע־
קאכט ווי אין א קעסעל, און זיך געררודערט פאר וואכען לאנג.

ווען א ציוניסט האט באדארפט דורגייען די גאס צו זיך א
היים, האט אים קיין באליידיגונגען און קללות ניט געפעלט. דורך
די פענסטער און טירען האט מען נאכגעשריגען און געשאלטען. וואס
אין די היימען האט זיך דאן אפגעטאן איז שווער צו שילדערען. די
מענטשען פון די צוויי געגענזעצטע שטרעבונגען האבען איינע די
אנדערע געשאלטען, געזידעלט און אנגערופען מיט מיאוסע נעמען.
אפילו מענער מיט זייערע ווייבער האבען זיך געקריגט, זין מיט
טאטעס, זיידעס מיט אייניקלעך, שנור מיט שוויגער. גאנצע משפחות
זיינען צוקריגט געווארען אין יענעם פארשטערטען שבת און נישט
איין טשאלענט און נישט איין קוגעל איז פאר גרויס אויפרעגונג
איבערגעבליבען ניט געגעסען. יא, ניט איין שלום בית איז צוליב

דעם "פארשטערטען שבת" צעשטערט געווארען.

טאקע אין דעם זעלבען שבת, בייטאג האבען די ציוניסטען אפגעהאלטען א פארזאמלונג אין זייער פאראיין לאקאל, וואו עס האבען געהאלטען רעדעם די הערען אבראמזאן, מאטיק האלפערן, אפרים כ"ץ, הלל פינעלעס, שלמה אונגאר, בעזשע מעהלמאן ,וואו די גאנצע זאך איז אויפגעקלערט געווארען און אויך אנגעוויזען ווער עס זיינען די שולדיגע אין דעם סקאנדאל, און אויך די מענטשען ניט געזשאלעוועט. דאס איז געווען די ערשטע עפענטליכע דעמאנסטראציע קעגען דעם רבי בצלאל און די מענטשן וועלכע האבען אים פארפירט צו מאכען זיין נישט בארעכטיקען אנפאל.

ווי עס האט זיך ארויסגעוויזען איז דער רבי אין דעם גאנצען ענין כמעט ווי נישט שולדיג געווען. ער איז נעבעך פארפירט געווארן פון עטליכע חסידים, שוטים און פון עטליכע זייטיגע מענשען, ווי שלמהלע ציגלער, אברהם ריינהארץ, אברהם דרייפוס, אבעלע (שוחט) גערסטעל, איטשאלע (חסיד) געלסבערג. דוד משה אכבערג און אנדערע, וואס האבען אזוי ארום געוואלט אפשוואכען די ציוניסטען און זייערע אנהענגער. די אמתע אורזאך וואס האט צום סקאנדאל געפירט איז געווען אט וואס: געשטארבען איז אין שטעטעל א רייכער איד, יהודה וואלף שטיינווארצעל, וועלכער האט איבערגעלאזט עטליכע צענדליג טויזענטער קראנען און א גרויסע געמויערטע הויז אין מארק, אבער קיינע יורשים. האט קהל ארויסגעוויילט א קאמיטעט וואס זאל פארוואלטען מיטען איבערגעבליבענעם פארמעגען. אין דעם קאמיטעט זיינען געווען פארטראטען חסידים און ציוניסטען. די לעצטע האבען פארלאנגט אז א טייל פון דער ירושה וואס גייט פאר קהלישע זאכען, זאל פאר וועגדעט ווערען פאר אידישען חנוך אויף א מאדערנעם אופן. מען זאל מאכען חדרים און אנגייען מיט א סיסטעמאטישען סיסטעם פון לערנען און מיט סאניטארישע איינריכטונגען. די ציוניסטען האבען אויך געוואלט גרינדען א העברעאישע שולע וואו מען זאל לערנען עברית בעברית, אין טאקע צוליב דעם האבען זיי געבראכט דעם הער אבראמזאן אז ער זאל יענעם שבת רעדען וועגען דעם. און אזוי ווי די חסידים אדער איניגע פון זיי,די "אפעקונעס" פון דעם פארמעגען האבען געזוכט צו מאכען אן אנדערען תכלית פון דער ירושה, האבען זיי אומבאטראכטערהייט געבראכט צום פארשטערטען שבת, צום בזיון פונם רבין און צו מחלוקת אין שטעטעל.

עס איז אויך געווען א קאמישע זייט פונם פארשטערטען שבת. אין די ארומיגע שטעטלעך און דערפער, וואו דער רבי האט געהאט זיינע חסידים, זיינען נאך יענעם שבת פארשפרייט געווארען קלאנגען אז "ער זאל לעבען" האט פארשאלטען עטליכע ציוניסטען, און זיינע קללות זיינען אויפן ארט מקוים געווארען : איינער האט באלד פארלוירען דאס לשון, ביי איינעם איז דאס ווייב צשוגע געווארען, און ביי אן אנדערען זיינען די קינדער געשטארבען. ווידער האט מען דערציילט אז עטליכע ציוניסטען האבען חרטה געהאט אויפען גאנצען ציון ענין און זיינען בארווים, אן די שיך געגאנגען צום רבין מקבל נזיפה זיין, זיך לאזען פארשעמען און בעטען מחילה ביי אים. אט אזעלכע באבע מעשיות האבען זיך פאר א לאנגער צייט ארומגעטראגען אין דעם ארומיגען געגענד , אבער אין דעם שטעטעל גלינע גופא האט מען זיך פון די אלע מעשיות גוט אמוזירט און אנגעלאכט. ווייל עס איז ניט געווען קיין ווארט אמת אין דעם, עס האט זיך גארניט אנגעהויבען און גארניט אויסגעלאזט. אלץ איז געווען פאנאטישער איבערגלויבן און נארישקייט.

# דער פועלי-ציון פאראיין

אינם יאר 1905 איז דער פועלי ציון פאראיין אין גלינע געגרינ־דעט געווארען. געקומען איז עס א דאנק דער איבערגעגעבענער מיה און אנשטרענגונגען וואס צוויי יונגע פועלי ציוניסטען, הענאך האלפערן און אורטשע מאנדעלהאבען מיט דער הילף פון נאך עטליכע יונגע אי־דישע ארבעטער, שניידער, סטאלאר, בלעכער, וואס זיי האבען געפירט אן אגיטאציע און אויפקלערונגען וועגען דעם ענין. צום ערשטען הא־בען זיי געשאפען א קליינע גרופע פון פארשידענע פאד־ארבעטער, סיי אזעלכע וואס זיינען געווען געזעלען, ד. ה. א זעלבע בעלי מלא־כות וואס האבען שוין געקאנט אליין מאכען א שטיקעל ארבעט, און סיי פון לערען אינגלעך, ד. ה. פון אזעלכע וואס האבען זיך ערשט גע־לערענט א מלאכה. אויך פון עטליכע פון די וואס מען האט גערופען "גאסען יונגעלך", אינגלעך, וואס האבען נאך ניט געהאט א באשטימטע באשעפטיגונג.

די פירער און אויך די מערסטע מיטגלידער פון דעם אהבת ציון פאראיין, זיינען געווען "סאטענס קינדער" , יונגע לייט פון דעם בעלי בתישען קלאס. אמת איז אז די גלינער ציוניסטען האבען זיך אלעמאל געפירט דעמאקראטיש, און דער ציון פאראיין מיט אלע צייטונגען, זשורנאלען און ביכער זיינען אלע מאל געווען אפען און פריי פאר יעדען וואס האט געוואלט קומען אין פאראיין און זיך מיט זיי באנוצען.

פון דעסטוועגען האט זיך תמיד געפילט א געוויסע מחיצה צווי־שען די ארבעטער און די ציוניסטישע חברים. דערפאר זיינען געווען אסך בחורים אינם שטעטעל, איבערהויפט צווישען די בעלי מלאכות, וואס זיינען אויפגעוואקסען אין היימען אין נויט און הונגער,זיי האבען זיך וויינינג פאראינטערעסירט מיט דער ציוניסטישער פראפא־גאנדע, הגם א טייל פון זיי פלעגען פון צייט צו צייט יא אריינ־קומען אין דעם ציון פאראיין.

צו פארבעסערן דעם צושטאנד און צו דערנענטערען די גלינער אידישע ארבייטער צום נאציאנאלען באוואוסטזיין, האבען די צוויי יונגע ארבייטער, הענאך, א שניידער געזעלן און אורטשע, א סקאטש (א דיוואן ארבעטער) וואס האבען זיך פאראינטערעסירט מיט די אידישע ארבייטער באוועגונג, וואס האט זיך אין יענע יארען אנגעהויבען צו ארגאניזירען און וואקסען. און די פארשידענע אידישע ארבעטער פארטייען און באוועגונגען ,אנהויבענדיג פון דעם אידישען "בונד", "פועלי ציון" "סאציאליסטין־ציוניסטען, און אנדערע אידיש־רע־וואלוציאנערע, ביז די אסימעלאטארישע אידישע ארבעטער פארטייען.
די אויבען דערמאנטע חברים האבען אנגעהויבען אויס־צושרייבען פארשידענע אגיטאציע ליטעראטור איבער דעם פועלי ציו־ניזם, ציוניזם און סאציאליזם, די בראזשורען און צייטונגען, וואס די דערמאנטע פארטייען האבען ארויסגעגעבען און זיי אומזיסט פארטיילט צווישען די גלינער ארבייטער. דאס האט מיט דער צייט געהאט א ווירקונג . די אינגלעך און אפילו די עלטערע ארבייטער אז זיי האבען זיך דערוואוסט, אז אויסער דעם שטעטעל גלינע גע־פינען זיך נאך שטעט און שטעטלעך, אין וועלכע עס לעבען אסך אי־דישע ארבייטער, וועלכע קעמפען אויך פאר א בעסערען לעבען , און האפען און שטרעבען צו האבען א אייגען לאנד, ארץ ישראל. און

אז אויך מיליאנען ניט אידישע ארבעטער קעמפען פאר א בעסערער
סאציאל-דעמאקראטישער וועלט, און אונטערשייד פון פאלק צו פאלק,
פון גלויבען און הויט-קאליר. אז אלע מענטשען זיינען גלייך און
אלע האבען די זעלבע רעכט.

יעדען שבת בייטאג, אדער אין א יום טוב זיינען די גרופע
ארבעטער געגאנגען אין זאפוסט, אין דעם סאסנאווע וועלדעל, וואס
איז געווען א האלבע שעה גאנג פונם שטעטל. אויפען וועג אהין
האט מען געזונגען פארשידענע לידער, ווי "דער אווענד גלאק"
"דארט וואו די צעדער" "אויף דעם פריפעטשיק" "דעם מילנערס
טרערען" " לאמיר זיך צונויפנעמען" " התקוה" "די פועלי ציון
שבועה" אל של ואל מטר" גיט טויטע אויף תכריכים" און נאך אנ-
דערע נאציאנאלע, ציוניסטישע, סאציאליסטישע און פאלקס לידער,
וואס דאס אליין האט געמאכט א גרויסען רושם אין שטעטל, און בעלי
בתים האבען זיך געחידושט, וואס שניידער און שוסטער יונגען, אנ-
שטאט צו זינגען ליבעס לידער, זינגען זיי גאר לשון קודשדיגע לידער

אין וועלדעל האט מען זיך צונויפגעטראפען מיט די ציוניסטען
און מען האט דיסקוטירט ציוניסטישע און אלגעמיינע סאציאלע און
פאליטישע פראגען און אויך טאקע זיך דערקוויקט דאס הארץ מיט דער
פרישער לופט, און מיט דעם עסענווארג, וואס מען פלעגט מיטנעמען
אין וועלדעל אריין.

מיט דער צייט איז די קליינע גרופע פארגרעסערט געווארען,
און מען האט באשלאסען צו גרינדען א פועלי ציון פאראיין. ווייל
די פירער פון דער גרופע האבען דערפילט אז א חוץ קולטורעלע און
נאציאנאלע אויפקלערונג,דארף אויך די שרעקלעך שווערע מאטעריאלע
באדינגונגען , אונטער וועלכער די ארבעטער האבען זיך צו יענער
צייט געפונען - פארבעסערט ווערען. זיי האבען זיך געווענדט צום
דאמאלסדיגען פירער פון די יוגענטליכע פועלי ציון באוועגונג, אין
גאליציע, צו חבר יעקב קענער, אין קראקוי, וועגען אינפארמאציע
און די לעגאליטעט פון גרינדען א פועלי ציון פאראיין אין גלינע.

נישט אזוי גרינג און נישט אזוי גיך איז עס אנגעקומען
צו האבען אן ארבעטער פאראיין אין גלינע. אויסער די שטערונגען
און די פשוטע מורא פאר טאטע-מאמע און די מייסטערס, איז אויך
געווען שוועריגקייטען פון דער סטאראסטווא, די פאליטישע רעגירונגס
פארוואלטונג אין געגענד . עטליכע מאל האט די סטאראסטוואס די
ביטעס מיט סטאטוטען צוריקגעוויזען, יעדעס מאל מיט אן אנדערען
תרוץ. ביז ענדליך זיינען די סטאטוטענס וואס מען האט באקומען
פון דעם צענטראל קאמיטעט פון דעם פועלי ציון פאראיין, אין
גאליציע, זיינען געשיקט געווארען צום סטאראסטווא און איז
דארטען אנגענומען געווארען. די גרופע וואס איז געווען אונטער-
געשריבען אויף דער ביטע, האט באקומען די אפיציעלע דערלויבעניש
אז אין גלינע מעגען די אידישע ארבעטער עפענטליך אנפירען א
טעטיגקייט פון אן ארבעטער פאראיין, פועלי ציון.

דער לאקאל פארען פאראיין איז געדונגען געווארען ביי
מרדכי ארגעל, אין דער גיבארניע גאס. דער ערשטער פרעזידענט
איז געווען אברהם צאנז, און דער סעקרעטאר פאר פויליש - שמחה
טייכמאן. סעקרעטאר פאר אידיש אורטשע מאנדעל,פארוואלטער -

הענאך האלפערן. יעדער מיטגליד האט געצאלט פינף גראָשער א וואָך. פאר דעם געלט האט מען באשטעלט "דעם אידישן ארבעטער" דעם "אידישן קעמפער", דאס לעמבערגער טאגעבלאט" דעם "ווסכאד" און פאר עטליכע חדשים בלויז דעם "בערלינער פארווערטס", און אויך בראזשורען איבער פארשידענע נאציאנאלע און סאציאלע פראגען. מען האט דורכגעפירט פארזאמלונגען און פארלעזונגען פון די שריפטען פון י. ל. פרץ, שלום אש, אברהם רייזען, שלום עליכם, מענדעלע מוכר ספרים, יעקב דינעזאן, מרדכי ספעקטאר, מארים ראזענפעלד, דוד פינסקי און פון אנדערע.

יעדען בין מנחה למעריב און אין שבתים און יום טובים, אנ־שטאט צו גייען דאווענען, זיינען די חברים זיך צונויפגעקומען אין לאקאל, געלעזען און געשמועסט וועגען פארשידענע פארטיי פראגען. עס איז אויך געווען איינגעפירט אז אויף דעם טיש אינם פאראיין איז געלעגען א גרויסער בוך מיט ריינע בלעטער און יעדער חבר וואס האט עפעס ניט פארשטאנען ביים לייענען א צייטונג אדער א ביכעל – האט ער זיין פראגע ארייגעשריבען אינם בוך. און ווער פון די חברים האט געוואוסט דעם ענפער אויף די פראגען, האט דעם ענטפער ארייגעשריבען. אבער סיי די פרעגער און סיי די ענטפער געבער האבען ניט געטארט אונטערשרייבען זייער נאמען. דאס האט געגעבען אן אנרעגונג צו לייענען און צו שרייבען.

עס איז אויך איינגעפירט געווארען א קלאס צו לערנען שרייבען אידיש, און א קלאס פאר אידישער געשיכטע. מיט דער צייט איז איינגעארדענט געווארען א קליינע ביבליאטעק מיט ביכער אן א באשטימטער סיסטעם. וואו איינער האט געקאנט באקומען א אידיש פויליש אדער דייטש ביכעל, האט ער עס געבראכט אינם פאראיין אריין. די פירער פונם פאראיין האבען לויט זייער וויסען און קענטעניש שוין געזעען וועלכעס ביכעל זאל ארייגענומען ווערען אין דער ביבליאטעק, און וועלכעס ניט.

יעדעס מאל ווען די פועלי ציון האבען געהאט א פארזאמ־לונג, אדער אזוי א וויכטיגער צונויפקום, האבען זיי אויסגעקלעפט אויפרופען אויף די ווענט פון דער שול און פון אלע בתי התפילה, און ניט איינמאל דאס געטאן אפילו פרייטאג פאר ליכט בענטשען.

ווען די ציוניסטען האבען געמאכט א אונטערנעמונג זיינען אלע פועלי ציון געקומען אין א גרופע. דער פאראיין האט געהאט עטליכע און צוואנציג שטענדיגע צאלענדע און איבערגעגעבענע חברים, חוץ א צאל סימפאטיקער און מיטהעלפער. כמעט פאר אלע ארבעטער אין שטע־טעל האט דער גלינער פועלי ציון פאראיין געהאט אן אויסגעארבעטע פראגראם טעטיגקייט מיט די פאלגענדע פונקטן:

1) שאפען בעסערע סאניטארישע באדינגונגען אין די ווערק־שטאטען.
2) ניט ארבעטען יעדען טאג לענגער ווי ביז אכט א זייגער ביינאכט.
3) ניט דארפן אפארבעטען פאר די יום טובים.(ווייל מען האט פאר די יום טובים, נאך מיט עטליכע וואכען פריער, יעדען טאג פון דער וואך געארבעט זייער שפעט אין דער נאכט אריין.)

4) שבת צו נאכטס, נאך הבדלה, זאל מען ניט ארבייטען,סיידן אין אן נויטפאל, און דאס זאל עס אראפגערעכענט ווערען פון דער ארבעט אין א וואכען טאג.
5) די מייסטערס זאלען זיך  ניט שאפען מיט די לערען אינג־לעך און זיי זאלען  ניטש דארפן מער פוצען די שיך פאר דעם באלע־באס פאמיליע, יעדען פרייטאג אדער פאר א יום טוב.

ווי פאנטאסטיש די פאדערונגען זאלען ניט  אויסזעען, זיינען זיי אין יענער צייט און אין אונזער קליין שטעטעל געווען כמעט א רעוואלוציע און רעוואלוציאנערע פאדערונגען, און פון גרויס וויכ־טיגקייט און מיטגעבראכט אסך קריגערייען און געשלעגען מיט מייסטערס ווייל דאס איז געווען עפעס נייעס  פאר די באלעבאטים, די מייסטערס פון אונזער שטעטעל: "וואס הייסט? זייערע ארבייטער זאלען מער ניטש ארבייטען שבת צו נאכטס, נאך מעריב, ביז צען־עלף א זייגער, און אזוי אויך אין מיטענוואך ביז שפעט אין דער נאכט אריין.

א שבת פארנאכט, ווען די זון  האט אנגעהויבען צו אונטער־גייען און באשטראלט דעם הימל מיט אירע רויטע שטראלען און די קלויס־טער גלעקער האבען זיך צעקלונגען, איז אנגעפאלען א אומעט, עס איז געווארען קאלעמוטנע אויפן הארצען, און עס האט זיך געוואלט אויס־שרייען צו די גלעקער "הערט אויף! הערט אויף מיט אייער קלינגען! פארקורצט ניט דעם שבת!, פארטרייבט ניט די נשמה יתירה, שיקט אונז ניט צוריק צו דער ארבעט!"  ווייל גלייך נאך  הבדלה האבען די בעלי מלאכות זיך גענומען צודער ארבעט.

עטליכע גלינער מייסטערס האבען זיך ניטש איינמאל פארמאס־טען קעגען די פועלי ציון, מיט געוואלד און געשלעגען געוואלט דעם פאראיין צעשטערען. צו פארהיטען אז מען זאל ניט ארבייטען שפעט ביינאכט און ניטש נאך הבדלה, איז ארגאניזירט געווארען א שומרים קאמיטעט, אין וועלכען עס איז אריין כמעט  אלע מיטגלידער פונעם פאראיין, וועלכע האט פשוט מיט כוחות ניט געלאזט  קיינעם אריינגייען צו דער  שבת נאכטיגער ארבעט. איינמאל, א שבת צו נאכט נאכען דאווענען האט אין מארק אויסגעבראכען א געשלעג צווישען די פועלי ציון און די באלעבאטים־מייסטער. דאס גאנצע שטעטעל איז זיך צונויפגעלאפען. דאס איז געווען דערפאר  ווייל דער קאמיטעט האט קיינעם ניט געלאזט גייען צו דער  שבת נאכטיגער ארבעט. מיט דער צייט זיינען די פועלי ציון געווארען א שטיקעל מאכט און מען האט זיך מיט זיי געמוזט רעכענען.

די אלגעמיינע ציוניסטען  האבען ביי פארשידענע  געלעגענהייטען, ווען מען האט געדארפט ארויסטרעטען קעגען געוויסע עלעמענטען, וואס האבען געארבעט קעגען דעם ציוניסטישען געדאנק – האבען זיי גערופען די פועלי ציוניסטען און אלע זיינען געגאנגען האנט אין האנט מיט די ציוניסטען.

די פירער פון דעם פועלי ציון פאראיין,וועלכע זיינען אליין געווען ארבעטער האט קיין צרות ניט אויסגעפעלט, סיי פון די עלטערן און סיי פון די מייסטערס און אויך פון די קהלישע פארזארגער. אבער איין גליק האבען זיי געהאט, וואס די אלגעמיי־נע ציוניסטען האבען זיי אלע מאל פארטיידיגט, ווער רעדט נאך קעגען א פיזישען אנגריף.הגם ווען עס איז געקומען צו א געשלעג

האבען די פועלי ציון חברים געקאנט געבען כפל כפלים. דאס איז אזוי אנגעגאנגען ביז עס איז געקומען דער פאליטישער קאמפיין, וועגען דעם אלגעמיינעם גלייכען און געהיימען וואלרעכט צום עסטרייכישען פארלאמענט.

אין אט דעם קאמף, וואס איז געווען זייער שטארק אין גא־ ליציע, האט דער פועלי ציון פאראיין אין גלינע אונטערגעשריבען און געשיקט א פעטיציע צו דער רעגירונג אין ווין, וועגען געבען דעם פאלק אלגעמיינע, גלייכע און דירעקטע געהיימע שטים רעכט. דערפאר איז איין טאג ארונטערגעקומען צו אונז אין שטעטל צוויי בעאמטע פון דער לאנדעס רעגירונג און זיי האבען ביי די פירער פונם פועלי ציון פאראיין צוגענומען די סטאטוטען און אויפגעהאנגען א שלאס אויפען לאקאל פונם פאראיין. דאס איז געווען דער סוף פון עטליכע יארען פון זייער נוצליכע און אידעאליסטישע ארבעט פון די פועלי ציון פאר דער יוגענד.

אבער די ארבעט פון די עטליכע יארען איז אינגאנצען פארלוירען נישט געגאנגען. אין די יארען צווישען דער ערשטער וועלט מלחמה און דער צווייטער, איז אין גלינע ווידער געווען א פועלי ציון פאראיין, מיט א פראגראם טעטיגקייט לויט יענער צייט.

דער גרעסטער טייל פון די ערשטע גלינער פועלי ציוניסטען זיינען פון שטעטל אוועקגעפארען, נאר די עטליכע פארבליבענע און די יונגע אונטערגעוואקסענע אידישע ארבעטער אין שטעטל, האבען געדענקט דעם פועלי ציון פאראיין און קאפירט די פירונג און פראג־ ראם טעטיגקייטען לויט די מעגליכקייטען און אומשטענדען פון יענער צייט.

אויך צווישען די גלינער יונגע בעלי מלאכות, וואס זיינען מיט דער צייט אוועקגעפארען קיין אמעריקע, איז ביי א גרעסערן טייל פון זיי עפעס פארבליבען פון דעם וואס זיי האבען געלערענט אין דעם היימישען פועלי ציון פאראיין, וועגען סאציאליזם, קלאסן קאמף און פאליטישע גלייכבארעכטיגונגען. אייניגע פון זיי זיינען אין אמעריקע געווארען טעטיגע סאציאליסטען, פועלי ציוניסטען, טרייד־יוניאניסטען, איבערגעגעבענע מעמבערס אין זייערע לאקאלען, אויך טעטיג פאר אידיוע נאציאנאלע אינטערעסען. אזוי איז משה (מאריס) בלומענרייך, דא געווארען איינער פון די חשובסטע אר־ בעטער פירער, מענעדזשער פון דעם פענטס־מאכער לאקאל, פון דער אמאלגעמייטעד קלאדינג וואויקערס יוניאן. ער איז אויך א טעטי־ קער און אנערקענטער פירער און טוער אינם "גאליציאנער פארבאנד", אין דעם "טרייד יוניאן קאמיטע פאר הסתדרות אין ישראל". א טוער ביים "אידישען ארבעטער קאמיטעט" און אין דער "אידישער צדקה פעדעראציע".

אויך ה. האלפערן איז זייט יארען א עקזעקוטיוו מעמבער פון לאקאל 9.אינטערנעשיאנאל לעידיס גארמענט וואויקערס יוניאן. טעטיק אין עטליכע ארבעטער ארגאניזאציעס, עקזעקוטיוו מיטגליד פונם טרייד יוניאן קאמיטעט פאר הסתדרות. טעטיק אין אידיש נאציא־ נאלע ארגאניזאציעס, "דזשוינט" יונייטעט דזשואיש אפיל", מיט רעדען אויף פארזאמלונגען אויך מיט שרייבען פואר די צוועקען פון די ארגאניזאציעס.

נאך דעם 1910 גרויסען קלאקמאכער סטרייק איז שלום טייכמאן, א גלינער איד, דערוויילט געווארען אלס ביזנעס אגענט פון לאקאל 35, א.ל.ג.וו. אנדערע גלינער אידען זיינע טעטיג אין דער וועיטערס יוניאן, פאריערס יוניאן און אין אנדערע ארבעטער ארגאניזאציעס.

## דאס אידישע נאציאנאל-הויז אין גלינע

אנגעהויבען צו בויען דאס אידישע נאציאנאלע הויז האבען די ציוניסטען פון גלינע אין יאר 1906, נאך דעם ווי דער ציון פאראיין האט שוין עקזעסטירט קארגע צען יאר, און די באוועגונג האט זיך שוין געהאט איינגעבירגערט אין שטעטעל אזוי, אז אפילו די גרעסטע געגנער פונם ציוניזם און ציוניסטען — סיי פון די ארטא־דאקסישע אידען, סיי פון די, אזוי צו זאגען, אסימילאנטען — האבן שוין געהאט אויסגעבירט אלע זייערע מיטלען מיט גוטען און מיט בייזען... א סך פון די געגנער זיינען אפשר ניט געווען אזוי שטארק ברוגז אויפן ציוניזם, ווי אויף די ציוניסטען...פאר זייער צופיל זיך מישען אין דעם שטעטעלשען לעבען — אין קהלי און פאר דעם צופיל אויפרייסען די אויגען פון די — פריצים...

צו יענער צייט, אין די יארען 1905-6, האבען איינינע ציוניסטען, מער פראקטישע מענטשען, אנגעהויבען צו פירען א פראפאגאנדע צווישען די גלינער ציוניסטען פארן געדאנק פון אן אייגענער היים. מען דארף — האבען זיי געטענהט — האבען אן אייגע־נעם פלאץ, וואו מען וועט זיין זיכער, אז מען וועט דעם ציון פאר־איין ניט הייסען זיך ארויסציען פון דער דירה, אדער מען וועט גאר ניט וועלן פארדינגען א שטוב פארן פאראיין. עס קאן אויך פא־סירען, — האבען זיי געזאגט — אז די גמינע, די שטאטישע מאכט, וועט דורך עפעס א געזעצליך דריידעל ניט דערלויבען, אז די ציו־ניסטען זאלען האבען זייער צונויפקום אין דער אדער יענער שטוב, ווייל דאס הויז איז ניט גרויס אדער שטארק גענוג... אין אן אייגען הויז — האבען זיי געחלומט — וועט מען קאנען איינארדענען א גרויסען זאל פאר אלע פארשידענע מאסען־פארזאמלונגען, פארלע־זונגען, טעאטער פארשטעלונגען, א לעזע זאל, א ביבליאטעק און א שולע.

אין אנהויב פון דער אגיטאציע פאר אן אייגען הויז, האט דער געדאנק עפעס ניט געפונען קיין אנהענגער, גלאט עפעס בויען אן אייגען הויז פאר א פאראיין?! ווער דארף האבען א ציוניסטיש הויז אין גלות־גאליציע? אויב שוין יא בויען א גלינער הויז, זאל עס זיין אין ארץ ישראל!...— אזוי האבען די ציוניסטען־אידעאלי־סטען ארגומענטירט. אבער די פראקטישע, ניכטערע ציוניסטען אין אונזער שטעטעל האבען געבראכט ארגומענטען, אז אן אייגענע היים וועט א סך פארשטארקען דעם ציוניזם און די ציוניסטישע באוועגונג אין גלינע. די פאליאקען — האבען זיי געזאגט — האבען א "סאקאל דאם", די רוטענער האבען א "דאם נאראדני", לאמיר אידען האבען א נאציאנאל הויז.

איינמאל, ביי א פאראיין זיצונג, האט אפרים כ"ץ, איינער פון די ענערגישסטע און אקטיווסטע ציוניסטען, געלאזט וויסן, אז עס טרעפט זיך אפצוקויפען אן אלט זשיבעל מיט א גרויסער סטאדא־לע אין דער גאס נעבען משה וועליש, וואו מען גייט ארונטער צו

דער קרעניצע, פאר נישט סיער, און מען דארף נישט איינצאלען דאס גאנצע געלט מיט איין מאל. און אויב די חברים ווילן, וועט ער שוין זען דורכצופירען דעם גאנצען מסחר. מען האט סאקע באלד באשלאסען, אז די חברים פונם פאראיין זאלען מאכען א הלוואה צווישען זיך. יעדער זאל געבען אדער לייען לויט זיינע כוחות.

האט הלל פינעלעס געליען 300 ראניש, און דר. יעקב קארקעס האט אונטערגעשריבען אן הלוואה פון 1500 ראניש. אשר בוכבינדער האט געליען 60 ראניש. און אזוי האט יעדער ציוניסט צוגעטראגען זיין חלק געלט. און אויך א סך ניט ציוניסטען האבען געגעבען זייערע ביישטייערונגען צו דעם בנין פון דעם נאציאנאל הויז.

טאג און נאכט, וואכען און חדשים, האבען די גלינער ציוניסטען געארבייט צו זאמלען געלט פארן אידישען נאציאנאל-הויז. מען האט פארקויפט צו איינציגע ציגעל, צו טוצען און צו מאה ציגעל אויף אויסצוצאלען.

ווען מען האט צעווארפען די אלטע געביידע און געדארפט אויסגלייכען דעם פלאץ, וועלכער איז געווען אביסעל איין א גרוב, האבען צענדליגער בחורים און יונגעלייט געגראבען און געשלעפט טאטשקעס ערד פאר שעהן ווייז. עס איז אזוי ווייט געגאנגען, אז איינער א יונגער בחור, א איבערגעגעבענער ציוניסט, האט זיך צוליב דער שווערער הארעוואניע ביים בויען דאס נאציאנאל הויז פארקילט און ער האט אפגעקרענקט א שטיק צייט ביז - ער האט שוין דעם חנוכת הבית קוים דערלעבט אויף זיין קראנקען-טויטען-בעט...

דאס איז געווען קאפעל, דער זון פון מאיר מויער.

בשעת די געביידע האט זיך געהאלטען אין בויען, זיינען אלע ציוניסטען געווען ווי פארשיכורט. אבער דער הויפט בוי-מייסטער איז געווען יוסף מרדכי לייוואנד. ער האט טאג און נאכט פארבראכט ביי דער געביידע, און אכטונג געגעבען, אז זיין פלאן זאל פיקטליך אויסגעפירט ווערען. ביי אפרים כ"ץ, וועלכער האט געוואוינט אין דעם זעלבען געסעלע, נישט ווייט פון פלאץ, וואו מען האט געבויט דאס נאציאנאל הויז, זיינען אלע זיינע צימערען - דאס גאנצע הויז זיינס - געווען אנגעטראגען מיט זאמד, קאלך און שטיינדלאך, וואס חברים ציוניסטען האבען מיטגעבראכט אויף זייערע שיך און קליידער. דארטן, ביי אפרים כ"צן איז געווען דער גאנצער אפאראט, וואס האט אנגעפירט מיט דער בוי-ארבייט.

אין דעם טאג פון חנוכת הבית איז די נייע געביידע - דאס נאציאנאל הויז - געווען באפוצט מיט גרויסע אויפשריפטען, און גרויסע אידישע פאנען האבען געפלאטערט פון דער געביידע. גרויסע בליץ לאמפען האבען באלויכטען דעם בנין סיי פון דרויסן און סיי פון אינווייניג. כמעט דאס גאנצע שטעטעל איז געווען אויסגעפוצט, שבתדיג אנגעטאן. עס האט געהערשט א יום טובדיגע שטימונג. די קינדער זיינען געווען אנגעטאן אין זייערע בעסטע אנצוגלאך און קליידלאך . די גאס, וואו עס איז געשטאנען דאס נאציאנאל הויז, און די ארומיגע געסלעך, זיינען געווען אויסגעקערט און אויסגעריייניגט, אז עס איז געווען א פארגעניגען א קוק צו טאן. פון גאנץ פרי אן האבען אנגעהויבען צו קומען געסט אין שטעטעל אריין

לכבוד דעם חנוכת הבית. עס זיינען געקומען געסט פון פרעמישלאן, פון בורסק, זלאטשעוו, בראד, יארישטאוו און בויבעריק און פון אלע נאענטע און ווייטע דערפער. פארנאכט צו זיינען אנגעקומען פון לעמבערג די הויפט מחותנים - די יום טוב רעדנער און די פירער פון די גאליצישע ציוניסטען, צווישען זיי: אדאלף שטאנד, דר. גרשון ציפער, דר. לעאן רייך, הרב ר' מרדכי ברוידא, דר. מ. רינגעל, דר.קארענהייזער, צבי שארפשטיין און דר. א קארקעס. פון די קריסטלעכע שכנים אין שטעטל זיינען געקומען: פון די רוטענער - דער בירגערמייסטער באלטאראוויטש, דר. מאך און נאך עטליכע פון די אנזעענסטע רוטענישע בעלאבאטים פונם שטעטל; פון די פאליקען - דער "ראדצא" יאנקע, דער ריכטער אנושקעוויטץ און דער נייער נאטאר. איינציגע זיינען געקומען מיט זייערע פרויען. אלע פועלי ציון האבען פאר דעם האלבען טאג אוועקגעלייגט די ארבייט, זיך אויסגעפוצט, און מיט זייער נפירער העניאך און ארטשע בראש האבען זיי אין געשלאסענע רייען, יעדער מיט א רויט שלייפעל אין "לאפעל" ארייגעמארשירט צו דער דערעפענונג, זינגענדיג די פועלי ציוניסטישע שבועה.

אפרים כ"ץ האט געעפענט דעם אווענט פון דעם חנוכת הבית. מען האט פארגעשטעלט פינעלעס אלס פארזיצער פונם אווענט. ווען דער אווענט האט זיך אנגעהויבען, האט די גאנצע געביידע מיט אלע צימערען אויסגעקוקט ווי א שיינער גארטען אין א שיין באלויכטענעם זומער טאג. דער גרויסער זאל, וואס האט געקאנט ארייננעמען עטליכע הונדערט מענשען, איז געווען איבערגעפאקט.

דער אווענט איז אנגעגאנגען אין א שיינער און געהויבענער שטימונג, ביז - פלוצלים האבען זיך די פוילישע פארטרעטער אויפגעהויבען פון זייערע פלעצער און האבען דעמאנסטראטיוו פארלאזען דעם זאל. שפעטער האט מען זיך דערוואוסט, אז זיי איז ניט געפעלען געווארען דאס שטאלצע אידישע באוואוסטזיין, מיט וועלכען יעדער רעדנער האט זיך דעם אווענט אויסגעצייכענט. און געדעדט האבען אלע אויסגערעכענטע געסט אין פויליש, א חוץ צבי שארפשטיין אין העברעאיש און מאטיק האלפערן אין אידיש...

ווי אן אנערקענונג פאר די בויער פונם אידישען נאציאנאל הויז האט די שטאטישע געמיינדע, וועלכע איז באשטאנען פונם גרעסטען טייל פון רוטענישע ראדניקעס (ראטמענער), איינשטימיג באשלאסען אנצורופען די גאס אין וועלכער דאס נאציאנאל הויז האט זיך געפונען,מיט דעם נאמען דר. טעאדאר הערצל.

מיט דער צייט איז דאס אידישע נאציאנאל הויז געווארען דער צענטראלער ארט, וואו אלע אידישע טעטיגקייטען אין שטעטל זיינען דורכגעפירט געווארען.

אין די ווינטער חדשים, אין די קאלטע טעג, האבען די ציוניסטען , יעדען טאג דארט געטיילט טיי מיט צוקער פריי צו יעדען, וואס איז אריינגעקומען אינם פאראיין. מיט דער צייט איז דאס נאציאנאל הויז געווארען דער פלאץ , וואו כמעט אלע חתונות אדער אזוי א פאמיליע שמחהלע, איז דארט דורכגעפירט געווארען. דארט איז געווען א גרויסער און ליכטיגער לייענזאל, וואו מען האט יעדען בייטאג און אויפדערנאכט געקאנט טרעפען א צוויי מנינים אידען לייענען צייטונגען און ספרים. איבערהויפט שבת און יום טוב האט

מען דארט געקאנט זעען אסך פרומע אידען און שטריימלעך און אין זשופיצעס זיצען און אריינקוקען אין א ספרל, לייענען א צייטונג אדער זיך צוהערען צו די שמועסען וועגען וועלט נייעס. דאס נא־ציאנאל הויז פון גלינע איז געווען דער שטאלץ און שיינדעל פון אלע גאליצישע ציוניסטען.

די שפה ברורה:

אין יאר 1909 איז אין גלינע געגרינדעט געוואקען א העברעאישע שולע, אונטער דעם נאמען "שפה ברורה", וואס איז גע־ווען אפיליאלע אפטיילונג פון דער לעמבערגער צענטראל שולע אר־גאניזאציע, מיט דעם זעלבען נאמען. די שולע האט זיך געפונען אינם נאציאנאל הויז געביידע. פון דעם גרויסען זאל איז דארט איבערגעטיילט געווארען אויף עטליכע קליינע צימערען פאר קלאסן פון דער שולע. איבערגעמאכט אזוי, אז ווען מען האט באדארפט, האט מען די ווענטלעך געקאנט צונעמען, און ווידער איז געווען דער גרויסער זאל.

יוסף מרדכי לייוואנד און שפעטער יוסף אומאנסקי זיינען געווען די ערשטע לערער און פירער פון דער העברעאישער שולע. נאר איבער פארשידענע סיבות האט די ערשטע שולע קיין גרויסען ערפאלג ניט געהאט.דער אמת איז געווען, אז אפילו א סך פון די ציוניסטען האבען זייערע קינדער, אינגלעך און מיידלעך, נישט גע־שיקט אין דער העברעאישער שולע.

ערשט נאך דעם ווי די שולע איז פארמאכט געווארען, איז – זי מיט א יאר שפעטער ווידער ריארגאניזירט געווארען, אונטער דער פירונג פון דר. ישראל שטיינהארד, אפרים כ"ץ, שלמה אונגאר און אשר בוכבינדער, האבען זיי אנגעשטעלט נייע לערער און אכטונג געגעבען , אז דער למוד און די פירונג אין דער שולע זאל זיין מיט א סדר און טאלק. און די רעזולטאטען – סיי אין דער צאל פון תלמידים און סיי אין דער דיסציפלין פון די קינדער, און דער לערען פראגראם זיינען געווען זייער גוטע און האט יעדען צו באפרידיגט. אזוי האט די העברעאישע שולע שפה ברורה" עקזיס־טירט אין גלינע ביז צום אויסברוך פון דער ערשטער וועלט מלחמה.

די אלגעמיינע לאגע אין שטעטל פאר 1914

אין דער צייט ווען אין גלינע איז געבויט און פארענ־דיגט געווארען דאס אידישע נאציאנאל הויז, איז אין גלינע שוין כמעט ניט געווען א הויז, וואו עס איז ניט געווען א אקטיווער חבר פון דעם אהבת ציון פאראיין, א פועל ציוניסט אדער א איבער־געגעבענער סימפאטיקער פארען ציוניזם. בכלל האבען די ציוניסטען אין גלינע מיט יעדען יאר באקומען א גרעסערע השפעה אויף דעם גאנג און פירונג פונם שטעטל. נישט אזוי צוליב דעם וואס דער ציון רעיון האט אזוי שטארק באגייסטערט די גלינער אידען, דער אמת איז, אז א סך טעגליכע נויטוועדיקייטען און פערזענליכע מאטיוון האבען דא שטארק געווירקט. ווייל – די מענשען וואס האבען זיך דאס מערסטע אפגעגעבען מיט דער ציוניסטישער טעטיג־קייט אין שטעטל, זיינען געווען ערליכע, איבערגעגעבענע און געטרייע פריינט פון אלעמען.

א גרויסער טייל פון זיי נאבען אויך געהאט די מעגליכקייטען העלפען יענעם אין א עת צרה, מיט א גוטער עצה און מיט פינאנצי-עלער הילף. אפילו אין אזא צייט, ווען אין א ווינטער, האט אין די גויאישע קווארטאלען אויסגעבראכען אזא קראנקייט, וואס די דאקטוירים האבען דאס אנגערופען " כאלעריע" האבען א סך פון די יונגע ציוניסטען נאכגעפאלגט די אינסטרוקציעס, וואס די דאקטוי-רים האבען געגעבען, ווי אזוי צו ראטעווען די קראנקע, און טעג און נעכט זיינען זיי געגאנגען צווישען די קראנקע אידען און פאר זיי געטאן אלעס מעגליכעס, לויט זייערע מיטלען און מעדיציני-שער וויסען.די רעזולטאטען זיינען געווען : אז צווישען די אידן פונם שטעטעל איז נישט געווען מער ווי איין טויטענפאל פון אט דער קרענק.

עס איז כדאי צו דערמאנען וויינינגסטענס א טייל פון די דא-מאלסדיגע ציוניסטען און פועלי ציוניסטען, וואס האבען זיך דאס מערסטע אפגעגעבען מיט דער ציוניסטישער ארבעט. זיי זיינען גע-ווען פון אלע קלאסען און רעפרעזינטירט דעם גרעסטען טייל פון דער דאמאלסדיגער גלינער קהילה. דאס זיינע געווען: הילל פינע-לעס, אפרים כ"ץ, דר.יעקב קארקעס, דר. חיים ליפא, מאיר באלא-באן, מאטיק האלפערן, שלמה אונגאר, אשר בוכבינדער, יוסף מרדכי לייוואנד, חיים באראל, פאסט מאסטער ש. פרוכטער, בעזשע דוב און גרשון מעהלמאן, דוד זעזענזיעב, אורטשע סעלצער, העניך האלפערן, איטציקעל זאלץ, חיים גערסטעל, אפרים פאגעלפאנגער, אורטשע מאנדעל, לייזער בראנדווין, אינזשעניר ש. שפייזער,יאנקל און ישראל ראטה, פסחיה כ"ץ, מאטיע אללערהאנד, אברהם בערקון, אלטער שטייהויער, ערשקע ראטה, שאיע און מעכטשע רייזבערג,שמחה טייכמאן, נאטע רובענצאל, מאיר יאנקעל פריעדמאן, משה פריעד, דאווצע נאדלער, לייב צוועק, בערעלע און ליב ראטה, סענדער שאם (פילער, משה העשעלעס, יצחק בראטער, משה מאיר מעהל זאק, וואלף, ישראל און אהרן האכבערג,און נאך.

עס זיינען אויך געווען א צאל פרויען און מיידלעך, טע-טיגע און איבערגעגעבענע ציוניסטקעס. זיי האבען אויך א שטיק צייט געהאט א ציוניסטישען פרויען פאראיין. אט די אלע מענטשען און מיט זיי נאך א סך גלינער אידען, זיינען פאר ארץ ישראל און פאר דעם ציוניזם געווען גרייט צו יעדער צייט "לתפילה, לדרון ולמלחמה...

דאס האט אבער ניט געמיינט אז זיי האבען געזוכט מלחמה מיט די אידען אין שטעטעל וואס האבען אנדערש געדענקט. דער רוב מנין ורוב בנין אידען אין שטעטעל האבען זיך געפירט לויט די מנהגים און די דינים ווי זיי האבען זיך געפירט מיט יארען צוריק. דאס לעבען אין שטעטעל האט דא און דארט געמאכט געוויסע קאמפראמי-סען מיט א טייל פירונגען, וואס די יונגווארג האט געוואלט, און די עלטערע אידען האבען בעל כרחה געזאגט אמן...

א גרויסע ענדערונג האט זיך געזען און געפילט אין קלויז, וואו עס זיינען אלץ וואס וויינינגער געווארען די בחורים , די קלויז לערנער. צייט יארען און יארען, זיינען פון דער קלויז ארויסגעקומען תלמידי חכמים. די גלינער קלויז מיט אירע בחורים לערנער איז געווען דאס מקום קדוש פון פארטיפען זיך אין לערנען

דעם תלמוד. איז מיט דעם גאנג פון די יארען, מיט נייע אידעאלען גע־ווארען דאס ארט, וואו די השכלה האט געהאט אירע בעסטע און איבערגע־געבענסטע אנהענגער אין אונזער שטעטעל. דאס זעלבע איז אויך געווען מיט דעם חובבי ציון רעיון. אין דער גלינער קלויז אזי א גרויסער טייל פון דער נייער העברעאישער ליטעראטור געלעזען און דיסקוטירט געווארען. אמת, דאס איז ניט געטאן געווארען אין דער עפענטליכקייט, אלץ איז געווען באהאלטען אונטער די סטענדערס און גמראות, אבער ווען די צייט האט געפאדערט , האבען די קלויז לערנער זיך ניט דער־שראקען, נאר זיינען ארויסגעקומען אפען און אגיטירט, אויפגעקלערט און ווען נויטיג אויך געקעמפט פאר זייערע איבערצייגונגען.

אין די יארען פון 1910 איז די קלויז געבליבען כמעט אן קלויז בחורים. אאנשטאט צו זיצען אין קלויז און לערנען לשמה, אדער אפילו כדי מיט דער צייט צו ווערען א רב, א דיין און פארנעמען א רעליגיעזע פאזיציע אין דעם אידישען לעבען,זיינען אסך פון די מער פעהיגערע קינדער געשיקט געווארען אין די גימנאזיעס און אוניווער־זיטעטען צו שטודירען פאר דאקטאר,אדוואקאט, צאנהארץ און אנדערע אינטעלעקטועלע פראפעסיעס. מיט דעם וויל איך ניט זאגען אז דאס לערנען תורה, האט חלילה אויפגעהערט. אין שטעטעל האט מען נאך אלץ געשמאק געלערענט, אבער שוין ניט ווי אין די פריערדיגע יארען.

די אורזאכען זיינען געווען פארשידענע. נאר די הויפט סיבה איז געווען די ענדערונג פון דעם עקאנאמישען און פאליטישען לעבען אין גאליציע בכלל, און דעם אידישען בפרט. די בארא̈ן הירש שולע אין גלינע, און דאס וואס א טייל בעלי מלאכות, קרעמער און סוחרים האבען זייערע קינדער שוין ווייניגער געשיקט אין קלויז לערנען, נאר זיי געוואלט ברענגען צו א בעסערען שטאנד אין דער געזעל־שאפט. האבען א זון א דאקטאר, א אדוואקאט, א דענטיסט, אט דער חשק, האט ביי א טייל פון די גלינער אידען אוועקגענומען דאס גע־פיל און איבערגעגעבענהייט פון צו לאזען לערנען זיין קינד אויף רב אדער דיין.

די גלינער ליי און שפאר קאסעס (בענק)

אין דער צייט ווען דער עקאנאמישער צושטאנד האט געצוואונ־גען די גלינער אידען זיך צו פארטראכטען, און יעדער איינער אויף זיין שטייגער צו קלערען ווי אזוי צו קאנען אויסהאלטען די נייע געשאפענע קאנקורענץ, וואס האט הינטער זיך געהאט די מיטהילף פון דער רעגירונג, און ביסלעכווייז איז דער מסחר פאר אידען פארצאמט געווארען – האבען א סך גלינער אידען געפינען פאר מער ראטזאמער אז זייערע קינדער זאלען איבערנעמען די געשעפטען. די יונגע מענט־שען האבען אנגעווענדט זייער גאנצע ענערגיע און פעאיגקייט, און דורך שווערער און שכלדיגער ארבייט, מיט מאדערנער פירונג, האבען איניגע טאקע מצליח געווען. אנדערע ,יונגע גלינער אידען האבן עמיגרירט,ווער קיין אמעריקע און ווער קיין ארץ ישראל.

די רייכע אידען האבען געפינען א נייע פרנסה, עפענען ליי און שפאר בענק. אנגעהויבען האט זיך דאס פינאנץ געשעפט נאך אין יאר 1906. דאס יאר איז אין גלינע געגרינדעט געווארען די ערשטע אידישע קאסע, וואס איז געווען לויט דעם געזעץ פון לייען געלט אויף א קליינעם פראצענט, און אויך נעמען געלט פון מענטשען

צום שפארען, פאר וואס מען מוז צאלען א געוויסען פראצענט ,לויטען געזעץ. שפעטער מיט יארען האבען אידען נאך גלינער געגרינדעט א באנק געשעלשאפט, מיט דירעקטארען, סטאטוטען און אפיציעל אנערקענט פון דער רעגירונג. די בענק האבען אין דעם מסחר ניט שלעכט פארדינט. מיט דער צייט האט זיך אנגעהויבען צו עפענען נאך בענק, אזוי, אז אין דער צייט צווישען דער ערשטער און דער צווייטער וועלט מלחמה, איז שוין אין גלינע געווען צוואנציג (20) ליי און שפאר בענק, "קאסעס" ווי מען האט זיי גערופען, אלע קאנטראלירט פון אידען. אין די בענק האבען די גלינער אידען געליגען געלט צו די גוים פונם שטעטעל, און צו דער באפעלקערונג פון די ארומיגע דערפער און פון א סך שטעט און שטעטלעך. אזוי, אז פאר דער צווייטער וועלט מלחמה איז גלינע געווארען דאס שטעטעל וואס האט פינאנסירט די באפעלקערונג אויסער די גרעניצען פונם שטעטעל. עס פארשטייט זיך, אז דער באנק געשעפט האט אויך אריינגעבראכט פרנסה אין שטעטעל. דערצו האט אויך צוגעהאלפען וואס א אטייל גלינער אידען האבען אנגעהויבען האנדלען מיט פעלדער, געקויפט און פארקויפט. ווען די גוים האבען געדארפט האבען מזומן האבען זיי עס געבארגט אין די קאסעס. א גלינער וויצלינג האט געזאגט : " ביי אונז אין גלינע איז – אין בית אשר אין שם א באנק דירעקטאר". ווייל אפיציעל, לויטען געזעץ איז א באנק געשעפט געווען צונויפגעשטעלט פון דירעקטארען, וועלכע די מיטגלידער האבען דערוויילט. נאר דער וואס אריינגעגעבען א חלק געלט אין דער באנק, דער איז געווארען א דירעקטאר... עס איז אויך אנגעגאנגען א מסחר מיט בענק ביכלעך. ד. ה. מיט אפקויפען דעם "אודזשאל" אדער דעם פראצענט אויפן געלט, וואס אידען און קריסטען האבען געהאט אויף זייער אפגעשפארטען געלט, אין די קאסעס.

איין גלינער איד איז אפילו פון דעם מסחר רייך געווארען. אין שטעטעל איז דער נאמען "אודזשאל" געווען א שם דבר.

# כאראקטער-בילדער פון גלינער אידען

**א אידיש הארץ — מיט אן אפענע האנט.**

ר' מאנעס ליבערמאן איז געווען איינער פון די שענסטע בעלי בתים אין גלינע. ער איז געווען א איד א גרויסער למדן, א תלמיד חכם און אויך א גרויסער סוחר. ער פלעגט געבען פיל צדקה אפען און אויך בסתר, קיינעם חלילה ניט פארשעמען.ארויסגעהאלפען אידען מיט קלענערע און גרעסערע הלוואות, אן א משכון. ער, דער שטענדיגער לערנער און גרויסער סוחר, פארנומען מיט פארשידענע מסחרים, האט קיינמאל ניט פארגעסען אין די ארימעלייט, וואס האבען פארשטעלט און פארבארגען זייער דלות, מיט אנשטעל און מינע.ער האט זיך אלע מאל נאכגעפרעגט און אליין אויך אפגעזוכט די שטאלצע ארימעלייט און זיי אין דער שטיל, קיינער זאל ניט וויסען — זיי געהאלפען.

ווען ער איז אין א קאלטען ווינטער טאג געוואויר געווארן אז ביי דעם און דעם ארימאן פעלט אוים אביסעל האלץ, צו דערווארעמען דאס שטיבעל, פלעגט ר' מאנעס שפעט ביינאכט, נאך שעהן לאנג זיצען איבער פארשידענע ספרים, זיך אויפהויבען מיט א טיפען קרעכץ אויף דעם גורל פון די ארימעלייט. ער האט זיך אויף גיך איבערגעטאן פאר א גוי, איז ארויין צו זיך אין קאמער, וועלכע איז געווען אנגעפילט מיט האלץ ביז דעם דאך, האט גענומען א היבש ביסעל צעהאקט האלץ , עס צונויפגעבונדען, ארויפגעלייגט אויף זיינע פלייצעס, און עס אפגעטראגען צו א הויז וואו אן ארימאן האט געוואוינט. דאס בינטעל האלץ האט ער אוועקגעלייגט פאר דער טיר, און שנעל אוועק צו זיך א היים, און ווידער זיך געזעצט לערנען. אזוי פלעגט ר' מאנעס דורך דעם ווינטער צעטיילען שיינע עטליכע קלאפטער האלץ.

א לאנגע צייט פון יארען האט באבע, דער בעדער, יעדער ערב שבת און ערב יום טוב געגעבען צו די פארבארגענע ארימעלייט פון שטעטעל, שיינע ווייסע חלות און ליכט, לכבוד שבת, און זייער וויניג מענטשען אין שטעטעל האבען געוואוסט אז ר' מאנעס איז דער וואס צאלט פארן מהעל און אפילו פאר דער טרחה פון צוטיילען די חלות, ווי אויך פאר די ליכט.

ווען א בעל מלאכה פלעגט קומען צו ר' מאנעסען בעטען אז יענער זאל אים לייען עטליכע רייניש אויף שבת, האט ר' מאנעס ביים אידען באשטעלט עפעס צו מאכען פאר אים, לויט דעם בעל מלאכה'ס זאך, און ער האט אים באצאלט פאראויס, און דאס אסך מער ווי די זאך האט באדארפט באטרעפען.

אז קליינע סוחרימלעך, אדער דארפס גייער זיינען צו אים געקומען נאך אן הלוואה, האט ער קיינמאל קיינעם ניט אפגעזאגט. זיין הויז איז אלע מאל געווען אפען פאר רבנים, דיינים, אידען לומדים, און פאר פשוטע אידען, בעלי מלאכות און קליינע קרעמערלעך. יעדער איינער איז געקומען צו אים מיט זיין ביטער הארץ, און דער סוף איז געווען אז יענער איז אוועקגעגאנגען א באפרידיגטער.

נאך ר' מאנעסעס טויט האט זיין ווייב גיטעלע מאנעסעס, פאר יארען לאנג אנגעהאלטען די גוטע מידה פון פארטיילען חלות צו ארימעלייט, און אפאר גראצער אויף ויין לכבוד שבת און יום טוב.

## געהאלפען אויך א איידעלען אופן

בראנע באסעכעס איז געווען איינע פון די בכבוד'סדיגע באלעבאסטעס און איינע פון די רייכסטע פאמיליעס אין שטעטעל. זי האט פארמאגט א גרויסע שניט קראם, און טיף געווארצעלט אין א משפחה ,וואו תורה און מעשים טובים זיינען פון דארט ארויס מיט דעם גאנצען הארצען און אין א פולער מאס.

צו בראנע באסעכעס זיינען יעדען אנהויב פון דער וואך געקומען קליינע סוחריםלעך און בעלי מלאכות וועמען זי פלעגט אויסבארגען א גמילת חסד, עטליכע רייניש, און צום סוף פון דער וואך, אדער די אנדערע וואך, האט יעדער איינער אפגעגעבען דעם אלטען חוב און אויך דאס ניי ווידער געבארגט. אזוי האט דאס זיך געפירט א סך יארען.

איינמאל האט בראנע באמערקט ווי א איד, איינער פון אירע געלט-לייער, א פילער וואס האנדעלט מיט פיש און פארט אין אנדערע שטעט זיי צו פארקויפן - גייט ווינטער צייט אין א צעריסענער באנדאלע (א שווערען אויבער ראק) זאגט זי צום איד: ר'(נ.נ.) איך וויל ביי אייך בעטען א טובה: "זייט אזוי גוט, און גייט אריין צו ר יאקעל שניידער ואן זאגט אים , אז ער זאל אויף אייך נעמען א מאס פאר א פלאשטש. ער זאל קומען צו מיר וועל איך אים שוין געבען דאס געוואנט, טאקע פון מיין געוועלב. ווייל איך האב א קרוב אין דער און דער שטאט, איז ער פינקט אייער מאס, וויל איך אים מאכען דעם פלאשטש".

מיט א וואך שפעטער איז דער שניידער געקומען צו בראנען אנמעסטען דעם בגד אויפן פילער. בראנע האט אכטונג געגעבען אז עס זאל גוט פאסען. ווען דער מלבוש איז פארטיג געווארען, האט דער שניידער אים ווידער געבראכט צו בראנען און זי האט אים גוט באצאלט פאר דער ארבעט.

דער פילער איז ווידער געקומען נאך זיין וועכענליכען גמילת חסד, האט בראנע גענומען דעם פלאשטש און ווידער געבעטען דעם אידען ער זאל אים אנמעסטען. דער איד האט אנגעטאן דעם פלאשטש און א זאג געטאן אין דער שטיל: " א טייערער בגד! אט אזא פלאשטש וואלט איך באדארפט האבען, אין די קאלטע ווינטער טעג, מען ווערט ממש דערפרוירען אין דער באנדעלע מיינער!".

די גוטע פרוי, בראנע, האט לאנג נישט געקלערט און געזאגט צום איד : דער פלאשטש איז אויך אייך אנגעמאסטען געווארען, און ער ליגט אויף אייך ווי אויסגעגאסען , טראגט אים געזונטערהייט! האט א מזלדיגע וואך, מיט גרויס הצלחה!" און זי האט דעם איד מיט דעם מלבוש אויף די פלייצעס ארויסבאגלייט אין גאס אריין.

## א מאדנער דין־תורה

צוויי גלינער אידען, ר' יאנקעל (מאנטשער) שרייבער און ר' מאיר חיים פוקס, האבען ביידע געהאנדעלט מיט מעהל. ביידע פלעגען קויפען ווייץ און קארען, עס לאזען צעמאלען אין דער גלינער מיהל, און דאס מעהל פארקויפען צו די היימישע בעקער און באלעבאסטעס.

אזוי פירענדיג זייערע מסחרים, האט איינער ביים אנדערען יעדעס מאל געקויפט א וועגעלע תבואה, אדער עטליכע זעקלעך מעהל. געפירט זייערע ביכער האבען די איען אויף "קבלתי"-נתתי" סיסטעם. ביז איינמאל האט זיך זייער רעכענונג עפעס פארפלאנטערט, און עס האט ניט געשטימט. ביז זיי האבען צווישען זיך געהאט א סיכסוך. זיינען די צוויי אידען געגאנגען צו א דין-תורה.

ביים רב האט יאנקעל מאנטשער געטענהט, אז ר' מאיר חיים איז אים גארנישט שולדיג; ר' מאיר חיים האט געטענהט פארקערט, אז ער איז ר' יאנקעלן יא שולדיג פאר א וועגעלע תבואה. איין איד וויל ניט נעמען קיין געלט, ער שרייט, עס קומט אים ניט! דער אנדערער איד וויל ניט האבען דאס געלט, וואס ער דענקט אז עס געהערט צום אנדערען איד; און ביידע ווילען געבען דעם רבין מיטען בית דין צו פארשטייען אז יעדער פון זיי איז דער גערעכטער, און אז נאר ער אליין זאגט דעם אמת, אז ער קומט יא יענעם דאס געלט!

דער רב, ר' יצחק אליעזר מיט זיין ביתדין, פאר וועמען דער מאדנער דין תורה איז פארגעקומען, אויסהערענדיג דעם וכוח, האט געפסקנט , אז דאס געלא פארען וועגעלע תבואה, וואס איינער וויל דאס ניט האלטען פאר זיך , און דער אנדערער זאגט זיך אפ דאס צו נעמען, זאלן ביידע צו האלב פון דעם אוועקגעבען אויף דער שול. ביידע אידען האבען גערען אנגענומען דעם פסק דין און זיינען א היים געגאנגען צופרידענע און מיט א ריינעם געוויסען.

אוועקגעגעבען זיינע שטיוועל

מעכעל מאשקעס איז געוועזן א איד נישט קיין עושר, נישט קיין גרויסער למדן, אזוי זיך א איד פון א גאנץ יאר. געוואוינט האט ער אין א גויאישען געגענד פונם שטעטעל, וואו לעבען זיין הויז זיינען דורכגאגאנגען און נאך מער דורכגעפארען אסך אידען.

איינמאל אין א ווינטער טאג, דער שניי פאלט אן און אויפער, די זאווערוכע בלאז, ווי אלע ווינטען פון דער וועלט וואלטן פאראייניגט אין איין גרויסען און שטארקען ווינט, און דער פראסט ברענט,וויל פארניכטען יעדע לעבעדיגע זאך ,וואס קומט אים נאר אנטקעגען- שלעפט זיך א איד, א דארפס גייער אין א דארף אריין, זוכען פרנסה.

גראד האט ר מעכעל געדארפט דאן ערגעץ צוגייען, און ער באגעגענט דעם דארפס גייער. ער גיט א קוק אויף דעם איד זעט ער ווי יענער גייט אנגעטאן אפגעריסען און אפגעשליסען און דער עיקר מיט צעריסענע שטיוועל. פעגט ער דעם איד: וואו לאזט זיך עס א איד אין אזא קעלט? - ענטפער דער איד: ער גייט אין דארף אריין עפעס איינהאנדלען. זאגט ר' מעכעל צום איד : מיט אזעלכע שטיוועל און אין אזא דרויסען, לאזט מען זיך צייען אין דארף אריין ? זייט מוחל און קומט אריין צו מיר אין שטוב, בלויז פאר א פאר מינוט, זיך אביסעל אנווארעמען!

ווען ביידע אידען זיין אריין צו ר' מעכלען אין שטוב, האט ר' מעכעל אויסגעטאן זיינע כמעט נייע שטיוועל און באשוואירען דעם דארפס גייער יענער זאל זיי אנטאן.

דער איד, דער דארפס גייער האט מיט טרערען אין די אויגען ארויפ-געצויגען די שטיוועל אויף זיינע פיס, האט געקושט די מזוזה און איז אוועקגעגאנגען אין זיין וועג.

ר' מעכעל האט ערשט גוט באטראכט די צעריסענע שטיוועל, האט א צופרידענעם שמייכעל געטאן און זיי ארויפגעצויגען אויף זיינע פיס.

א אורח צום סדר:

יעדער גלינער איד, רייך צי בלויז בעל הבית, האט שטארק געהאלטען פון אברהם אבינו'ס מידה פון הכנסת אורחים, און אויף יעדען שבת אדער יום טוב פלעגט א באלעבאס נעמען אן אורח צו זיין טיש. וויפיל פרעמדע ארימעלייט עס פלעגען זיין אין שטעטעל, האבען זיי אלע שבת און יום טוב געהאט וואו צו עסען. פסח, אבער, צו די סדרים האט כמעט קיין איין גלינער איד ניט געוואלט נעמען צו זיך א היים אן אורח. אזוי האט מען זיך געפירט אין גלינע אלע יארען, און עס האט זייער זעלטען געטראפען, אז א פרעמדער איד, א ארימאן, זאל אויף פסח קומען אין שטעטעל אריין.

האט זיך אבער איינמאל געמאכט, אז ערב פסח, שוין כמעט פארנאכט, איז א איד א ארימאן, און לויט זיין אויסזעען איז ער נישט געווען פון די געוויינלעכע ארחי-פרחי'ניקעס, אנגעקומען אין גלינע, און זיך פארקליבען אין קלויז אריין. עס איז געווארען נאכט. מען האט אין קלויז, ווי אין אלע אנדערע בתי מדרשים, שוין אפגעדאווענט, מיט דעם פרייליכען יום טובדיגען נגון. איינער האט דעם אנדערען געוואונטשען א גוטען יום טוב, און יעדער איד איז זיך א היים געגאנגען, פראווען דעם סדר.

דער ארימאן איז נעבעך געבליבען שטייען ביי דער טיר און קיינער, פון די אלע קלויז בעלי בתים האבען אים ניט גענומען אויף יום טוב, צום סדר. עטליכע קלויז בחוריב האבען דאס צוגעזעען און באשלאסען, מען מוז דעם איד ערגיץ באזארגען, ער זאל זיצען צווישען אידען, ביי א סדר.

צווישען די בחורים וואס די זאך האט זיי שטארק באריהרט, זיינען געווען שלמה קיגעל און מאטיק האלפערן. האבען זיי געבעטען דעם איד, אז ער זאל אביסעל צואווארטען, און זיי וועלן אים שוין באזארגען וואו צו זיין ביי א סדר.

זיי זיינען באלד אריינגעגאנגען צו ר' יוסעלע שוחט און אים דערציילט וועגען דעם אורח, וואס שטייט אין קלויז ביי דער טיר און האט ניט וואו צו עסען די סדר נאכט. זיי האבען אים געבעטען אז ער זאל נעמען דעם אורח צו זיך צום סדר.

אויף דעם האט ר' יוסעלע געענטפערט:"א גאנץ יאר זאג איך זיך קיינמאל ניט אפ צו נעמען א אורח און אפילו צוויי אורחים, אבער פסח צום סדר, איז ביי מיר שוין א אלטער מנהג, נישט צו נעמען אן אורח."

פון ר' יוסעלע שוחט זיינען די צוויי חברים אוועקגעגאנגען

צו ר' אברהם ריקעווער. ווען מען איז אריינגעקומען צו אים אין הויז,
איז ער שוין געשטאנען מיטען ווייסען קיטעל אין האנט, גרייט צו גייען
מאכען קידוש. אויף זיין פאר'חידוש'טע שאלה, וואס מען איז צו אים גע-
קומען אין אזא צייט, און וואס מען וויל פון אים? האט מען אים דער-
ציילט וועגען דעם פארבליבענעם אורח אין קלויז. אויך ער האט געענט-
פערט דאס זעלבע וואס ר' יוסעלע שוחט.

דערווייל ווערט שפעט. די צוויי בחורים דארפען א היים
גייען, אין זייערע היימען הויבט מען שוין אן זיך צו זעצען צום
סדר. נו, איז געבליבען אז שלמה קיגעל זאל דעם ארימאן נעמען א היים
צו זיין טאטען, ער זאל דארטען זיין ביים ערשטען סדר. אבי דער אורח
זאל ניט בלייבען איינער אליין אין קלויז, צווישען די פיר ווענט.

שלמה איז צוריקגעגאנגען אין קלויז אריין און פארבעטען
דעם אורח צו זיך א היים, ווען ער איז מיטען אורח צוגעקומען לעבן
אורטשע פאיעס הויז, איז זיי אנטקעגען געקומען אברהם ריקיווער,
און אויף דער פראגע: ר' אברהם, וואוהין גייט איר איצט? אין דער
צייט ווען איר האט זיך שוין געזעצט אויף דער הסבה-בעט? - האט
יענער געענטפערט: איך קען מיר ניט פארגעבען אזא זאך, איך זאל
זיצען ביים רייך געדעקטען טיש, אפריכטען דעם סדר, ווייסענדיג אז
איך האב אפגעזאגט אן ארימען איד צו זיצען ביי מיין טיש. איך
בעט דיך, לאז דעם אורח גייען צו מיר, זאל ער זיין ביי מיין סדר.
איך זאג דיר, אז דו וועסט האבען די מצוה!

ר' אברהם ריקעווער האט דעם ארימאן שוין ביי זיך געהאלטן
איבער גאנץ פסח.

## א קינדער "רופא"

א פרוי וואס האט קיינמאל אפילו ניט געהאט אין איר גע-
דאנק עפעס צו לערנען וועגען מעדיצין, קיינמאל אפילו ניט געארבעט
אין א שפיטאל אלס בארעמהערציגע שוועסטער(נוירס) וואס האט אפילו
ניט געקאנט לייענען אדער שרייבען, איז פארט געווען פאר פיל יארען
די "קינדער-דאקטארין" פונם שטעטעל. זי איז געווען א גלינער גע-
בוירענע, די טאכטער פון ר' יאנקעל דער מעשענער מלמד. געוואוינט
האט די פאמיליע אין איינעם פון די זייטיגע גאסען, פון דער קילא-
קאווער גאס, לעבען אברהם מלמד.

דאס "דאקטארײ" איז צו דער פרוי געקומען פון דעם וואס
אין אירע יונגע יארען האט זי איבערגעלעבט ביטערע טראגעדיעס.
עס איז ביי איר געשטארבען צען קינדער אויף "קינדער קראנקייטען"
אין דעם עלטער פון א יאר ביז צוויי און א האלב יאר.

פון דעם וואס די פרוי איז דורכגעגאנגען, איבערגעליטען
אזוי פיל צרות מיט אירע קינדער, פון האבען און באגראבען, איז
זי געווארען א שטיקעל מומחה'טע צו קענען זיך אפגעבען מיט קליינע
קראנקע קינדער. ווען א קינד האט געהאט א ביסעל ווארעמקייט, גע-
הוסט צי געמאזעלט, מיט דער צייט האט זיך צווישען די ווייבער
פונם שטעטעל, מאמעס פון קליינע קינדער, פארשפרייט דער געדאנק,
אז חנהטשע דער מעשענעמס קאן העלפען, ווען א קינד ווערט קראנק,
בעסער ווי דער "דאקטאר". און ווען עס האט זיך געטראפען אז ביי

א פאמיליע איז א קינד פארשלאפט געווארען, האט עס געמעגט זיין וועלכע עס איז צייט, ביי טאג צי ביי נאכט, האלבע נאכט, פארטאג, אין רעגן, דונערען און בליצען, פרעסט, שניי, זאווערוכעס, איז מען געלאפען צו חנהטשען. פאמעס און טאטעס זיינען אין פינסטער נאכט געלאפען צו חנהטשען, זי אויפגעוועקט פונם שלאף, און מיט געוויין געבעטען: חנהטשע לעבען! האט גאט אין הארצן! קומט! העלפט! ראטעוועט אונזער קראנק קינד!

און די פרוי האט קיינעם ניט אפגעזאגט. ביי טאג, ביי נאכט, צו יעדער צייט און אין אלערליי וועטערען, איז זי געגאנגען מיט אירע באבסקע רפואות, צו די קראנקע קינדערלעך. און מיטן גאנצען הארצען זיי געוואלט העלפען געזונט צו ווערען. און א סך מאל צוליב א פרעמד קראנק קינד פארנאכלעסיגט איר מאן און אייגענע קינדער.

מיט דער צייט האט זי זיך איינגעארדענט אירע אייגענע מיטלען, צו געבען טרינקען "מילוטען מיט ציקוטען", וואס איז באשטאנען פון אויסגעטרוקענטע הינדסקאיטס, וואס זי פלעגט אויסמישען מיט הייסער מילך. אדער זי פלעגט אפשפרעכען א גוט אויג, ווארפען "קוילען" און פליטען", דאס מיינט: ווען א קינד האט געהאט אסך היץ, וואס זי האט אפגעשאצט אן א טערמאמעטער, האט זי מיט א שארפען מעסערעל, וואס זי פלעגט לייען פון א שוסטער, מיט וועלכען ער שניידט דעם לעדער, און מיט דעם איינשניידען די אויערען פונם קינד און לאזען אפרינען אביסעל בלוט. און אז דאס "פליטען" זאל האבען א בעסערע ווירקונג, האט זי דעם קינדס פניםל אנגעשמירט מיט דעם בלוט פון די אויערען.

א סך גלינער אידען, פון דער צייט וואס חנהטשע דעם מעשענעמס איז געווען די דאקטארין אין שטעטעל, האבען זייער גאנץ לעבען געהאט קארבען אונטער זייערע אויערען.

פאר יארען לאנג האבען די גלינער מאמעס זיך גאר ניט געקאנט פארשטעלען אז אן חנהטשעס הילף וועלען זייערע קינדער קענען ווערען געזונט.

אין א סך פאלען האט אויך די שמואל לייבאכע, דעם נאמנס ווייב, געהאלפען קראנקע מיט באבסקע רפואות. אין איר דאקטאריי האט די פרוי זיך באנוצט אויף אנדערע אופנים, און מער זיך אפגעגע-בען מיט היילען דערוואקסענע. די קראנקע פלעגען קומען צו איר א היים.

צי דער שטאטישער דאקטאר אדער דער מאגיסטראט האבען געוואוסט פון די זעלבסט געקרוינטע דאקטוירים, האט מען אין שטעטעל ניט גע-וואוסט, ווייל מען האט קיינמאל ניט געהערט אז עמיצער זאל שטערען די מענטשען, אינם אנפירען זייער דאקטאריי.

הגם חנהטשע אליין איז געווען א ארימע פרוי, מיט א מאן א הוסטער, האט זי זעלטען עפעס גענומען פון עמיצען פאר איר ארבעט. ווען זי פלעגט אריינקומען צו א שכן, אדער אזוי א ארימער פאמיליע, וואו עס איז געווען א קראנק קינד, און עס האט אין שטוב אויסגע-פעלט אביסעל מילך, א לימאנע, א פאמעראנץ, א ביסעל טיי אדער א ביסעלע יוך, האט זי עס אליין באזארגט. ווען זי האט אפילו געדארפט גייען א מהלך צו די רייכע הייזער עס אויסבעטלען.

מכניסי אורחים:

געווען איז דאס א ארימע פאמיליע, א איד מיט זיין ווייב מיט זיבען קליינע קינדערלעך, איינס קלענער פונם אנדערען. ער , א פשוטער איד, וואס אין די יונגע יארען האט ער געלערענט אין א חדר, ליב געהאט צו הערען א "אידיש ווארט" און איז געווען א שטענדיגער צוהערער , ווען ר' יאנקעלע חייה אסתרס פלעגט שבת ביינאג, אינם שטאטישען בית המדרש לערנען חומש, די פרשה פון דער וואך, מיט אן עדה אידען.

פרנסה האט דער איד געצויגען פון דעם וואס ער איז געווען א שטיקעל קצב. ער פלעגט יעדע וואך שעכטען א קעלבעל און דאס פלייש מיט די דרויב פארקויפען צו ארימע באלעבאסטעס. ער איז אויך געווען א שטיקעל מעקלער, ביים קויפען א בהמה אויפן יאריד.

געהאט האט דער איד א אייגען שטיבעל, אין דער גאס וואו די באד איז געווען, און א שטיקעל גארטען, מיט עטליכע אויבסביימער. דארטען, אין זייער שטיבעל האבען די מענטשען תמיד געפינען א פלאץ, א געלעגער פאר איינער און אפילו פאר עטליכע ארימע אורחים, וואס די קלויז בחורים און די בית המדרש שמשים פלעגען זיי צושיקען. צוליב די אורחים האט מען פאר די אייגענע קינדער אויסגעבעט געלעגערס אויף דער ערד און אויף בענק.

אמת, די אורחים וואס מען פלעגט שיקען צו ר' יאנקעלע חייה אסתר'ס, זיינען דאס רוב געווען פון דעם סארט "שיינע אידען", וועלכע פלעגען אפט קומען אין גלינע נאך נדבות פאר הכנסת כלה, פאר נשרפים, און סאקע פאר זיך אליין אויך. אזעלכע אורחים האט מען אפגעשיקט אין שטאטישען הקדש, וואס איז געווען ווייט פון צו זיין סאניטאריש, שוין אפגערעדט פון צו האבען א ריין בעט.

דעם אידענס ווייב האט ניט געקוקט אויף איר שווערער הארעוואניע, ארום די קינדער, נאר האט אויך אלע מאל באזארגט די אורחים מיט א ריינעם געלעגער, מיט א ביסעל ווארעם געקעכטס און ניט איינמאל אויסגעוואשען זייערע ברודיגע וועש.

ווען איינער פון די אורחים איז חלילה קראנק געווארען, איז דער אורח שוין געבליבען ליגען דארט אין הויז, און דער מאן מיט זיין ווייב האבען אויפן קראנקען איד אכטונג געגעבען, און אפגעהיט. ווען עס איז נויטיג געווען צו רופען דעם רופא אדער דעם דאקטאר צום קראנקען, האבען זיי עס אליין באזארגט, און דאס געטאן מיט אזא איבערגעגעבענהייט, גלייך ווי דער פרעמדער איד וואלט געווען זייער א קרוב, אדער אן אלטער גוטער פריינט. ווען "זייערער" אן אורח האט שוין געקליבען אין וועג אריין, האבען זיי דעם אורח מיטגעגעבען עטליכע זעקסערלעך, אלס צדה לדרך. כאטש אפט מאל האבען זיי דאס ביסעל קליין געלט אליין ניט געהאט און געמוזט דאס ערגיץ בארגען.

זיי זיינען ניט געווען די איינציגע ארימע אידען אין שטעטעל וואס האבען געהאלפען פרעמדע ארימע אורחים, דורכגייער אינם שטעטעל.

א פארבארגענער אביון:

געקאנט האט מען דעם איד אין שטעטל און אין די דערפער פאר א באלעבאטיש איד, וואס האט אלע מאל געהאט פרנסה און זיך געלאזט קאסטען צו קהל און געגעבן אויף פריוואטע אינטערנעמונגען, סיי אין פריידן און סיי חלילה אין ליידן. ווען נאר מען האט זיך צו אים געווענדט האט ער געהאלפען לויט זיינע מעגליכקייטען. האט זיך אבער געמאכט אז איבער עפעס א סיבה איז ער אראפגעפאלען פון זיין מעמד, און איז שטארק פאראָרימט געווארען.

אט דער איד, א לערנער, א באשיידענער מענטש איז אזוי ווייט ארונטערגעקומען פון זיין שטאנד, אז עס איז פשוט ניט געווען א ביסען ברויט אין הויז. אבער אין שטעטל האט קיינער פון דעם ניט געוואוסט. אזוי גוט האט ער די ארימקייט זיינע באהאלטען און פארפוצט. אין דער וואכען איז מען נאך ווי עס איז דורכגעקומען, א בולבע אדער צוויי מיט עטליכע גרויפען אין א טעפעל וואסער, עס אפגעקאכט און דאס איז געווען א מאכל. אבער ווען עס איז געקומען דער שבת קודש, און מען האט ניט געוואלט פארשעמען די בענטש ליכט און דעם שבת, און דא, אין הויז איז נישטא א שבתדיגע חלה — האט די באלעבאסטע געדעקט דעם טיש מיט א ווייסען טישטעך, א ווערגעלייגט צוויי ציגעל אויפן טיש, צוגע-דעקט זיי מיט א קליינעם חלה טישטעכעל, און אנשטאט ווייין אויף קידוש, האט זי אוועקגעשטעלט א פלעשעל מיט אויפגעזאטענע און פארפארעטע טיי און אזוי איז מען יוצא געווען לכבוד שבת. נאך דעם גרויסארטיגען "עסען", איז דער מאן געגאנגען צום רבינס טיש און דארט פארפולט די שבתדיגע סעודה מיט א כזית חלה און מיט כאפען שריים, און מיט זינגען זמירות מיטן גאנצען עולם.

ווען א באקאנטער פלעגט אמאל דעם איד א פרעג טאן: "ווי אזוי גייט עס אייך?" — האט ער, א קליין, לוסטיג אידעל תמיד גע-ענטפערט: "געלויבט איז גאט! ער איז א אל רחום וחנון, און פארלאזט קיינעם נישט!".

זי האט געהאלפען פארבארגענע ארימעלייט:

אליין איז די פרוי געווען א בעקערין. א גאנצע וואך האט די פרוי שווער און ביטער געארבעט ביים באקען דאס ברויט, פון דעם האט זיך דערנערט א פאמיליע פון עטליכע נפשות. דער מאן אירער האט אפילו יא אביסעל צוגעהאנדעלט, אבער די הויפט פרנסה געבערען איז פארט געווען דאס ווייב.

יעדען פרייטאג צו נאכטס, אדער א יום טוב צונאכטס, נאכדעם ווי די פרוי האט שווער אפגעארבעט ביי זיך אין דער היים, און נאך דעם ווי איר מאן מיט די קינדער האבען אפגעגעסען די שבתדיגע סעודה, האט זי זיך אנגעטאן א ברייטען פאכטוך און זיך געלאזט גייען איבער די הייזער, צונויפנעמען שטיקלעך ברויט און חלה. זי איז געגאנגען פון איין באלעבאטישער הויז צו דער אנדערער, ביז זי האט שוין געהאט א פולען פאכטוך מיט שטיקלעך ברויט און חלה.

דאן איז זי אוועקגעגאנגען צו די פארבארגענע ארימעלייט, זי האט שטיל אנגעקלאפט אין א טיר און אויף גיך איבערגעגעבען א חלק פון דעם צונויפגענומענעם ברויט און חלה, און איז אוועק אזוי שטיל

ווי זי איז געקומען. ווען מען האט איר געוואלט עפעס זאגען, באדאנקען, האט זי שנעל פארמאכט די טיר און געזאגט: "א צווייט מאל! איר זאלט ניט באדארפען, וועט איר מיר עפעס זאגען!"

דאס איז אזוי אנגעגאנגען פאר יארען און יארען. די פרוי האט שפילערהייט נאכגעזוכט, נאכגעפרעגט זיך ווער עס ליידעט ארימקייט און שעמט זיך דאס אויפען צונג ארויפברענגען - און שפילערהייט האט זי יעדען איינעם געהאלפאן.

דורך דער וואך פלעגט זי מיט אירע קינדער צושיקען צו די פארבאר-גענע ארימעלייט, א ברעטעל און בולקעלעך פאר די קליינע קינדער, און אנגעזאגט אירע קינדער אז זיי זאלען נישט מאנען קיין געלט, נאר זיי זאלען זאגען אז די מאמע וועט שוין ביי זיי אפמאנען דאס געלט.אבער זי האט דאס קיינמאל ניט געטאן.

די מצוה פון ארומגייען איבער די הייזער, פרייטאג צו נאכטס, אדער אין א יום טוב ביינאכט און זאמלען ברויט און חלה פאר ארימע-לייט, האט ריוושע די בעקערן איבערגענומען פון לייטשע דער קאטלערן, וואס האט זיך אזוי נוהג געווען אין איר גאנצען לעבען.

אויסגעטאן פון זיך דאס העמד:

עס איז געווען א קאלטער אסיען נאכט. די גאסען זיינען גע-ווען אויסגעגאסען פון איין שטיק בלאטע. גייט זיך א גלינער בעל הבית, א באקאנטע פערזענלעכקייט אין שטעטעל און א פירער ביי די ציוניסטען - גייט א היים פון ערגיץ, פון א קהלישער אסיפה, פלוצלים דערהערט ער געשרייען פון איינעם פון די געסלעך, ביי דער קילעקאווער גאס. ווען ער איז צוגעקומען נעענטער, דערהערט ווי עמיצער וויינט מיט באנו-מענע קולות:" אידען, ראטעוועט! אזא אומגליק!

ווען דער איד איז אריינגעקומען אינם שטיבעל האט ער דער-זען א שרעקליך בילד פאר זיינע אויגען: אין א קליין קאמערעל, קוים אריינצוגייען, ליגט א קראנקער איד און ווערט פארברענט פון גרויסער היץ. א חוץ דעם קראנקען איז אויך דא זיין ווייב און עט-ליכע קליינע קינדערלעך, איינס קלענער פונם אנדערען. זיי ליגען אויך געלעגערס, אויף בענק, אויף א קופערט, אויף דעם פעקאלעק. דער קראנקער איד ליגט אויף א צעבראכען באנק בעטעל, איינגעוויקעלט אין שמאטעס און לאכעס. אין שטיבעל איז קאלט, אויפן טישעל שטייט א קליין לעמפעל, וואס צאנקט. דער איד גייט צו צום קראנקען און וויל אים אנטאפען, הויבט ער אויף איינע פון די שמאטעס, מיט וואס דער קראנקער איז געווען צוגעדעקט, דערזעט ער ווי יענער ליגט איינגע-וויקעלט עפעס אין א ליילעך, וואס איז ברודיג און שווארץ ווי די ערד.

ער פרעגט דער ווייב פונם קראנקען מאן, צי זי האט א העמד דעם מאן איבערצוטאן. פארברעכט די פרוי די הענט מיט א גרויס גע-וויין, און זאגט אז זי האט ניט. גייט דער איד ארויס אין פאדער-הייזעל, טוט אויס פון זיך זיין העמד, ברענגט עס אריין אין שטוב און טוט עס אן דעם קראנקען איד. ער גייט א וועק און ברענגט א דאקטאר, דערנאך גייט ער אין דער אפטייק, קלינגט אן און בעט אז מען זאל אים טאן א טובה און מאכען דעם רעצעפט.

אין דער פרי האט ער פאר דעם קראנקען איד פארזארגט מיט מילך, א עוף, צוקער, טיי, א לימענע און אויך מיט א ביסעל געלט, פאר דער פרוי מיט די קינדער. ער האט אויך געבראכט א העמד און אפאר ליילעכער איבערציען און איבערבעטען דעם קראנקענס בעט. ביי דער פרוי האט ער געבעטען בלויז איין זאך: זי זאל קיינעם ניט דערציילען וואס ער האט געטאן.

דער קראנקער איד איז געווען דער צווייטער מאן ביי זיין ווייב, די פרוי פ.ד. דער איד וואס האט געהאלפען דעם קראנקען און האט אים ווי פון טויט לעבעדיג געמאכט, איז געווען ר' אפרים כ"ץ.

מחלל שבת געווען בפרהסיא:

דאס גאנצע שטעטעל איז געווען אויפגערודערט און מיט צעבראכענע הערצער. יעדער האט איבערגעלעבט עפעס אזוינס, וואס קיינער וואלט זיך עס ניט געקענט גלויבען, ווען - מען זאל עס ניט געווען אליין זעען אדער הערען דערציילען פון די מענטשען וואס זיינען דערביי אליין געווען.

א פרומער איד, א חסיד, א למדן, א איד שוין אין די פופציגער יארען, א טאטע פון דערוואקסענע קינדער, האט בפרהסיה מחחל שבת געווען. און יעדער אין שטעטעל פון גרויס ביז קליין האט גאט געבעטען פאר אים.

אלע שכנים פון די דערבייאיגע געסלעך האבען שוין געוואוסט אז פיישעס ווייב איז זייער געפערליך קראנק. מען האט געטאן אלסדינג וואס די דאקטוירים האבען פארשריבען און געהייסען. מען האט שוין אויספרובירט אלע סגולות וואס די ווייבער האבען געהייסען. מען איז געלאפען צום רבין, זאל לעבען, מיט א קוויטעל. אים דערציילט אז עס איז סכנת- נפשות. פייגעלע ישראל אידעלס האט שוין אויך דעם הייליגען ארט געמאסטען קברים, א מנין אידען זיינען געגאנגען אין שול תהלים זאגען. אבער עס איז אלץ שלעכט. עס ווערט גארניט בעסער. די יולדת האלט זייער שמאל.

שכנים, קרובים, ווייבער מאנסבלן קומען זיך צוזאמען וויינען בעטען גאט, געבען עצות. אלע מאל ווערט א טומעל, א געשריי און א יללה אין גאס. די פיישעכע איז פארביי! אזא אומגליק! אזא זינד אין שטעטעל! פרייטאג בייטאג האט מען געבראכט דעם דאקטאר פון בורסק (א שטעטעל ניט ווייט פון גלינע) שכנים סוד'ן זיך אז דער בורסקער דאקטאר מיט די היימישע דאקטוירים האבען אפגעהאלטען א קאנסיליאום און געזאגט אז מען דארף אן אפעראציע, און דאס וואס שנעלער. אז מען מוז מיט דער ווייבעל פארען קיין לעמבערג און דאס וואס שנעלער. אפשר וועט מען נאך מיט גאטס הילף קענען אפראטעווען דאס ווייבעל מיט דעם קינד. וואס טוט מען? ווי אזוי גיט מען זיך עפעס אן עצה?

דערווייל רוקט אן זיך דער שבת קודש. שבת גאנץ פרי האט מען ווידער גערופען ביידע דאקטוירים פון שטעטעל. אבער ווידער זאגען זיי אז נאר איין זאך קען נאך אפשר העלפען און דאס איז: וואס שנעלער מאכען א "קייזער שניט", אן אפעראציע, אבער ווער קען דא עפעס טאן? דער מאן פון דער יולדת איז א איד א ארימאן.

אלסדינג וואס ער האט פארמאגט און געקענט פארזעצן, אדער בארגען אין די עטליכע טעג האט ער עס שוין געטאן און עס אוועקגעגעבן פאר רעצעפטן און צו די דאקטוירים. אחוץ דעם דארף מען דאך אין לעמבערג וויסן צו וועמען צו פארן און ווי אזוי דארטן צו ריידן און עפעס קענען טאן... זיך וויסן צו ווימען צו ווענדן, האבן דארטן באקאנטע...

און בשעת עטליכע ווייבער קרובהטעס און שכנטעס זיינען מיט יאמערליכען געוויין און געשרייען געלאפן אין שול איין און ביי דעם אפענעם ארון הקודש מיט הארצרייסענדע געוויין געבעטן און געשריגן צום רבונו של עולם, אז דאס ווייבעל;, די געווינערין זאל בשלום איבערקומען, און בלייבן א מאמע צו איר קינד, גאט זאל מוחל זיין די חטאים פון שטעטל און זאל נישט אומברענגען א מאמע מיט איר קינד אויף איינמאל. און ריידלעך מאנסבילען זיינען אין די געסלאך געשטאנען פארצרה׳טע, פארזארגטע, יעדער האט געוואוסט אז אט, אט און עס ווערט שפעט, מען וועט פארזאמען דעם צוג, די באן קיין לעמבערג.

אין די פארצווייפלע מינוטען איז פלוצים צוגעפארען א פויערשער וואגען, פול אויסגעבעט מיט פרישען שטרוי מיט צוויי פערד ווי די לייבן, און האט זיך אפגעשטעלט לעבן פיישעס שטיבעל.

באלד איז געקומען צולויפען דער דאקטאר און האט געזאגט אז מען זאל נעמען דאס ווייבעל, זח גוט איינדעקען און אוועקלייגען אויפן וואגען. אלע מענטשען אין שטיבעל און אויף דער גאס זיינען פארציטערט געווארען. דאס הארץ האט זיך ביי יעדען ווי אפגעשטעלט. אבער קיינער האט גארנים איבערגעפרעגט, נאר געטאן אזוי ווי מען האט געהייסען. און ווען אלסדינג איז שוין געווען גוט באזארגט מיט דער געווינערין די יולדת, איז ישראל רובין צוגעגאנגען צום גוי, און ער און דער דאקטאר זיינען ארויף אויפן וואגען און פאוואליע אנגעהויבען צו פארען צו דער באנסטאנציע – זאדווארזשע, אויפן וועג קיין לעמבערג.

ווען דער וואגען איז געווען אין עק פון דער גאס, לעבן דעם ערוב, האט מען געזעען ווי ר׳דוד משה חסיד קומט אן און מיט שנעלע טריט לאזט ער זיך צו דער פור, וואס האט זיך אפגעשטעלט. ר׳דוד משה גייט אנגעטאן אין דער שבתדיגער בעקעשע מיט דעם ברייטען גארטעל, אבער אן דעם שטריימעל. זיין פנים איז ווייס ווי קאלך. ער איז אויפגערעגט, זיין גאנצער גוף ציטערט. ער מורמעלט עפעס אין דער שטיל, ווי א תפילה זכה. אלע מענטשען וואס זיינען זיך צונויפגעקומען, באגלייטען דעם וואגען מיט א געוויין און געבעט צו גאט פאר דעם אומגליקלעכען ווייבעל, וואס מוז נעבעך אפקומען פאר פרעמדע עבירות. זיינען אלע פארשטיינערט געווארען ווען זיי האבען דערזעען ווי ר׳ דוד משה האט פארהויבען די פאלעס פון זיין בעקעשע, איז ארויף אויף דעם וואגען, זיך אוועקגעזעצט לעבען דעם גוי און מיט טרערען אין די אויגען האט ער א זאג געטאן ווי אין דער וועלט אריין: אידען גייט מתפלל זיין אז גאט זאל אונז אלע מוחל זיין! עס איז פיקוח נפש!

און די פור אויף וועלכער א איד איז געפארען אין שבת בפרהסיה, האט זיך אין דער צייט פון שחרית דאווענען אוועקגעלאזט מיט א

געלאף אין וועג אריין צו ראטעווען א נפש מישראל.

און גאט האט זיך מרחם געווען און די מאמע מיט דעם קינד זיינען ביידע לעבען געבליבען.

ישראל רובין, א איד א בעל גוף, א סוחר פון מעל און תבואה, וועלכער האט זיך תמיד געפירט גוטברודערשאפט מיט די ארימע לייט פונעם שטעטעל און ער האט יעדען אין אן עת צרה ארויסגעהאלפען שפילערדיג, ער האט אויך אין איצטיגען פאל מיט פיישעס וייבעל אלסדינג אליין באזארגט, דעם וואגען, דעם דאקטאר, אלע הוצאות פארן לעמבערגער פראפעסאר, פאר דער אפעראציע און אויך דעם מיטפארער.

א מת מצוה:

געווען איז עס אין די יארען נאך דער ערשטער וועלט מלחמה, ווען עס האט שוין געדארפט הערשען שלום אויף דער וועלט. אבער אין אנוזער געגענד, ארום דעם שטעטעל גלינע און אויך אין שטעטעל גופא איז נאך געווען א קריגס פראנט, גפירט פון די פאליאקען און אוקראינער באלשעוויקעס.

כאטש עס איז דאן געווען א ביטערע צייט, האט ביי די גלינער אידען נאך געלעבט טיף אין הארצן דאס אחריות סיי צו א לעבעדיגען איד און סיי צו א טויטען. ובפרט ווען מען האט דערהערט אז עמיצער איז געהרגעט געווארען, איז יעדען אידען דורכגעגאנגען א שוידער איבערען לייב. שטייטש, געהרגעט א מענשען! און ווען דער הרוג איז נאך געווען א איד, איז שוין ביי יעדען איד דער טרויער און עגמת נפש געווען גלייך ווי דער געהרגעטער וואלט געווען זיינער א קרוב.

האט זיך אין יענער צייט, אונטער דער אוקראינישער ממשלה געטראפען אז עטליכע גלינער אידען זיינען געוואוירע געווארען אז אויף דעם וועג קיין ראזווארען, א דארף נישט ווייט פונם שטעטעל, האבען גויים דערהרגעט א איד און האבען אים דארט ערגיץ לעבען וועג, אין די ריוועס באגראבען.

האט עזריאל דעם ליכטציערס, א פשוטער איד,א וואסער טרעגער זיך דערוואוסט פונם געהרגעטען און ער האט מער ניט געקאנט רוען. ער האט זיך אין דער שטיל צונויפגערעדט מיט נאך עטליכע אידען, אז זיי זאלען דעם טויטען ברענגען צו קבר ישראל.

פון דעם ארט וואו דער מת איז געווען באגראבען ביז צום בית עלמין איז געווען זייער א ווייטער וועג - מען האט געמוזט האבען א פערד און וואגען, צו קענען ברענגען דעם געהרגעטען אויפן אידישען בית הקברות. דאס צו טאן האט מען זיך זייער שטארק געמוזט היטען אז, נישט די פאליציי, נישט די זשאנדארען און נישט די מי- ליטערישע פארוואלטונג, וואס איז דאמאלט געווען אינם שטעטעל, זאלען זיך פון דעם דערוויסען. ווען חלילה יא, האט עס געשמעקט מיט א גרויסער און שווערער שטראף.

איינמאל אין א רעגענדיגער מיטענגאכט, איז איינער פון די צו-גויפגערעדטע אידען צוגעקומען צו ר' עזריאלס שטיבעל, ער האט שטיל אנגעקלאפט אין פענסטער און געזאגט:"ר' עזריאל, קומט!" עזריאל האט גיך אפגעגאסען זיך נעגעל וואסער, זיך אנגעטאן, עפעס געזאגט שטיל, און אין דער פינסטער , רעגענדעדיגער נאכט זיך געלאזט אין וועג אריין. דארט אויפן ארט, וואו מען האט פריער מיט עטליכע טעג געמאכט א סימן, האבען צוויי אידען בגניבה אויסגעגראבען דעם מת, אים ארויפגעלייגט אויפן וועגעלע און דורך זייטיגע וועגער אוועק-געפירט אויפן אידישען בית עלמין.

אליין, אין דער פינסטער האבען זיי אויסגעגראבען א קבר, איינגעוויקעלטדעם מת אין א ליילעך און אים מקבר געווען. ווען דער ערשטער מארגנשטערען האט זיך באוויזען, איז ר' עזיאל א היים געקו-מען. זיך געהייסען ארויסברענגען וואסער, אפגעגאסען די הענט ווי נאך א לויה. די קלײדער אויף אים זיינען געווען אויסגעווייקט, נאס, עס האט נאך כּון אים גערונען וואסער. א בארואיגטער האט ער אפגעדאווענט און זיך גענומען צום קראמיסעל מיט די קאנען, גלייך ווי יעדען טאג.דער פשוטער וואסערטרעגער האט געוואוסט אז דאס איז געווען א מת מצוה, אז ער האט געטאן א חסד של אמת.

ער קען ניט אפזאגען א אידען:

איטשע פון דער מאדרע, אזוי האט מען גערופען איטשע מעהלמאן, איינער פון דער גרויסער מעהלמאנס משפחה אין גלינע.ר' איטשע האט געוואוינט אין א דארף און געהאנדעלט מיט האלץ. ער פלעגט כמעט יעדע וואך קומען אין שטעטעל אריין. געקומען איז ער אייגענטלעך באזארגען זיינע מסחרים, אבער גלינער ארימעלייט האבען שוין געוואוסט אז ווען ר' איטשע פון דער מאדרע קומט אין שטאט, קענען זיי באקומען פון אים א גמילת חסדל, א נדבה, אדער אזוי א טובה, ווייל דער ר' איטשע האט אן ארימאן פשוט ניט געקאנט אפזאגען.

ווי נאר ר' איטשע פלעגט קומען אין שטעטעל פלעגט ער אוועק-גייען צום מאגאזין, און וויפיל אידען ער האט דארט געטראפען, פלעגט ער זיי קויפען א טרונק בראנפען מיט פלעצלעך צום פארבייסען. אזוי פלעגט ער ביי די זיצערקעס לעבען דעם צאגאזין אפקויפען אלע פלעצלעך קנישקלעך און אנפילען מיט זיי זיינע קעשעניעס, און אין וועלכער הויז אדער געוועלב ער איז ארייננעקומען און אנגעטראפען דארט אן ארימאן, מאן צי פרוי צי קינד ,האט ער געטייל קנישעקלעך און פלעצלעך.

איין איד א בעקער וואס האט געבאקען קנישעקלעך און בול-בעניקלאך פלעגט ביי ר' איטשע קויפען האלץ צום באקען. אבער אזוי ווי דער איד איז געווען א גרויסער אביון, האט ער זעלטען געקאנט באצאלען פארן האלץ. אז ער פלעגט א מאל יא באצאלען פאר א וועגעלע האלץ, איז דאס געווען א נס..

זיינען די אייגענע אמאל צוגעשטאנען צו ר' איטשען און געפרעגט ביי אים: " וואס וועט זיין דער סוף? מיט אזוי פיל בארגען דעם איד, דעם בעקער? האט ר' איטשע געענטפערט: "אז איך וועל דעם איד ניט פארקויפען דאס האלץ, מיט וואס וועט ער באקען די קני-שעקלעך און בולבעניקלאך ? און פון וואנען וועט דער איד נעמען

פרנסה פארען ווייב און קינדער?

א גוט הארץ און א אפענע האנט:

איר שטוב איז אלע מאל געווען אפען פאר אידישע דורכפארער און דורכגייער. אן האבען אפגעגעסען און מיטגענומען נאך א היים אביסל שפייז, איז קיינער פון איר שטוב ניט אוועקגעגאנגען. איר צדקה געבן האט ג׳שמ׳ט איבער דעם גאנצען געגענד. און געגעבען האט זי שפייז, קליידער און אביסעל געלט, און דאס מיטן גאנצען הארצן. גלינער ארי-מע לייט פלעגען אויף איר קומען אין שטעטעל אריין ווארטען ווי אויף משיח׳ן. יעדען מאל ווען זי פלעגט פארען אין שטאט אריין, איינקויפן זאכען פאר איר הויז געזונד, פלעגט זי אין וואגען מיטפירען זעקלעך און פעקלעך מיט תבואה, קוקורוזע, פאסאליעס, בולבעס, קעז, פוטער, אייער און אנדערע שפייזען, און עס שטילערהייט צעטיילט צווישען די שטאטישע ארימעלייט.

פאר פסח, ווען זי איז געקומען אין שטאט אריין באקען מצות, האבען אלע די וואס האבען געארבעט ביי די מצה בעקערס, געבעטען גאט אז זי, באבע פון וויזשלאן, זאל אירע מצות באקען ביי זיין בעקער. ווייל יענער טאג איז פאר די "העלפערס" געווען א שטיק יום טוב. ווען מען האט אירע מצות געקנאטען, געוואלגערט, געראדעלט און גע-שיבען אין אויווען אריין, איז באבא ארומגעגאנגען מיט אן אפענעם קייסטער און יעדען מצה העלפער געגעבען טרינק געלט. צו דעם האט זי נאך מיטגעבראכט גרויסע לאדישטשעס(גרויסע ערדענע טעפ) מיט סמע-טענע און קעז, און יעדען איינעם וואס איז געווען באשעפטיגט ביים באקען די מצות, געגעבען גרויסע פטרציעס סמעטענע מיט קעז.

יעדער גלינער איד האט געוואוסט אז ער איז געגאנגען צו באבען פון וויזשלאן עפעס בעטען, איז ער פון דארטען קיינמאל ניט אוועקגעגאנגען מיט ליידיגע הענט. א טייל גלינער ארימעלייט זיינען כמעט יעדע וואך געגאנגען צו איר מיט בקשות, און זי האט יעדען מיט עפעס געהאלפען.

## א גלינער"48"

### א מעשה וועגען ר׳ מעכעל ראזען און מרדכי בערצי רובענצאל:

ווי אין אלע שטעט און שטעטלעך אין דעם אמאליגען גאליציע, איז אויך אין אונזער שטעטעל גלינע געווען א תקיף. דאס איז געווען ר׳ מעכעל ראזען דער ראש הקהל. ער האט קאנטראלירט כמעט דאס גאנצע אידישע עקאנאמישע, געזעלשאפליכע לעבען אין שטעטעל. ער איז געווען דער פאכטער פון אלע רעגירונג מאנאפאלען אין שטעטעל, ווי טאבאק, זאלץ, בראנפען, און די אקציזען פאר שחיטה. ער איז געווען דער פאר-טרעטער ביי דער רעגירונג איבער אלע שטאטישע ענינים, וואס האבען געהאט א שייכות צו אידען. ער האט באדארפט צושטעלען די צאל זעל-נער, וואס די רעגירונג האט פונם שטעטעל פארלאנגט. ער איז געווען דער אסעסאר פאר די שטייערען וואס דער סטאראסטווא אין פרעמישלאן האט באשטימט פאר די גלינער אידען צו צאלען.

ר' מעכעלע ראזען האט אין שטעטל געשאלטעוועט און געוואלטע־וועט ביז דעם יאר 1848. ווען די נייע געדאנקען און לאזונגען פאר פרייהייט און דעמאקראטיע פון די יארען 1848 האבען אפגעקלונגען איבער גאנץ איראפע, האבען זיי זיך אויך דערטראגען אין אונזער שטעטל אריין.

און ווען אין חודש מארטש 1848 האט אין ווין אויסגעבראכען די רעוואלוציע קעגען מעטערניקס ממשלה און קייזער פערדינאנט האט אפגעדאנקט פונם עסטרייכישען טראן, איז אויך אין גלינע פארגעקומען א שטיקעל רעוואלוציע.

און מעשה שהיה כך היה: אין גלינע איז געווען אן אלטער מנהג אז א בעל מלאכה האט ניט געטארט אנטאן א שטריימעל לכבוד שבת אדער יום טוב. האט זיך געמאכט אז א גלינער דאמען־שניידער האט אין יענעם יאר חתונה געהאט, און כאטש ער איז געווען א קליינשטעטלדיגער שניי־דער, האט ער אין זיך געהאט דאס געפילט פון גערעכטיגקייט און גלייכ־הייט. האט ער רעוואלטירט קעגען די פירונגען פונם ראש הקהל, אז א בעל מלאכה זאל נאך זיין חתונה נישט טארען אנטאן א שטריימעל לכבוד שבת און יום טוב, און ער האט פאר זיך קווקא געקויפט א שטריימעל.

דעם ערשטען פרייטאג נאך זיין חתונה, צו קבלת שבת ווען דער יונגערמאנטשיק, מרדכי בערצי איז געקומען אין שול דאווענען אנגע־טאן אין זיין נייעם שטריימעל, זיינען אלע אידען אין שול פארגאפט געווארען פאר דעם אויסערגעוויינלעכען אויפטו פון דעם יונגען שניי־דער מרדכי בערצי. אפילו די בעלי מלאכות האבען איינס דאס אנדערע געפרעגט, וואס וועט דער ראש הקהל, ר' מעכעל ראזען, אויף דעם זאגען?

ווען ר' מעכעל איז אריינגעקומען אין שול און ער האט דערזעען וואס מרדכי בערצי האט אפגעטאן,האט ער געגעבען א באפעל צום שמש אז יענער זאל תיכף ומיד צוברענגען דעם שניידער צו אים. ווען מרדכי בערצי איז צוגעקומען האט ר' מעכעל ראזען, א בייזער אים א פרעג געטאן: "הער נאר, דו, חצוף איינער! ווער האט דיר פאזוואליעט אנ־צוטאן א שטריימעל? מיין פסק דערפאר איז אז דו זאלסט אויפהייבען דיין לינקע פאה און דער שמש זאל דיר געבען א פאטש . און אידער מען שטעלט זיך דאווענען זאלסטו אויף גיך א היימגייען און אויסטאן דאס שטריימעל, און זאלסט עס מער ניט אנטאן, אזוי לאנג ווי איך וועל זיין ראש הקהל!"

מרדכי בערצי האט זיך גארניט דערשראקען פאר ר' מעכעלעס באפעל און האט אים גלייך אויפן ארט געענטפערט בזה הלשון:" הער נאר ,דו, מעכעל פייגעס! צי ווייסטו אז מיר לעבען איצט אינם יאר 1848? און אז דער קייזער פערדינאנט איז אנטלאפען פון ווין? און אויב דו וועסט הייסען דעם שמש מיך שלאגען, וועל איך דיר שפאלטען דעם קאפ! דו מעגסט באצייטענס אנטלויפען פון שול, מיר וועלען אן דיר אויך אויסקומען!איך וועל דאס שטריימעל ניט אויסטאן, דו הערסט!

אין שול איז געווארען אגערידער, מען האט מרדכי בערצין איי־געשטילט. ר' מעכעל ראזען דערהערענדיג אזוינע ווערטער פונם שניידער, איז ער שטארק דערשראקען געווארען און האט גארנישט מער געזאגט.

און נאך דעם שבת צו נאכטס האט ער צונויפגערופען עטליכע

צו זיך און זיי געלאזט וויסען, אז פון היינט אן און ווייטער וויל ער מער ניט ראש הקהל זיין.

אויפן צווייטען שבת איז ער שוין ניט געקומען דאווענען אין שול, נאר ער איז געגאנגען אין קלויז אריין, וואו ער האט פאר זיך געקויפט א שטאט ביי דער מזרח וואנט.

מרדכי בערצי איז אלע זיינען יארען געווען א שול דאווענער. געווען גבאי אין דעם שניידערישען שולכעל און געפירט א שיין באלעבאטיש לעבען.

ער האט אויך דערלעבט צו זעען ווי זיינע קינדער, נאטע און אהרן, און איינע פון זיינע אייניקלעך, זיינען געגאנגען אין זיינע דרכים, ווען עס האט זיך געהאנדעלט וועגען דעמאקראטיע. און זיי האבען אויך פיל מיטגעהאלפען אין דער שפעטערער ציוניסטישער ארבעט אין שטעטעל גופא, און מחוץ דעם שטעטעל.

אידען אין די דערפער ארום גלינע:

אין די דערפער ארום גלינע האבען אידען געוואוינט דורות לאנג, אלס ארענדאטארס פון די דארפישע קרעטשמעס און אלס הענדלער. דער גרעסטער טייל פון זיי האבען זיך גוט פארהאלטען מיט די אידען פונם שטעטעל, וועלכע זיינען געקומען אין די דערפער האנדלען מיט די גוים. אידען וואס זיינען דורכגעפארען און דורכגעגאנגען א דארף, זיינען זיי שטענדיג אריינגעגאנגען אין קרעטשמע, און דער ארענדאר מיט זיין ווייב און קינדער האבען זיי מהנה געווען אויפן בכבוד'-סדיגען אופן. אלס א כלל, האבען די ארענדארען אויך שיינע נדבות געגעבען פאר די אלערליי צדקות, פאר יחידים און קהל, וואס מען האט ביי זיי געבעטען.

דאס פארמעגען און די פרנסות פון די דארפישע אידען זיינען איבערגעגאנגען בירושה צו זייערע קינדער און קינדס קינדער.

פאר די אידען פון די ארומיגע דערפער און אויך פאר אייניגע קליינע שטעטלעך, איז גלינע געווען דער קולטור צענטער. די דארפס אידען פלעגען קומען אין גלינע צום רבין, מיט זייערע בקשות וועגען פרנסה, צער בנים, געזונט, שדוכים, אז "ער זאל לעבען" זאל זיי העלפען. אידישע דארפס כלות האבען אין שטעטעל געלאזט פאר זיך נייען זייערע חתונה קליידער. רייכע דארפס אידען האבען ארויסגע-נומען די שניידער צו זיך א היים, און דארט גענייט די חתונה קליידער. די ארומיגע ישובניקעס פלעגען פונם שטעטעל ארויסנעמען מלמדים פאר זייערע קינדער, קומען צו די גלינער שוחטים צו שעכטען זייערע בהמות און עופות, אדער זיי פלעגען א היים נעמען צו זיך א שוחט פאר א טאג. מיט אלע שאלות נשים, און דין תורה'ס זיינען די נאענטע דארפס אידען געקומען צום גלינער רב. אויף דעם גלינער בית עלמין האבען דארפס אידען מקבר געווען זייערע מתים. אויף אלע ימים נוראים זיינען כמעט אלע דארפס אידען זיך צונויפגעפארען אין גלינע, מיט זייערע משפחות, זיך איינגעארדענט צווישען אייגענע און באקאנטע. כדי צו פארברענגען די הייליגע טעג צוזאמען מיט די שטאטי-שע אידען.

אין די שטורעמדיגע טעג, ווען די אידען פון די דערפער האבען מורא געהאט צו בלייבען אין די דערפער און געטראכט " אויב באשערט צו שטארבען, זאל עס זיין צווישען אידען!",זיינען זיי זיך צונויפ-געפארען אין גלינע. די אידען פונם שטעטעל האבען זיי אויפגענומען מיט אפענע ארעמס, און אלע צוזאמען האט מען איבערגעלעבט די שרעק-ליכע טעג. אזוי איז עס געווען ביז דעם גרויסען בראך.

א טייל פון די דערפער וואס ווערען אונטען דערמאנט, זיינען נעענטער צו אנדערע שטעט און שטעטלעך ווי צו גלינע, נאר אזוי ווי די אידען פון אט די דערפער און די גלינער אידען האבען געהאט א גרעסע-רען פארקער צווישען זיך, ברענגען מיר זיי אין דער רשימה.

אידישע משפחות אין די דערפער לעבען גלינע:

זשענאוו: חיים זשענעווער, מיט זיינע קינדער. פרנסה געהאט פון דער מיהל און פון האנדעל.
פאלטוויע: געהאט 8 משפחות. פרנסה, פון דער קרעטשמע, מיהל, און פון האנדעל מיט די דארטיגע גוים.
קיטקער: 16 משפחות, כמעט אלע געווען אביונים.
בעזבערעד: 16 משפחות. טויבי דעם בעזבערעדערס קינדער זיינען געווען פאססעסארען, די איבעריגע אידען אין דארף האבען פון זיי געצויגען זייער פרנסה.
זאדוואורזשע: 10 משפחות. אייניגע האבען געהאנדעלט און א טייל האבען געצויגען זייער פרנסה פון דער באנססאנציע.
פאלאניטש: 5 משפחות. האבען געצויגען זייער פרנסה פון ר' מאיר פאלאניטשער. ווען ר' מאיר איז פאר ארימט געווארען האבען די אידען אנגעהויבען צו האנדלען מיט די גוים פון דארף.
באגדאניוקע: אהרן מיט זיינע זין האבען געהאנדעלט מיט פערד.
לאשעק: 7 משפחות. געלעבט פון דער קרעטשמע און פון האנדעל.
זשאראווניק: 10 משפחות. געהאנדעלט מיט די גוים פון דארף.
הערמינאוו: 6 משפחות. קאניארעס, געהאנדעלט מיט פערד.
פערנאיעוו: 4 משפחות. געהאט פרנסה בצמצום, פון דער קרעטשמע און פון זייטיגען מסחר.
קורוויטש: 6 משפחות. חוץ ר' שמואל קורוויטשער (הערליך) זיינען די אידען פונם דארף געווען אביונים.
בארדקאוו: 8 משפחות. געווען צוויי קרעטשמערס. געהאנדעלט מיט די גוים פונם דארף.
פערלובקע: 6 משפחות. געצויגען זייער פרנסה פונם דארטיגען "הויף".
רעזווארען: 5 משפחות. איין מילכיגער. איין קרעטשמער. איינער האט געהאט פעלדער. צוויי געהאנדעלט.
באלוטשיען: 6 משפחות. אלע געהאנדעלט אין דארף.
פאלעכאוו: 7 משפחות. געהאנדעלט מיט די דארפס גוים,פארקויפט פערד און מילכיגעס.
קאשעץ: יאנקעל קאטיצער. געהאט אסך פעלדער און שיין געלעבט.
וויזשלאן: 6 משפחות. יצחק וויזלאנער, הירש, משה פנחס, לייביש און גאדעל וויזלאנער האבען אין דארף געלעבט אן ערך פון 150 יאר און געהאט דארט שיין פרנסה.
סאלאוויע: 10 משפחות. קאניארעס. א טייל האט געהאנדעלט אין "הויף".
פאדהייטשיקע: 18 משפחות. פעלד ארבייטער, פערד סוחרים,

שטראס קאנטראקטארס( צו מאכען און פאררי‌כטען די וועגען)
כאנישטאוו:40 משפחות. כמעט א קליין שטעטעלע.
יאכטאראוו:10 משפחות.2 ארענדארען. 1 מילכיגער. די איבעריגע האבען געהאנדעלט מיט וואס עס האט זיך געמאכט.
סלאוויטע:12 משפחות. זיך אפגעגעבען מיט דארפישע פרנסות. יהושע סלאוויטער און זיין זון איטשע זיינען געווען לומדים.
לאדאוו: 12 משפחות. געהאנדעלט מיט טעדער, סאדאווניקעס, אויך פערד סוחרים.
פראכידעס: 6 משפחות. אין יאר 1897 האט מען דארט דערמארדעט דעם ארענדארס ווייב מיט דריי קינדער און זיין אלטע טאטע מאמע.דער מארד האט אויפגערודערט דעם גאנצען געגענד. די מערדער האט מען ניט געפינען.
אין די אלע דערפער האבען געלעבט א 700 אידען.

## גלינע פאר דער ערשטער וועלט מלחמה:

אין די יארען פון 1911 ביז אין מיטען פון 1914,ווען דער עקא-נאמישער מצב איז געגאנגען בארג ארא‌פ, איז דער קולטורעלער מצב אין שטעטעל געגאנגען אויף דעם וועג פון פראגרעס און ציוניסטישען באוואסט-זיין.דאס לעבען פון די גלינער אידען האט זיך גרופירט ארום דעם ציוניזם, מיט זיינע אידעאליסטישע און פראקטישע אויפגאבען. די אגודת ישראל, דער יד חרוצים, דאס נאציאנאלע הויז,מיט דער גרויסער ביב-ליאטעק, די חסידים ביים רבין ר' בצלאלס טיש, האט זיך שטארק צע-בליעט און דערוועקט ביי א גרויסען טייל גלינער אידען א חשק צו וועלטליכער בילדונג, צום לערנען העברעאיש. עס האט זיך געגרינדעט און פונקציאנירט א שטענדיגע דראמאטישע גרופע אין גלינע, אנגעפירט פון דער פרוי זענענזיעב, און אנדערע.

אין יענע יארען זיינען א גרויסע צאל יונגעלייט געפארען שטודירען קיין לעמבערג. פון די ערשטע שילער וואס האבען פארענדיגט די ערשטע פיר קלאסען אין דער באראן הירש שולע, זיינען די מערסטע געווארען בעלי מלאכות, א צוויי דריי זינען געפארען שטודירען. די שפעטערע באראן הירש שולע שילער זיינען שוין אסך געגאנגען אין גימ-נאזיע און אין אוניווערזיטעט. א גרויסער פראצענט פון זיי זיינען געווען קינדער פון בעלי מלאכות און קליינע קרעמער, ווי צום ביי-שפיל: די קינדער פון הלל פינעלעס, משה פאגעלפאנגער, דר לינדענ-בוים, דוד זענענזיעב, שלמה אונגאר, יעקב ראטה, פייוועל ראטה, מענדעל(בעקער) בארער, נטע רובענצאל, לייב שולמאן, יוסף מרדכי לייוואנד, יחזקאל העכט, צינדלער, משה קאפל און אנדערע.

אהרן רובענצאל איז געווען פון די ערשטע גלינער אידען וואס האט געשיקט זיין אינגעל דוד, קיין לעמבערג שטודירען אין גימנא-זיע. דאס איז געווען אינם יאר 1904. דוד רובענצאל איז שפעטער געווארען דער רעליגיע לערער אין לעמבערגער גימנאזיע און אויך פארוואלטער פון דעם אידישען בית יתומים, אין לעמבערג. ער איז גע-ווען א באקאנטער ציוניסטישער פירער און איינער פון די אנגעזעענדע אידישע כלל טוער.

אונטער אהרן רובענצאלס איינפלוס האבען שפעטער מיט יארען(1905)

איז יאנקעל שטריקער(יאנקעל מאנטשער) און פנחס מעהלמאנס קינדער גע־שיקט געווארען אין לעמבערג שטודירען אין דער גימנאזיע. אברהמצע שטריקער, דער זון פון יאנקעל מאנטשער און חיים יואל מעהלמאן, דער זון פון פנחס מעהלמאן זיינען געווען די ערשטע שטודירטע גלינער אידען, אויף דאקטאר מעדיצין.

אויך משהלע שטאם (משהלע מארשאלאק) איז געווען פון די ערשטע גלינער אידען צו שיקען זיין אינגעל, לייזער, שטודירען אין א גימנאזיע. ער האט אויסגעשטודירט אויף דאקטאר מעדיצין, און נאך דער ערשטער וועלט מלחמה איז ער אוועקגעפארען אין ארץ ישראל.

עס איז דאן אויך געווען די צייט ווען דער רב ר' מאיר שא־פירא מיט זיין גרופע פון אגודת ישראל זיינען ניט געזעסען מיט פארלייגטע הענט. זיי אויך האבען אנטוויקעלט א ברייטע טעטיגקייט אין דער רעליגיעזער פירונג פונם שטעטעל און אין דעם חינוך אין די חדרים. הרב שאפירא האט געגרינדעט די גלינער בני תורה און זיך געגעבען די גרעסטע מיה אז די באראן הירש שולע זאל ווערען צוגע־מאכט, כדי די קינדער זאלען דעם גאנצען טאג קענען פארברענגען אין די חדרים. דאס האט געפירט צו שטרייטען צווישען די ציוניסטען און די אגודתניקעס. די ציוניסטען אונטער דער פירונג פון אפרים כ"ץ, דר. קארקיס, הילל פינעלעס, שלמה אונגאר, גרשון מעהלמאן, דר. טע־נענבוים און די לעקציס און פארטראגען , געהאלטען פון מאטיק האלפערן, (מרדכי בן יחזקאל) האבען געהאט זייער קעגען ווירקונג קעגען דער אגיטאציע פון הרב שאפירא. אנדערע ווידער, ווי בערל שטאלצענבערג האבען אנגעפירט עפענטליכע דעמאנסטראציעס קעגען הרב שאפירא, פאר זיין געגנערשאפט צו דער שולע, און נישט איינ־מאל זיך אפילו באנוצט מיט שטארקע ווערטער און אויסגעשרייען, קעגען דעם רב מיט זיינע נאכפאלגער.

אזוי איז דאס דעבען און די פירונגען אנגעגאנגען ביז עס האט אויסגעבראכען די ערשטע וועלט מלחמה.

# דריטער טייל

## אן איבערקערעניש קומט אויף דער וועלט:

(זומער 1914–תרע"ד. די ערשטע וועלט מלחמה און
דאס שטעטעל גלינע)

ווי א דונער פונם הימל קומט דך ידיעה אז דער עסטרייכישער
קרוינפרינץ איז דערשאסען געווארען. א טומעל און א אויפרעגונג –
יעדער איינער האט ממש געזעען אז עס גייט צו א מלחמה. דער עולם אין
גלינע גייט ארום מיט ארונטערגעלאזענע הענט, ווען ליגט אין קאפ
מסחר, צי ארבעט. פארשידענע נייעס, אמתע און פאלשע האלטען דעם עולם
געשפאנט. אויפרופען פון דער רעגירונג קומען אן, אז מען זאל זיך
פרייוויליג מעלדען צום מיליטער.

די גוים פארלאזען די ארבייט ביי די פריצים. עס פעלט אוים
ארבייטער אראפצונעמען די תבואות פון די פעלדער. באלד ארגאניזירט
זיך די אידען אין שטאט און יונג און אלט גייען צום גראף אויף דעם
"הויף" ארבייטען, אויף די פעלדער אין פאלטווע און אויף דעם "גאר–
נער–פולווארק", ביי די פאסעסארען צאלמייער און גערסטמאן.

לאנג האט די לאגע אזוי ניט אנגעהאלטען. באלד איז ארויסגע–
געבען געווארען א באפעל פאר אן אלגעמיינער מאבליזאציע. אידען וואס
האבען געוואוינט ביי דער רוסישער גרעניץ, פארלאזען זייערע היימען
און א טייל פון זיי קומען קיין גלינע., און א טייל קלייבען זיך
איבער קיין לעמבערג.

פרייטאג, ערב תשעה באב תרע"ד 1914, האט מען אין שטאט
אויסגעקלעפט פלאקאטען און געלאזט דורך זיי וויסען, אז אלע מענער
ביז 24 יאר, וואס האבען געדינט אינם מיליטער, זאלען ביז 24 שעה
זיך מעלדען צום אקטיווען מיליטער דינסט. דאן איז אין שטעטעל געווען
בערך צוויי טויזענט מיט פינף הונדערט נפשות, א חוץ די אידען פון
די ארומיגע דערפער, וועלכע האבען זיך געציילט בערך 700 נפשות.

יענער שבת איז געווען דער אמתער תשעה באב. קינדער האבן
זיך פארזאמעלט אין דער שול און געזאגט תהילים. זייערע קולות און
הארציגער געוויין איז געגאנגען עד לב השמים. זונטאג גאנץ פרי,
האט יעדער זעלנער איבערגעלאזט זיין ווייב און קינדער און מען איז
אוועק אין וועג, פון וועלכען קיינער האט נישט געוואוסט צי ער
וועט שוין אמאל צוריק קומען.

ביי דער ערשטער מאבליזאציע איז פון גלינע צוגענומען געווא–
רען צוויי הונדערט אידען, צום אקטיווען מיליטער דינסט. קיין איינ–
ציגער איד וואס האט זיך געדארפט מעלדען צו דער מאבליזאציע, האט
נישט אויסגעפעלט.

וואס א שלאכט הייסט האבען די גלינער אידען קיין אנונונג
ניט געהאט. ערשט מיט צוויי וואכן שפעטער, ווען עס האט אנגעהויבען
צו קומען אין שטעטעל מענטשען , וואס זיינען אנטלאפען פון די גרעניץ
שטעטלעך, און האבען דארט געמוזט איבערלאזען זייער גאנץ פארמעגען
אויף הפקר, האט מען אין שטעטעל אנגעהויבען צו באהאלטען אלע ווערט–

פולע זאכען, וואו מען האט נאר געקאנט.איייניגע נגידים האבען אנגע-
טריבען צו אנטלויפען אין די גרויסע שטעט, עס האט ניט לאנג גענומען
און דורך דעם שטעטעל האט אנגעהויבען דורכצוגייען גרויסע מחנות עס-
טרייכישע מיליטער, וועלכע האט מארשירט צו דער רוסישער גרעניץ. די
ערסטע פון זיי זיינען געווען אויסגעפוצט אין קאלירטע מונדירען.
אפיצערען, אריסטאקראטען האבען אויסגעזען גלייך ווי זיי וואלטען
געגאנגען אויף א פאראד. נאר אין דער זעלבער צייט האט דאס רוסישע
מיליטער , פון דער צווייטער זייט זיך א לאז געטאן ווי א טייך,וואס
רייסט זיך דורך די דאמבעס און מיט איינמאל פארפלייצט גאנץ גאליציע.

מיטוואך, ד' אלול א זייגער 4 נאכמיטאג זיינען מיליטער רייטער
דורכגעלאפען די שטאט און האבען געשריגען: " ראטעוועט זיך, די רוסען
קומען"!

נאך זיי זיינען באלד אנגעקומען עסטרייכישע זעלנער אין א
וויסטען געלויף. איינער ווארפט אום דעם אנדערען, אויף פארוואונדע-
טע קוקט מען זיך גאר ניט אום, דער שטויב פון די וועגען ווערט ווי
כמארע, וואס פארשטעלט די ברענענדיגע זון. אן אימה גדולה פאלט אן
אויף דעם שטעטעל, יעדער פארלאזט אלץ אויף הפקר און ווערט אריינגע-
שלעפט אין דער שרעקליכער בהלה. גליקלעך איז דער וואס קאן נאך עפעס
ראטעווען אויף א וועגעלע, דאס רוב אבער שלעפט זיך אין די שטויבען
צופוס, מיט א טלומאקעל אויף די פלייצעס. משפחות ווערען אינעם גע-
לויף צעטיילט, קינדער ווערען פארלוירען פון זייערע עלטערין, מאנכע
זוכען זיך אפ אויפן ווייטערען וועג, א טייל ערשט שפעטער, ביים סוף
פון דער מלחמה.

איייניגע גלינער אידען זיינען געלאפען אזוי ווייט , אזש ביז
וויען. צווישען זיי איז געווען אפרים כ"ץ מיט זיין משפחה, די פא-
מיליע פינעלעס, דר. קארקעס מיט זיין פאמיליע און נאך איייניגע.
אנדערע זיינען געלאפען קיין בעהעמען און קיין אונגארען. דער גרעס-
טער טייל גלינער אידען זיינען ווייטער ווי לעמבערג ניט געלאפען.

קוים זיך דערשלעפט קיין לעמבערג, זיך אפגערוט א פאר טעג,
און די רוסישע קאזאקען זיינען א הין אריין. א שרעק און ציטער איז
ווידער אנגעפאלען אויף די אידען, האבען איייניגע פון זיי פארזיכטיג,
אויף פארשידענע וועגען זיך געלאזט א היים, אינם שטעטעל גלינע.

יעדער טאג און וועג איז געווען געפאקט מיט מאסען רוסישע
מיליטער. ווען די זעלנער האבען דערזעען די אידען זיך שלעפען אויף
די וועגען און פעלדער, האבען זיי די אידען נאכגעשריגען די באליי-
דיגסטע ווערטער און אויך ניט געזשאעוועט צו דערלאנגען מיט א בייטש
איבער די וואנדערנע אידענס קעפ. עס איז געווען איין נס , וואס
צווישען דעם רוסישען מיליטער האבען זיך געפונען אידישע זעלנער,
און זיי האבען ניט דערלאזט קיין אנפאלען אויף די אנטלאפענע, פאר-
צרהטע אידען.

מען איז שוין צוריקגעקומען א היים. דאס שטעטעל איז געשטאנען
חרוב. פריטאג זיינען די רוסען אריין אינם שטעטעל , און די גויים
צוזאמען מיט די קאזאקען האבען אויסגערויבט און ארויפגעלייגט אויף
זייערע וועגענער, אלץ וואס סהאט זיך געפינען אין די קראמען, אין

די אידישע הייזער, דאן זיי באגאסען מיט נאפט און אונטערגעצונדען דעם גרעסטען טייל פונם שטעטעל. די שול און דאס בית המדרש זיינען אוועק מיטן רויך. יאנקעלע טאדאניער האבען די רוסען דערשאסען. דער ציון פאראיין, אדער "הבית הלאומי", ווי מען פלעגט דאס הויז רופען, איז פארברענט געווארען און מיט איר איז אויך די גרויסע אידישע ביבליאטעק, וואס איז דארט געווען - אוועק מיטן רויך.

א שרעק איז אנגעפאלען אויף די אידען, דערזעענדיג ווי זייער הארעוואניע איז פארברענט אויף אש. מהאט מורא געהאט פאר יעדען גוי. די דערשלאגענע אידען האבען זיך געווענדט צו די גלחים און גע-בעטען פון זיי הילף אין זייער עת צרה. איז גראד ביים פוילישען גלח געווען איינקווארטירט א רוסישער אפיצער, וואס איז ארויסגעקומען פון פאליאקען, ווען ער האט זיך דערוואוסט וואס די גויים האבען אפ-געטאן אין שטעטעל, האט ער פארלאנגט א צעטעל פון די רעדעלפירער, וואס האבען אנגעפירט מיט די רויבערייען.

אין א געוויסען טאג האבען די קאזאקען ארויסגעטריבען יעדען נפש פון די הייזער, איד און גוי, און די גאנצע שטאט איינוואוינער זיינען אריינגעפירט געווארען אינם גרויסען הויף פונם פוילישען גלח, אידען האט מען אויסגעשטעלט אויף איין זייט און גויים אויף דער אנ דערער זייט.דער פויליש-רוסישער אפיצער האט פון א צעטעל אויסגערופען די נעמען פון די גויאישע רעדעלפירער. זזיי זיינען ארויסגעקומען שטאלץ, רעכענדיג אז זיי וועט קומען א גדולה פאר זייערע "מעשים"-דער אפיצער אבער האט באפוילען עטליכע קאזאקען זיי זאלען נעמען די חשובע גויים און זיי דערלאנגען די ריכטיגע שמיץ, פאר די אויגען פונם גאנצען שטעטעל. ער האט אנגעזאגט, אז אלע גויים דארפן תיכף ומיד צוריקברענגען דאס גאנצע אנגערויבטע אידיש פארמעגען, אויב ניט, שטייט זיי אלעמען פאר דער זעלבער פסק.

ס'האט ניט לאנג געדויערט און ביי דער געמיינדע, האבען די גויים אנגעבראכט בערג גאנצע מיט אידיש גוטס. ווער עס האט דערקענט זיינס האט עס גענומען. אסך איז אוועקגעפירט צום רבינס בית מדרש, און אוועקגעלייגט עס אויפן בוידעם, ביז סוועלען זיך אפזוכען די באלעבאטים פון די חפוצים.

די גויים האבען פארשטאנען "א וואונק" און אויפגעהערט צו זיין תקיף צו די דערשראקענע און דערשלאגענע שכנים זייערע, צו די אידען.

אונטער דער רוסישער ממשלה:

הונגער און נויט האט זיך באלד באוויזען נאך דעם חורבן פונם שטעטעל. נישט געווען מיט וואס צו קויפען און וואס צו קויפען. האט דער עולם זיך ארויסגעלאזט אויף די פעלדער, בפרט די פריצישע, וואס זיינען געבליבען הפקר, מהאט אויסגעגראבען בולבעס, אויפגעקליבען קוקורוזעס, און געשלעפט האלץ פון וואלד און אויף דעם אופן דערהאלטען די נשמה. ווער עס האט זיך ארייגעצויגען אין דער "באראן הירש שולע", ווער צום רבין, א סך משפחות ביי אייגענע, וואס זייערע שטיבער זאנען גאנץ געבליבען.

באלד ווי נאר דער מלחמה פראנט איז אוועק ווייטער פון גלינע, האט זיך דאס לעבען גענומען צו ביסלעך איינשטעלען. סהאט זיך ווידער אנגעהויבען דער מסחר. לעבענסמיטלען זיינען אנגעקומען פון רוסלאנד. אויך מיט די גויים האט זיך ווידער אנגעהויבען דער האנדעל. קיין לעמבערג זיינען אנגעקומען כלל טוער פון רוסלאנד און האבען איינגע־שטעלט הילף פאר די בארויבטע און פאראארימטע. דוד און אהרן רובענצאל זיינען געווען די אנפירער פון דער קהלישער ארבייט אין לעמבערג און פון גלינע.

נאר אט האט דער פראנט זיך ווידער דערנעענטערט צו גלינע. די שיסערייען פון די קאנאנען ווערען אלץ שטארקער, דוכט זיך, אט ארנטער דער שטאט. עס האט לאנג נישט גענומען און גראנאטען האבען ווידער גענומען פאלען אין שטעטל, און דאס מאשינגעווער האט ניט אויפגעהערט צו קלאפען.

פון די רוסען האט גלינע געליטען גאנצע צען חדשים, נאר ווען זיי האבען אנגעהויבען אפצוטרעטען איז געווען באו מים עד נפש! זיי האבען געדויבט און פארשלעפט אסך גלינער אידען קיין רוסלאנד, בחנם, על לא דבר.

רוסלאנד נעמט גלינער אידען פאר א משכון:

אינם יאר 1915, ווען די רוסישע ארמייען האבען זיך גע־מוזט צוריק ציען פון גאליציע, האבען זיי מיט זיך אוועקגעפירט א סך לעבעדיגע משכנות און קריגס געפאנגענע. פון גלינע האבען זיי פארנומען עטליכע און צוואנציג אידען, צווישען וועלכע עס זיינען געווען עטליכע דארפס אידען, און אפילו 14 יאריגע קינדער.

צווישען די לעבעדיגע משכנות האבען זיך געפינען: יודעל שלומפער, א איד קרוב צו זיבעציג, און זיין זון פסחיהו. יונה מעהלמאן, ישראל האכבערג, מאטי פרענקעל, ישראל חכם מינץ, מעכיל בארער, שלום קאנער, דודל קאשאוויי(ראזירער) פון פאלטווע. נחמן גרעבעל און נאך אנדערע.

אין דעם טאג וואס מען האט די מלחמה משכנות אוועקגעפירט פונם שטעטל, זיינען אלע אידען געווען באהאלטען, בפרט די מאסבילען און בחורים. אין יעדער הויז איז געווען א תשעה באב, מען האט בא־קלאגט און באוויינט די צוגענומענע. אין דרויסען איז געווען סכנת נפשות, שראפנעלען זיינען געפאלען איבער דעם שטעטל און געפאלען אין די גאסען. נאר איינער, פנחס מעהלמאן, וועמענס יונג איינגעל, יונה איז געווען צווישען די משכנות, און זיין זיידע משה (וועליש) מעהלמאן, האבען זיך ניט געקאנט איינהאלטען אין הויז און זיי זיינען געגאנגען באגלייטען זייער זון און אלע געפאנגענע, ביז צו דער מיל.

די קאזאקען האבען די אומגליקלעכע אידען געפירט צוזאמען מיט די גריגס געפאנגענע, עסטרייכישע זעלנער. מען האט די מענטשען פאר וואכען לאנג געטריבען צופוס, אפגעריסענע, אפגעשליסענע. אזוי ביז מען האט זיי געבראכט ערגיץ אין א גרויסער קאזארמע און גע־הייסען זיך אביסעל אפרוען. אהין זיינען באלד אנגעקומען מענער און פרויען, וועלכע האבען געבראכט וואסער און געהאלפען די גריגס־

געפאנגענע, די פארלייזיגטע, מיט געשוואלענע פארבלוטיגטע פיס, זיך ארומצואוואשען, אביסעל זיך ארומריייניגען אויך צו געבען עסען און אומבייטען די אלטע צעריסענע קליידער און שיך. דאס איז געווען אין דער שטאט קיעוו, און די היימישע גוטע מענטשען האבען אזוי הארציג און ברודערליך געהאלפען די מלחמה משכנות זיינען געווען פון דער אידישער אריסטאקראטיע פון קיעוו.

פון קיעוו האט מען די גלינער קריגס משכנות געפירט מיטען עטאפ ביז קיין סיביר, אין דער גוברניע קאזאן. מען האט די אידען פריי געלאזט אינם שטעטעל קאזמא-דעמיאנסק. דער גרעסטער טייל פון די גלינער אידען זיינען אין דעם שטעטעלע געבליבען צוויי און א האלב יאר, אטייל זיינען דערנאך צוריק געקומען א היים, עטליכע זיינען אין רוסלאנד אינגאנצען פארבליבען.

ווידער ביי עסטרייך:

מוצאי שבת ביינאכט דעם 1915 /7/4 איז געקומען די ישועה דורך דער עסטרייכישער באפרייאונגס ארמיי. א שמחה ביי אידען, מהאט זיך צעקושט מיט די ערשטע זעלנער וואס זיינען אין שטעטעל אריין. נאך דער גרויסער שמחה האט דער עולם דערזעען אז די שמחה איז געווען א אומזיסטיגע, באלד האבען זיך באוויזען פלאקאטען פאר א מאביליזאציע.

דאס ביסעל לעבענסמיטעל וואס ס'געווען אין שטאט בשעת דער רוסישער אקופאציע, איז באלד אויסגעכאפט געווארען פון דער עסטרייכישער מיליטער און ספעקולאנטען. דער עולם האט אנגעהויבען צו הונגערען, עס האבען זיך באוויזען פאלען פון כאליערא. מיט דעם אריינמארשירען האבען די עסטרייכער מיטגעבראכט א קראנקייט, א מגפה, וואס האט אוועקגעריסען אן רחמנות גאנצע משפחות. דער ערשטער קרבן פון דער מגפה איז געווען העניאך רובין ז"ל.

דערווייל איז די שטאט געבליבען אויף הפקר. דעם גויאישען בירגמייסטער פון די רוסישע צייטען האבען די עסטרייכער אויפגעהאנגען. די אוקראינישע באאמטע זיינען אוועק מיט די רוסען. אין דריי וואכען צייט, נאך דעם אריינקומען פון די עסטרייכער האבען זיי אלע מענער אין עלטער פון 18 ביז 50 יאר אוועקגענומען צום מיליטער. אין שטאט זיינען געבליבען בלויז ווייבער און קליינע קינדער און אלטע לייט. די לאגע אין שטאט איז געווען א שרעקליכע. מען האט געליטען פון אויב , דבר, חרב, ברויט האט מען באקומען נאר אויף קארטלעך, און דאס קוים די נשמה צו דערהאלטען. אלטע אידען, קאליקעס האט מען געשלעפט צו פארשידענע שווערע ארבעט.

דאן האט אשר בוכבינדער זיך אוועקגעזעצט אינם מאגיסטראט, אלס פארטרעטער פון קהל ביי דער מיליטער מאכט. עס האט ניט לאנג גענומען און מען האט געהעפענט א פאלקס קיך, וואו צוויי הונדערט מענטשען האבען יעדען טאג געקראגען אלעפעל געקעכץ.

מען האט אויך געמוזט איינארדענען א בית יתומים פאר די 60 יתומים וואס זיינען געבליבען פון דער מגפה. די צוויי הייזער, די קיך און דאס יתומים הויז האט באזארגט דר. יעקב קארקעס ז"ל, וואס האט צו יענער צייט געוואוינט אין ווין. ער האט אנגעהאלטען א שטענדיגע פארבינדונג מיט די גלינער אידען אין אמעריקע, און זיי

האבען אים געשיקט א טייל געלט אויף די הוצאות, פאר דער פאלקס קיך און פאר דעם בית יתומים.

די פאלקס קיך איז געווען אונטער דער פירערשאפט פון אפרים כ"ץ, מאטיק האלפערן, הרב מאיר שאפירא, דר. טענענבוים, לייזער בראנדוויין און אנדערע. דאס יתומים איז האט פארוואלטעט דר. יעקב קארקיס, פרוי לינדענבוים, פרוי זענענזיעב, מאטיק האלפערן, אפרים כ"ץ און אשר בוכ-בינדער.

ווען די מגפה האט זיך שטארק פארשפרייט האט מען אפגענומען דר שטיינהארטס הויז פאר א שפיטאל. דורך איין טיר האט מען אריינ-געבראכט חולים אין שפיטאל און דורך דער צווייטער טיר ארויסגעפירט צום בית עלמין. ווען מהאט דאס שפיטאל איבערגעפירט אין דער געריכט געביידע, האט די כאליערא זיך אביסעל אפגעשטעלט.

א קאמיטעט וואס אשר בוכבינדער האט אנגעפירט האט דאן ארגא-ניזירט דאס יתומים הויז, אין לאקאן פון דער באראן הירש שולע. די מערסטע פון די יתומים האבען געליטען פון קרעץ און די ערשטע אויפ-גאבע איז געווען זייי אויסהיילען, און דאן זיי געבען וועלכע עס איז דערציאונג. אין דער ארבייט האט איטע מעהלמאן צוגעטראגען דעם גרעסטען חלק, און פון לעמבערג האט דוד רובענצאל און דר. יעקב קאר-קיס פיל מיטגעהאלפען. נאך א שטיקעל צייט האט די חברה "אליאנס" פון וויען, געגעבען א באשטימטע סומע פאר דער הילף צום בית יתומים.

ארימע לייט ווערען בעלי צדקה:

אין מערץ 1916 קומט אן א ידיעה אז אין בארטקאוו האט מען אנגעטריבען א פינף הונדערט אידען פון דעם רוסיש-אקראינישען פראנט. דר. קארקיס, אפרים כ"ץ, אשר בוכבינדער זיינען באלד אהין אוועק און אנגעהויבען זיך משתדל זיין פאר די אידען. פון דעם יתומים הויז האט מען זיי צוגעשטעלט עסנווארג און אביסעל געלט. באלד האט א קאמיטעט אין לעמבערג איבערגענומען צו העלפען די וואגלער.

לעבען דעם שטעטעל האט די רעגירונג געמאכט א "קאדער" פאר צוגרייטען נייע רעקרוטען. אזוי ווי דאס מיליטער האט דאן אויך שוין געהונגערט, האט די שטאט באזארגט ברויט פאר די אידישע רעקרוטען, און אויף די ימים נוראים האבען די עסקנים פון שטעטעל אויסגעווירקט אורלויב פאר די אידישע זעלנער, צוגעגרייט פאר זיי א מנין, און יע-דען איינעם באזארגט מיט מאלצייטען און מיטגעגעבען צדה לדרך.

די מלחמה האט אויסגערייניגט דאס גאנצע יונגווארג פונם שטעטעל. אין די גאסען האבען זיך ארומגעדרייט זקנים, קראנקע, און סתם ארימעלייט. האט מען געמוזט אויסברייטערען די ארבייט פונם יתומים הויז, און אויך צוגרייטען מאלצייטען פואר די ארימעלייט. האט דר. קארקיס אויסגעפועלט א הוספה פואר דעם בודזשעט, און די יתומים האבען מכניס אורח געווען די אלטע ארימעלייט און זייי באדינט.

די רוהיגקייט האט ניט לאנג אנגעהאלטען:

אין סעפטעמבער 1916 האט זיך אנגעהויבען די ברוסילאוו

אפּענסיווע. דאן איז אנגעקומען א באַפעל צו עוואקואירען דעם בית יתומים. די עלענדע יתומים האבען דאך געפינע א גואל, אין דער שטאט ביליץ האט דער ראש הקהל צוגעגרייט פאר די גלינער קינדער-יתומים א גרויס הויז, מיט אלע באקוועמליכקייטען. די מיליטער קאמאנדע האט צוגעשטעלט ספּעציעלע וואגאנען פארן טראנספּארט און כשרע שפּייז אויף אלע סטאנציעס, וואו די קינדער זיינען דורכגעפארען. ווען אשר בוכבינדער האט די קינדער געבראכט קיין ביליץ, האט זייער גואל, שימ_ כאוויץ, פאר זיי צוגעגרייט א גרויסארטיגען קבלת פנים, מיט א מי- ליטערישען פאראד, מיט דעם גענעראל פון ביליץ בראש.

דערווייל איז געקומען נענטער צו פסח. אין "קאדער" פון די רעקרוטען און צווישען די געפאנגענע רוסישע זעלנער, האבען זיך געפינער הונדערטער אידען. איז אויפגעקומען די פראגע: ווי אזוי די אידען צו באזארגען אויף פסח? אפרים כ"ץ און אנדערע האבען זיך געווענדעט צו די אידישע אפיצערן און געבעטען אורלויב פאר די זעלנער און הילף פאר פסחדיגע מאכלים אויף יום טוב. די קאמאנדע האט אלעס באוויליגט ביד רחבה. דער רב ר' מאיר שאפּירא האט ניט מחמיר געווען מיט צופיל כשרות. אין דער יתומים קיך איז געווארען א גערודער, דאס יונגוואַרג האט ארויסגעהאלפען באקען, קאכען. שוין בייטאג, ערב פסח האבען זיך פון אלע לאגערען זיך געצויגען מחנות אידישע זעלנער צו דעם מיטאג וואס מהאט פאר זיי צוגעגרייט.

דער סדר איז צוגעגרייט געווארען אין קלויז. ר' מאיר שאַ- פּירא און די מיליטערישע עלטסטע האבען בייגעוואוינט דעם סדר. ארום 600 מאן האט מען אויסגעזעצט ארום די טישען. אשר בוכבינדער האט אנגעהויבען דעם סדר מיט א באגריסונג אינם נאמען פון דער שטאט גלינע, און געוואונטשען די געסט: לשנה הבאה, זאל יעדער איינער זוכה זיין צו פראווען דעם סדר ביי זיך אין דער היים. דער עולם איז גע- ווען גערירט און האבען פארגאסען א טרער.

דער צווייטער סדר איז געווען אזוי שיין ווי דער ערשטער. דעם ערשטען טאג חול המועד האבען די זעלנער פארלאזט די שטאט. יעדען זעלנער האט מען מיטגעגעבען מצות אויף די איבעריגע טעג יום טוב. די קאמאנדע און די זעלנער האבען אויסגעדריקט א הארציגען דאנק פאר דעם הכנסת אורחים און פאר דעם גרויס ווארימקייט וואס מען האט זיי ארויסגעוויזען.

די אוקראינער נעמען איבער די שטאט:

דעם ערשטען נאוועמבער 1918 האט מען פלוצים דערזעען אוקרא- ינער שקצים דרייען זיך ארום אין שטאט מיט געווער אין די הענט. מען האט זיך באלד דערוואוסט אז עסטרייך איז צעפאלען און די אוקראינער האבען איבערגענומען גאליציע.

די צייט פון דער אוקראינישער ממשלה איז געווען אזא ביטערע, אז מען האט געמעגט אנשרייבען קינות. ווייל אז "עבדים משלו בנו, פורק אין מידם"! זיי האבען כסדר גערויבט און מען האט נאך געמוזט שווי- גען. זיי האבען ארויסגעגעבען אוקראינישע געלט און געצוואונגען די אידען זיי זאלען עס אויסביישען אויף עסטרייכישע געלט. דורך דעם זיינען די אידען שטארק פארארימט געווארען.

נאך פסח, תרע"ט–1919 האט זיך אנגעהויבען די מלחמה צווישען פוילען, וואס האט איבערגענומען מערב גאליציע ביז לעמבערג, און די אוקראינער, וואס האבען איבערגענומען דעם טייל גאליציע, פון בראד ביז לעמבערג. ווען די אוקראינישע מלוכה האט געמוזט אפטרעטען, האט זיך אנגעהויבען די אמתע צרה פאר אידען. דעם לעצטען טאג פאר זייער אפטרעטען פונם שטעטעל, איז אנגעקומען א באנדע היידאמאקעס, וועלכע האבען זיך געוואלט צעפירען די הענט צווישען די אידען. דער פחד איז געווען זייער גרויס. די שקצים האבען גאנץ אפען געזאגט אז זיי וועלען מאכען א פאגראם אויף די אידען, פאר זייער אוועקגייען פונם שטעטל. נאר דא איז געשען א נס. עס האט ארויסגעריסען א אידישער הויפט-מאן, טאקע פון דעם אוקראינישען רעגימענט און האט ניט געלאזט קיין איינציגען פון דער באנדע ארומגייען אין שטאט. ער האט געהיט די אידען ביז די אוקראינישע היידאמאקעס זיינען אוועק, און די שטאט איז געראטעוועט געווארען פון אן אומגליק.

די פאליאקען נעמען איבער די שטאט:

דעם צווייטען טאג, נאך דעם ווי די אוקראינער זיינען אוועק, זיינען אריין די פאליאקען און עס האט זיך אנגעהויבען א נייע צרה. ראבעווען איז שוין געווען א מנהג, נאר דא איז נאך צוגעקומען בערד-שניידען. ווי נאר א פאלאק האט דערזעען א איד מיט א בארד, האט ער זי אים אפגעשוירען, און אמאל מיט א שטיק פלייש. עס האט זיך אנגע-הויבען א סדרה פון בלבולים, אז אידען האבען געגאסען הייסע וואסער אויף דעם פוילישען מיליטער און נאך אנדערע אזעלכע שקרים. אזוי אז מען האט אין שטעטל געשלאגען אידען, ארויסגעווארפען פון די לויפענ-דיגע באנען, אויף די וועגען איז גאר געווען סכנות נפשות.

אין אויגוסט 1920 זיינען די פאליאקען אנטלאפען פון אונזער שטעטל פאר די אנגעקומענע באלשעוויקעס. פון די באלשעוויקעס האבען די גלינער אידען קיין סך ניט געליטען, ווייל זיי זיינען געווען נאר 8 טעג אין שטעטל און זיינען אנטלאפען, און דאס איין אזא בהלה, אז זיי האבען ניט געהאט קיין צייט די אידען אין זינען צו האבען.

דאן זיינען ווידער אריין די פאליאקען און עס האט זיך ווי-דער אנגעהויבען א סדרה פון בלבולים, בערד שניידען און מכות רצח. דאס האט אנגעהאלטען א לאנגע צייט און די גלינער אידען זיינען געווען אויף גרויסע צרות. און ווען אונזערע אמעריקאנער ברידער זאלען נישט געווען עפענען זייערע הערצער און זייערע הענט, וואלטען דריי חלקים אידען פון אונזער שטעטל זיכער געשטארבען פון הונגער.

ארום גלינע זיינען אין דער מלחמה צייט געפירט געווארען שרעקליכע און בלוטיגע שלאכטען צווישען דעם רוסישען און דעם עסטרייכ-ישען מיליטער. געפערליכע צוזאמענשטויסען זיינען פארגעקומען אין קראסנע, באלוציען, יאכטאראוו. איבער דעם שטעטל גופא זיינען גע-פאלען שראפנעלען ווי קוילען. אין דעם געגענד ארום, אויף די פעל-דער און וועלדער זיינען די זעלנער ארומגעגאנגען ביז צו די קניען אין מענטשלעכען בלוט.

# זכרון עולם!

שמות האנשים שלא שבו משדי המלחמה העולם 1.

משה חיים ראזענפעלד
שלמה קאלב
יצחק קאלב
אבא סיעבערט
אברהם ראטה
ליבש צווערלינג
אליהו וואלדבוים
בן ציון דרעטעל
מאיר סיגאל
דוד לייוואנד
ישראל אונגאר
וואלף רובענצאל

וואלף פרנס
חיים שלייען (מאנאלעס)
וואלף האכבערג
שמואל נאסס
משה גוטפלייש
יהודה הערש מויער
יעקב בראטער
מאיר ווייזער
ברוך הערליך
שלמה מיהלווארם
יוסף ראטה
נאדעל שטערער

תהיינה נפשותיהם צרורות
בצרור החיים.

קדושים פונם שטעטעל און פון די דערפער ארום, וואס זיינען גע׳הרג׳ט געווארען אין דער מלחמה צווישען די אוקראינער און די פאליאקען:

יעקב טאדאניער
ברוך פייכמאן
אברהמ׳צע און לייצע ראטה
יודעל פארנאס
משה (מענדעל פראניעווערס זון)
אהרנ׳יע וואלף

תהיינה נפשותיהם צרורות
בצרור החיים.

# די כאלערי־מגפה

די מגפה וואס האט אינם יאר 1915 אויסגעבראכען אין גלינע איז געווען אזא גרויסע קאטאסטראפיע, וואס קיינער פון די גלינער אידען, אפילו די זקנים האבען פון אזא קרענק מיט אזויפיל קרבנות נישט געהערט.

אין אזא עת צרה איז נאטירלעך אז די וואס גייען נאך ארום אויף די פיס, זאלען זוכען פארשידענע מיטלען – מעדיציניטע און זאבאבאנעס, באבסקע רפואות, לויפען אויפן הייליגען ארט רייסען קברים, מעסטען פעלד – אפצושטעלען די מגפה. דערווייל מערען זיך די לויות פון טאג צו טאג, און מען זעט נים קיין סוף, קיין עק צו דער מגפה. יעדער אין שטעטעל איז שוין פארמאטערט, אויסגעהונגערט און מיט פארשוואלענע אויגען פון שטענדיגען געוויין. אלמנות און יתומים שרייען נאך הילף, זייער געבעט, זייער געוויין גייט עד לב השמים.

פלוצלים האט זיך איבערען שטעטעל א טראג געטאן א שטראל פון האפענונג אז די מגפה זאל פארשווינדען, ווען – מוועט חתונה מאכען אן ארים פאר פאלק אויפן בית עלמין. גערעדט און געטאן! עס האבען זיך צונויפגענומען עטליכע ווייבער און מאנסבילן, און האבען איבערן שטעטעל צונויפגעזאמעלט פארשידענע מתנות, דרשה געשאנק פאר חתן כלה, וועלכע זיינען געווען פון די ארימסטע צווישען אלע גלינער ארימעלייט.

די כלה איז געווען דבורהלע דער "קאטשקעלויכטעס" אן אלטע, נארישע תם עוואטע מויד. דער חתן איז געווען א איד, אן אלמן מיט צוויי קינדער, וואס האט מיט א צייט צוריק איינגעוואנדערט קיין גלינע.א פארשוין, וואס אפילו אין גלינע, וואו עס האבען נישט געפעלט פארשידענע טיפען און כאראקטערען, איז דער איד "זאגראם",דער טרעגער געווען א חד במינו, אן אמתער אנטיקעל!

די מאמע פון דער כלה האט זיך אין דעם שדוך אנגעכאפט מיט בײדע הענט. געזעען אין דעם א נס מן השמים, אז מיר האבען א גוטן גאט, וואס זעט שוין אז איר טאכטער זאל נים פארזיצען ביזען גרויען צאפ ארײן,נישטא קיין אידישער מאנאסטער!

ווען עס איז געקומען דער טאג וואס מען האט חתן כלה געפירט צו דער חופה אויף דעם בית עלמין, זיינען אין א סך הייזער געווען מסוכן קראנקע, און א סך זיינען שוין גילייגען האלב טויטע, אבער יעדער וואס האט נאר געקאנט שטעלען א פוס, איז געגאנגען צו דער חופה. האבען זיך אויפן בית עלמין משמיח געווען און באמת געהאפט אז די מגפה וועט ברעכען דעם קאפ און וועט זיך אפטראגען פונם שטעטעל.

בעת דער מסדר קדושין האט געזאגט די ברכות האבען די מחותנים, ביי דער חופה זיך באגאסען מיט ביטערע טרערען. זייער געוויין און געבעט אויף די קברים איז געווען א אויסגעשריי פון טיפען ווייטאג און פארצווייפלונג. אבער געשען איז עס פונק פארקערט: די מגפה האט זיך נאך מער פארשטארקט און פארשפרייט. אסך פון די וואס האבן בייגעוואוינט די חתונה אויפן בית עלמין, זיינען פארשלאפט געווארען און געשטארבען, און צווישען זיי איז אויך געווען די מחותיניסטע מרים די קאטשקעלויעכע.

דאס יונגע ווייבעל איז געפערליך קראנק געווארען, נאר האט זיך אויסגעדרייט. די מגפה האט זיך אפגעשטעלט ווען דער מיליטערישער פראנט האט זיך אפגערוקט אויף אסך מייל פונם שטעטעל. אויך ווען עס איז איינגעשטעלט געווארען מער סאניטארישע באדינגונגען אין שטעטעל.

## די הילף וואס די גלינער אידען אין אמעריקע
## האבען געשיקט זייער היים שטעטעל, גלינע.
## אין די יארען 1918 ביז 1939:

אין 1918, ביים סוף פון דער ערשטער וועלט מלחמה, ווען די גלינער אידען אין ניו יארק האבען זיך דערוואוסט איינצעלנהייטען וועגען זייער רועינירטער שטאט גלינע, איז דער סך הכל געווען: א דריטעל פון אלע אידישע הייזער מיט דער שול זיינען פארברענט געווארען. צענדלינגע אלמנות און יתומים זיינען דארט געבליבען אין גרויס נויט און אין שרעקליכען עלענד, און קיינער, ניט קהל און ניט די אלגעמיינע געמיינדע האט זיי געקאנט העלפען.

האבען די גלינער אידען אין אמעריקע, אליין ארימע עמיגראנטען, טאטעס, זין און טעכטער פון גלינע און פון די ארומיגע דערפער, וועלכע האבען אין די אכציגער יארען אנגעהויבען צו עמיגרירען נאך אמעריקע – ניט ווארטענדיג אויף געבעטע רופען פון דער אלטער היים – האבען זיי אויף דער איניציאטיווו פון איינגיגע איבערגעגעבענע און ענערגישע גלינער אידען, ווי העניאך האלפערן, אהרן מאנדעל, שלום וואלף ז"ל. אורטשע געניויער ז"ל. ישיע און דזשוליעס פאגעל, מעכעל ליב קאנער, ז. גראנאווערטער, משם באוקא ז"ל.משה מאיר מעהלזאק ז"ל. רפאל פרעגער, אריה קינהאלץ ז"ל. און אנדערע, ארגאניזירט די "פאראייניגטען גליניאנער רעליעף קאמיטע" ,"גליניאנער יונג מענס בענעוואלענט אסאסיעשאן" " לידיס עקזילערי" גליניאנער לאדזש א. ב. א. טויזענטער דאלאר זיינען געזאמעלט געווארען און איבערגעשיקט געווארען א היים קיין גלינע. עס איז געמאכט געווארען פארבינדונגען צווישען אסך משפחות , און די קרובים אין אמעריקע האט מען באוואוויגען , אז זיי זאלען העלפען זייערע אייגענע אין דער היים, און אויך אריבערברענגען אטייל קרובים אין אמעריקע.

נאך דער מלחמה, מיט דעם אנקומען פון נייע עמיגראנטען אין אמעריקע, ווי נטע לייטמער, לייזער בראנדוויין און בעריש שטאלצענבערג, האבען איינינגע פון זיי זיך איבערגעגעבען מיט זייער גאנצער ענערגיע צום היים שטעטעל און אירע ליידענדע אידען. דער היגער רעליעף קאמיטעט צוזאמען מיט די פריערדיגע טוער האבען אסך געהאלפען.

די עקאנאמישע לאגע פון די גלינער אידען איז אבער פון טאג צו טאג געווארען ערגער און ערגער. עס זיינען געוועען די ביטערע צייטען פאר די אידען אין פוילען בכלל, און פאר די גלינער בפרט. ווייל די גויים האבען אין שטעטעל אנגעהויבען דורכצופירען דעם באיקאט קעגען די אידען.

מיט נאך מער ענערגיע האט זיך דער רעליף קאמיטע זיך גענומען ווידער צו דער ארבייט, א רוף איז ארויסגעשיקט געווארען צו אלע גלינער לאנדסלייט. עס זיינען געזאמעלט געווארען געלט פאר האלץ,

בולבעס, שיך און אלטע קליידער, פאר דער תלמוד תורה. אויף פסח איז צו יעדען גלינער נויטבאדערפטיגען איד געשיקט געווארען געלט פאר אריינברענגען דעם פסח, לויט דער צאל מענטשען אין דער משפחה אזוי פיל האט מען צו יעדען געשיקט.

וועו עס האט אנגעהויבען צו קומען פון גלינער אידען אומצופרידענע בריוו... האט די רעליעף קאמיטע געשיקט א דעלעגאט, מר שמואל האראוויץ, אים מיטגעגעבען א באדייטענע סומע געלט ,פון דער רעליעף קאמיטע און פון אייניגע אמעריקאנער קרובים, ער זאל עס דארט צעטיילען , לויט די אנווייזונגען פון דער דארטיגער קאמיטע, וואס איז ארגאניזירט געווארען צו טאן די הילפס ארבייט.

די ארבעט פון זאמלען געלט פאר די גלינער ארימע אידען אין דער אלטער היים, איז אזוי אנגעגאנגען פון 1918 ביז 1939 יאר. לויט די בריוו און די באשטעטונגען, וואס די רעליעף קאמיטע האט דערהאלטען פון גלינע (וועלכע געפינען זיך נאך צווישען אנדערע דאקומענטען פון דער קאמיטע) אין יענע יארען, האט מען מיט דעם איבערגעשיקטען געלט דורך דער צייט פון עטליכע יאר, דארטען ווידער אויפגעבויט די שול, און להבדיל, די באד, געמאכט א גדר ארום דעם בית עלמין, געהאלפען דער "בני תורה", געגעבען א גרעסערע סומע צו דער גמילת חסדים קאסע, געהאלפען ארימע בעלי מלאכות, דארפסגייער, קליין קרעמער און סוחרים, מיט קלענערע און גרעסערע סומען געלט, זיי זאלען זיך קענען שטעלען צוריק אויף די פיס.

אויך האט די רעליעף קאמיטע , דירעקט פון אמעריקע געהאלפען אייניגע גלינער תלמידי חכמים. א רייע פון יארען האט די רעליעף קאמיטע געשיקט צו 240 נויטבאדערפטיגע גלינער און דארפס אידען אויף פסח.

ווינטער צייט האבען 110 ביז 130 אידען באקומען האלץ און בולבעס , אלטע (גוטע) קליידער און שיך . די רעליעף קאמיטע האט אויך געצאלט יעדען חודש א טייל פון דעם שכר למוד פאר א גרע־סערער צאל ארימע קינדער, וועלכע האבען געלערענט ביי 8 מלמדים.

דורך די אלע יארען וואס די "פאראייניגטע גלינער רעליעף קאמיטע" האט עקזיסטירט (מיט א קליינער אונטערברעכונג פון אקטי־וויטעטען) האט די קאמיטע איבערגעשיקט צו די גלינער נויטבאדערפטיג־טע אידען און פאר קהלישע נויטיגע זאכען, די סומע פון איבער 30.000 דאלאר — די הילף איז געגעבען געווארען מיט הארץ און ווא־רימער איבערגעגעבענהייט, וואס די גלינער אידען אין שטעטעל גופא האבען געדענקט וועגען דעם, באשטעטיגען די ווייטער געבראכטע בריוו.

גלינ׳יאני, אם 20 אקטאבער,1937

צו דעם
חשובען פעראייניגטען רעליעף קאמיטעט
מנדבים ומתעסקים
אין אמעריקע

די גלינער קולטעס-געמיינדע קומט אייך אויסדריקען דאנקבארקייט פאר אייער ארבייט לטובת אונזערע ארימע ברידער, אנגעהויבען פון מעות חטים, האלץ, קארטאפעל, שיך און אלטע קליידער פאר די ארימע יתומים. הויפט-זעכליך פאר דעם שכר-למוד וואס איר שיקט אויף דער אד-רעסע פון הערצל צייזלער יעדען חודש. ס׳איז נישט אפצו-שאצען אייער וואהלטאט, ווייל די לאגע ווערט ביי אונז מיט יעדען טאג ערגער. ווער וויסט וואס עס וואלט מיט די ארימע קינדער געשעהן אהן אייער הילף. מיר האפען, אז איהר וועט אויך ווייטער טראכטען אייער ארבייט לטובת אייערע ארימע ברידער פארטצוזעצען און אז איהר וועט אויך אין דער צוקונפט קיין פאשקווילען אין בעטראכט נעמען ווי ביז איצט.

מיט גרויס דרך ארץ

דר. נאסס.
קהלה פרעזעס.

גלינ׳יאנע,פאר ראש השנה תרצ"ח 1937

זייער חשובער פאראייניגטער רעליעף פון די גלינער סאסייעטיס!

אין נאמען פון אלע גלינער אידען, קומען מיר אייך וואונט-שען פון דעם טיפען הארץ, לשנה טובה תכתבו! צום נייעם יאר וואס קומט. אלע אונזערע ברידער מנדבים ומאספים פון יעדען ארט פאר זייער אנגעשטרענקטער עהרליכער ארבייט ,ישלם ד׳ כפעלם הטוב.

מיר זענען נישט אומשטאנד און ס׳איז גאר נישט מעגליך מיט ווערטער אויסצודריקען די געדאנקען און מחשבות וואס מיר דענקען איבער אייך פאר אייערע מעשים לטובת אונזערע ארימע ברידער. טיפע פארעהרונג צוזאמען מיט דאנקבארקייט און ליבע באגלייט אייך שטענדיג פון א יעדען באזונדער.

יעדעס קינד דערמאנט אייער נאמען לשבח ולברכה. אייביג

וועלען זיי געדענקען ווי איר האט געטראכט פאר דעם ארימען קינד, ווי איהר האט זיי געשפייזט און געקליידט און גע־זארגט פאר זייער עקזיסטענץ.

און מיר קומען היינט אלע צוזאמען פאר דעם נייעם יאר און מיר זאגען : האר פון דער וועלט! בענטש די אלע וואס שטרעקען אויס זייערע הענט צו ראטעווען דעם ארימען ברודער, אין זיין נויט און פיין. און מיר אלע זאלען אייך קענען אפגעבען דעם געהעריגען כבוד וואס איר האט פארדינט, אין אונזער הייליגען לאנד.

בלייבט אלע הארציג געגריסט
בברכת ציון וירושלים

יעקב קאלבפוס,
יוסף מרדכי לייוואנד,
שלמה נוסבוים.

(אויפען בריוו געפינען זיך די פאלגענדע שטעמפלען)

"הסתדרות מזרחי גלינא"
"חברת התחיה,גליניאני"
"פעריין יד חרוצים, גליניאניה"
"חברת ציון גליניאני"
"תומכי עניום בגלינא"
"סניף התאחדות בגלינא"

א קורצער אויסצוג פון א דאנק און א באשטעטיגונגס בריוו פון הרב ר' מאיר שאפירא און די בני תורה קאמיטע אין גלינע, פאר א טייל צוגעשיקטע געלט פון דער גליניאנער רעליעף קאמיטע, אין ניו יארק.

ב"ה גלינא, ר'ח אדר תרפ"א

האכגעערטעס רעליעף קאמיטע, נעוויארק.
מיר זיינען היינט צוזאמען געקומען אפיציעל אייך אויסצודריקען אונזער טיפען הארצליכען דאנק פאר אייער אפערונג אונז מיטצוהעלפען בויען און ערייכען אונזער גרויסען ציעל פון דעם בנין פון דער "בני תורה".

מיר באשטעטיגען אייך דעם עמפאנג פון 300 דאלאר פאר דער בני תורה. אונז געשיקטע 200 דאלאר פיר דער שיהל, און 100 דאלאר פאר כלל רעליעף.

מיר דריקען אייך די ברידערליכע האנט מיט דאנק און אנערקענונג

פאר די ביז אהעריגע און ווייטערע לייסטונגען. איעדער גיט אייך אפ א יישר כוח פאר דעם געשיקטען געלט און האפען אויף ווייטערע זענדונגען.

אין צייכענען מיט פארצוגליכער האכאכטונג

| | |
|---|---|
| הרב מאיר שאפירא,פרעז. | זישא האכבערג סעק. |
| אברהם ריינהארץ, קאסירער. | שלום נייגעבאר, גענ.סעק. |
| משה רער | שמעון פריינדליך |
| אברהם האכבערג | פנחס נאדלער |
| ישראל קאלבפוס | נפתלי העלער |
| יהודה ליב באנער | מיכל באקהויט |

יעקב ראטה

א קורצער אויסצוג פון א בריוו, וואס הער אפרים כ"ץ, דער איבערגעגעבענסטער און פאדטרויענסטער גלינער ציוניסט און כלל טוער, האט געשריבען צו דער יונייטעד גליניאנער רעליעף קאמיטע.

ליבע, טייערע פריינט:

... איך זעהע די איבערמענטשליכע אנשטרענגענדע ארבייט אייערע.איך סומירע צונויף דעם גוואלדיג גרויסען סכום פון הילף וואס ס'ווערט פון אמעריקע (פונם גלינער אמעריקע מיין איך) פון קרובים און פון כלל געלייסטעט. איך רעכען צוזאמען די ריזיגע הילפס ארבייט אייערע וואס האט שוין גאט זיי דאנק אויפגעטאן. עס האבען די אומגעפאלענע זיך אויפגעשטעלען אויף די פיס. איך הויב אן צו זעהען פרייד ווי יארען גאנצע האט א אמתע אבל'דיגע טרויער געהערשט. איך געפין טרייסט ווי טרייסלאזיגקייט האט רעגירט.

אידען וואס האבען זיך צוזאמען מיט טויזענדער אנדערע אומגליקליכע און פערוואגעלטע פאניווירעט (אומגעבלאנדזשעט) זעקס יאר אין לעכער און אין ב'על ב' גריבלעך און האבען שוין נעביך ג'מיינט אזוי שוין צו גרונדע צו געהן. און איצט הויבט זיך פאר זיי א שיינע און ליכטיגע זונן צו באווייזען. זיי גלייכען צו ביסלעך אויס זייערע איינגעהויקערטע פלייצעס.

קינדערלאך, איר זיינט ווייט פון דעם שטעטעל. איר ווייסט גארנישט און האט קיין האנונג וויפיל גליק און צופרידענהייט מ'זעט שוין אין די פינסטערע און פערוויסטע געסלעך אונזערע.צ.ב. אין דער קיליקאווער גאס למשל, ווי עס איז ביז אהער געוועזען א אימה אין מיטען העלען טאג דורכצוגעהן, זעט מען איצט אדאנק די אמעריקאנער קרובים און די הילף פון דער רעליעף קאמיטע, ליגען שוין אנגעגרייט געהילץ און וואַרטען אז

מען זאל פון די סאנינע און דעמבינע געהילצען אויפבויען
אן איינגעפאלענע און רואינירטע אידישע נעסטען ד.ה. שטיב-
לאך. איך וואלט אייך געוואלט דורכפירען אלע פארוויסטע
גאסען און געסלאך פון אונזער-אייערען שטעטעל. און אייך
צייגען די אלע פרישע קברים וועלכע מערען זיך פון טאג צו
טאג. און אז איר וואלט אייך פערגעגענווערטיגט אז אונטער
די אלע קברים-בערגלעך ליגען עס קיינע אנדערע אלס אייערע
ברידער און שוועסטער, אייער בלוט און פלייש, קינדער פון
אונזער פאלק. דאן וואלט איר דארטען מיט מער איבערגעגעבענ-
הייט די הילף באלד אויף טויזענטפאכסטער פארשטארקט און
פארגרעסערט.

פאר דעם ביז איצט געטוענעם און געשיקטען געלט,מיט
דעם דזשוינט און מיט דעם דעלעגאט הער ש. הארארוויץ, קען
איך אייך זאגען אין מיין נאמען און בשם אונזערע אלע
חברים און פון דער קאמיטע.

זאל גאט אייך געבען כוח!און ער זאל אייך באצאלען פאר
אייערע מעשים טובים וואס איר האט שוין געטאן, און איך האף
אז איר וועט ווייטער טוען פאר אייער פארוויסטער היים.
פארבלייב איך אויף אייביג אייערער

אפרים כ"ץ.

# ציוניסטישע טעטיגקייט אין גלינע
# נאך דעם צעפאלען פון דער עסטרייכישער מלוכה

אין יאר 1918, ווען די ערשטע וועלט מלחמה האט זיך געענדיגט האט אין גלינע געבאלעבאטעוועט די אוקראינער. עס איז דאן געווען די תקופה פון פרעזידענטס ווילסאנס פערצען פונקטען. און גלייך ווי אלע אידען איבער דער וועלט, האבען אויך די גלינער אידען געדענקט אז דאס מיינט מען אויך זיי.דער ציוניזם האט אנגעהויבען צו ווערען א גאנגבארע סחורה צווישען די פארשידענע פארטייען און פאליטיקער פון ניט אידען.אויך די אוקראינישע הערשער האבען געקוקט מיט סימפאטיע אויף די ציוניסטען. האט זיך אין שטעטעל צוביסלעך ווידער אנגעהויבען די ציוניסטישע טעטיגקייט. דאס אידישע נאציאנאל הויז אין וועלכען עס איז געווען דער ציון פאראיין און די ביבליאטעק איז געווען אפגעברענט,נאר אזוי ווי די געביידע פון דער באראן הירש שולע איז אין דער גרויסער שריפה ניצל געווארען, האט די פארוואלטונג פון דער שולע ערלויבט די ציוניסטען זיי זאלען דארטען אפהאלטען זייערע פארזאמלונגען. דארטען האט מאטיק האלפערן, פון צייט צו צייט געהאלטען פארטראגען, אויך זיינען דארט פארגעקומען פארלעזונגען פון אידישער געשיכטע און ליטעראטור.

צוליב דער עקאנאמיש שלעכטער לאגע האבען אסך פון די אלטע ציוניסטען זיך וויייניג אפגעגעבען מיט דעם ציוניזם. יודעל שטאם האט אין זיין הויז דערלויבט די ציוניסטען צו האבען דארטען דעם פאראיין. מען האט צוזאמענגעקליבען אביסעל ביכער, וואס האבען זיך ערגיץ פארוואלגערט פון נאך דער שרפה,מען האט אנגעהויבען צו זאמלען געלט צו קענען צוריק אויפבויען דאס נאציאנאל הויז.

אינם יאר 1919 איז דאס נאציאנאל הויז ווידער אויפגעבויעט געווארען. אין דעם זעלבען יאר זיינען די פאליאקען ווידער אריין אין גלינע. ווען די אוקראינער זיינען אוועק פונם שטעטעל, און עס האבען באדארפט אריינקומען די פאליאקען, האט דאס גאנצע שטעטעל געציטערט. פאר די אוקראינער וואס דארפען דאס שטעטעל פארלאזען , און נאך מער פאר די פאליאקען, וואס דארפען אריינקומען. די גלינער אידען האבען שוין געהערט פון די מעשים טובים, וואס די פאליאקען האבען אפגעטאן אין אנדערע שטעט און שטעטלעך.

נאר דאס מאל האט מיט די גלינער אידען געשען א נס: מיט דער צוריק ציענדיגער אוקראינישער ארמיי איז געווען א אידישער הויפטמאן, וועלכער איז די גאנצע צייט געווען איינקווארטירט ביים פוילישען גלח. פאר זיין פארלאזען דאס שטעטעל האט ער געצוואונגען דעם פוילישען גלח, אז ער זאל אים צוזאגען, אז ער וועט אפהיטען די אידען אין דער צייט וואס די פאליאקען וועלען דארט זיין.

דער פאקט איז: ווען די פוילישע זעלנער זיינען אריין אין גלינע ,האבען זיי די אידען פונם שטעטעל ניט געטשעפעט.באלד ווי זיי האבען פארנומען גלינע איז ווידער די וועלט געווארען א אפענע, און ביי דער יוגענד האט זיך ווידער דערוועקט דער געדאנק, אז מען דארף אוועק פונם שטעטעל...

דערווייל האבען די ציוניסטען ווי עס איז צונויפגעשטעלט א שטיקעל ציוניסטישען פאראיין. אפרים כ"ץ, כאטש שוין ניט אזוי ענערגיש טעטיג,איז געווען דער פרעזידענט און משה גריידינגער דער סעק.

פאר א טייל גלינער פאליאקען, האט אבער די זאך ניט געשמעקט. האבען זיי די גלינער ציונישטען פאר מסרט צו דער סטאראסטוואן אין פרע־מישלאן, אז די גלינער ציוניסטען אגיטירען קעגען דער פוילישער אנלייהע, וואס מהאט דאן אנגעפירט אין לאנד. די שטראף פאר אזא פארברעכען איז גע־ווען פארשיקען אין א קאנצענטראציע לאגער. די גלינער זשאנדארען האבען באקומען א באפעל פונם סטאראסטווא צו ארעסטירען אפרים כ"ץ, משה גריי־דינגער און אשר בוכבינדער, און צו קאנפעסקירען די ביכער און די נעמען פון די חברים פונם פאראיין.

צום גליק האבען די מענשען באצייטענס זיך דערוואוסט פונם באפעל, ווען די זשאנדארען זיינען געקומען זיי ארעסטירען, איז אפרים כ"ץ גע־ליגען קראנק, אשר בוכבינדער איז געווען ערגיץ אין לעמבערג און משה גריידינגער – אויסבאהאלטען. דערווייל האט מען וועגען דעם ארעסט בא־פעל געלאזט וויסען אין לעמבערג, און די לעמבערגער ציוניסטען מיט דר. יעקב קארקיס האבען זיך משתדל געווען בטל צו מאכען דעם ארעסט באפעל. מיט א פאר וואכען שפעטער האט די סטאראסטווא צוגעשיקט, צו די דריי ציוניסטישע פאראיין פירער, א צושריפט אז דער ארעסט איז אפגעלייגט געווארען "ביז צו א ווייטערער אויספארשונג".

די שלוה איז אבער געווען פאר א קורצער צייט בלויז. אינם יאר 1920 זיינען די פאליאקען אנטלאפען פון גלינע און די סאוועטישע זעל־נער האבען פארנומען די שטאט. ווען די סאוועטישע זעלנער זיינען אריין אין שטעטעל איז געווען א שרעק אקוק צו געבען אויף זייער הילוך. כמעט יעדער זעלנער איז געווען אנגעטאן אין שמאטעס, א טייל האבען אפילו געטראגען ווייבערשע קליידער, אזוי ארים זיינען זיי געווען געקליידט. נאר איין זאך איז זיי געלייגען אין קאפ. זיי האבען דאס ערשטע אויסגעקלעפט ארום דעם קלויסטער די בילדער פון די באלשע־וויסטישע פירער. פו די אידען האבען זיי זיך באצויגען פריינדלעך. זיי זיינען אין שטעטעל אפגעווען א פאר וואכען און ווידער אנטלאפן, און די פאליקען האבען ווידער איבערגענומען דאס שטעטעל.

אין דער צייט וואס די פוילישע ארמיי איז געלאפען אהין און צוריק, האט דאס שטעטעל געהאט אויסצושטייען גרויסע צרות, דאס מערסטע שאקע פון די פוילישע זעלנער. ערשט אין יאר 1922 האט זיך אנגעהויבען איינצושטעלען א מער נארמאלער לעבען אין שטעטעל

איינינגע יונגעלייט, פאר וועלכע דאס שטעטעל איז געווארען צו ענג, זיינען אוועקגעפארען ווער קיין אמעריקע און ווער קיין ארץ ישראל, און די וואס זיינען פארבליבען אין גלינע האבען אויף דאס ניי אנגעהויבען אן אינטענסיווע ארבעט לטובת דעם ציוניזם.

אלע ציוניסטישע ריכטונגען, פארטיי שאטירונגען האבען געאר־בעט צוזאמען. עס איז געווען איין קאמיטע פארן קרן קימת (נאציאנאל פאנד) און קרן היסוד. אלע זיינען געווען מיטגלידער און מיטארבייטער פאר דער ביבליאטעק, וועלכע איז אין דער צייט פון דער אוקראינישער ממשלה ווידער געעפענט געווארען. דאס איז געווען א טייל פון דער ציו־ניסטישער טעטיגקייט אינם שטעטעל. אסך כוחות און ארבעט אויפצוהאלטען די ביבליאטעק און זי צו פארגרעסערען, האבען אוועקגעגעבען יחיאל ליינוואנד און שלמה ראפה. די ביבליאטעק האט פונקציאנירט און געהאט א גרויסען לעזער קרייז אפילו אין די צייטען ווען די שטאט האט דורכ־געמאכט די שווערע מלחמה צייטען צווישען די אוקראינער און די פאליאקען.

די ציוניסטען האבען ביסלעכווייז ווידער אויפגעלעבט די העברע־אישע שולע. דער גרעסטער טייל תלמדים זיינען געווען מיידלעך. נאר ווען אין 1920 האט די באראן הירש שולע אויפגעהערט צו עקזיסטירען, זיינען אין דערהעברעאישער שולע אויך אריינגעקומען אינגלעך תלמידים.

ארום דער שולע איז אויך געווען א קליינער העברעאישער אמא־טארען קלוב, אנגעפירט פון דעם לערער פון דער שולע. עס איז אויך גע־ווען א קרייז העברעאיש ריידענדע, וועלכער האט זיך גערופען "עבריה". דער צוועק פונם קרייז איז געווען צו מאכען דעם העברעאיש פאר א לע־בעדיגע אומגאנגס שפראך אין שטעטעל, צווישען דער גלינער יונגענד. אויך האט זיך ארגאניזירט א דראמאטישע גרופע, וואס האט געשפילט אין אידיש. די גרופע איז אנגעפירט געווארען פון פרוי זענענזיעב מיט דער מיטהילף פון דר. ראטהפעלד, משה רובענצאל, פרוי טייטעלבוים, בעריש שטאלצענבערג, זיינע צוויי אינגלעך מוני און טולי. דר. טענענבוים און שפרינצע פרייז. זיי האבען אויפגעפירט די פארשטעלונגען. יעדע זעקס וואכען אן אנדער פארשטעלונג, געשריבען פון א אידישען שריפטשטעלער. די פראפיטען פון די אונטערנעמונגען זיינען געגאנגען פאר די ציוניסטישע פאנדען.

יונגע ארבייטער און סימפאטיקער האבען זיך ארגאניזירט אין א ציוניסטישער ארבייטער ארגאניזאציע מיט דעם נאמען " התאחדות". די פירער פון דער ארגאניזאציע זיינען געווען הערש און אברהם נאדלער,חיים און יצחק שלייען, משה מעסה און גוסטע לעווין. שפעטער האט די ארגאניזאציע פארמירט א גרופע פון אינגלעך (אונטער 18 יאר אלט) אונטער דעם נאמען "גרדוניא". די אלגעמיינע ציוניסטען האבען ארגאניזירט א יוגענד גרופע מיטען נאמען "אחוה" די פירער פון דער אחוה זיינען געווען יעקב יעגער שלמה גאסענבוירער, אהרן כ"ץ און זעליק צאנק. שפעטער האט זיך פון די שוין עקזעסטיענדע גרופען ארגאניזירט א קליינע רעוויזעניסטישע גרופע.

צווישען אט די אלע גרופען, וואס האבען זיך "באוועגט" און זיך צוזאמענגעטראפען אין דעם בית עם, ציון פאראיין און אין ביבלי־אטעק, האט זיך געפירט מיט דיסקוסיעס, רעפעראטען, אין וועלען איבער־שטייגען מיט געלט זאמלונגען, פאר די ציוניסטישע צוועקען. אויך טאן קהלישע ארבייט אין שטעטעל, העלפען ארימע אידען. אבער ווען עס איז געקומען צום לייזען א וויכטיקען נאציאנאלען פראבלעם, זיינען אלע ריכטונגען געגאנגען צוזאמען, אונטער דער פירונג פון די אלגעמיינע ציוניסטען פונם שטעטעל.

די עקאנאמישע לאגע פון די אידען אין גלינע:

נאך דער ערשטער וועלט מלחמה איז פוילען ווידער געווארען א זעלבשטענדיגע מדינה. די פוילישע קאנסטיטוציע פונם יאר 1921 איז געווען א ליבעראלע און דעמאקראטישע. די מינאריטעט טריטע פון ווערסיי וואס די נייע פוילישע רעפובליק האט אונטערגעשריבען און פארפליכטעט זיך דורכצופירען ביי זיך אין לאנד, האט פארזיכערט אירע מינאריטעטען איינוואוינער, פרייע אנטוויקלונג פון נאציאנאלע, קולטורעלע אייגענ־שאפטען.

אבער אויך דא, אין דער פוילישער רעפובליק, האט זיך ארויס־געוויזען דער היסטארישער אמת , אז ניט געקוקט אויף אלע ליבעראלע געזעצען (אין די געזעץ ביכער) און אלע אינטערנאציאנאלע טראקטאטען (טריטיעס) , איז דאס פאקטישע טאג טעגליכע פירונג פון דער רעגירונג

אין גרויס סתירה מיט די דערמאנטע כללים און געזעצן. בפרט ווען עס האנדלט זיך וועגן אידען, און פוילען איז ניט געווען קיין יוצא מן הכלל.

אין די יארען ווען די מיניסטארען גראבסקי און בעק. זיינען גע־ ווען די פירער פון דער פוילישער רעגירונג,איז די לאגע פון די אידען געווען אלץ ערגער און ערגער.

די גלינער אידען זיינען געווען אינם כלל פון כל ישראל.דער עקאנאמישער צושטאנד זייער איז דורך דער פוילישער האנדלונג רואי־ נירט געווארען. יעדען טאג זיינען פון דער מלוכה געשאפען געווארען נייע גזרות, וועלכע זיינען ספעציעל געצילט געווארען קעגען די אידען, אוועקצונעמען זייערע פרנסות.

אט ווי די לאגע פון די גלינער אידען ווערט געשילדערט אין א בריוו פון ר' יוסף מרדכי לייוואנד אין יאר תרצ"ה־1935:

"דאס לעבען ביי אונדז איז רואינירט ביז צום גרונט. פון דעם דאקטאר ביז דעם בעל מלאכה ווערען מיר סיסטעמאטיש באיקאטירט, פון דער ניט אידישער באפעלקערונג.דארפסגייער זיינען ארויס־ געשטויסן געווארען פון זייערע פאזיציעס דורך גויים, וועלכע פארען אום פון דארף צו דארף און קויפען אלע דארפס פראדוקטען, און דער איד זעט און קרעכצט, און הונגערט. מאין יבא עזרינו? ווייסט נאט איין גאט!

אסך טאטעס לערנען אליין מיט זייערע קינדער, ווייל זיי קאנען ניט צאלען שכר למוד. די עלטערין האבען פון דעם גרויס צרות. אסך ארימע קינדער, וואס קהל האט פאר זיי געצאלט, גייען ארום גאנצע טעג ליידיג, און וואקסעל ללא תורה וללא דרך ארץ, ווייל קהל צאלט מער ניט פאר זיי שכר למוד. די קהלישע קאסע איז ליידיג, זי האט אירע באאמטע ניט צו צאלען...איך וואלט געראטען אז טוריסטען זאלען קומען אין אונדזער שטעטעל,וואלטען זיי געזעהן א וועלט־וואונדער. נעמליך א בית הקברות ווי די מתים גייען ארום און ווילען עסען --- און דער מלאך דומה מאנט נאך פאר דעם (פאדאטעק) שטייער... פון די ביז ניט לאנג צוריק געוועזענע נותנים, זיינען געווארען מקבלים. כמעט 70 פראצענט פון די איינוואוינער קענען נישט געבען קיין נדבה, און די געבער ווערען מיט יעדען טאג ווייניגער.

דאס שחיטה און מילך געסעל וועלען רואינירען ביי אונדז אליין א 60 משפחות קצבים, בהמה סוחרים און מילך פארקויפעריגס, וועלען מער נישט טארען דאס טאן. אין גלינע וועט נאר קענען זיין איין (1) קצב, אנשטאט די 16 קצבים. און ערלויבען צו שעכטען אויף כשר וועט מען ווייניג. ביי א איד וועט מען די בהמות ניט טארען קויפען, אבי דער איד זאל ניט פארדינען".

# דאס קהילישע לעבען אין גלינע

## צווישען די צוויי וועלט מלחמות

### וועגען דעם אלגעמיין אידישען לעבען אין שטעטעל:

דאס אלגעמיינע אידישע לעבען אין גלינע איז געווען קאנצענטרירט ארום דער קהילה. אונטער דער קהילה איז ארויסגעגאנגען דאס גאנצע כלי קודש. וואלען פלעגען פארקומען יעדע 4 יאר. די לעצטע וואלען צו דער קהילה איז געווען דעם 2טען דעצעמבער 1938. דאן האט מען אויסדערוויילט די פאלגענדע ראדניקעס: דר. טענענבוים, ראש הקהל. שלמה מעטה, משה מויער, נפתלי העלער, יודעל בוים, מרדכי סיגערט, שלמה גאסענבויער, און ירחמיאל קוים. (פון די דארפישע אידען) דר. נאסס (וואס איז געווען יארען לאנג פרעזעס פון דער קהילה, און האט פאר דער שטאט פיל געליס־טעט. מיט זיין הילף איז געווארען אויפגעשטעלט דאס נייע באד, וואס איז געווען א מוסטער פאר גאנץ טארנאפאלער וואיעוואדסטווא) מענדעל בארער (בעקער) זעליג ביליג. (וואס זיינען אויך געווען אסך יארען אין דער קהילה)

### די בתי מדרשים:

גלינע האט געהאט עטליכע בתי מדרשים, און פון יאר צו יאר איז אויפגעקומען א נייער מנין. כמעט יעדע פארטיי האט געהאט איר אייגענעם מנין. דער הויפט פון אלע בתי התפילות איז געווען די שול, וועלכע שטייט נאך ביז היינטיגען טאג, ווייל דארט האבען די היטלער חיילות געהאלטען א גאראדזש, פאר זייער אויטאמאבילען און לאסט ווע־גענער. דער שמש פון דער שול איז געווען משה בער, דער זון פון איציק שמש. ער פלעגט יעדען פרייטאג פארנאכט רופען אין די גאסען צו ליכט בענטשען, און שבת אין דער פרי רופען אין שול ארייין. און דעם פלעגט ער רופען פון איין עק שטאט ביז דער צווייטער, און אידען פלעגען וויסען ווען צו גייען דאווענען.

די גבאים פון דער שול זיינען געווען: מענדעל בעקער, שבתאי שטריקער, לייב רייז, משה שלומפער, חיים טענענבוים און נאך אנדערע בעלי בתים, וואס פלעגען דאווענען אין שול. אין דער שול האט געהערשט אמתע דעמאקראטיע, ווייל דארט פלעגט דאווענען בעלי מלאכות און ארימע לייט ביז די גרעסטע נגידים. אזוי אז אין שול האבען געדאווענט פון יאיה האלפערן, משה שלומפער, וואס זיינען געווען די גרעסטע נגידים פון דער שטאט, ביז דאוועדעל זאק (פויקער) וואס איז געווען פון די גרעסטע קבצנים אין גלינע. אין שול אבער זיינען זיי אלע געווען גלייך. אפילו ביי די הקפות פלעגט מען נישט מאכען קיין חילוק פון ארים צו רייך. (נאר ביים קויפען די עליות האט דער ארימאן נישט געקאנט דערגרייכען דאס וואס דער עושר) יחזקאל דאן און ר' יאסעלע שוחט פלעגען אויך דאווענען אין שול, בעל תפילה איז געווען הערשעלע קארוויצער.

ביי דער שול איז אויך געווען דאס שניידער שולעכעל, וואו מרכעלע סיבערט איז געווען גבאי. אין די ווינטער טעג פלעגט מען דארט אפטער דאווענען ווי אין שול, ווייל דארט האט מען געהייצט און עס איז תמיד געווען ווארים.

ביי דער זייט פון דער שול האט מען נאך דעם ערשטען קריג, ווידער אויפגעשטעלט דאס בית המדרש, דאס האט געהייסען דער שטאטישער בית המדרש. ווען מען האט דאס בית המדרש אויפגעשטעלט, איז אהין צוריק געגאנגען יענע בעלי בתים. וואס האבען דארט געדאווענט פארען קריג, און האבען דארט נאך געהאט זייערע "שטעט" און שטענדערס.

דאס דריטע בית התפילה איז געווען די קלויז, אויך אין דער זעלבער גאס. דארט פלעגט דאווענען הרב גאטעסמאן און דער צווייטער דיין פון גלינע. אין דער קלויז האבען אויך ציוניסטען געדאווענט.

דער פערטער מקום קדוש איז געווען די "בני תורה". די פינפטע – דעם רבינס בית המדרש. ,דער רבי האט געהייסען אפרתי. דאס זעקסטע – דאס "מזרחי" שילכעל. זיבען – דאס טעמפעל, וואס איז געווען אין דער געוועזענער געביידע פון דער באראן הירש שולע. דארט פלעגען דאווענען די אידישע "פריצים" פון דער שטאט. ד. ה. די דאקטוירים ,אדוואקאטען, אפטייקער, לערער, די גוט באזיצער ארום גלינע. דארט פלעגט מען נאר דאווענען שבתים און יום טובים.

די "יד חרוצים", וואס האבען זייער נייע הויז געהאט אין דער קילאקיווער גאס , האט אויך געהאט א מנין. טראץ אט די אלע מנינים, פלעגט מען נאך אויך דאווענען אין פארשידענע פריוואטע הייזער. די ציוניסטען פלעגען דאווענען אינם פאראיין, וואו די הכנסה איז גע- גאנגען פארען קרן קימת און פאר דער העברעאישער שולע.

דאס לעבען פון די גלינער אידען ביזן אויסברוך פונם קריג, איז געווען ווי אין אלע שטעטלעך אין פוילען. מיטען קומען פון היטלערען צו דער מאכט אין דייטשלאנד, איז דער אנטיסעמיטיזם אין פוילען שטארק זיך צעוואקסען. ראשית כל, האט מען זיך גענומען צום מסחר. מען האט געוואלט ארויסנעמען דעם מסחר פון די אידישע הענט. און דער מסחר איז געווען דער איינציגער קוואל פון וואנען דער איד האט געצויגען זיין חיונה.

פון טאג צו טאג איז די לאגע געווארען אלץ קריטישער. נאך דעם ווי די פוילישע רעגירונג האט פארבאטען שחיטה און די "אווטעם" פא- ליטיק פון דער רעגירונג,( דאס ווארט "אווטעם" האט אינם פוילישען סיים געזאגט דער פוילישער פרעמיער מיניסטער, בשעת די אידישע דע- פוטאטען האבען פראטעסטירט קעגען די רדיפות אויף אידען) האט ער געזאגט אז באיקאטירען די אידען איז "אווטעם (ביטע זייער) אבער שלאגען, ערלויבט ער נישט...

צו דעם האט גלינע נאך באקומען א נייעם סטאראסטווא, א גרויסער אנטיסעמיט. אז ער פלעגט קומען אין שטעטל, פלעגט מען פוצען און רייניגען די גאסען, און טראץ דעם פלעגט ער אלעמאל עפעס טרעפען ביי דעם אדער יענעם איד, און דער איד פלעגט שוין מוזען באצאלען א 5 זלאטעס שטראף, פאר נישט האלטען אין ארדענונג זיין הויף אדער געוועלבעל. ווען ער איז צוריק אפגעפארען קיין פרעמישלאן , האט מען לייכטער אפגעאטעמט. אזוי פלעגט ער מאכען וויזיטען אין גלינע 3-2 מאל א וואך און באשטראפען פארשידענע מענטשען פאר נישט האלטען אין ארדענונג זייערע הייזער, געוועלבען און הויפען.

אין איינעם א אנטיסעמיטישען בלעטעל. איז פארען קריג געווען געשריבען וועגען גלינע אז גלינע "איז א פאראידישטע שטאט. אלע וויכטיגע אמטען זיינען באזעצט דורך אידען, און דאס מוז מען פון זיי ארויסנעמען. דער שטאט דאקטאר איז א איד (דר.ראטפעלד) קרייז דאקטאר אויך א איד (דר נאסס) אפטייקאר איז א איד (באדיאן) הויפט טראפיג געהערט צו א איד (האלפערן) סעקרעטאר פון דער געמיינדע איז א איד (אהרן כ"ץ) וויצע בירגעמייסטער פון גלינע איז א איד (דר. נאסס) און דאס מוז מען פון די אידישע הענט ארויסנעמען און באזעצען מיט פאליאקען"

זיי האבען זיך טאקע גענומען צו דער ארבעט, און מיט דער הילף פונם פוילישען גלח, וועלכער האט איינגעלייגט וועלטען, האט מען די הויפט טראפיג צוגענומען פון האלפערן און דאס איבערגעגעבען צו דער פוילישער (קולקא ראלניצע). די אפטייק האט מען צוגענומען פונם איד און געבראכט א גוישען אפטייקאר. שטאט דאקטאר איז געווארען א גוי, ווייל דאקטאר ראטפעלד איז געשטארבען און מאכען ווידער א איד פארען שטאטישען דאקטאר האט מען שוין נישט דערלאזט. און ווער ווייסט ווי וויט עס וואלט נאך דערגאנגען, ווען נישט די מלחמה, וועלכע האט אונז ליידער געבראכט דעם גרויסען אומגליק.

אבער מיט איין זאך האט זיך גלינע בארימט מער פון די אלע ארומיגע שטעט און שטעטלעך. דאס איז געווען דאס העלדישקייט פון פיל גלינער אידען, וואס א דאנק זיי איז א איד אין שטעטל געווען זיכער מיט זיין "בינטעל ביינער". עס זיינען געווען העלדישע יונגעלייט, וואס האבען נישט דערלאזט אז א איד זאל כאפען קלעפ פון א כוליגאן, וואס האבען אין גלינע ניט אויסגעפעלט, און האבען זיך נישט איינמאל געוואלט צעפירען די הענט, נאר האבען אלע מאל געקראגען א מיאוסן אפשניט.

די אידען אבער וואס האבען געוואוינט אין די דערפער, האבען געלעבט אין גרוים שרעק, און זיינען אנטלאפען אין שטאט אריין, ווייל ביינאכט פלעגט מען זיי באפאלען, בארויבען און אונטערצינדען זייערע הייזער, אין שטראף וואס זיי האבען דורות לאנג געלעבט אין די דערפער. זיינען טאקע כמעט אלע דערפער געווארען "יודען ריין".. אזוי מער ווייניגער האט אויסגעזעען דאס אלגעמיינע אידישע לעבען אין גלינע און אין דעם ארום.

## די גלינער יוגענד

## פאר דער צווייטער וועלט מלחמה:

ווען מען דערמאנט גלינע קען מען אויך נישט דורכלאזען דאס לעבען פון אונדזער יוגענד, וואס מיט איר שליסט זיך דאס טרויעריגע לעצט קאפיטעל פון גלינע. דאס לעבען פון דער יוגענד פארן קריג איז געווען נישט געהויבען, ווייל מען האט געלעבט אן א תכלית און אן א ציל. אין שטעטל איז פאר דער יוגענד געווען שווער צו עפעס זיך צושלאגען. אנגייען מיט מסחר, ווי לאנגע דורות פון זייער אבות האבן געלעבט. איז שוין ניט געווען מעגליך, די גוישע באפעלקערונג האט אויף אלע צווייגען געפירט א שטארקע קאנקורענץ. צו לערנען איז געווען שווער, אויף צו שיקען קינדער שטודירען האט מען באדארפט האבען א סך געלט. אזוי אז איינצעלנע רייכע גלינער בעלי בתים האבען זיך געקאנט ערלויבען לאזען לערנען זייערע קינדער.

די איינציגע האפענונג איז געווען עולה צו זיין קיין ארץ ישראל, אבער דאס איז אויך ניט געווען מעגליך פאר יעדען איינעם, ווייל ניט יעדער פאטער האט געלאזט זיין קינד גיין אויך הכשרה, און פארברייטערען זיך צו דער עליה. און די יעניגע וואס זיינען יא געפארען, האבען זיך געמוזט ארויסרייסען מיט געוואלד פון זייערע היימען, ניט פרעגענדיג זייערע עלטערן. אבער פיל פון זיי זיינען יארען לאנג געזעסען אויף דער הכשרה און ניט געהאט די מעגליכקייט צו באקומען א סערטיפיקאט. איינצעלנע האבען זיך יא דערשלאגען קיין א.י. און געפינען זיך טאקע היינט דארט.

די גאנצע גלינער יוגענד איז געווען פארטיילט אין פארשידענע פארטייען, וועלכע האבען אין גלינע עקזיסטירט, און יעדער איינגעל אדער מיידעל האט געהערט אין א ארגאניזאציע. חוץ א טייל פון דער חסידישער יוגענד, וואס איז ניט געגאנגען אין די עקזיסטירענדיגע ארגאניזאציעס.

דער לאקאל פון אלע ארגאניזאציעס איז געווען די באראן הירש שולע געביידע, ווייל די שולע האט שוין ניט פונקציאנירט און דאס הויז איז געשטאנען ליידיג, און דערווייל האבען די גויים צעשלעפט שטיקער פון דער געביידע. ווען די יוגענד האט דאס הויז פון דער געוועזענער שולע איבערגענומען, האט מען עס רענאנטירט. און יעדע נאכט פלעגט מען זיך דארט צונויפקומען. שבתים און ימים טובים איז דארט געווען לעבעדיג און פריילעך, סיי מיט פארטראגען, סיי מיט פאר־לעזונגען און מיט דיסקוסיעס. אויך איז דארט געווען דער טעמפעל פון די רעפארמירטע אידען.

אין יאר 1928 זיינען אין גלינע געווען די פאלגענדע יוגנד ארגאניזאציעס : "גדוניה" , הנוער הציוני" ביתר" השומר הצעיר", חוץ די אלגעמיינע ציוניסטישע פאראיין , זיינען הנוער הציוני און די גדוניה געווען די גרעסטע אין צאל פון מיטגלידערשאפט.

די אנפירער פונם "הנוער" איז געווען פסחיה האכבערג, ער האט זיין גאנצע צייט און ענערגיע אוועקגעגעבען דער ארגאניזאציע. מיט אים האבען אויך טעטיג געארבעט אין דער ארגאניזאציע די חברים, יעקב שראגער און זיין ברודער ישראל, בוני פענדריך, משה פוקס,מוריני האכבערג, שלמה רייז, נחום ראטה און אנדערע. צוליב זיי איז די ארגא־ניזאציע געווען זייער טעטיג ביז צום אויסברוך פונם קריג.

די אנפירער פון דער "גרדוניה" זיינען געווען איזי רייז. (געפאלען אין ישראל) און איזי האכבערג. פון "ביתר" איז געווען דער פירער שלמה לייוואנד. פונם "השומר" יצחק (איצעלע) פריינדליך.

אדאנק אט די ארגאניזאציעס איז געווען וואו צו פארברענגען די פרייע צייט, אין א ברידערישער סביבה. קיין גלינע פלעגען קומען פארשידענע רעדנער, וועלכע פלעגען ריידען אינם ציון פאראיין. די רעדנער, מער ווייניגער זיינען געווען: דר. מאיר גייער, אן אלטער ציוני נאך פון הערצלס צייטען.(געשטארבען אין ניו יארק אינם יאר 1946) דר. סטופל, גענעראל סעק, פון דער ציוני ארגאניזאציע אין מזרח גאליציע. פישל ווערבער, קאפעל שווארץ. פירער פונם מרכז פון התאחדות אין לעמבערג, יצחק גאלדשטיין, מיטגליד פון הנהגה הראשית פון "הנוער הציוני". היינט מיטגליד פונם ציוניסטישען אקציאנס קאמיטעט. דר. שמעון פעדערבוש, שפעטערער הויפט רב אין פילאנד און אנדערע גרויסע פירער פון מזרח גאליצישען אידענטום.

מיטן אויסברוך פון דיר צווייטער וועלט מלחמה איז דאס גאנצע נאציאנאלע און רעליגיעזע לעבען אין גלינע פארשוואונדען געווארען. ווען די לאגע אינם שטעטעל איז געווארען ניט זיכער, האט מען איינגעזען אז פאר די ארגאניזאציעס אין אירע מיטגלידער שטייט פאר א גרויס געפאר צו האבען דאקומענטען פון דעם נאציאנאלען לעבען און שטרעבונגען. האט מען אלע ארכיוועך, מיט דער ציוניסטישער פאן גונז געוועזן, פארבארגן אויף דעם הויף פון דער באראן הירש שולע. און די איינצעלנע געטרייע און איבערגעגעבענע חברים, וואס זיינען דערביי געשטאנען, האבען געפילט ווי אבלים, וואס באגראבען זייערן א טייערן און בעסטען. מיט געבויגענע קעפ און מיט אויגען פארלאפענע פון טרערען האבען זיי ארויפגעווארפען די לעצטע לאפעטע ערד אויף זייער באלבטער אידישער פון.

## דאס גייסטיגע לעבען

## פאר דער צווייטער וועלט מלחמה

איייניגע וויכטיגע קורצע זכרונות פון גלינע, ביז דער גרויזאמער קריג, אין יאר 1939:

ווען מען האט אויפגעשטעלט די צוויי וויכטיגע בנינים ווי די בינ תורה, וואס איז אויפגעשטעלט געווארען מיט דער הילף פון הרב מאיר שאפירא, און דער צווייטער פאראיין מיטן נאמען "התחיה", האבען די בנינים געשפילט א וויכטיגע ראל אינם אידישען לעבען אין גלינע. דער פאראיין וועלכער האט ארום זיך גרופירט דעם ציוניסטיש געשטימטען עולם, און די בני תורה, איז געווען אונטער דער השפעה פון די אגודת ישראל.

דארט אין דער בני תורה זיינען געווען די גרעסטע חדרים, מיט די פאלגענדע מלמדים, יוסף מרדכי, לייב מלמד, (נאז) לייזער וואלף, און דער רוסישער מלמד. (אזוי האט מען אים גערופען, ווייל ער איז געקומען פון דער רוסישער זייט). דארט האט זיך אויך געפינען א גרויסער בית המדרש, וואו מען פלעגט מיט נאר דאווענען, נאר דארט פלעגען אויך זיצען עטליכע אידען און לערנען ביז שפעט אין דער נאכט אריין. ווען מען פלעגט שפעט ביינאכט דורכגיין דער בני תורה, פלעגט מען זעען ווי א שיין לייכט זיך דארטען אינם פענסטער , און אין א ווינקעל זיצען בחורים און לערנען מיט גרויס התמדה. דער פראקטישער בעל הבית פון דער בני תורם איז געווען לייב איציעלעס (ענגעלסבערג)

אין דעם ציון פאראיין איז אויך געווען א העברעאישע שולע, וואו מען פלעגט שוין לערנען א מאדערנעם עברית. דארט זיינען געגאנגען קינדער פון ציוניסטישע עלטערען. דער לערער איז דארט געווען הערש מענדעל גרויגער. שפעטער איז די שולע איבערגעגאנגען צום "תרבות". דער תרבות האט אונטער זיך געהאט דאס רוב העברעאישע שולען אין פוילען, און דער תרבעת פלעגט אלעמאל ביימען די לערער. א דאנק אט דעם תרבות איז אין גלינע געווען א גרויסער פראצענט קינדער וואס האט גערעדט עברית. אין דעם פאראיין איז אויך געווען א גרויסער זאל, וואו עס פלעגען פארקומען פארשטעלונגען, חתונות און פארשידענע אנדערע פארזאמלונגען.

יעדער ציוניסטישער רעדנער, וואס פלעגט קומען קיין גלינע, פלעגט האלטען זיין רעפעראט אין דעם פאראיין. דאס גרויסע זאל איז

געווען שיין דעקארירט מיט די בילדער פון די ציוניסטישע מנהיגים,ווי אויך מיט די בילדער פון די גלינער אלטע ציוניסטען, ווי דר. קארקיס, הלל פינקעלעס און אפרים כ"ץ.

"יד חרוצים" - אונטער דעם נאמען איז געווען די גלינער אר-בייטערשאפט, די בעלי מלאכות. פריער איז דער יד חרוצים געווען אין דעם קליינעם שניידער שולעכעל, ביי דער שול, אבער אדאנק זייער ענער-גישער ארבייט איז זיי געלונגען אויסצובויען אן אייגען הויז, אין סאמע הארץ פון דער קיליקאווען גאס. ווייל דארט איז מערסטענס טייל געווען קאנצענטרירט דאס לעבען פון די בעלי מלאכות. די פארשטייער פון די בעלי מלאכות זיינען געווען, זעליג ביליג, מרדכי סיגערט, יחזקאל העכט, אברהם סויל, בנימין בייטראג, שמשון לייג, איצי פעניג, מרדכי גרעבעל, מענדעל בעקער, און נאך אנדערע.

מיטען אויפשטעלען אן אייגען הויז, איז אויך די ארבייט גע-ווארען מער ארגאניזירט. מען איז יעדע נאכט זיך צונויפגעקומען, גע-לייענט צייטונגען, דעבאטירט פריוואטע און כלל פראגען, און פון צייט צו צייט פלעגט מען אויך דארט פראווען מלוה מלכות, וואו מען פלעגט מאכען א "לחיים". עס איז דארט אויך געווען א אייגענער מנין, און יעדען שבת און יום טוב פלעגען די יד חרוצים'ניקעס דארט דאווענען.

דאס האט געבראכט צו מחלוקתן צווישען מרכי'לען מיט די אנדע-רע בעלי מלאכות אין שטעטעל. ווייל דאס איז געווען א קאנקורענץ צום שניידערישען שולעכעל, וואס איז געווען ביי דער שול געביידע.

דאס פארהאלטען זיך פון די גלינער גויים צו די שטאטישע אידען, נאך דער ערשטער מלחמה:

דעם אמת געזאגט: - נישט קיין פריינדליכע! זינט דער צע-פאלונג פון דער אוקראינישער רעגירונג, וואס איז אנשטאנען נאך דעם פאלען פון דער עסטרייכישער מדינה, אין יאר 1918, און זינט די גרוי-סע בחיסות פון פעטלירא, איז די שנאה צו די אידען געווארען פון טאג צו טאג אל גרעסער. עס זיינען געווען גויים וואס האבען זיך נישט געמישט אין פאליטיק און האבען נישט פארשטאנען קיין פאליטיק, חוץ דעם האבען זיי באדארפט אנקומען צום איד, זיי האבען אויסערליך ארויס-געוויזען פריינדשאפט, אבער אזעלכע זיינען געווען גאנץ ווייניג. דער אוקראינישער נאציאנאליזם איז געוואקסען אין די לעצטע יארען, און מיט אים די שנאה צו די אידען. נאך מער, נאכען דערשיסען פעטלירען איז געווארען גאר געפערליך. די לאנדעס פאליטיק האט אויך דערפירט צו דעם אז אידען האבען געמוזט שטענדיג זיין גרייטעריש מיט די אוקראינער אין דער געמיינדע, און אויך אין אנדערע ארגאניזאציעס און אינסטי-טוציעס, וואו אידען זיינען געגאנגען געשלאסען מיט די פאליאקען האנט אין האנט.דאס האט ארויסגערופען שנאה ביי די אוקראינער. די מערסטע פארזאמלונגען, וואס די אוקראינער האבען דורכגעפירט, זיינען געווען פארהאנדלונגען קעגען די אידען. מען איז ארומגעפארען איבער די דערפער און געהעצט געגען די אידען. דאס אלעס איז נאך געשען אסך יארען פאר דער צווייטער וועלט מלחמה.

די גוישע קרעמער און בעלי מלאכות אין שטעטעל:

נאך דעם טויט פון גענעראל פילסודסקי, דער פרעזידענט פון

דער פוילישער רעפובליק, און דאס אויפקומען פון דער נאציאנאל-סאציאלער פארטיי אין דייטשלאנד, בעסער באוואוסט אונטערן נאמען נאצי-דייטשלאנד, איז דער אנטיסעמיטיזם אין פוילען געווארען פון טאג צו טאג אלץ שטארקער און ברוטאלער. דאס ערשטע מיטעל ווי אזוי צו באקעמפען און אמשטארקסטן צו טרעפען די אידען איז געווען ארויסצורייסען דעם מסחר פון די אידישע הענט. מיט דעם ענין האבען זיך אנגעהויבען באשעפטיגען די פוילישע און אוקראינישע אינטעליגענץ. די "בעסערע און געבילדעטע אנטיסעמיטען, האבען אויף קולטורעלען אופן אנגעהויבן אויפצוקלערען די קריסטלעכע פויערען, און אין דער זעלבער צייט האבען זיי גאר געמיינט זיך אנשטאפען זייערע אייגענע קעשעניעס מיטן פויערס געלט, און צו אונטערדריקען די אידען אין דער זעלבער צייט.

זיי האבען צווישען דער גוישער באפעלקערונג ארויסגעלאזען די לאזונגען "סוואי דא סוועגא" (דער אייגענער צו זייניגע" און "ניע קופאי או זשידא" (קויפט ניט ביי א איד) פון אט דער אנטיסעמיטישער אגיטאציע איז אויך גלינע ניט אויסגעלאזען געווארען.

אחוץ די עטליכע קליינע געוועלבלעך, וואס האבען שוין פון פריער עקזיסטירט אין די גוישע קווארטאלען, איז געעפענט געווארען א נעץ פון קליינע און גרויסע געוועלבען, אין די וויכטיגסטע גאסען פונם שטעטל. אין מיטען פון די אידישע געשעפטען, צווישען זיי זיינען געווען די גרויסע אוקראינישע קאאפעראטיוו, און די פוילישע קאאפעראטיוו, סעניקס גאלאנטעריי געוועלב און כאמוילעס שניט געוועלב.

די אוקראינישע קאאפעראטיוו איז געווען אויף דעם פלאץ ביים רוטעהנישען קלויסטער, דאס געוועזענע הויז פון די שטאלצענבערגס. דארט האבען זיי אויפגעשטעלט א גרויסע געביידע, וואו עס זיינען געווען אלע זייערע אפיסעס, ביוראס. די פוילישע קאאפעראטיוו איז געווען אין גלח שלעזאקס הויז, די געוועזענע פראפאנאציע סעניק, ימ"ש, האט געדונגען זיין געוועלב אין דעם הויז פון יצחק דוקלער. (נאך דעם טויט פון יצחקן, איז זיין ווייב געבליבען אן פרנסה, און איז געווען געצוואונגען פארדינגען איר שטוב. זי האט געלאזט אויסרופען עטליכע מאל אין שול אז א איד זאל ביי איר אפדונגען איר שטוב, נאר קיין איד האט זיך ניט געמאלדען, איז זי געווען געצווינגען דאס צו פארדינגען צו א גוי. אויף דעם זעלבען אופן איז אויך פארדונגען געווארען א געוועלב אין גוטמאנס הויז.) און אזוי זיינען נאך עטליכע קלענערע געוועלבלעך אריינגעפאלען אין גוישע הענט.

אויך זיינען אין מארק געווען גוישע יאטקעס, נאר דאס איז ביי די גלינער אידען שוין פון לאנג געווען א "כשרע" זאך, ווייל גלינער אידען האבען שוין לאנג פראקציטירט צו פארדינגען געוועלבלעך צו קריסטען, פאר פארקויפען חזיר-פלייש, וויסענדיג אז דאס קאן ניט שאדען טאן קיין אידען אין זיין פרנסה, ווייל קיין גלינער איד וועט ניט האנדלען מיט חזיר.

אויך איז די הויפט טראפיג, וואס איז פון דורות לאנג געווען אין גלינער אידישע הענט, איז ארויסגעריסען געווארען פון יאיר האלפערן, וועלכער האט עס אסך יארען געהאלטען אין ארענדע, און איז איבערגעגעבען געווארען אין גוישע הענט. אויך אין מארק, אין מיטען הארץ פונם שטעטל, וואו עס הבאען זיך געפינען אלע אידישע קלייטען, האט א גוי אפגעקויפט א הויז פון א איד, וואס איז אוועקגעפארען אין

אן אנדער לאנד. אזוי ארום איז דער גויישער מסחר אריינגעדרונגען אלץ מער און מער אין דעם אידישען צענטער פון דער שטאט, און האט וואס מער פארנומען אידישע פאזיציעס און דערמיט פארשמעלערט און פארערגערט די עקאנאמישע לאגע פון די גלינער אידען. און דאס איז ניט געווען נאר אין מסחר, נאר אויך אין דער מלאכה.

אין אנהויב האבען גויישע שקצים'לעך זיך געלערענט ביי אידישע בעלי מלאכות. דאס איז געווען שניידעריי, שוסטעריי, סטאלעריי, און שפעטער זיינען די גויישע לערענ אינגלעך געווארען אליין די בעלי מלאכות, און אסך, זייער אסך געשאדט די אידישע בעלי מלאכות, איבערהויפט די שניידער. סיי אין שטאט, סיי אין די ארומיגע דערפער זיינען געווען גויישע שניידער, שוסטער, סטאליארעס, מילערים, און קאוואליעס. אסך יארען איז דער גרעסטער טייל פון דער פאבריקאציע פון קולימעס, ד.ה. דיוואנעס געמאכט פון וואל, געווען אין אידישע הענט. גלינער קולינעס זיינען געווען באקאנט אין גאנץ פוילען. דאס איז נאך דער ערשטער וועלט מלחמה געווארען א מסחר פון א גרעסערען פארנעם און דאס איז גע־וועזן א מסחר צו וועלכען מען האט באדארפט האבען א גרעסערען קאפיטאל, און איניגע רייכע גלינער אידען האבען זיך מיט אט דעם מסחר פארנומען.

עס איז כדאי צו באמערקען אז דאס אויסארבעטען די דיוואנעס איז געווען א קוואל פון פרנסה פון דער שטאטישער און דארפישער גויישער באפעלקערונג, שפעטער האט דער גוי כאמולע ימ"ש, דער אנפירער פון די רוצחים פון פיל גלינער אידען, אויפגעבויעט א גרויסע פאבריק, אויסצוארבייטען די קולימעס. אין דער פאבריק האבען געארבעט איניגע הונדערט ארבייטער. עטליכע אידען פונם שטעטעל האבען נאך אויך געהאט פרנסה פון די קולימעס, פון דעם וואס זיי פלעגען ליפערען דעם וואל, פארבען און אויך לייען געלט צו אטייל פאבריקאנטען. "קלימע גליניאנסקי" ווי מען האט גערופען די דיוואנעס, האבען געהאט א גרויסען אפזאץ מארק אין פוילען און אפילו אין אויסלאנד.

אין גלינע איז אויך געווען א גרויסע אוקראינישע "מלעצארניע" (א פוטער פאבריק). די מלעצארניע איז געווען אויף דער טארגאוויצע, לעבען גויישען צווינטער. דאס איז געווען א פאבריק לויט אלע מאדערנע טעכנישע איינריכטונגען. אהין האבען די גויים פונם ארום , יעדען פרייטאג געבראכט די מילך פון זייערע בהמות, און איבער דעם טאג און דער נאכט , האט מען אין דער פאבריק אויסגעארבעט גאנצע טאנען פוטער. און דערנאך זיי אוועקגעפירט קיין לעמבערג. און אזוי ווי די מלעצאר־ניע האט געהערט צו אן אוקראינישער נאציאנאליסטישער געזעלשאפט, האט אין דער פאבריק קיין איין און איינציגער איד ניט געארבייט.

אין גלינע זיינען אויך געווען א גרויסע צאל פון דער אוק־ראינישער אינטעליגענץ, ווי אדוואקאטען, דאקטוירים און איזשענירען, און אסך פון זיי זיינען געווען די גרעסטע שונאים פון די פאליאקען. זיי זיינען געווען טעטיג אין דער אונטערערדישער באוועגונג, קעגען דער פוילישער מלוכה און תמיד געחלומט פון א זעלבשטענדיגער אוקרא־ינישער מלוכה, און אויך וועגען פארניכטען די אידען דורך אונטער־גראבען זייער עקאנאמישען עקזיסטענץ.

דערפאר האט דער דאזיקער אוקראינישער עלימענט זיך אזוי ברוטאל אויפגעפירט קעגען די אידען, אין דער צייט פון דער נאצישער אקופאציע פונב שטעטעל, מיט פראוואקאציע, רויב און מארד. פארשאלטען זאלען די "מענטשען" זיין אויך דור דורות!

## פערטער טייל

## פארוואס ? !

"אויב א איד איז אומגעבראכט געווארען
דערפאר וואס ער איז א איד, און ווען ער
זאל נישט זיין א איד, וואלט ער געבליבען
לעבען –
מיינט דאס אז ער איז אומגעקומען
על קדוש־השם"

רמב"ם, אגרת תימן.

הונדערטער יארען איז אין גלינע געווען א אידיש לעבען. די שטיבער, די גאסען, די ווענט, די שטיינער, האבען דארטען געזונגען זמירות, געקאנט אלע אידישע תפילות און גערעדט אידיש. איצט איז קיין זכר פון דעם ניט פארבליבען.

א מאדנע דינע שטילקייט נעמט מיך ארום, די שטילקייט פון אונזער קליין שטעטעל, וואו איך האב איבערגעלאזען מיינע ליבסטע און טייערסטע. איך זע איצט אין מיין דמיון צענדליגער און צענדליגער געשטאלטען פון גלינער אידען, פונם עלטערען דור, וואס איך האב געקאנט, ווען איך בין נאך גאר יונג געווען.

אידען זקנים מיט ווייסע בערד און אלטסענע בעקעשעס, מיט ברייטע גארטלען און סאמעטענע קאפעליושען. ווייבער מיט פאטשיילעס אויף די אפגעשוירענע קעפ, און אויך דעם יונגערען דור, ווייניגער פרום, אבער נאציאנאל באוואוסט, האט ער זיך מער פאראינטערעסירט מיט דער ארומיגער ברייטער וועלט, ווי מיט זיין טאטען און זיידע. דער שטאם מיטען ווארצעל איז אויסגעריסען געווארען. דארט, וואו עס איז אמאל געווען אונדזער שטעטעל גלינע, טרעט מער ניט קיין אידישער פוס, הערט מען מער ניט יעקבס קול. אפט מאל טראכט איך פון יענע ערליכע, פרומע גלינער אידען, מיט זייערע נשמה באלויכטענע שבתים און יום טובים, פון די שטילע, געמאסטענע טריט, וואס האבען געפירט אין שול אריין. מיט זייערע פרום געקנייטשטע שטערענס און ריינעם אידיש־לעבען. א לעבען וואס די ארומיגע גויאישע וועלט האט ניט געקאנט, און נישט געוואלט פארשטייען. זיי, די פעלקער פון דער וועלט, האבען וועגען אונדז אידען, גערעדט מיט פארגלאצטע אויגען, און מיט זייערע ליפען געשעפטשעט אויסגעדראשענע פראזען און פסוקים, אז "אידען האבען דער וועלט א רעליגיע, און א גלויבען אין איין גאט" זיי געגעבען. אידען האבען צוגעשטעלט דער וועלט תורה־קעפ, פילאסאפען און וויסענשאפטס מענטשען. אידען האבען צוגעטראגען דער וועלט גייסטיגע געדאנקען. אידען, "דאס פאלק פון דער ביבל" "דאס זאלץ פון דער ערד". מען האט זיך באנוצט מיט טויטע ווערטער, טויטע ווערטער זיינען איהערגעגאנגען פון מויל צו מויל, פון דור צו דור, אבער האבען גאר קיין ממשות ניט געהאט. ווען א וועלט איז פול מיט רשעות, האט מען א דריטעל פון דעם "ביבל פאלק", איבער זעקס מיליאן אנשים, נשים וטף אויסגעמארדעט, און געלאזט אז הונדערטער טויזענט אידען, קוים מיטען נאקעטען לעבען זיך געראטעוועט, זאלען זיך וואלגערען אין אלע בלוטיגע בלאטעס, פון די "די־פיס" לאגערען. שוין נאך דער מלחמה!(?) אמת אז א קליינער טייל

פון די פראזען־זאגער, האבען אין זייערע רייד אויך געהאט מוסר צו דער רשעות דיגער וועלט... אבער דאס האט וויייניג געהאלפען די דערמארדעטע, דאס האט זיי צוריק ניט לעבעדיג געמאכט, און צווישען די איבער זעקס מיליאן אידישע קדושים, זיינען אויך אונדזערע אייגענע, פון דעם שטעטעל גלינע, וועלכע זיינען באגלייך מיט אלע אידען פון דער וועלט אומגע־בראכט געווארען, דורך מיתות משונות, פארמוטשעט צום טויט, לעבעדיגער־הייט באגראבען געווארען, דערשטיקט געווארען אין די גאז קאמערען, פאר־ברענט געווארען אין די קרימעטאריאומס. זייער פארגאסען בלוט, זייער אומשולדיג פארשניטען לעבען וועט קיינמאל ניט שווייגען, עס וועט רופען און רופען, פרעגען און פרעגען: פארוואס? פאר וועלכע זינד? רופען און פרעגען עד סוף כל הדורות: פארוואס?, פארוואס האט א וועלט צוגעקוקט ווי נאצישע אויסוואורפען, חיות רעות אין מענטשליכען געשטאלט, האבען מיט בעסטיאלישען מארדלוסט געטריבען צו דער שחיטה , אידען אלט און יונג, פרום און וועלטליך, וועלכע האבען מיט דעם טויזענדיער יאריגען אלטען אידישען רוף "שמע ישראל!" אויסגעהויכט זייערע ריינע, הייליגע נשמות. עס זיינען פארברענט געווארען אידישע מאמעס , אפגעשטארבען מאמישע ליפען מיטן לעצטען אויסגעשריי"גאטעניו! פאטער אין הימל! דערבארעם זיך אויף דיין פאלק ישראל!" אידישע קינדערלעך זיינען דער־שטיקט געווארען אין מיטען פון זייער יאמערליכען געוויין און געשריי "אוי, מאמע!" ,ברידער און שוועסטער זיינען מיט פארביסענע ליפען,מיט געביילטע פויסטען און א קללה אויף די מערדער, זייער לעצטען גאנג געגאנגען, געגאנגען אן אן אויפהער!

הונדערטער יארען האבען אידען געלעבט אים שטעטעל גלינע (גליניאנע) געבויט דארט אן אייגען אידיש־לעבען. דור נאך דור געחלומט דארט חלומות, וואונדערבארע געדאנקען אויסגעוועבט אויךך א קאנווע פון רעליגיע, השכלה און נאציאנאליזם. א גאנצע אייגענע וועלט פאר זיך גע־שאפען, און קיינעם פון די ארומיגע, פון זייערע שכנים ניט אנגערירט. און פלוצלים איז פונם גיהנום ארויס ווילדע, פינסטערע רוצחים, נאצים, אוקראינער, פאליאקען און די גאנצע עדה גלינער אידען, גרויס און קליין, אלעמען צוזאמענגעטריבען, ארויסגעפירט אין פעלדער און וועלדער, אויס־געגראבען א ריזיג־גרויסען גרוב, אלעמען דערשאסען, פארגאזט, פארברענט, די ערד צעטראטען, אויסגעגלייכט, פלאך געמאכט, גלייך גארנישט איז געשען... קיין קדיש האט קיינער ניט געזאגט, קיין מלא האט קיינער נישט געמאכט, קיין מצבה האט מען ניט געשטעלט, פארשוואונדען ווי א רויך, ווי א וואלקען אפגעמעקט פון דער ערד א שטאט מיט אידען. געבליבען איז נאר א שאטען, וואס גייט ארום איבער דער וועלט און פרעגט:"פארוואס?פארוואס? האבען גראד מיר, די גלינער אידען צוזאמען מיט נאך זעקס מיליאן אידען פון דער וועלט זיך פארזינדיגט פאר גאט, פאר דער געשיכטע, פאר דער מענטשהייט, וואס איז אויף אונדז ארויפ־געפאלען אזא אומרחמנותדיגער גורל?

טייער, כשר, הייליג אידיש שטעטעלע גלינע! ווי אזוי ביסטו פארשניטען געווארען? אלץ און מיט אלעמען מיטען פייער און קוילען אוועק. איינגעווארפען די הייזער, פאראקערט דאס הייליגע ארט, אויב עס איז געבליבען א אידיש הויז, אגאנץ הויז, וואוינען דארט פרעמדע, אונדזערע מערדער. פארשוואונדען איז יענער טיפער אומעטיגער נגון פון תקון חצות, סליחות, מעביר זיין די סדרה, תהלים זאגען, חומש און גמרא נגון פון די חדרים, פון קלויז, פון די בתי מדרשים. עס זיינען פארטומט געווארען די שטילע וויג לידער, וואס אידישע מאמעס האבען געזונגען איבער קינדערישע וויגעלעך. קיינמאל, קיינמאל וועט

וועלן נישט געהערט ווערען די שטילע, הארציגע געבעטען:"גאט פון אב-רהם, יצחק און יעקב", קידוש, זמירות און הבדלה געזאנגען. די האר-ציגע פאלקס לידער און חסידישע נגונים. דאס נייע געזאנג פון דער "התקוה", די "שבועה", די פשוטע הארציגע לידלעך פון ליבע און בענקע-ניש, וואס זיינען געזונגען געווארען אין די אידישע וואכשטאטען, און אין דעם "זאפוסט" ווילדעל - זיי זיינען אויך אייביג אפגעהאקט, אפ-געשניט געווארען. עס זיינען פארשניטען געווארען יענע אלטע אידען, אונזערע זיידעס און טאטעס מיט די לאנגע גרויע בערד און פאות, מיט די קלארע, לויטערע, קינדערישע אויגען, פול מיט גוטסקייט און חכמה. די צניעות'דיגע מאמעס און באבעס, מיט זייער נשמהדיגער איבערגעגעבענהייט פאר דער משפחה. זיי, יענע אידען, יונג און אלט, וואס זיינען דורות לאנג דורכגעגאנגען אלעבען שטיל, שטאלץ און מיט ווירדע, וואס זיינען געווען פארטיפט אין טיפע רעיונות, וועגען דעם אייגענעם פאלק און דער גאנצער וועלטס אויסלייזונג - פון זיי איז אונז נאר זכרונות פאר-בליבען. דער גלאנץ פון זייער לעבען און דאס אפשפראלונג פון זייער גייסטיגקייט איז אונז געבליבען.

אוי, אונזער שטעטעלע! מיין שטעטעלע גלינע! אין דער אמתן ביס-טו שוין מער נישטא. דאס אידישע שטעטעלע גלינע איז מיט דערנער בא-וואקסען, דער אידישער ישוב דארטען איז אויסגעקארעניעט געווארען פון בייזע רוצחים, אבער ווי ציטעריג דיין אנדענק לעבט אין הארצען און אין מוח פון דיינע קינדער, וואס זיינען אין ווייטען לאנד פארטראגען געווארען. און מיר, דיינע פארוואלפענע קינדער, האפען אז אפשר וועט קומען א צייט, ווען אונזערע קינדער, אייניקלעך וועלען גייען זוכען זייער שורש, דעם שטאם פון וואנען זיי קומען ארויס. דאן - וועלען זיי אויפציטערען, ביים שטודירען, פון דעם אלץ וואס זיי וועלען לייע-נען אין ביכער מיט די באשרייבונגען, ווי אזוי זייערע עלטערען און עלטער-עלטערען אין דעם קליינעם שטעטעל גלינע האבען געלעבט, זיך גע-פירט, און געהאפט אויך א בעסערער צוקונפט פאר זיך, פאר זייער פאלק און פאר דער גאנצער מענטשהייט.

בלויז געציילטע אידען האבען זיך געראטעוועט פון דער אויס-ראטונגס- אקציעס, פון די גאז-אויוועס, בכדי צו קאנען דערציילען די מעשים פון די נאציעס און אוקראינער מערדער.

מיר פארצייכענען אט די אידישע מארטירעאלאגיע געשיכטע - למען לא ישכח! דאס הייליגע אנדענק פון אלע גלינער אידען און די דארפס אידען פון דעם ארום, אונזערע קדושים, שמסרו נפשם על קדושת השם!.

# גלינע ערב דער צווייטער וועלט מלחמה

יאר 1939. עס איז פאר דער מלחמה. אין גאס איז לעבעדיג, אין מארק שטייען רעדלעך מענטשען. מען רעדט, מען דערציילט נייעס, מען סודעט זיך, ביי יעדען איינעם הערט מען נאר איין ווארט: מלחמה! שוין, שוין האבען מיר מלחמה! פלעגען אורומגייען סייל מענטשען, וואס האבען זיך צוגעהערט צו דער ראדיא, היינט, מארגען ברענט די מלחמה אויס. אבער עס האבען זיך אויך געפינען אזעלכע לייט, וואס האבען זיך געמאכט לייכט אויפן הארץ: עס וועט פארט קיין מלחמה ניט זיין. אבער די שרעק פאר מלחמה איז געוואקסען יעדעס מאל גרעסער און גרעסער.

די גאנצע לופט האט שוין אנגעהויבען צו שמעקען מיט מלחמה. עס איז שוין פארגעקומען די ערשטע מאבליזאציע. געווען איז עס אין א פארנאכט. מען האט געבראכט די נייעס אין שטאט, אז מען מאבליזירט. אין אייניגע מינוטען ארום זעען מיר שוין לויפען דעם קאמענדאנט מיט די אויפפאדערונגען, וועלכע מענטשען עס ווערען גערופען. אויף יעדען איינעם פאלט א שרעק. ווייבער וויינען, צוקוקענדיג ווי אייניגע יונגעלייט פארלאזען שוין גלינע, און גייען פארטעדיגען דאס פוילישע פאטערלאנד. צווישען די ערשטע מאבליזירטע זיינען געווען, משה וואלך (באדאק) גרשון פאלעכאווערס אינגעל, חיים מלך נאסס, און נאך אייניגע.

ווען גלינער אידען דערמאנען זיך אין יענם פארנאכט, דערזעען זיי ווידער דעם גרויסען טרויער, וואס עס איז דאמאלט געווען אין שטאט, וואו קיין שום איד איז ניט געזעסען ביי זיך אין דער היים. יונג און אלט איז געגאנגען געזעגענען זיך מיט די מאבליזירטע אידען. ווייבער האבען געוויינט, מאמעס האבען געחלשט, אין יענעם טרויעריגען מאמענט.

דאס אלץ איז נאך געווען אייניגע טעג פאר דער מלחמה. ביז מען הויבט זיך אויף פון שלאף, דעם ערשטען סעפטעמבער, גאנץ פרי, און מען דערהערט די שרעקליכע נייעס אז די מלחמה האט זיך שוין אנגעהויבען. אין יענעם טאג ווערען שוין מאבליזירט מער אידען. זיי פארלאזען גלינע מיט א זיי געזונט, ווער ווייסט, טייער שטעטעלע, צי מיר וועלען דיך נאך אמאל זעען!

אין דעם ערשטען טאג פון דער מלחמה, הערען מיר ווי די לופט רוישט און רוישט, ווי עס וואלטען ערגעץ וואו געפאלען באמבעס, אבער קיינער האט זיך גאר ניט געקאנט פארשטעלען אז דאס זענען טאקע אמתע באמבעס. ערשט ארום 2 בייטאג איז געקומען צופארען א אויטובוס פון לעמבערג, און מענטשען קומען ארויס פון אים מיט א שרעק און דערציילען, אז זיי אליין האבען געזעען ווי לעמבערג איז געווארען באמבאדירט. זיי האבען אליין געזעען די געהרגעטע און פארוואונדעטע, וואס זיינען געפאלען אין לעמבערג. די שרעק אין שטעטעל איז גרויס. עס ווערט פריטאג פארנאכט, די צייט פון ליכט בענטשען, מען דארף גייען דאווענען. אבער עס איז ארויסגעגעבען געווארען א באפעל, אז קיין שום שיין פון א ליכט טאר זיך ניט לייכטען דורך א פענסטער. ביי וועמען מען וועט דערזעען א שיין פון א ליכט, וועט מען אריינשיסען א קויל. די פוילישע מאכט האט זיך פארשטארקט מיט דער הילף פון די סטריעלצעס. די סטריעלצעס זיינען ארומגעגאנגען איבער דער שטאט און געהאלטען ארדענונג. זיי האבען באדארפט היטען די שטאט פון שפיאנען און יעדען פרעמדען דורכגייענדיגען מענטשען לעגעטימירען.

זינט די מלחמה איז אויסגעבראכען האט מען אין שטעטעל ניט געוואוסט וואס עס טוט זיך אויף דער וועלט. די קאמוניקאציע מיט לעמבערג איז געווען איבערגעריסען, און די באנען זיינען געווען נאר פאר דעם נוץ פון די

מאבליזירטע. קיין ציייטונגען זיינען מער אין שטעטל ניט אנגעקומען,נאר
אדאנק די כוואליעס זעלנער,וואס פלעגען טאג טעגליך דורכגייען גלינע,
זענען מיר געוואר געווארען די לעצטע נייעס: דער דויטש איז שוין אין
קראקא, ער איז שוין אין פשעמישל, אט אט קומט ער אריין אין לעמבערג!
מיט יעדען אנגעקומענעם טאג הערען מיר אט די נייעס, דאס איז שוין ביי
אונדז דער בעסטער סימן אז דער "פריינט" איז שוין נאהענט.

עס איז ערב ראש השנה. אין מיטען דער נאכט קומט אן א באפעל,אז
אלע מענער מוזען פארלאזען גלינע. אין יענער נאכט האט זיך געטאן חושך
אין שטעטל. די פוילישע פאליציי פערלאזט אין גרויס איילעניש גלינע.
מענער געזעגענען זיך מיט זייערע פרויען, קינדער מיט זייערע עלטערען,
און מען לאזט זיך אין וועג אריין.דאס געווען אין שטאט איז גרויס,
ווייבער באקען אויך יום טוב און מיט טרערען באגיסען זיי די יום טוב-
דיגע חלות.נאר בשעת אלע מענער זיינען שוין געווען גרייט צו פארלאזען
גלינע, ווען יעדער מאנסביל איז שוין געווען אונטערען שטאט, אויפן
פראנאעווער וועג, האט דאס באשיסען די שטאט זיך אנגעהויבען צו דער-
נעענטערען און מען האט דערזעען אז לויפען איז שוין צו שפעט. מען האט
באשלאסען צוריק זיך אומקערען אין שטאט. וואס עס וועט זיין מיט אלע
אידען אין שטאט, וועט מיט אונדז אויך זיין. מען האט אראפגעווארפען
די פלעצאקעס פון פלייצע, און מען האט זיך פארלאזט אויפן גורל.

די שטאט געהערט ניט צו קיין שום מאכט. די פאליאקען זיינען
אוועק, דער דויטש איז נאך נישטא. אט אט קומט ער אריין! טייל אידען
זיינען געלאפען זיך באהאלטען אזש הינטען ביים רבין אין קעלער. די
געשעפטען זיינען אלע געשלאסען, נאר אויך א טייל מענטשען איז איצט
יום טוב, דאס זיינען די אוקראינער. זיי זענען ארויס אונטער דער שטאט,
מקבל פנים זיין זייער באפרייער, דעם דייטש. יומטובדיג זיינען זיי
דארט אונטער דער שטאט געשטאנען אויפצונעמען זייער גאסט. אין שטאט
זיינען זיך צונויפגעקומען טויזענטער גויים פון די ארומיגע דערפער,זיי
האבען געמיינט אז די אידען זיינען אנטלאפען, און זיי זיינען ארום-
געגאנגען מיט זעק, גרייט צום רויבען, פונקט ווי זיי האבען דאס געמאכט
בשעת דעם ערשטען וועלט קריג, אין יאר 1914. נאר זיי האבען זיך שטארק
טועה געווען, ווייל אין יעדען הויז האבען זיך געפינען אידען, און
אידיש פארמעגען איז נאך ניט געווען אויף הפקר.

אזוי האט די סיטואציע געדויערט ביז פארנאכט. עס איז די
ערשטע נאכט ראש השנה, מיר זיינען הפקר, מיר באשליסען צו שאפען א
זעלבסשוץ, אליין צו היטען די שטאט,פון אנפאלען פון די אוקראינער. א
גאנצע נאכט גייען אידען ארום באוואפענט מיט שטעקענס און היטען די
שטאט. די לאגע האט זיך ניט געביטען אין דיביידע טעג ראש השנה,
און דער דייטש איז אין שטאט אלץ ניט אריין.

צימארגענס, נאך ראש השנה אין דער פרי, האט די פוילישע פאליציי
זיך צוריק אומגעקערט אין שטאט אריין. די לאגע האט זיך אביסעל פאר בע-
סערט: מען לאזט דעם דייטש ניט אריין קיין לעמבערג. נאר אין דער זעל-
בער צייט האבען זיך אויך געלאזט הערען קלאנגען, וואס קיינער האט זיך
ניט געגלויבט אז עס איז אמת. קלאנגען,אז די סאוועטישע זעלנער גייען.
איינציגע האבען געזאגט אז זיי גייען העלפען די פאליאקען. אין אנהויב
האט מען מורא געהאט ארויסברענגען די נייעס פון מויל, נאר פארנאכט צו
האט דער פאליציי קאמענדאנט דערקלערט, אז די סאוועטען זיינען שוין אין
טארנאפאל. קיינער אבער האט ניט געוואוסט מיט וואס פאר א ציל די רוסען

גייען. צי זיי גייען העלפען די פאליאקען און אנפאלען אויפן דייטש,צי זיי גייען העלפען גאר דעב דייטש.

דעב אנדערען טאג נאך ראש השנה,מיר זעען ווי דאס פוילישע מיליטער אנטלויפט,לויפען אויף אלע וועגען, אויפן וועג קיין פשעמישלאנע, זיי זוכען א וועג ווי זיך דורכרייסען.זיי ווילען נישט אריינפאלען צו די רוסען, און אויך נישט צום דייטש. אבער דער וועג ארום איז שוין פארנומען פון די רוסען. זיי ווילען אוועק אויף רומעניע, אבער אויך דער וועג איז פארנומען פון די רוסען. די סאוועטען זיינען שוין אין סלאוויט, אין יאכטראוו,אט,אט זיינען זיי שוין אויך ביי אונדז.

עס איז פארנאכט. עס ווערט א געלויף. מענטשען לויפען אין מארק. וואס איז? קיינער ענטפערט ניט, מען לויפט. אבער צוקומענדיג צו דער אפטייק,דערזעט מען דעב וואונדער: צוויי רוסישע זעלנער אויף פערד, מיט נאגאנקן אין די הענט, שטעלען זיך אפ לעבען דער אפטייק, זיי הויבען אן צו ריידען צום אנגעלאפענעם עולם, זיי ריידער רוסיש, קיינער פארשטייט זיי נישט. נאר אדאנק דעם, וואס דארט האט זיך אויך געפינען מיכל נאסס, וועלכער איז אין ערשטען וועלט קריג געוועך איינינגע יאר אין רוסלאנד, און האט גוט באהערשט די רוסישע שפראך, האט ער איבערזעצט וואס די צוויי זעלנער האבען געזאגט.אז מען זאל פאר זיי קיין מורא ניט האבען, אז זיי זיינען געקומען אונדז באפרייען פון די פוילישע פאנעס און פאמעשטשיקעס.

דאס איז געוועך דער ערשטער רוסישער פאטראל. אין איינינגע מינוטען ארום האט פון דערווייטענס אנגעהויבען צו מארשירען דאס רוסישע מיליטער. צווישען די זעלנער האבען זיך געפינען אסך אידען.מען האט זיך מיט זיי שטארק דערפרייט, נאך א איד, נאך א איד, אפילו זייערער קאפיטאן איז געווען א איד. אין זיין ריידע האט ער צו די אידען פון שטעטל געזאגט: "אידעלאך,אייער משיח איז געקומען!"

די כרייד אין שטאט איז ניט צום באשרייבען. נאך אפאר וואכען צייט מאכט מען ווידער ליכטיג אין די פענסטער, און ביז שפעט אין דער נאכט שטייען אידען און קוקען ווי דאס מיליטער גייט ,און גייט, אן א אויפהער. דריי טעג און דריי נעכט איז אזוי געגאנגען דאס רוסישע מיליטער, אלץ אויף לעמבערג. אידען פלעגען אפשטעלען א זעלנער און מיט אים ריידען, אויספרעגען וועגען דעם לעבען אין רוסלאנד. די זעלנער האבען זייער פריינטליך געענטפערט און דערציילט די גליקען, וואס דערווארטעט אונז, אונטער דער נייער ממשלה.

נאר מיט דער צייט האט די לאגע זיך פארערגערט. מען האט אין שטעטל אנגעהויבען איינצופירען די סאוועטישע סיסטעם פון לעבען. די פריוואטע געשעפטען זיינען ליקווידירט געווארען, אלץ איז אריבער אין קאאפעראטיווע הענט, אלץ האט געהערט צו דער מלוכה, און מיר זיינען געווארען בירגער פון דער גרויסער סאוועטישער מאכט.

אנדערהאלבען יאר צייט האט מען אזוי געלעבט אונטער דער סאוועטישער הערשאפט. גאנץ אינטערעסאנט איז געווען דאס נייע לעבען. פאר איינעם איז דאס געווען א גליק, פאר דעם צווייטען – א אומגליק,נאר יעדער איינער האט געלעבט,געווען זיכער מיט דער נשמה, ביז די ווילדע היטלעריסטישע חיה איז באפאלען דאס ראטען פארבאנד, און דער אומגליק איז געקומען.

# גלינער אידען פארשיקט קיין רוסלאנד

אין דער צייט פון דעם סטאלין־היטלער אפמאך 1939 - איז גלינע איינגאנצען ארונטערגעקומען אונטער דער קאמוניסטישער ממשלה. די גלינער אידען זיינען אין אסך פאלען געווען דאס כפרה־הינדעל פאר פרעמדע זינד...

ווען די דייטשען זיינען באפאלען רוסלאנד, און די קאמוניסטען האבען געמוזט פארלאזען גלינע, האבען זיי אסך גלינער אידען מיט זיך אוועקגעפירט קיין רוסלאנד.וויפיל פון אט די גלינער אידען לעבען נאך אין רוסלאנד, איז שווער צו זאגען.

אינם יאר 1940, האט די ען.קא.ווע.דע. די רוסישע געהיים פאליציי, אויסגעקליבען מענטשען , וועלכע זיינען לויט זייער מיינונג נישט געווען לאיאל צו דער ראטער מאכט. מענטשען, געוועזענע פאבריקאנטען,גרויס־סוחרים, און מענטשען מיט אייגענע מיינונגען, אקטיווע ציוניסטען, בונדיסטען, און סתם מענטשען ,וואס מען האט אויף זיי געהאט א חשד.

אין דער קאטעגאריע פון בורזשוי, האט מען פון גלינע אוועקגע־פירט די פאלגענדע אידען: דר. ש. נאסס און פרוי.(זייערע קינדער האבען זיך געפינען אין לע אין לעמבערג און אזוי ארום זיך געראטעוועט)פרוי דר. ראטהפעלד, דר. טענענבוים מיט דער פרוי און טאכטער.(דר.טענענ־בוימס"פארברעכען" איז געווען וואס ער איז אסך יארען געווען דער פרע־זידענט פון דער ציוניסטישע ארגאניזאציע, אין גלינע.מען האט אפילו פאר איב געזאמעלט אונטערשריפטען אז ער איז ניט קיין בורזשוי, נאר עס האט ניט געהאלפען.) משה מעטה און פרוי.(זיין פרוי איז אין עטליכע חדשים ארום צוריקגעקומען פון רוסלאנד)

אויך פינף יאר "פאסילקע" קיין רוסלאנד, זיינען ארויסגעשיקט געווארען, משה ניימאן און יאנקעל אויער. ער איז אפגעווען זעקס חדשים ערגעץ לעבען מאסקווע, נאר דורך שמירען אין לעמבערג ביי די הויכע באאמטע, איז ער א היים געקומען. שמעון גאלד (בעקער) און שמאריע קינהאלץ האט מען פארשיקט קיין רוסלאנד, פאר ארויסגעבען א ברויטעל פון דער בעקעריי. די צוויי אידען זיינען ערגיץ אין רוסלאנד פארפאלן פארפאלען געווארען.

די רוסישע מאכט האט אויך מיטגענומען מיט זיך אינגלעך פון 17־18־19 יאריקע צום אקטיווען מיליטער דינסט. און ביים אויסבראך פון דער מלחמה צווישען רוסלאנד און דייטשלאנד, האט מען אויך אסך יונגווארג צוגענומען אין די ארבעטער באטאליאנען. אמת אז אסך זיינען צוליב דעם ניצול געווארען פון די נאציש מערדער און גאז־קאמערען.

חול המועד פסח, דעם 16טען אפריל 1941, האט מען פון שטעטעל ארועקגענומען 17 יונגעלייט. דאס איז געווען די ערשטע גרויסע גרופע, וואס זיי האבען צוגענומען אין דעם ארבעטער באטאליאן. געפירט האט מען די אידען קיין באסאראביע. געהייסען האט עס, אז זיי וועלען דארטען פארבלייבען נאר צוויי חדשים, אבער איידער זיי האבען געזאלט קומען איז דייטשלאנד באפאלען רוסלאנד.

די 17 יונגעלייט זיינען: דוד שאלאפ(קעסלערס זון) יונה מעהלמאן(גרשונס זון) מאיר בובער,יעקב בוים (רבקה ביילעס זון) שלמה פאגעלפאנגער(משה ספאדיקס זון) בצלאל צוועק(משה ליכטציערס זון) יודעל

פארב(רויטען דודס אייניקעל) משה דוקלער(פון זאמאשצע) משה פוקס (שמעון טשוצעס) שאיע בראטער(ביבעצעס) ליביש מאהל(קאראוויץ) משה וויינמאן (ביילע וויינמאנס זון) הערש פינגער(וויזלאנע) פייוועל מאיר(איטשעלע חסידס אייניקעל) דוד ריינהאלץ (קיילע הענעס אייניקעל) שלום מויער(מאיר מויערס אייניקעל.)

אט וואס שלום מויער,איינער פון דער פארשיקטער גרופע וואס איז צוריקגעקומען דערציילט, וואס פון די 17 גלינער אידען איז געווארען.

"די 17 האט מען פון באסאראביע אוועקגעפירט קיין אדעס. בשעת דעם ארומרינגלען אדעס ,זיינען 10 פון אונדז געבליבען ביי די דייטשען, 3 זיינען אויף דעם וועג, ביים אנטלויפען געפאלען פון באמבעס. זיי זיינען: שאיע בראטער, צלאל צוועק און משה פוקס. יודעל פארב איז געפאלען אין די לעצטע טעג פון קריג.3 לעבען"

" נאך לאנגע טעג און נעכט פון וואנדערען, זיינען מיר אנגעקומען קיין ווארשילאווגראד. געוואנדערט אויף קאווקאז,דארט האט מען אונדז אפגעלאזט.דאס איז געווען אין יאר 1943.ווען די דייטשען האבען פארנומען קאווקאז איז די לאגע געווארען זייער קריטיש. דאן בין איך און נאך א לעמבערגער איד, מיטן נאמען זיינגער, אנגעקומען אין גרוזיע, און מיר האבען זיך באזעצט אינם שטעטל טעלאווע, ביז דעם יאר 1945, און האבען מער גלינע ניט געזעען."

א צווייטע גרופע גלינער יונגווארג האט מען פארשיקט קיין קארוויץ, א דארף נישט ווייט פונם שטעטל, און זיי זיינען אלע געבליבען אונטער די נאציעס. ווען די דייטשען זיינען אריין אין גלינע זיינען אנטלאפען די ברידער קרוש, אייזיק און הערצעל. משה קאנער. בונצע דוקלער. הערש לייב גרויבארד. מאניע האכבערג.איניגע פון זיי לעבען.

אויסצוגען פון א בריוו צו ה. האלפערן:

... איך שרייב וועגען דעם חורבן גלינע, נישט דאס וואס סזאל עמיצען געפעלען צום לעזען,נאר דאס וואס מיינע אויגען האבען געזעען און מיינע אויערען האבען געהערט. איך באשרייב דאס וואס איז אין דער ווירקליכקייט געשען, אין דער צייט פון דער דייטשישער אקופאציע, ביי אונז אין שטעטל גלינע.איך וועל דעם אמת ניט באפוצען און ניט באפארבען, נאר באשרייבען דאס וואס עס איז דארט פארגעקומען.

אסך זאכען וואס זיינען אין דער אמתן געווען שרעקליך, וועלען אויף דעם פאפיר אפשר נישט אזוי טראגיש אויסזעען, און פארקערט,זאכען וואס זיינען אין דער ווירקליקייט נישט געווען אזוי טראגיש ,זאלען אויפן פאפיר יא שרעקליך קלינגען.

איך גיב דאס אנגעשריבענע איבער צו אייך. הער ה.האלפערן, און האף אז איר וועט דעם מאטעריאל ווי געהעריג צוזאמענשטעלען.

ברגשי כבוד,
יחיאל ליינוואנד,
מאנטריאל,קאנאדא.
אויגוסט,1948

# דער אנהויב פון אונזער גרויסען בראך

## דער היסטארישער טאג

דער טאג פון דעם 22טען יוני,1941 איז פאר אונז,אידען, א טרויעריגער היסטארישער טאג. אין יענעם טאג, 10 א זייגער פאר מיטאג, האט דער רוסישער אויסערען מיניסטער,מאלאטאוו, איבערגעגעבען דורך דער ראדיא א מעלדונג, אז צוליב דעם איבערפאל פון דייטשלאנד אויפן ראטען פארבאנד, איז רוסלאנד געצוואנגען איבעררייסען איר פרידענס פארבינדונג מיט דייטשלאנד און דערקלערען איר קריג.

דערהערענדיג די טרויעריגע דערקלערונג איז יעדער איד געווארען דערציטערט, א פינסטערער נעפעל האט באדעקט די אידישע גאס,א מרה-שחורה האט ארומגענומען יעדען איד,ניט וויסענדיג וואס ער זאל טאן. יעדע אידישע צורה איז פארענדערט געווארען,אז מען האט שוין איינער דעם אנדערען כמעט ניט דערקאנט. יעדער איד האט אנגעהויבען זוכען אן ארט וואו זיך קאנען אויסבאהאלטען, אין פאל מען וועט דארפען, און דערביי אויך שוין געזוכט אן ארט וואו זיין ביסעל פארמעגען צו באהאלטען.זקנים האבען אנגעהויבען זיך צונויפקומען אין די בתי מדרשים,דערשראקענע און דערשלאגענע, און איינער ביים צווייטען האט געפרעגט אן עצה"מה לנו לעשות?. די איינציגע האפענונג ביי יעדען איז געבליבען "אולי ירחם!

נאך שרעקליכער איז געווארען אנודזער צער דעם ערשטען יולי,דאס זעלבע יאר,דערזעענדיג אז די לעצטע רוסישע גרעניץ וואך פארלאזט אזנזער שטעטעל. די שיינע, ווארימע תמוז טעג זיינען פאר אונדז אידען פארוואנדעלט געווארען אין קעלט און אין ציטער. מענער הויבען זיך אן אויסבאהאלטען,פרויען און קינדער, זקנים און זקנות בלייבען זיצען אין די שטיבער,פארשלאסען פון אינערווייניג. די אידישע גאסען זיינען ליידיג און פינסטער געווארען. ביסלעכווייז הויבען אן גויים אריינקומען אין שטעטעל,איינצעלנע און גרופען גויים ציען זיך פון די ארומיגע דערפער, מיינענדיג אז עס איז שוין געקומען די שעה פון רויב און מארד.

אויך בוידעמער און אין קעלער, אין בונקערס און אין פארמאסקירטע טיפע גריבער ליגען אידען מיט הארץ קלאפעניש און קלערען וואס עס וועט זיין שפעטער אין א שעה ציים. ווער ווייסט,מי יחיה ומי ימות. אין די שטיבער זיצען מאמעס מיט קינדער און קלאגען אויף דעם באלדיגען גורל,פאר דער מורא, ווער ווייסט וויפיל אלמנות און יתומים עס וועלען באלד זיין.

דעם זעלבען טאג, נאך מיטאג האט אריינמארשירט דער ערשטער דייטשישער פאטראל, וועלכער איז באשטאנען פון צוויי זעלנער. באלד נאך זיי האט אנגעהויבען אריינמארשירען די מערדערישע ארמיי. דעם מאמענט, די פארצווייפלונג, די שרעק פון יעדען איד, איז ניט מעגליך פארצושטעלן. דארט ווי דער איד איז געליגען פארשטעקט, האט ער גענומען זאגען וידוי, קלערענדיג אז אט, אט קומט זיין סוף. די גרויסע 245 יאריגע שול מיט די דריי בתי מדרשים ארום, זיינען שטייען געבליבען פארשעמט. זיי זיינען באהאנגען געווארען מיט א שווארצען וואלקען, און עס האט אויסגעוויזען ווי זיי קוקען זיך אן און באוויינען דעם חורבן פון זייערע מתפללים.

פון דער אנדערער זייט, איז די אוקראינישע אינטעליגענץ מיט איר יוגענד, אנטקעגען געגאנגען דער היטלער ארמיי מיט פויק און טאנץ, און זיי באווארפען מיט בלומען. פון אלע זייטען האט זיך געהערט פרייליכע אויסגעשרייען " הייל היטלער!" "סלאווא אוקראינא!" מען האט גענומען זינגען דאס באקאנטע ליד "סמערט, סמערט זשידא-קאמונע!" ד.ה. א טויט, א טויט דער אידישער קאמונע.

די אוקראינישע אינטעליגענץ האט זיך געפרייט מיט דעם טאג, אויף וועלכען זיי ווארטען שוין אזוי לאנג, און איצט זיינען זיי זיכער, אז היינט וועלען זיי קאנען פירען צו דער תליה, די פון זיי פארצייכענטע 50 אידען. היינט וועלען זיי אנטרינקען די ערד מיט אידיש בלוט. היינט וועלען זיי באווייזען אז כמפלניצקע איז זייער זיידע און פעטלורע – זייער ברודער.

איין טייל פון דער אריינמארשירענדער ארמיי איז נאר דורכגעגאנגען די שטאט, און דער אנדערער טייל איז געבליבען רוען דארט. און דוקא זיך אויסגעוויילט די אידישע גאסען. אלע ווילדצקעלעך, אלע מארק פלעצער זיינען פול געווען מיט די רוצחים, פול געווארען מיט מיליטער וועגענער, מיט לייכטע טאנקען. אלע שטיבלעך זיינען ארומגעשטעלט געווארען מיט מאטארציקלען, אזוי אז מען מעג באמת זאגען "אז עס איז נישט געווען קיין ארט וואו א נאדעל צו ווארפען". די שרעק פון די פרויען און קינדער און אויך פון די באהאלטענע מענער איז געווען שוידערליך. די גוים שטיין שוין פארטיג, נאר צו הערען פון דעם קאמענדאנט דעם באפעל"רויב און מארד!". ווייל מער האבען זיי ניט ערווארטעט.זיי האבען אבער ביסלעכווייז דערזעען אז זייער שטייען און ווארטען איז אומזיסט. זיי האבען דערזעען אז זיי וועלען היינט ניט זוכה זיין צו דערלעבען דעם"גליקליכען טאג". זיי האבען גאר דערזעען אז ביסלעכווייז עפענען זיך גאר די טירען פון די אידישע הייזער, מען טיקט ארויס קליינע קינדער, און נאך זיי שטרעקען פרויען ארויס זייערע קעפ, עפעס זעען, עפעס הערען.

און דער טאג פאר וועלכען מיר האבען אזוי מורא געהאט, דער טאג פאר וועלכען מיר האבען זיך אזוי געשראקען, דער טאג וועלכער האט יעדען אידען גרוי און אלט געמאכט – ווייל דער עיקר, האט מען געזאגט, איז דער ערשטער טאג פונם דייטשס אריינמארשירען – דער טאג איז ביי אונז דורך אן קרבנות, אן בלוט פארגיסונג.

אבער מיר גלינער אידען האבען זיך ניט געקאנט פרייען מיט דעם גוטען, ווייל אין די ארומיגע דערפלעך און שטעטלעך, איז יענער טאג געווען זייער א שלעכטער. אין דארף קוראוויצע, נישט ווייט פון גלינע, האט מען אין יענעם טאג אויסגעשאסען מער ווי 100 דידען, אלע אנגעלאפענע אידען. צווישען זיי זיינען געווען 6 קארווישטער און 2 גלינער אידען, מאטיע בן יעקב אלערהאנד און זיין אידעם,דר. שמואל פיילער. אין דארף קריוועטש האט מען אין יענעם טאג אויסגעהרגעט און פארברענט אלע אידען וויפיל עס איז דארט נאר געווען. דאס זעלבע איז געשען מיט 20 פראצענט אידען פונם דארף סלאוויט. אין דעם שטעטעל פרעמישלאנע האט מען פארברענט די גרויסע שול, אין וועלכער עס איז געווען באהאלטען עטליכע אידען, און קיינער פון די באהאלטענע האט זיך ניט באוויזען צו ראטעווען.אין דעם שטעטעל זלאטשוב, איז אין יענעם טאג אויסגעקוילען געווארען 3.000 אידען. אין די שטעטלעך יארטשוב, בוסק, קאמינקע, נאענטסטע צו גלינע, זיינען פארגעקומען פאגראמען, ביי אונז אין גלינע,

ווי איך האב שוין אויבען געזאגט, איז דער טאג דורך און בלוט פארגיסונג. די סיבה פאר דעם, האט מען געזאגט, איז געוועזן , וואס דער מיליטערישער קאמענדאנט האט ביים אריינקומען אין שטאט, דערקאנט א אידישען אפטייקער, מיט וועמען ער האט צוזאמען שטודירט אין וויען.אבער צי דאס איז טאקע אזוי האט קיינער אויף זיכער ניט געוואוסט.

דאס רואיגע און שטילע דורכמארשירען און דאס רואיגע אריינקומען פון דער דייטשישער ארמיי, האט ניט געשמעקט דער אוקראינישער אינטעליגענץ. די פארשטייער פון דער אוקר. נאצ. פארטיי,זיינען זיך ביינאכט צוזאמענגעקומען און ארומגערעדט די "גרויסע עולה",וואס איז באגאנגען געווארען קעגען זיי , מיט דעם רואיגען איינמארש פון דער דייטשישער ארמיי.

זיי האבען זיך געפילט באליידיגט און פארשעמט, וואס די ווארטענדיגע גויים פון די דערפער, אויף דעם רויב און מארד, האבען געמוזט א היים גייען מיט בושת פנים. זיי האבען געפאסט א באשלוס(פון וועלכען די אידען זיינען באלד געוואר געווארען) ניט דורכלאזען די איצטיגע געלעגענהייט, אויף וועלכער מען ווארט שוין אזוי לאנג, נישט צו פארשווייגען די גרויסע עולה, ניט צו בלייבען אונטערשטעליג פון אנדערע שטעטלעך און דערפלעך ארום גלינע. זיי האבען אין דער זעלבער נאכט געשאפען א ציוויליגע שטאט פארוואלטונג, מיט א מיליץ פון לויטער אוקראינישע רוצחים.בראש פון דער שטאט פארוואלטונג איז געוועזן דער לאנג יאריגער שטאטישער ריכטער, מאקסים פאשקעוויטש,בראש פון דער מיליץ איז געוועזן דער שוסטער ,וואסיל פישטשאלע.

מיטוואך סעמפטעמבער דעם 2טען 1941, כעלות הבוקר, האבען אוקראינישע שקצים זיך ארויסגעלאזט אין די אידישע גאסען,און מיט זיי איז מיטגעגאנגען דייטשישע סאלדאטען ,מיט רויטע האלז טיכעל, דער צייכען פון דער היטלער יוגענד, און האבען אנגעהויבען צו כאפען אידישע מענער צו דער ארבעט, צו קערען דעם שטרויס,סזאל קיין שטויב ניט זיין.

מען האט צוזאמענגעטריבען 30 אידען און באפוילען יעדען מיטנעמען מיט זיך א בעזים, און אזוי זיינען זיי געפירט געווארען צו דער ארבעט. די אידען, מיינענדיג באמת אז זיי גייען ארבעטען,זיינען געוועזן גאנץ רואיג,אבער ארויסגעוויזען האט זיך אט וואס:

די אוקראינער שקצים מיט די עטליכע דייטשישע מערדער האבען די 30 אידען צוגעפירט צו דעם מיהל-טייך, אויסגעשטעלט זיי אין א ריי,האנט ביי האנט, ארויסגענומען פון זיי איינעם, דעם אפטייקער פון לעמבערג, וועלכער האט אין דער צייט פון דער רוסישער אינוואזיע געארבעט אין גלינע. דער זעלבער אפטייקער, אויף וועמען מען האט געזאגט אז אדאנק אים איז דאס שטעטעל מיט א טאג פריער געראטעוועט געווארען פון שחיטות.אט דעם אפטייקער האבען זיי באפוילען אז ער זאל אריינווארפען די 29 אידען אין טייך אריין.פארשטייט זיך, אז דער אפטייקער האט זיך ניט קעגען געשטעלט דעם באפעל פון די מערדער. ער האט זיך געשטעלט אין רוקען פון יעדען אידען, האט אים אריר געטאן אין פלייצע און יענער איז אליין אריינגעשפרונגען אין וואסער. נאך דעם ווי אלע 29 אידען זיינען שוין געוועזן אין וואסער, האבען די באנדיטען אויך דעם אפטייקער אריינגעווארפען אין טייך.און באפוילען אז איינער דעם אנדערען זאל ארונטערדריקען דעם קאפ אין וואסער, אז איינער דעם אנדערען זאל שלאגען, זאל שיטען זאמד אין די אויגען אריין.נאכדעם האבען זיי באפוילען אז יעדער איד זאל

זיך נידעריק זעצען,מען זאל ביי קיינעם די נאז ניט ארויסזעען. אזי האט מען די אידען געמאטערט, געפייניגט מער ווי א שעה און א האלב צייט.

דער דייטש האט באפוילען די אידען זאלען זיך אויפשטעלען און אויסהערען זיין באפעל"איך וועל אויסרופען:"איינס" .אין דער צייט דארפט איר אלע זיך אומקערען מיט דעם זעלבען וועג ווי איר זענט אין וואסער אריין". דאס איז פיזיש געווען אונמעגליך צו טאן. ערשטענס זיינען די אידען געווען א מחרק רב פונם ברעג,צווייטענס, נאך קנאפע 2שעה זיצען אינם וואסער זיינען די מלבושים סווער געווארען, און עס איז געווען שווער זיך א ריר צו טאן.

די אוקראינישע און די דייטשישע באנדיטען מיט די ארומיגע גוישע צוקוקער, האבען דאס אבזיכטליך געטאן,כדי צו האבען א תירוץ און דערלאנגען די אידען איבער די פלייצעס מיט גומי פאלקעס. ווען די אויסגעמאטערטע און אפגעחוזקטע אידען זיינען פונם טייך איינציגווייז ארויס, און יעדער איינער האט באקומען א היפש ביסעל גומי פאלקעס, האט מען זיי געטריבען צום קריסטליכען צווינטער און געהייסען זיי זאלען דארט קערען דעם שטויב. מיט דעם וואסער וואס רינט ארונטער פון זייערע קליידער, האבען די באנדיטען געוואלט אז די אידען זאלען באנעצען דעם שטרויס,עס זאל ביים קערען קיין שטויב ניט זיין.

פאר די אוקראינער איז דאס ווינציג געווען, זיי האבען געוואלט זעען דעם שטרויס פארגאסען מיט אידיש בלוט, האט א ערל,קוליצקער ביים נאמען, זיך דורכגעשפארט דורך די אידען און דעם דייטשישען שומר אזאג געטאן: יוד באלשעוויק". ניטש איבערפרעגענדיג דעם ערל וועלכען איד ער מיינט, איז דער רוצח צוגעטראטען צום נאענטסטען איד, וואס איז געשטאנען לעבען אים און האט אים אנגעהויבען מערדערליך שלאגען און אויסברעכען אים ביידע הענט.א האלב טויטען האט דער רוצח אים דערשאסען. דאס איז געווען נטעלע ריינהארץ ז"ל, אליהו נאשערס זון.

די אנדערע אידען שטייען ביי דער ארבעט מיט פארקלעמטע הערצער,טארען אפילו קיין קרעכץ ניט טאן, יעדער איינער איז זיכער אז אויך אים דערווארטעט דער זעלבער סוף.נטעלע ריינהארצן, האט דער מערדער באפוילען,זאל מען ארויפטראגען אויף דעם קריסטליכען צווינטער, און דארט זאל מען אויסגראבען א גרוב ,גענוג פאר דריי מענטשען, פאר נטעלען וועגען און פאר די צוויי אידען, וואס האבען דעם מת אויפן צווינטער ארויפגעטראגען.זיי זיינען געווען: משה מויער און ישראל סיגאל.

שטעלט אייך פאר דער פאניק צווישען די גלינער אידען, וועלכע האבען באלד זיך דערוואוסט, אז אויפן קריסטלעכען צווינטער ווערט געגראבען א גרוב פאר דריי אידען. מען איז תיכף אריבער צום זעלבען ערל, וועלכער האט צו דעם אלעם דערפירט און מען האט אים גוט באצאלט, ער זאל זעען די צוויי "לעבעדיגע מתים" ארויסראטעווען פון דעם טויט.

אין צווישען זיינען די אידען איבערגעגאנגען ארבייטען אין אן אנדער פלאץ, נעענטער צום שטאט. דארט האט מען אויך געמוזט באגיסען דעם שטרויס מיט וואסער, עס זאל ניט זיין קיין שטויב. האבען די אומגליקליכע אידען געוואלט ברענגען העמערפ פון דער הייב, צו האבען אין וואס וואסער צו ברענגען. ווען די אוקראינישע מערדער האבען דאס דערזעען, האבען זיי דאס שטרענג פארבאטען און געשריגען: וואסער מוז זיין! קיין שטויב טאר אויך ניט זיין! אבער אין העמערס וואלט געווען צו גוט פאר אייך,אידען.

ברענגט וואסער אין אייערע מיילער!".

די אידען האבען איינגעזעען און פארשטאנען, אז מען מיינט איצט ניט מער ווי חוזק, אבער זאגען מיר ווילען ניט, מיר גייען נישט האבען זיי ניט געקאנט. לויפענדיג צום וואסער, האבען די אוקראינער היידאמאקעס געטריבען די אידען ווי מען טרייבט פערד. ווען די אידען זיינען צוריק געלאפען מיט פארמאכטע מיילער פול מיט וואסער, און ניט קענענדיג אטעמען, און וועלענדיג וואס גיכער זיין אויף דעם ארבייטס פלאץ, ארויסלאזען דאס וואסער פון דעם מויל, האבען די מערדער זיי אפגעשטעלט מיט חוזק: "וואוהין לויפט איר אזוי? דער איד האט מורא געהאט צו ענטפערען, ער זאל ניט אדויסלאזען דאס ביסעל וואסער פון מויל, איז ער געשטאנען ווי א שטומער, און נישט געקאנט ענטפערען אויף זייער פראגע. פארדעם איז דער איד מערדערליך געשלאגען געווארען. האט ער שוין ארויסגעלאזט דאס וואסער פון מויל און געהענטפערט וואוהין ער לויפט, האבען די מערדער אים געפרעגט: אויב אזוי, וואו איז דאס וואסער? און נאך מער אים געשלאגען. דאס צופרידענע געלעכטער פון די ערלים צושוויער איז געהערט געווארען אין אלע עקען פון דער שטאט.

אין דער זעלבער צייט האט מען עטליכע אידען איינגעשפאנט אין א געלאדענעם לאסט אויטא, און געהייסען זיי זאלען אים שלעפען. אזוי ווי זיי האבען נישט באוויזען דעם אויטא אפילו פון ארט צו רירען, האט מען זיי אויך מערדעריש געשלאגען. נישט איינער פון די געפייניגטע אידען האט געקלערט און געמיינט און געוועזן ביי זיך זיכער אז ער וועט זיין משפחה מער שוין ניט זעען. און זיי האבען מקנא געווען דעם דערשאסענעם. שוין איבערגעקומען! — האבען זיי געזאגט.

דעם קדוש, נטעלע ריינהערץ איז ניט באשערט געווען מקבר צו ווערען אויפן אידישען בית עלמין. ווען אין שטעטל האט מען זיך דערוואוסט פון דעם, האבען אידען אנגעהויבען צו לויפען צום ערל, וועלכער האט צו דעם געבראכט, און אים געבעטען ער זאל ראטעווען די צוויי אידען. אזוי איז נטעלע באגראבען געווארען אונטער דעם גויס סטאדאלע און די צוויי אידען האבען זיך אויסבהאלטען. דער גוי האט פארזיכערט, אז ווען דער דייטש וועט קומען זעען צו דער גהוב איז שוין פארטיג, און אין דער זעלבער צייט אויך דערשיסען די צוויי אידען, וועט ער שוין מיט אים דעם ענין דערליידיגען אויפן בעסטען אופן.

איז א נס געשען וואס האט ניט נאר אפגעראטעוועט בלויז די צוויי אידען, נאר אלע אידען זיינען ארויס בשלום. מען האט אלארמירט דאס מיליטער, וואס האט זיך געפינען אין גלינע, צו וועלכער דער מערדער, דער שומר פון די אידען האט אויך געהערט, און דאס מיליטער איז פון גלינע באלד אפגעפארען. אדאנק דעם צופאל זיינען אלע אידען ניצול געווארען.

(ביי דער פריער דערמאנטער ארבייט בין איך ניט געווען. מיינע צוויי שכנים, יונה מאיר מאנטעל און וואלף אקערמאן, וועלכע זיינען געווען ביי דער צוואנג ארבעט, האבען דאס דערציילט. שפעטער האט משה מזיער איבערגעגעבען גענויער די טרויעריגע געשיכטע, צום שוין עקזיסטירענדען אידען ראט. ה.ה.)

# די הייליגקייטען, די ספרי-תורות ווערען פארברענט

דאנערשטאג, דעם 3טען יוני 1941, 10 א זייגער אין דערפרי, איז פון דעם דארף פארניאוו, א דארף נאענט צום שטעטעל, געקומען א דייטשישער אפיצער פארנעמען די סקאצטווע אוקראינישע שולע, אלס א לאגער פאר די סאוועטישע געפאנגענע זעלנער. ווען די אוקראינער אינטעליגענץ מיט די פארטרעטער פון דער געמיינדע האבען זיך פון דעם דערוואוסט, האבען זיי אפגעהאלטען א בעראטונג מיטן אפיצער, און ביי אים אויסגעפירט וואס זיי האבען געוואלט. מיט גרויס שטאלץ און מוט האבען זיי זיך א לאז געטאן צו דער גרויסער שול, באקוקט זי פון דרויסען, און באלד געשיקט א מיליציאנט צום שמש, משה בער מויער, ער זאל זיי געבען דעם שליסעל פון דער שול. דער שמש איז געווען ערגעץ וואו באהאלטען, האט זיין ווייב זיי געגעבען דעם שליסעל, און נאכגעגאנגען פון דער ווייטענס, זעען וואס זיי וועלען דארט טאן. די פרוי האט זיך דערוואוסט אז די אוקראינער האבען איבערגעצייגט דעם דייטשישען אפיצער אז די שול איז דער געוואונטשטענר פלאץ פאר א לאגער פאר געפאנגענע.

דער אפיצער האט באלד געגעבען א באפעל, מזאל ארויסנעמען אלע ספרי תורות און פארברענען זיי. באותו הרגע האבען די רשעים אנגעהויבען ארויסטראגען די ספרים, 45 אין צאל, און זיי אנגעווארפען, אין דרויסען לעבען דער שול. דעם שמש פרוי איז אויעקגעלאפען צום רב ר' אריה לייב גאטעסמאן, און אים איבערגעגעבען פונם גרויסען אומגליק. דער רב מיט נאך עטליכע אידען האבען זיך דאן אויסבאהאלטען אין קלויז אויפן בוידעם. צווישען די באהאלטענע אידען האט זיך אויך געפינען ירחמיאל וואלף כאדאק, דערהערענדיג די גוטע בשורה איז ער אראפ פונם בוידעם, און געלאפען מיט א געוויין צו די אנגעווארפענע אויף דער ערד ספרים, מיינענדיג אז טרעטס אים געלונגען זיי אפצוראטעווען. ירחמיאל איז דעם דייטשישען מערדער געפאלען צו די פיס און מיט גרויס געוויין געבעטען ביי אים א דערלויבעניש די ספרים צונעמען. אויף דעם האט דער מערדער אים קאלט-בלוטיג געענטפערט "גוט וואס דו ביסט דא, דו עבען ווירסט די ביבעל אנצינדען! האסטו צינדהעלצעל? און פארברען אייער ביבעל!" דערהערענדיג דאס האט דער איד זיך א ווארף געטאן אויף ספרים און ביטער געוויינט: "מיך מיט די ספרים פארברען! אדער שיס מיך, ווייל איך וועל דיין פארלאנג ניט אויספירען!".

דער רוצח האט ארויסגעצויגען זיין רעוואלווער, זיך געצילעוועט אין ירחמיאלן און ווידער אים באפוילען די ספרים צו פארברענען. ירחמיאל האט זיך געטאן א טעל אזיך, האט אויפגעריסען אויף זיך דאס העמד, אויסגעשטרעקט זיין ברוסטקאסטען און מוטיג געזאגט" שיס מיך! איך וועל דיין באפעל ניט אויספאלגען!".

אין יענער רגע, ווען דער מערדער איז שוין געווער גרייט ירחמיאלן צו שיסען, איז פון דער אנדערער זייט אנגעקומען א דייטשישער אפיצער, און דערזעענדיג ווי א איד שטייט מיט אן אויסגעשטרעקטען ברוסט קאסטען, און פון ווייטענס שטייען קליינע קינדער און אלטע ווייבער און וויינען מיט ביטערע טרערען, האט ער דעם זעלנער א פרעג געטאן וואס דא קומט פאר. ווען דער אפיצער האט זיך דערוואוסט אין וואס דא גייט פאר, האט ער באקוקט ירחמיאל פון קאפ ביז די פיס און מיט אמאל א זאג געטאן" יודע, פארשווינד!". ירחמיאל איז אוועק און די ספרים זיינען אנגעצונדען געווארען.

אין יענער צייט בין איך מיט נאך עטליכע אידען געווען באהאל־טען ביי אבעלע שוחט אין הויז, צוזאמען מיט זיין אידעם, אשר זעליג דער פראכניקער רב. ווען מען האט אונז געבראכט די בשורה ,אז די הייל־ספרים ברענען, זיינען מיר געווארען ווי פארשטיינערט, נאר פון די העלזער האט זיך געריסען א ביטער געוויין און גרויס יאמער. דער רב האט צעריסען אויף זיך די קליידער, האט זיך געווארפען אויף דער ערד און געיאמערט" מה אנו, ומה חיינו? - וואס פאר א ווערט האבען מיר, און וואס פאר א ווערט האט אונזער לעבען?! בושנו, בושנו! - האט ער געקרעכצט.

דער עולם האט דעם רב געגומען איינשטילען. ער האט אויפגעהויבען דעם קאפ פון דער ערד, האט געוועגדט די אויגען צום הימעל און מיט גרויס דבקות אויסגערופען:" ובכל זאת, שמך לו אשכחנו! - און טראץ דעם אלעם וועלען מיר דיך, גאט, ניט פארגעסען! מיר וועלען דיך ווייטער דינען. נא,אל תשכחנו! מיר בעטען דיך, אל רחום וחנון! מיר בעטען דיך, אבינו שבשמים, פארגעס ניט אין אונז, ראטעווע אונז, כי בצרה גדולה אנחנו!.

ירחמיאל וואלף, מיט נאך עטליכע אידען זיינען ארויס פון זייערע באהעלטעגישען ,און האבען אויף גיך צונויפגענומען דאס אש און פארבלי־בענע שטיקער פארמענט, רעשטלעך פון די הייליגע ספרים און דאס אריינגעלייג אין זעק.

(מיט א שטיקעל צייט שפעטער, ווען דער גלינער דיין, ר' יחזקאל האכבערג ז"ל, איז געשטארבען, האט מען מיט דער לויה מיטגעפירט די זעק מיט אש און זיי מקבר געווען אויף דעם בית עלמין).

פלוצים האט זיך אויף דער גאס דערהערט א גערודער פון היידעמאקעס, און באלד זיינען זיי שוין געווען אין הויז, בראש איז געגאנגען דער אוקראינישער מיליציאנט, וואראבעץ,י"ש. און באפוילען אלע אידען זאלען ארויסגייען אויף דער ארבעט, ניט זאגענדיג וואס פאר א ארבעט דאס איז. קיינער איז ניט פארבליבען אין הויז, חוץ דער אלטער רב , אלע זיינען געגאנגען צו דער ארבעט. איין טייל אידען האט מען געשיקט מאכען ארדע־נונג אין דער שטאטישער באד, און דער איבעריגער עולם שטייט נאך אונטער א שמירה, ניט וויסענדיג וואוהין מען וועט זיי פירען, צווייזען זיי בין איך אויך געווען.

אויף די פארשטעט פון גלינע האבען זיך געפינען אסך אידישע הרוגים, האבען די פארשטייער פון דער מיליץ ,באפוילען אונז אז מיר זאלען צונויפנעמען די טויטע אידען און די דערשאסענע פערד און זיי אלעמען באגראבען אין איין גרויסעס גרוב. ווען גלינער אידען האבען זיך פון דעם דערוואוסט, זיינען זיי ארויס פון זייערע באהעלטענישען, האבען זיך מפקיר געווען און אליין זיך געמאלדען צו דער ארבעט, און נאך גרויסער מיה און קאסטען , איז געלונגען אז מען זאל די קדושים אריינברענגען אין שטאט אריין, און אויף דעם בית עלמין זיי מקבר זיין כדת וכדין.

די סאוועטישע געפאנגענע זעלנער האט מען אריינגעבראכט פון די דערפער און זיי באזעצט אין דער גרויסער שול. אויפן אנדערען טאג האט מען זיך דערוואוסט אז די אוקראינער דעלעגאטור מיטן גלח בראש, וועלען סארטירען די געפאנגענע. די אוקראינער געפאנגענע וועט מען שיקען א היים, די רוסען און די אידישע וועט מען פירען צום שיסען.

צווישען די געפאנגענע האט זיך געפינען א גלינער איד. מען הויב אן ארומצולויפען, זוכען א וועג ווי אזוי דעם אידען ארויסראטעווען, אבער אלע טירען זיינען פארהאקט... ענדליך איז געלונגען זיך טרעפען מיט איינעם פון דער דעלעגאטור, וועלכער האט די געפאנגענע סארטירט, און גענומען אויף אים ווירקען, ער זאל דעם גלינער אידען באפרייען.מען האט פאר אים פארגעשטעלט דעם איד, אלס א מענטש, וואס האט קיינעם קיין שלעכטס קיינמאל ניט געטאן. א בעל מלאכה, וואס ארבעט שווער מפרנס צו זיין זיין ווייב און קינדער. דער ענטפער פון דער אוקראינישער בעסטיע איז געווען בזה הלשון:" עס איז לײדער א שאד וואס עס געפינט זיך דא בלויז איין איד, הלואי וואלטען מיר מער געהאט!! אימזיסט איז אייער פרוב". אזוי זיינען אלע רוסען מיט דעם אינציגען איד ארויסגעפירט געווארען אין דעם פאלאניטשער וואלד, און דארט האט מען זיי אויסגעשאסען. דער איד איז געווען ישראל פאגעלפאנגער, אלימלך לייבקעס זון.

## אוקראינער ווערען די הערשער אין שטאט

### דער ערשטער באפעל:

יעדער איד דארף תיכף אנטאן אויף זיין רעכטען ארעם א ווייס בענדל 10 סענטימעטער די ברייט, אויף וועלכען עס זאל זיין אויסגענייט א מגן דוד. פון איין זייט מגן דוד זאל זיין אויסגענייט "יוד" און פון דער צווייטער זייט" זשיד". אויך זאל אויף יעדער טיר פון די אידישע הייזער אויפגעקלעפט ווערען א מגן דוד, און מיט די זעלבע אויפשריפטען"יוד" און "זשיד".

שבת ,דעם 5טען יולי , 1941, איז געקומען דער צווייטער באפעל. דער בירגערמייסטער לאזט רופען צו זיך דעם געוועזענעם טעכניקער באד פארוואלטער, און באאויפטראגט אים אז "דאס באד מוז אקטיוו ווערען. פון היינט אן מוז יעדען טאג זיין קאלטע און הייסע וואסער פאר דער ניט אידישער באפעלקערונג, איבערהויפט פאר דער גרופע דייטשען, וואס האבען זיך געפינען אין שטאט.ארבעטער זאל מען נעמען וויפיל מען באדארף נאר, פון די אידען פון דער שטאט".

דער בעדער איז צוריקגעקומען פון דער געמיינדע, איבערגעגעבען דעם באפעל. די ארבעט איז באשטאנען אין דעם, וואס מען האט באדארפט אנטאמפען וואסער פון אלע רעזערוווארען, זעגען און האקען האלץ און הייצען הינטער די קעסלען. אלע פארברייטונגען פאר דעם טאג זיינען בליץ שנעל אויסגעפירט געווארען. בייטאג, ווען די דייטשען זיינען גע-קומען פון זייער געיעג, האבען זיי אלץ געטראפען אין בעסטער ארדענונג.

דעם צווייטען טאג, ווען די אידען זיינען געקומען צו דער ארבעט, האט זיך פאר זיי באוויזען א גלינער ערל, שטיפידע,י"ש. ער האט צונויפ-גערופען די ארבייטענדע אידען און האט צו זיי געזאגט:" פאר אייך, אידען איז איצט געקומען א שרעקליכע צייט, צו דער שווערסטער און שענדליכסטער ארבעט וועט איר איצט גענומען ווערען. אויף קילאמעטערס ווייט וועט איר געפירט ווערען צו פארשידענע ארבייטען. יעדער פון אונז,גויים , וועט האבען דאס רעכט מיט אייך צו טאן וואס ער וועט געפינען פאר נויטיג.

" דא, אין באד, ווערט איצט געשאפען א שטענדיגער ארבייטס פונקט, און פאליצאי אויפזיכט, ווער פון אייך עס וויל דא בלייבען ארבייטען,

און ניט געפירט ווערען אויסער דער שטאט, מוז ער מיט מיר דאס פארהאנ-
דלען, ווייל פון היינט אנגעהויבען בין איך דער פאקטישער באד פארוואל-
טער". עס פארשטייט זיך, אז יעדער איד האט געוואלט בלייבען ביי דער
ארבעט, צוליב דעם ניט זיין אונטער דער פאליצייי אויפזיכט, און מען האט
זיך געקלאמערט אין דעם שטענדיגען ארבייטס פונק. אינדיווידועל האט יעדער
וואס איז געווען בכוח, ערליידיגט מיט דעם פארוואלטער, באצאלענדיג אים
מיט זייער קאסטבארע מתנות. די יעניגע וואס זיינען ניט געווען ביכולת
צו געבען די גרויסע פדיונים, האבען דעם פלאץ געמוזט פארלאזען.

דער אידישער בעדער האט אפנים פארגעסען אין וואס פאר א צייטען
מיר האלטען, האט ער זיך גענומען ווערטלען מיטן נייעם פארוואלטער,און
אין צווישען זיך ארויסגעכאפט מיט די ווערטער:"ששש טאק נע בודע – עס
וועט אזוי ניט בלייבען" און האט די ווערטער האבען אים זיין לעבען
געקאסט.

דער הידעמאק,שטיפאידע, האט די ווערטער באלד איבערגעגעבען
דעם סעקרעטאר ,פערדינא,י"ש, און דער איד איז תיכף ארעסטירט געווארען.
ער איז דורך זייערען א טריבונאל פארמישפט געווארען צו א געמוטשעטען
טויט.

ביינאכט האט מען אין זיין ארעסט קאמער ארייגעשיקט עטליכע נאציעס,
דעם טויט אורטייל דורכפירען. די מערדער האבען איבער דער נאכט דעם איד
מערדערליך געפייניגט, שרעקלעך אים געקאטעוועט. דאס געשריי פון דעם אומ-
גליקלעכען איד איז געהערט געווארען אויך קילאמעטער ווייט. אזוי וויט
זיינען די מערדעריי געווען אז דער איד האט באקומען א בלוט שטורץ. די
מערדער, זעענדיג אז זייער "מיסיע" איז שוין פארענדיגט, האבען זיי אין
דער פרי אים ארויסגעגעבען צו זיין פרוי. מען האט דעם איד א היים גע-
בראכט און אין צוויי טעג שפעטער האט ער אויסגעהויכט זיין נשמה, איבער-
לאזענדיג אן אלמנה מיט פיר יתומים. דער אומגליקלעכער איד איז געווען
מעכעל נאסס, מאיר מויערס איידעם.

דער ערשטער זונטאג אונטער דער נאציע אקופאציע
אין גלינע:

דער 6/7 , 1941, איז געווען דער ערשטער זונטאג אין גלינע, אונטער
דער נאצישער אקופאציע. ווען די אוקראינישע באפעלקערונג איז זיך צונויפ-
געקומען אין דער קירכע, איז אנשטאט דער גלח זאל זיי דערמאנען אינם
"לא תרצח", זיי זאלען ניט מארדען די אומשולדיגע אידען, אנשטאט זיי
צו דערמאנען אין דעם "לא תענה ברעך עד שקר" לערנען זיי זיי זאלען ניט
אנרעדער שקרים און בלבולים אויף די אידען – האבען די פארשטייער פון
דער אוקראינער נאציאנאלער פארטיי גאר אויסגענוצט דעם מאמענט און
ארויסגעשיקט מענטשען פון דער פארטיי אין די קירכען, אויפצוהעצען דער
באפעלקערונג און איבערצייגען יעדער גוי, אז קיינער טאר ניט העלפען
א איד. אין גלינע האט רעפערירט דער גלח האווראלוק. פעך און שוועבעל
האט געשפריצט פון זיין מויל "די איצטיגע צייט פאדערט פון אייך צו
געדענקען,אז אלע לײדען און צרות וואס איר האט געליטען ביז איצט
קומט פון די אידען" געדענקט אין דעם אידישען פלאן, וועלכער האט גע-
וואלט ארויסרייסען די ערד פון אונזערע הענט, אויף וועלכער איר אר-
בעט און פון וועלכער איר האט אייער שטיקעל ברויט, און אייך צו פאר-
קנעכטען אויף אייער אייגענער ערד. פארגעסט ניט דעם אידישען געלט כוח,
פון וועלכען איר ווערט שוין יארען לאנג געמוטשעט.אט דער פלאן איז

איז צונישט געווארען, און נאר אדאנק דעם "פירער".

" דאס וואס איר האט געזעען ביז היינט איז בלויז דער אנהויב פון זייער סוף, יעדער פון אייך דארף פארהייליקען דעם היטלער געבאט, וועלכער איז געקומען אונזער ערד מאכען "יודען־פריי!"

דער גלח האט אויך געראטען זיינע שעפעלעך ניט צו שטיין מיט פאר־ליגטע הענט, נאר יעדער וואס איז פון א איד בא עולהס געווארען, זאל איצט פאדערען צוריק דאס וואס איז מיט אומרעכט געראובט געווארען. און דער איד וואס וועט ניט נאכקומען אייער פארלאנג, זאל געראפען ווערען אין דער אוקראינער דעלעגאטור, וואו עס איז געשאפען געווארען א ספע־ציעלער געריכט פאר דעם צוועק". פון דעם גלחס רייד איז מען געוואר געווארען פון מענטשען וואס האבען דאס אליין געהערט.

נאך אין דעם זעלבען טאג איז אין דארף באכצאנאוועקע, געקומען א ערל, צו א דארטיגען איד, וועלכער האט אינם יאר 1939 געקויפט ביים א קו, און דער ערל האט פארלאנגט די קו צוריק. דער איד האט אים א דער־שראקענער געענטפערט:" דו ווייסט דאך אליין אז דעם זעלבען טאג וואס איך האב ביי דיר די קו געקויפט, האב איך זי באלד פארקויפט". דער ערל איז ווילד געווארען, ער וויל פון גארניט וויסען, ער וויל זיין קו צוריק. "גיי"שרייט ער "צו דעם וואס דו האסט די קו פארקויפט, און ברענג זי צוריק צו מיר". דער איד, וויסענדיג אז די קו געפינט זיך אין אידישע הענט, איז אוועק אין שטאט אריין, רעכענדיג אז ער וועט די קו צוריק באקומען. אבער דער איד, ביי וועמען די קו האט זיך געפונען, דאס איז געווען הערש לייב שטרוים, האט דאמאלט נאך ניט באגריפען אין וואס פאר א צייטען מיר לעבען, האט ער ניט געוואלט די קו צוריק אפגעבען. באין ברירה איז דער איד צוריק געגאנגען אין דארף אריין און דעם ערל דעם אמת דערציילט. ער האפט אבער אז מארגען וועט ער די קו יא באקומען. דער סוף איז געווען אז דער איד און זיין ווייב און זייערע דריי קינדער זיינען פון א דייטשישען מערדער דערשאסען געווארען, לעבען זייער הויז.

נאך דער מעשה האבען זיך די שטאטישע גויים און אויך די גויים פון די דערפער ארום גענומען צעפירען די הענט. עס האט זיך אנגעהויבען א ליפעריי, יעדער גוי איז געקומען מיט פוסטע טענות, דערמאנט זיך אין זאכען וואס זיינען פארגעקומען מיט צענדליגער יארען צוריק, און זיי האבען געפאדערט "זייער האב און גוטס".

כמעט יעדער איד, צו וועלכען ערלים זיינען געקומען מאנען "נישט געסטויגענע" זאכען, האט דער איד מיט א שמכעל, מיט א גלעט אויף דער פלייצע דעם ערל, אויסגעהערט דעם מערדערס טענות און געפרעגט איין שאלה:" מה חפצך" — וואס פארלאנגסטו? די חוצפדיגע ערלים האבען קיין בושה ניט געהאט און יעדער איינער האט פארלאנגט גרויסע סכומים, אדער זייער ווערטפולע זאכען, וועלכע זיי האבען ביי יעדען איד טאקע געקראגען. איין ערל האט פארלאנגט געלט ביי א אידען, א גרויסער קבצן, דאס איז געווען ישראל בראטער, האט די שטאט פאר אים באצאלט, און אויס־געקויפט א איד פון גויישע הענט.

# אלה אזכרה !

## גלינער אידען ווערען מערדערליך געפייניגט:

ביים אוקראינער נאציאנאל קאמיטעט, אין לעמבערג, איז געשאפען געווארען ספעציעלע בריגאדען פון אוקראינער נאציאנאליסטען, וועלכע זיינען געלאפען פון דארף צו דארף, פון שטעטעלע צו שטעלע, אין יענע ערטער וואו עס איז נאך ניט פארגאסען געווארען אידיש בלוט, בעת דעם ארײנמארשירען פון דער דײטשישער ארמײ. זייער אויפגאבע איז געווען צו בארויבען אידען, אכזריותדיג זיי פייניגען און צום סוף זיי דער שיסען.

דינסטאג, דעם אכטען יולי, 1941, האט די אוקראינישע נאציאנאלע פארטײ, דעלעגירט דר. דיטשאק, י"ש, מיט דער מיסיע צו אראפברענגען אט די מערדער קיין גלינע. די גלינער אוקראינער האבען זיך געפילט גאר געפאלען קעגען די שכניתדיגע שטעט און דערפער, מיט דעם וואס גלינער אידען האבען ווינציג געליטען, מען האט ווינציג בלוט פארגאסען, ביים ארײנקומען פון די נאציעס.

אויף מארגען, כעלות הבוקר, איז אין אלע גלינער אידישע געסלעך געפויקט געווארען, אז מענער פון 36 יאר ביז 60 דארפען זיך רעגריסטרירן אין געמיינדע אמט. ביז 10 א זייגער מוז די רעגריסטראציע זיין פארענדיגט. פאר ניט רעגעסרירען זיך דראט טויט שטראף. דערווייל האט שוין אנגעהויבען צו לויפען די אוקראינישע שטאט מיליץ, און מיט זיי א טייל פון דער אראפגעבראכטער בריגאדע, פון גאס צו גאס, פון הויז צו הויז און געטריבען די אידען צו דער רעגיסטראציע. די צוזאמענגעטריבענע אידען און די וואס זיינען אליין געקומען, זיינען באלד ארומגערינגעלט געווארען פון די מערדער, און מען האט זיי געגומען טרייבען אויף דעם וועג וואס פירט קיין פארנאיאוו. אפגייענדיג איין קילאמעטער פון דער שטאט, האט מען די אידען אנגעהויבען מערדערליך צו שלאגען. די שווארצע בלאטע פונם וועג איז רויט געווארען פון דעם פארגאסענעם בלוט, פון די שוצלאזע אידען. עס האט זיך קיינער דאמאלט גאר ניט געקאנט פארשטעלען אז מענטשען זיינען אויך אזעלכעס פעאיג. עס האט זיך גארניט געקאנט פארשטעלען, אז עס זיינען דא אזעלכע מיטלען מענטשען צו פייניגען. שוין אין די ערשטע מינוטען האט זיך ארויסגעוויזען, אז די יסורים, אז דאס אומנאטירלעכע מוטשען וועט מען ניט אומשטאנד זיין איבערצוטראגען.
צווישען דעם עולם אידען, האט זיך געפינען שלמה ליינוואנד ז"ל. זייענדיג וואס פאר א בארבאריזם די מערדער ווייזען ארויס, האט ער פארשטאנען, אז אויב די ערשטע שעהן זיינען אזוי ברוטאל, טא ווער ווייסט וואס זיי ערדואבטעט נאך היינטיגען טאג. ער האט דורך פארשידענע וועגען געלאזט וויסען זיינע צוויי אוקראינער קאלעגען, דר. פיכורקא און דר.קלימקא, אז אויב זיי וועלען באלד ניט קומען ארויסראטעווען די אידען פון דער איצטיגער אינקוויזיציע, באגייט ער זעלבסמארד. די גערופענע גויים זיינען באלד געקומען . דערזעענדיג אויף וואפ פאר אן אופן די אידען ווערען געפייניגט, און וואס די אידען ערווארטעט נאך, זיינען זיי ארויפגעגאנגען צו דער שטאט פארוואלטונג, וואו עס איז געזעסען דער פארטײ סעקרעטאר, און זיי האבען פרובירט אינטערוועניערען.

עס איז אבער געווען א תפלת שוא, עס האט גארנישט געהאלפען.
"זיי האבען זיך אויף קיין בעסערס ניט פארדינט" איז געווען די תשובה.
"מען קאן דאך נישט אורטיילען אלע פאר שולדיג, עס איז דאך דא אידען

וועלכע מיר אלע ווייסען, אז זיי האבען אונז קיינמאל קיין שלעכטס ניט געטאן, האט דר. פיכורקא געטענהט, יענע דארפען זיכער ניט ליידען! דער ויכוח האט אנגענומען גאר שארפע פארמען, אבער געהאלפען האט ער ווייניג. עס איז קוים געלונגען ארויסצוראטעווען איין שלמה ליינוואנד, ישראל האכבערג און אברהם רייבער. די איבעריגע ווערען ווייטער פארהאלטען, און נאך מער געפייניגט.

איין שטאט ווערט א פאניק, א מורא פאר די שפעטערע שעהן. דאס געוויין פון עלטערן, וועלכע האבען דארט צווישען די מערדער באנדע, זייערע קינדער. פון פרויען וועלכע האבען דארט ביי דער "ארבעט" זייערע מענער, און קינדער, וואס זייערע טאטעס און ברידער ווערען דארט מערדערליך געשלאגען און געמוטשעט – דערגרייט עד לב השמים.

פון דעם פלאץ וואו די ארבייטענדיגע אידען געפינען זיך, הערט זיך מוראדיגע קולות, געשרייען און געוויינען פון געכאפטע אידען, וועלכע קענען ניט איבערטראגען די יסורים. אין אט דער גרויפער מהומה, האט זיך פלוצלים אנגערוקט פינסטערע כמארעס, מיט דונערען און בליצען, און א שלאקס רעגען האט א גאס געטאן, אזוי אז עס האט זיך אויסגעדוכט אז עס האלט שוין ביים סוף פון דער וועלט.

ווען שלמה ליינוואנד איז געזוען אויף דער פריי, האט ער זיך באלד פארשטענדיקט מיט איינציגע איינפלוסרייכע אוקראינער, און געזוכט ביי זיי הילף, פאר די פארבליבענע אידען. אבער דא לעבט ער איבער איין שרעקליכע ענטוישונג נאך דער אנדערער. די תשובה פון יעדען רוטעניש פריינט באזונדער איז געווען: " מיר קענען ניט און טארען ניט דיר היינט ביים בעסטען ווילען גארנישט העלפען". איינער פון זיי האבט אים ביים סוף פון זייער געשפרעך, בסוד א זאג געטאן:" זוך נישט מער קיין הילף פון די אוקראינער, ווייל אייער צייט איז זייער קורץ. איר אליין מוזט זיך ראטעווען, און דאס נאך היינט, וייל במילא האט איר נישט קיין אנדער אויסוועג" שלמה ליינוואנד האט גוט פארשטאנען די ווערטער, און באותו הרגע ארויסגעשיקט א שליח צו די אידען, אז זיי זאלען זיך אויגענבליקליך אלע צעלויפען.

שלמה ליינוואנד ווערטער האבען זיך בליץ שנעל צוטראגען אין יעדענס אויערען, און מיט איינמאל זיינען זיך אלע אידען אין דעם פינסטערן גאס־רעגען, צעלאפען, נישט וויסענדיג וואהין מען לויפט, און וואו מען קאן זיך אויסבאהאלטען.

צוויי אידען איז דאס אנטלויפען ניט געלונגען, און דאס זיינען הערש לייטנער און יעקב קאלבפוס. מען האט זייביידע געכאפט און געבראכט אין געמיינדע אמט, מען האט זיי ארייגעווארפען אין דעם פינסטערען קעלער פון דעם געמיינדע הויז, פון אייגענע גלינער שקצים, האבען ווילד־רוצחיש גענומען זיי שלאגען און מוטשען, ביז אין די פארנאכט שעהן. נאכען פארענדיגען דעם מערדערליכען אקט אין קעלער, האט מען זיי צוגעפירט צו דער געמויערטער בריק, וואו עס האט שוין אויף זיי געווארט צוויי שקצים מיט צוויי פערד. די מיליציאנטען האבען באפוילען הערש לייטמערען ער זאל זיך לייגען אונטערען פערד און יעקב קאלבפוס,אונטער דעם צווייטען פערד,און ליגענדיג זאלען זיי אויפהויבען יעדען פוס פון די פערד, און אויסריינינגען אונטער זייערע פאדקאוועס , עס זאל זיין זויבער־ריין,עס טאר קיין צייכען ניט זיין פון קיין בלאטע.די פערד שטיין אין א גרויסער בלאטע, וואס נאך א רעגען,אבער עס העלפט

גאר נישט. א באפעל פון אוקראינער מערדער מדז אויסגעפאלגט ווערען!

די צוויי אומגליקליכע אידען ליגען זיך אונטער די פערד, (גראד האבען די צוויי אידען קיינמאל קיין פערד אין זייערע הענט ניט געהאל-טען) און נעמען זיל בל כרחה צו זייער ארבעט. נאך א לאנגען מוטשען זיך איז זיי געלונגען אריינצובאקומען א פוס פון א פערד אין זייערע הענט. זיי האבען אנגעהויבען צו רייניגען די בלאטע פון אונטער די פערדישע פאטקאוועס. ווען די מיליציאנטען האבען דאס דערזעען, האט איינער א פאטש געטאן די פערד און א געשריי געטאן: "וויאו", און ווען דאס פערד האט זיך א ריס געטאן, האט דער שייגעץ דאס צוריק געצויגען. אזוי האט מען די צוויי אידען געמאטערט ביז 10 אזייגער אין אווענד, און ערשט צוליב א פרישען רעגן, וואס האט זיך א לאז געטאן און מיט דער הילף פון אויסלייז געלט, איז די אידען געלונגען צו אנטלויפען.

דאנערשטאג, דעם 1941.10/7 איז מאבליזירט געווארען די גאנצע שטאט פארוואלטונג, ווי אויך די פארשטייער פון דער אוקראינער נאציא-לער פארטיי, כדי זיך צו בעראטען, און אויסגעפינען סאנקציעס פאר דעם נעכטיגען דורכפאל, וואס די אידען זיינען זיך צעלאפען. דער ערשטער באקומט דאס ווארט דער פארטיי סעקרעטאר, וואסיל פערדינא, י"ש; וועלכער פארלאנגט דורכאויס אז די אידען זאלען היינט ווידער צונויפגעטריבען ווערען. די בריגאדע מוז ערפילען איר אויפגאבע , צו וועלכער זי איז קיין גלינע ספעציעל אראפגעבראכט געווארען. צו דעם נעכטיגען געשעענעם פאקט, טאר מען זיך גלייכגילטיג ניט פארהאלטען, מיר קאנען דאס פאר קיין פרייז ניט פארשווייגען. און צוליב דעם אפעליר איך, צו אייך און בעט, אז נאך היינט זאלען די אידען צוזאמענגעטריבען ווערען, און ווען עס זאל זיך ארויסווייזען פאר א דורכפאל, זאלען מיר נעמען זייערע ווייבער און קינדער, אויף זייער ארט. די בריגאדע זאל און מדז אויך ביי אונז אין שטאט, גלייך ווי איבעראל, דורכפירען איר אויפגאבע".

פון דעם כלומרשטען צד שקנגד באקומט דאס ווארט דר. פיכורקא. "מיר ווייסען דאך וואס פאר א שרעקליכען אורטייל עס הענגט איבער די אידענס קעפ. צו וואס־זשע נעמען אויף זיך אזא פאראנטווארטליכקייט, ווען מיר זיינען זיכער און ווייסען פאזיטיוו, אז פריער צו שפעטער, וועט דאס דורך אנדערע געמאכט ווערען".

די דעבאטע איז לאנג ניט אנגעגאנגען. מען איז געקומען צו א קאמפראמיס, וועלכער איז פאר אונז זייער טרויעריג, פון וועלכען מיר דערוויסען זיך ערשט שבת, נאך דעם גרויסען אומגליק.

(דאס וואס עס איז פארגעקומען אויף דער זיצונג פון דער גלינער אוקראינער נאציאנאלער פארטיי, איז מען געוואר געווארען פון א מענטשען וואס איז דאן דארט געווען.)

# ניין גלינער אידען דערמארדעט
# אין לאשיקער וואלד

אין דעם זעלבען טאג נאך האבען די רוצחים אויסגעשריבען א ליסטע פון גלינער אידען, וועלכע זיינען פאראורטיילט געווארען צום טויט, דורך דעם אוקראינישען פארטיי געריכט, וועלכער איז באשטאנען פון די אויסוואורפען, פאשקיעוויטש,דישאק, פעדינא, גאלאן, בערעזאווסקי, און אנדערע, ימח שמם וזכרם!

פרייטאג פארטאג, דעם 11/7 טען איז פון דער אוקראינישער נאציאנאל פארטיי געשיקט געווארען א דעלעגאציע,וועלכע איז באשטאנען פון גאלאן,טקאטש, און פערדינא, צום דייטשישען הויפטמאן, וועלכער איז דאן נאך געוועזען אין גלינע, ביי אים בעטען פיזישע הילף, ביים צוזאמעננעמען די פאראורטיילטע און דורכפירען די עקזעקוציע. און דערווייל אים אויך שוין באקענען מיט די געשעענישען און דעם רעזולטאט, פון די לעצטע צוויי טעג.

די דריי דעלעגירטע, צווישען וועלכע עס האט זיך געפינען איינער וואס האט שטודירט טעאלאגיע, האבען דעם הויפטמאן באלד אין אנהויב מודיע געוועזן, אז צוליב מיינונגס פארשידענהייטען פון אייניגע חברים, איז די אקציע דערווייל נאך ניט דורכגעפירט געווארען. איז אין הסכם פון אלע חברים באשלאסען געווארען תיכף אויסצושרייבען א ליסטע פון פארשולדיגטע אידען, וועלכע דער אוקראינישער פארשטיי געריכט האט זיי פאראורטיילט צום טויט.זיי האבען פארען הויפטאם פארגעלייענט דעם אורטייל, וועלכער איז געוועזן אונטערגעשריבען פון דעם ביגערמייסטער פון שטאט, און איז געוועזן געשריבען אין דייטש און אין אוקראינעש.

שבת. זעקס אזייגער אין דער פרי. אנשטאט צו זעען ווי אמאל, אידען לויפען אין מקוה,זעען אידען אין זייערע שבתדיגע קליידער,גיין אין קלויז, אין בית המדרש אריין, זאגען תהלים, אנשטאט צו הערען מעביר זיין די סדרה, הערט מען הארצרייסענדיגע געוויינען און קולות פון מאמעס. מיר דערוויסען זיך וואס דער נעכטיגער מארש פון די מיליציאנטען האט געמיינט. מיר דערוויסען זיך אז אין דער צייט וואס מיר האבען זיך בארואיגט, איבערגעטראכט און באקלערט, זיינען אין יענע רגעס יונגע קינדער אוועקגעריסען געווארען פון זייערע עלטערן, מענער פון זייערע פרויען, און טאטעס פון קינדער.

אין יענע שעהן זיינען אוועקגערויבט געווארען דער זון פון ישראל האכבערג, צוויי זין פון פייוויש שראגע, איטשע בן שמעון פריינדליך, גדליהו בן שמואל אייכענהאלץ, זלמן לעווין, וועלכער ווערט פארנומען אנשטאט זיין אידעם ,שמואל אנגסטרייך. פיר פון די פאראורטיילטע האבען די מערדער ניט געטראפען אין דער היים, זיי האבען עוואקואירט קיין רוסלאנד.

ווען מען האט זיך דערוואוסט פון דעם גרויסען אומגליק וואס די נאכט האט געבראכט, האט זיך די מרה שחורה נאך מער געשטארקט,עס הערען זיך גרוסען, פון וואס דאס בלוט ווערט פארגליווערט אין די אדערען. מענטשען ווערען פשוט משוגע, מען לויפט פון דער שטאט, זיך פארשטעקען אין פארשידענע ערטער.

איינער פון די אויף וועמען עס איז אנגעפאלען א שרעקליכע מורא אוף פחד, איז געווען דער אינזשעניר אריה בארער. ער פילט מיט אלע חושים אז עפעס שרעקליכעס הענגט איבער זיין קאפ. ער באשליסט גלייך ווי אנדערע פארלאזען די שטאט, גיין אין זיינע פעלדער און זיך אויסבאהאלטען דארט איבערען טאג. פארען אוועקגיין האט ער אפגעדאווענט, אפגעזאגט וידוי, זיך געזעגענט מיט טאטע-מאמע, שוועסטער און שוואגערס און איז ארויס פונם שטעטל. אין פעלד האט ער זיך אוועקגעלייגט צווישען די זאנגען און געדענקט אזוי איבערצוקוקומען דעם שרעקליכען טאג.

אין שטאט הויבען זיך אן פרישע ארעסטען. מען ארעסטירט יעקב האלפערן, וועלכער ווערט דורך נסים באפרייט. עס ווערט ארעסטירט יודעל פאלאק, נאר ער ווערט ניט אפגעפירט אין דער אוקראינישער שולע, וואו עס ליגען די זעקס אידען, נאר זיי האלטען אים אין א קאמער פון דער געמיינדע אמט.

דארט, אין פעלד, וואו אריה באכער ליגט קומט מיט אמאל אן זיינער א פעלד-שכן, פאנטשישעק, י"ש. ווען יענער האט דערזעען אריהן, באגריסט ער אים העפליך און פרעגט ביי אים די באדייטונג פון זיין היינטיגען קומען אין פעלד אריין. (ווייל זיי האבען געוואוסט אז שבת קומט אריה ניט אין פעלד אריין) דער דערשראקענער איד האט געפינען עפעס א תירוץ. דער שגץ איז באלד אוועק, און אריה האט געמיינט אז מיט דעם איז ער אים אפגעקומען.

עס האט לאנג ניט געדויערט, באווייזט זיך פארען אינזשעניר באכער, דער זעלבער שגץ, באגלייט פון חברים מערדער, שלעפען אים ארים פון דער תבואה, לייגען אים ארויפ אויף א וואגען און בינדען אים הענט און פיס, און מען פירט אים מיט חוזק געלעכטער, קיין גלינע, צום אוקראינישען פאליציי קאמיסאריאט.

דארט האט מען געלאכט און געחוזקט, ווי דער אידישער אינזשעניר ליגט א געבונדענער אין וואגען. אויפן פארלאנג פון א אוקראינישען רוצח, יאצישען, וואס דערמאנט זיך אין אריהן איין אלטען חטא, ווערט ער אפיציעל ארעסטירט, און פארשפארט אין דעם זעלבען קאמער וואו יודעל פאלאק איז געזעסען.

דעם זעלבען טאג, 4 דעם זייגער איז צו דער גלינער אוקראינער שולע צוגעפארען א פארמאכטע אויטא, וועלכע האט פארנומען די ארעסטירטע אידען, און זיך א לאז געטאן ביז בעריש שטאלצעבערגס הויז. דארט האט די מאשין זיך אפגעשטעלט. דארט ווארט שוין א גרויסע צאל אוקראינער, פאשקעוויטש, און דיטשאק י"ש. מען שיקט אוועק א שייגץ צום אידען דרעשער,

די סאדיסטישע מערדער זיינען ארייננעלאפען צו דרעשערן, און געטראגען אים זיצען און לייענען. "עס איז איצט ניט קיין צייט פאר לייענען" האט דער שייגץ א געשריי געטאן "מען נויטיגט זיך אין ארבייטס הענט, קום מיט, אויף איייניגע שעה ארבייט".

באין ברירה איז דער איד מיטגעגאנגען, זיי האבען אים ארייננעזעצט אים וואַרטענדיגען אויטא, וואו עס האבען זיך געפינען די זעקס אידען, דער מאטאר הויבט אן ארבייטען און פירט אוועק די 7 אומשולדיגע נפשות.

די אוקראינער שטיין צופרידענע, באפרידיגטע, זיי האבען ארויסבאגלייט 7 אידען, און זיי ווייסען וואהין. זיי ווייסען אז דאס איז דאס לעצטע מאל וואס די אידען זיינען געווען אין שטעטעל, און וועלכען זיי וועלען שוין מער ניט זעען. זיי ווערען געפירט אויף דעם נייעם בית עלמין, וואס די אוקראינער האבען אויסדערווילט פאר די גלינער אידען, דאס איז דער לאשיקער וואלד.

דער אויטא מיט די אומשולדיקע אידען קומט אן אין לאשיקער וואלד. דארטען ווערען די זיבען אידען אויסגעלאדען, און יעדער איינער פון זיי באקומט א לאפאטע אין זיינע הענט, מיט וועלכער מען הייסט אים אויסגראבען א גרוב, לויט אן אנגעוויזענער מאס. ווען דער גרוב איז פארטיג געווארען, האט מען די אידען אהין אריינגעווארפען און מיט אויטאמאטען אלעמען דערשאסען. חוץ איזשע האכבערג, אים האט מען א לעבעדיגער צוזאמען מיט אלעמען פארשאטען, אין דעם פינסטערען, נאסען גרוב.

נאך דער מעשה נורא האט דער דייטשישער הויפטמאן געלאזט רופען צו זיך די פרוי רחל דרעשער, און באפוילען איר אין 10 מינוט זאל זי אויסרייניגען איר וואוינונג און זי פארלאזען. די אומגליקליכע פרוי, וועלכע איז צעמישט מיט די צרות פון איר צוגענומענעם מאן, און וואס מען האט ארעסטירט איר ברודער, אריה באכער, פאלט דעם מערדער צו די פיס און בעט אים מיט בלוטיגע טרערען, צו פארלענגערען דעם טערמין, ווייל אין צען מינוט איז אונמעגליך אויסרייניגען די הויז. אירע טרערען און געוויין האבען דעם אויסוואורף ווינציג באריהרט, ער זאל אויף איר די מינדסטע רחמנות האבען. ער האט ארויסגעשיקט עטליכע פון זיינע זעלנער. זיי האבען ווילד, הפקריש איר מעבעל און די גאנצע הויז ווירטשאפט ארויסגעווארפען דורך די פענסטער אין גאס אריין, נישט וועלענדיג וויסען וואס פון די זאכען וועט ווערען.

ווען די וואוינונג איז שוין געווען ריין פון דרעשערס פארמעגן און הארעוואניע, אלץ צעבראכען און רואינירט, האט דער בירגערמייסטער באפוילען דעם פראוויזארישען אידישען קאמיטעט, זיי זאלען שיקען מענטשען אוועקצוטראגען די זאכען, וואס ליגען ארום דרעשערס הויז,

ביים דייטשישען הויפטמאן, וועלכער האט זיך באזעצט אין דרעשערס הויז, האבען דאן דארט געארבייט די פאלגענדע אידען: גרשון מעהלמאן מיט זיין פרוי און שניר, יחיאל לייוואנד, ישראל קליעגער, שמואל נודעל, אברהם מרגליעס, לייבש, הערש דוקלער, שלמה מויער, סאלקא סעלצער, ליאליע פענדויך, פעשע וויעלקאפאליער.

ווען דער אויטא איז צוריקגעקומען פונם וועג, האב איך און ירשון מעהלמאן באמערקט ווי אין אים ליגען עטליכע קאשקעטען פון די ארויסגעפירטע. דאס האט אונז דערשיטערט ביז גאר, אבער ריידען האבען מיר פאר קיינעם ניט געוואלט.

די אומגליקלעכע פרוי דרעשער, איז אויף דעם צווייטען טאג פון איר מאנס אפפארען, אריבערגעגאנגען צום בירגערמייסטער, אין וועמענס פריינדשאפט זי האט נאך געגלויבט, און אים הארציג געבעטען, בלוטיג פאר אים געוויינט, ער זאל איר דעם אמת זאגען, וואו איר מאן געפינט זיך, און ווי לאנג נאך ער וועט ביי דער ארבעט געהאלטען ווערען. (ווייל פון טויט האט זי אפילו קיין קלער ניט געוואלט טאן) דער קאלטער מערדער, דער בעל

שופט פונם צוואנציגסטען יארהונדערט, דער מענטש אין וועמענס הענט עס ליגט די גערעכטיגקייט, וויסענדיג אז איר מאן ליגט שוין באלד א מעת-לעת אין דער ערד, צוליב זיין אייגענער אונטערשריפט, האט ער צו איר געזאגט" דיין מאן לעבט און וועט ווארשיינלעך נאך היינט צוריק קומען. איך וועל זיך פאראינטערעסירען מיט אים צום גוטען". ער איז איצט אויף ארבעט, דאס ארבעט ארט איז מיר איצט ניט באקאנט.

די אומגליקליכע פרוי האט אים איבערגעלאזט א היפשען פדיון, וועלכער דער קאלטבלוטיגער מערדער האט צוגענומען און האט אפילו ניט א פינטעל געטאן מיט אן אויג. די פרוי איז געווען זיכער אז איר מאן לעבט און וועט באלד קומען אהיים.

אויך די פרוי שראגע איז אריבערגעלאפען צו דר.טשאקיטש,וועלכער האט געארבעט עטליכע יאר צוזאמען מיט איינעם פון אירע זין,וואס זיינען פון איר אוועקגעריבט געווארען, און אים געבעטען מיט גרויס געוויין, ער זאל איר אויסזאגען דעם אמת, וואו אירע צוויי קינדער געפינען זיך.

– לעבען זיי נאך? – האט זי א פרעג געטאן. דר. טשאקיטש האט איר, ווי א אמתער "מענטשענפריינט" בארואיגט און געזאגט" זייט לעבען. זייט ניט דערשראקען, זיי וועלען אין גיכען זיין צוריק. לאמיר האפען אז נאך היינט,מארגען וועלען זיי געוויס זיין מיט אייך". אזוי האבען אלע ערלים, ביי וועמען מען האט געוואלט אויסגעפינען וואו אידען געפינען זיך , האבען געענטפערט דעם זעלבען פזמון.

אין דעם זעלבען טאג האט זיך אנגעהויבען דער גיהינום, פאר די צוויי אידען, אריה בארער און יודעל פאלאק, וועלכע זיינען געהאלטען געווארען אין דער תפיסה פון דעם געמיינדע אמט. ווער עס וויל האט דאס רעכט קומען זיך געזעגענען מיט די צוויי אומגליקליכע. קיין רוצחים צו דער "שמחה" האט ניט אויסגעפילט. ניט נאר פון שטאט, נאר אויך פון די דערפער זיינען גוים געקומען איינטייל נעמען אין דער גרויסער "שמחה" און "מצוה",וואס הייסט "אידען־אויסראט". פון שבת 6 אזייגער נאך מיטאג ב' זונטאג 2 א זייגער, איז מען כסדר געגאנגען, און יעדער גוי האט באוויזען זיין כח אויף די שוצלאזע אידען. דאס בלוט פון זייערע קערפער האט באפלעקט די ווענט פון זייער תפיסה און פארגאסען דעם ברוק, אויף וועלכען זיי זיינען געליגען. יודעל פאלאק האבען זיי טויב געמאכט און אויסגעהאקט אים אן אויג. מיר, אין שטאט, זאלען זעען ווי די צוויי אידען זעען אויס, מיר זאלען זעען וואס דער דייטש־אוקראינישער קולטור קאן. האבען זיי יודעל פאלאק באגלייט מיט א אוקראינישען מיליציאנער, א היים געשיקט צו זיין ווייב און קינדער. זאלען זיי זעען ווי ער זעט אויס אין די לעצטע שעהן פון זיין לעבען. נאך עטליכע מינוטען זיין אין דער היים, האט דער זעלבער מיליציאנער אים צוריקגעפירט.

צוויי אזייגער בייטאג האט מען די צוויי אומגליקליכע אידען דורכגעפירט דורך דער שטאט, עס איז זיי ניט געווען מעגליך צו דערקענען. מען האט זיי געפירט אויף דעם זעלבען ארט, וואהין מען האט נעכטן געפירט די זיבען אומגליקליכע אידן. דארטען האבען די מערדער שוין אליין געגראבען דעם גרוב, פאר די צוויי אידען, ווייל די קדושים זיינען שוין געווען מער טויט ווי לעבעדיג.

אין א פאר טעג שפעטער האט דער דייטשישער הויפטמאן פארלאזט דאס שטעטעל. דאן האט שמואל אייכענהאלץ, וועלכער האט געהאט א זון

צווישען די דערשאסענע, באשלאסען, פאר יעדען פרייז צו ברענגען די קדושים צו קבר ישראל. ער און זיין מחותן יאיר האלפערן, זיינען איבערגעגאנגען צום באצירקס דאקטאר, בוראטשאק און אים דערציילט אז זיי ווייסען דעם גאנצען אמת, וואס עס האט געטראפען צו די ניין אידען.

_ הער אויס,דר. בוראטשאק – האט יאיר האלפערן געזאגט – מיר האבען ביז איצט געגלויבט אין די רייד פון די אוקראינער פארשטייער,אז די ניין אידען לעבען און זיינען ערגיץ אויף ארבעט, איצט ווייסען מיר דעם אמת.די זיבען אידען און די אנדערע צוויי אידען לעבען נישט מער. אלע זיינען זיי דערשאסען געווארען אונטער דעם לאשיקער וואלד און אויך דארט באגראבען געווארען. מיר בעטען דיך, איצט, אלס באצירקס דאקטאר זאלסט אונז דערלויבען אריינברענגען די קדושים קיין גלינע, כדי זיי זאלען באערדיגט ווערען אויפן אידישען בית עלמין".

"גלייכצייטיג בעטען מיר דיך אז דו זאלסט פארשלאגען א פרייז, וואס דאס דארף קאסטען. מיר זיינען גרייט יעדען פרייז אנצונעמען".

דער געלטגייציגער דר. בוראטשאק איז געבליבען אין א פארלעגענהייט, ניט ווויסענדיג וואס איצט צו טאן. נאך א לאנגען ישוב הדעת האט ער פארגעשלאגען א פרייז פון 20.000£,וועלכע ער האט באלד געקראגען.ער עצהט זיי אז די ארבעט זאל אפגעטאן ווערען בלייז שנעל אין די פרימארגען שעהן.

4 א זייגער פארטאג האבען אידען זיך אוועקגעשטעלט אויף דעם גלינער בית עלמין אויסגראבען 9 קברים. אין דער זעלבער צייט איז א פור ארויסגעפארען, מיטנעמענדיג 9 פארטיגע ארונס. אויף יעדען ארון איז געווען אויפגעשריבען א נאמען פון א קדוש. דארט אין וואלד  ווארט שוין הערש פאגעלפאנגער, און מען האט זיך גענומען צו דער ארבעט, אויסגראבען די טויטע אידען. מען האט איינציגווייז אנגעהויבען ארויסנעמען די קדושים, יעדען קדוש האט מען אריינגעלייגט אין דעם ארון אויף וועלכן זיין נאמען איז געווען אויפגעשריבען.

דערווייל האט דער גלח פונם דארף לאשיק זיך דערוואוסט וואס לעבען וואלד קומט פאר, האט ער ארויסגעשיקט דעם וואיט, ער זאל ניט ערלויבען די דערשאסענע אוועקנעמען. מען האט דעם וואיט אפילו ניט געוואלט אויסהערען. האט דער גלח געשיקט נאך א מיליציאנער קיין זאדווארזשע. אין דער צייט האבען די אידען באוויזען ארויסצוכאפען אלע קדושים פון דעם גרוב, און מען איז שנעל מיט זיי אוועק קיין גלינע.

עס איז אוממעגליך איבערצוגעבען ווי צעבראכען און דערשלא־גען די גלינער אידען זיינער געווען אין יענעם מאמענט , ווען מען האט אריינגעבראכט די קדושים אין שטאט אריין. עס פעלען מיר ווערטער,עס פעלען בכלל ווערטער אין דער מענטשליכער שפראך, וואס זאל קאנען איבערגעבען און אויסדריקען דעם גרויסען צער פון די גלינער אידען אין יענעם טאג.

דאס גאנצע שטעטעל איז פארזאמעלט אויפן בית עלמין. דאס געוויין און די געשרייען איז אין לשער. יעדער בעט, רייסט קברים, שריים צו גאט. די קברים ווערען פארטרונקען אין בלוטיגע טרערען. מען חלושט, מען מינטערט. די געשרייען "ראטעוועט!" ער,אדער זי ,איז טויט!" שפאלטען דעם הימעל. עס האט אויסגעקוקט אז די וועלט האלט ביים איינגעזונקען ווערען אינם שאול תחתיה אריין. פאר פחד און מורא האט

מען געקאנט אראפ פון זינען, שטארבען פון ווייטאג און אויפרעגונג. ווען עס קומט צום קדיש זאגען, ווערט חושך, א אמתע וועלט איבערקערעניש. מען דערזעעט אז ישראל האכבערג איז נישטא אויף דעם בית עלמין, לויפט גרשון מעהלמאן, זיין שוואגער אים רופען. ווען ישראל האכבערג קומט צו צם קבר פון זיין זון, שרייט ער אוים ניט מיט זיין קול: איזשע, מיין זון! דו ווייסט ווי טייער דו ביסט אונז, טראץ דעם גיב איך דיך איצט א קרבן פאר דעם כלל ישראל. זאל די ערד און די אידישע צרות, מיט אייך קדושים געשלאסען ווערען!" און ער הויבט אן זאגען קדיש. אבער מער ווי "יתגדל ויתקדש" האט ער ניט געקאנט ארויסזאגען. ער איז גע- פאלען אויף דעם פרישען קבר פון זיין זון און האט אים באגאסען מיט בלוטיגע טרערען, וועלכע וועלען קיינמאל ניט אויסגעטרוקענט ווערען.

אין געמיינדע אמט, ביים אפענעם פענסטער שטייט זעניק און נאך רוצחים, זיי לאכען ,חוזקן פון די אידישע צרות. ביים אראפגיין פון דעם בית עלמין באגעגענט זעניקס שוויגער די אידען מיט א שמעכעל און גיט א זאג "ווּשים טא סאמא בודע" – מיט אלע אידען וועט דאס זעלבע זיין. און מיר, אידען דאס הערענדיג אין איר ניט קענען ענטפערען, האבען דאמאלס איינגעזען אז מיר זינקען יעדען טאג אלץ טיפער אין צרות. מיר האבען שוין דאן געזעען און געפילט אז יעדען טאג פארלירען מיר מער דאס רעכט פון מענטש און לעבען. מיר האבען אנגעהויבען צו זעען און צו פארשטייען אז אונזערע שונאים ווילען א טאטאלע פארניכטונג פון אונז. און אז מיר האבען קיין אויסוועג, ווי נאר צו זאגען" בידך אפקיד רוחי!

# פעטלורע-אקציע

טרויעריג איז אין יעדען שטעטעל אין גאליציע געווען דער טאג פון דער פעטלורע אקציע, דעם 27טען יולי 1941. אויך ביי אונז אין שטעטעל איז דער טאג געווען א פינסטערער און א שווארצער. שוין אין די פרימארגן שעהן האט די מכה פעטלורא , האבען גויים פון די ארומיגע דערפער אנגע-הויבען אנקומען אין שטאט אריין. עס האט אנגעהויבען שטראמען די אוק-ראינישע נאציאנאלע יוגענד אין זייערע נאציאנאלע קליידער. מענער מיט אויסגענייטע אוקראינישע העמדער, מיט קאזאצקע היטלען אויף די קעפ און מיט כמעלניצקי הויזען איבער די שטיוועל. די פרויען אין זייערע רוסקע סטראיעס, און אלע זינגען אנטיסעמיטישע לידער. זיי זינגען א ליד וואס רופט צו נקמה פארען טויט פון אטאמאן פעטלורע. דאס האט ארויסגערופען אין שטעטעל א שרעק, וואס וואקסט פון רגע צו רגע. קיינער ווייסט ניט וואס מיט זיך צו טאן. לויפען צו ערלים זיך אויסבאהאלטען - איז ריזיקא-ליש ארויס אין די פעלדער, אין וואלד אריין, איז היינט אויך ניט זיכער. מען ווייסט ניט ווי דאס פארהאלטען זיך פון די מערדער וועט היינט אויס-זעען. מען ווייסט אויך ניט צי מען וועט פרויען אין קינדער טאלערירען. מען לעבט איבער שעהן פון גוואלדיגער טויט שרעק און גרויס פארצווייפלונג.

דער סוף איז, יעדער בלייבט אין דער היים. דאס פראוויזארישע אידישער קאמיטעט ווענדעט זיך צום טרויעריג באריכמטען מאקסים פאשקעוויטש, דר. דיטשאק, גלח האווראליק, אינזשענער בערעזעווסקי, ימח שמם, זיי זאלען זעען די שטאט צו פארהיטען פון בלוט פארגיסונג. עס פארשטייט זיך, אז מען איז צו קיינעם ניט געקומען מיט ליידיגע הענט. יעדען באזונדער האט מען געגעבען א פדיון.

געפועלט האט מען אזויפיל,א פארזיכערונג אז קיין בלוט וועט היינט ניט פארגאסען ווערען. דאס האט אביסעל פארגרינגערט די פארצוויי-פלונג. אבער רואיג איז דער טאג ,טראץ די צוזאגען נישט אדורך.

עטליכע דארפס שקצים, וועלכע האבען שוין גוט געקאנט די דייטשישע מארד טעכניק , זיינען מיט דער פארשטענדעניש פון די גלינער נאציעס, ארויס איבער די אידישע הייזער, מערדעריש געשלאגען וועמען זיי האבען נאר געטראפען, געראבעוועט אלץ וואס איז געווען אונטער דער האנט און דעמאלירט די וואוינונגען , אויף וויפיל עס האט זיך נאר געלאזט. ווען דער אקט איז פארענדיגט געווארען, האבען די גלינער אוקראינער גענומען שפילער זייער ראל.

מען האט מיט איינמאל פארלאנגט אלע מענער פון שטאט צו דער אר-בעט. אבער צושטעלען מענער איז זייער שווער געווען. קיין איד האט צו זיי מער קיין צוטרוי ניט געהאט. מען האט ניט געגלויבט אז מען מיינט טאקע ארבעט. דער אידיש פראוויזארישער קאמיטעט איז אריבערגעגאנגען צו איינעם פון די אוקראינער פירער און געבעטען דעם אמת, בארעטען זיך מיט וואס מען זאל איצט טאן. דער פירער האט ווידער פארזיכערט אז קיין בלוט וועט ניט זיין, אויב די מענער וועלען קומען צו דער ארבעט, אניט קען ער אזיף זיך די פאראנטווארטליכקייט אויף זיך ניט נעמען.

אידען האבען אנגעהויבען צו לויפען צו דער ארבעט. מען האט די ארבעטער צעפירט אויף אלע פארשטעט פון גלינע, אין די גוישע קווארט-טאלען ווי, פריקאלקעס, פיאסקעס, מילנעקאך, זאסטאוויע, זארידולע, בעהוחקע, זאפאסע, רודקעס, זאהלעסניקעס, ראזווארינסקא, און געהייסען

זיי דארט די וועגען ריינינגען און פאררינטען. אלע מאל האט מען גרופען אידען געשלעפט אויף אנדערע ערטער, צו פארשידענע ארבייטען, צו גאר שווערע ארבייט. מען האט מענער און פרויען געשיקט צו גאר בזיונדיגע ארבייטען. ריינגען בית הכסאת אין דער אוקראינער שולע, אין באנק, מלעטשארניע און אין נאך אנדערע פונקטען.

ביי דער ארבעט האט מען יעדען איד שרעקליך געשלאגען און אפגעחוזקט. מען האט זיי געצוואונגען צענעמען די אידישע הייזער פון אברהם פרייז, איטשלע חסיד, לייביש אנטשעל. - מיר האבען באשלאסען אז דא טאר קיין אידישע הייזער ניט שטייען" - האבען די באנדיטען דערקלערט, און די איינוואוינער פון די הייזער האט מען באפוילען אין צייט פון צווי שעה פון דארט ארויס.

פארנאכט האבען די מערדער אוועקגעשטעלט א באנק, לעבען גוטמאנס הויז, האבען צוזאמענגעטריבען אלע אידען וועלכע האבען געטראגען בערד, און איינציגווייז געהייסען זיך אויף דער באנק אוועקזעצען און יעדען איד האט מען די בארד אויסגעריסעם. געריסען האט מען מיט בלעך און מיט קאוואל צוואנגען. די געשרייען זיינען געווען אומגעהויער גרויס. אסך אידען האט מען די בערד מיט דער הויט ארויסגעריסען, און יעדען איד האט מען איבערגעלאזט עטליכע האר אויפן פנים, נישט יעדען אויף דעם זעלבען ארט, אויף חוזק. פארדעם האט יעדער איד געדארפט באצאלען פון 500 ביז 1000 זלאטעס.

די אידען וועלכע זיינען פון דארט אוועקגעגאנגען איז ניט געווען צום דערקענען און מען האט געמוזט רופען צו זיי דעם דאקטאר.

מיט איינמאל איז די רוצחים געלונגען צו כאפען דעם גלינער רבין אפרתי. מען האט אים אוועקגעפירט צום ארט, וואו די "ראזירער" האבען געארבעט. אין שטאט איז געווארען א רעש, א גרויסער טומעל. נעמען דעם רבין און אים אויסרייסען די בארד!

דער רבי אליין האט זיך ביי זיי בלויז געבעטען זיי זאלען אים די בארד שערען און נישט רייסען. דערוויייל איז געלונגען דעם פראוויזארישען אידישען קאמיטען אפצוראטעווען דעם רבין פון דעם שוידערליכען גזר, און מיט דעם האט זיך יענער טאג פארענדיגט.

## גלינער אידען ווערען גענומען

## צו שקלאפען ארבעט

דאס קליינע שטעטעלע גלינע, וואס שפילט סטראטעגיש קיין שום ראל אין דער ערשטער מלחמה און אויך איצט אין דער צווייטער מלחמה, בלייבט אן שום מיליטערישער קאמאנדע. עס בלייבט ווי אלע אנדערע ניט באדייטענדע פונקטען, אן דייטשישער פאליצי, אן דייטשישער וויכטיגע מאגאזינען. דאס שטעטעלע ווערט איבערגעגעבען אין די הענט פון דעם אוקראינישען פאלק, צו זייער פאליציי און יעדען 14טען טאג קומט צו פארען פון דעם פאוויאט א געסטאפא מאן, אויסגעפינען ווי עס זעט אויס דאס שטעטעל גלינע.

פון די ארומיגע דערפער הויבען אן אנקומען ערלים אין שטאט אריין,

מיטברענגענדיג מיט זיך געסטאפא אגענטען און באפאלען אידישע הייזער. שלאגען צום טויט וועמען מען טרעפט נאר, און רויבען אויס וואס עס געפינט זיך אין די שטיבער. אין יענעם טאג זיינען געשלאגען און בארויבט געווארען, איטשע סיבערט, יעקב בילעט, יעקב ריינהערץ, אברהם האכבערג, משה אורבאהד און אנדערע. אידישע בעלי מלאכות ווערען גענומען צו ערלים אהיים, זאלען ביי זיי ארבייטען און נישט ווערען באצאלט און נישט געשפייזט.

עס איז ארויסגענומען געווארען קיין לאשיק א שניידער, יעקב קאלבפוס, א מאשין האט דער ערל געהאט א אייגענע, די איבעריגע זאכען, דאס פרעס אייזען, די פרעס קלעצער האט דער שניידער געמוזט טראגען אויף זיינע פלייצעס, ווייל ער איז געגאנגען צו פוס אין דארף אריין. כאטש דער ערל האט געהאט א פערד און וואגען, אבער עס פאסט דאך ניט אז ער זאל אויך זיין וואגען פירען א איד. עסען אויך א גאנצע וואך האט דער שניידער געמוזט מיטברענגען פון דער היים. ווען דער ערל מיט זיין פאמיליע האט זיך געזעצט צום טיש עסען האט מען דעם אידען ארויסגעטריבען פון הויז.

זונטאג פארטאג פלעגט דער שניידער אהיים גייען צו פוס, הונגעריג און צעבראכען, און ווען ער האט געבעטען ביים ערל א שטיקעל ברויט, צו שטילען דעם הונגער האט יענער געענטפערט" עס איז מיר פארבאטען דיר ברויט צו געבען!"

אזוי איז מיט אלע בעלי מלאכות געשען. אויסגענוצט זיי, אפגעארבעט טעג און וואכען, צוגעלייגט פאדעם, קנעפלעך און אנדערע מאטעריאלען, און גארנישט געקראגען פאר דעם. איין ערל, ער לעבט שוין ניט, מיר גליינער איבערגעבליבענע האבען אים פארזארגט... האט גענומען צו זיך א איד, א סטאלאר, וועלכער האט פאר אים געמאכט טירען און פענסטער, געלייגט בריקען אין די צימערען, די ברעטער האט דער ערל גענומען אומזיסט ביי אידען. ווען דער איד האט פארענדיגט די ארבעט, האט דער ערל אים איבערגעגעבען צו דער דייטשישער פאליציי, וועלכע איז יענעם טאג געקומען כאפען אידען. דער איד איז געווען אלימך שניידערס זון.

עס ווערען אויפגעהאנגען אויף אלע רעגירונגס אנשטאלטען צעטלען מיט די פאלגענדע אויפשריפטען: פאר הינט און אידען איינטריט פארבאטען!

2 א זייגער ביינאכט ווערען באפאלען אידישע שטיבער, מען האקט שטיבען, מען ברעכט טירען, מען ווארפט אריין ציגעל, שטיינער. עס ווערט געטאן מיט אזא רעש, אזוי שטורעמיש אז מען האט געמיינט אז דאס שטעטל ווערט באמבאדירט.. ארויסגייען אקוק טאן האט מען מורא. מענער האבען אנגעהויבען זיך באהאלטען, רעזיקירט און גענומען לויפען ניט וויסענדיג אליין וואהין. א מוראדיגע פארצווייפלונג האט יעדען ארומגענומען, ביז מען איז דערגאנגען וואס דאס באדייט, אז מען רופט אידען צו דער ארבעט.

נאכדעם ווי מענער און פרויען זיינען צו דער ארבעט אוועקגעגאנגען, איז מען אריבערגעגאנגען צום בירגערמייסטער, מאקסים פאסקעוויטש, אוך אים איבערגעגעבען אויף וואס פאר אן אופן מען האט היינט די אידען צו דער ארבעט גערופען. מען האט אים אויפגעקלערט אז אזא רופען צודער ארבעט איז ניט נויטיג, ווייל אידען גייען צו יעטווידער גערופענער ארבעט. מען האט אים געבעטען און אויפגעוויזען אז סאיז ראטזאמער ער זאל

יעדען טאג באשטימען וויפיל ארבייטער ער דארף, און ווי זיי דארפען זיך שטעלען, וועלען זיי דארט פינקטליך זיין.

עס איז דאן געשאפען געווארען א אידישער קאמיטעט פאר דעם צוועק, וועלכער וועט די ארבייטער באזארגען, זיי זיינען געווען: אהרן האכבערג, ישראל האכבערג, יעקב אהרינג, שלמה ליינוואנד, זאב שטאלצענ-בערג, אברהם רייבער, הרב יצחק צבי אפרתי. דער בירגערמייסטער האט צו-געשטימט צו זייער מיינונג און פארלאנג און האט צוגעזאגט, אז מער וועט זיך אזעלכעס ניט ווידעראלען. אויב עס וועט נויטיג זיין ארבייטער, וועט ער דעם געשאפענעם קאמיטעט לאזען וויסען, זיי זאלען די ארבייטער צו-שטעלען.

אבער דאס איז בלויז געזאגט געווארען, דח אידען זאלען אוועק-גיין, געדענקט האט ער גאנץ אנדערש. דעם צווייטען טאג איז ווידער דאס זעלבע געשען. מען האט געהאקט טירען, געבראכען שויבען: צו דער ארבייט, אידען! - האט מען געהערט א געשריי.

מען איז ווידער אריבערגעגאנגען צום בירגערמייסטער און אים גע-פרעגט וואס דאס באדייט: האסט אונז צוגעזאגט , אז מער וועט מען אונז אויך אזא אופן ניט רופען, און עס איז היינט ווידער געשען". דער באנדיט האט געפונען א תירוץ, און ווידער צוגעזאגט אז מער ווידערהאלט עס זיך ניט. אבער דאס איז געווען שקר, עס איז דאס זעלבע געשען ביז אלע אידישע הייזער זיינען געבליבען ווי סקעלעטען, אן שויבען, און טירען, ערשט דאן האבען די אוקראינער פארלאנגט פארשידענע מתנות, וועט מען אויפהערען רופען צו דער ארבעט. נאר דאס איז אויך געווען שקר וכזב.

מען האט ווידער געטריבען אידען צו דער ארבעט. און שקצים, וואס האבען געטריבען בהמות אויף דער פאסעווקע , דערקאנט אין אונז אידען אז מיר זיינען זייערע שונאים און דערפאר אונז ווילד רוצחיש געשלאגען. עס איז באמת ניט געווען אויס צוהאלטען די צרות , מיר זיינען אבער דערגאנגען, אז דאס טוט מען מיט א כוונה, עס זאל קומען צו א דעמארא-ליזירונג, און אידען זאלען ניט וועלען גיין צו דער ארבעט. דאן וועלען זיי האבען אן אפען מויל ,מיט וואס צו קומען צו דער געסטאפא און אויפווייזען אז די אידען סאבאטאזשירען, ווילען ניט פאררינכטען די וועגן וועלכע זיינען נויטיג פאר דער דייטשישער ווער-מאכט. אבער מיר זיינען אן עס קשי עורף, וואס מער זיי האבען געשלאגען, אלץ מער ארבייטער האבען מיר ארויסגעשיקט.

מיידלעך ווערען גענומען אויף ארבייט אין וואלד:

איין טאג קומט אן א באפעל , מען זאל ארויסשיקען 50 מיידלעך צו דער ארבייט, קיין באכדאניוקע אין וואלד אריין. דער אידישער קאמי-טעט האט אפילו ניט געפרובירט בעטען אויף ווינציגער, נאר אויף מארגען איז ארויסגעשיקט געווארען 50 מיידלעך. עס איז ניט צום פארשטעלען זיך וואס פאר א צרות און ליידען וואס די מיידלעך זיינען זיך אויסגעשטא-נען. צוויי שיינע מיידלעך האבען די שקצים צוגענומען און זיינען מיט זיי אוועקגעגאנגען ווייט אין וואלד אריין. פארנאכט, ווען די 48 מיידעל זיינען צוריקגעקומען פון דער ארבייט, און דערציילט וואס פאר א ביטערען טאג זיי האבען געהאט, מיט וואס פאר א לייד און צרות מען האט זיי דארט צוגעטיילט, און דער עיקר אז מען האט צוויי מיידלעך

צוגענומען, און זיי זיינען נאך נישטא צוריק.

אין דער זעלבער צייט קומט א מיליציאנער און ברענגט אן אויפ-טראג פאר מארגען: הונדערט מיידלעך צו דער ארבעט אין וואלד אריין! דאס איז מצד פון די אוקראינער געווען אן אויסגערעכנטער צוג, זייענדיג זיכער אז היינט וועט מען זייער פארלאנג זיכער ניט נאכקומען.

דער פארשטאנט ביי יעדען גלינער איד האט געארבעט און יעדער איינער האט פארשטאנען אז דא ווילען די רוצחים דערגרייכען זייער ציל, זיי ווילן אז מיר זאלען זאגען "ניין", מיר גייר ניט!" און זיי וועלען האבען אן אויסרייד דורכצופירען א מאסאקרע. הונדערט פרויען זיינען יענעם טאג געגאנגען צו דער ארבעט, עס איז מיט זיי מיטגעגאנגען יעקב אהרינג און ישראל האכבערג, אלס שומרים, די מיידלעך זאל דארט גאר ניט געשען.

די אוקראינער האבען איינגעזען אז זייער פלאן האט ניט גע-ארבעט, האבען זיי אויפגעהערט צו קופען אויף ארבעט, מיטן תירוץ אז מען דארף מער קיין ארבעטער ניט האבען.

אויפן אנדערען טאג איז מען געקומען צולויפען פון דער געמיינדע מיט געשרייען "עהאינא דייטע ראבאטניקי" - שנעל גיט אונז ארבייטער! דער קאמיטעט האט געהענטפער, אז ארבייטער האלטען מיר ניט אין די קע-שעניעס, מיר דארפען זיי שיקען רופען. -"ניין" - האט דער פעטלורעוויך געענטפערט: "אויף שיקען רופען איז קיין צייט נישטא". דערווייל איז די קאמיטע זיך אליין צונויפגעקומען און זיך אלאז געטאן צו דער ארבעט, אויפן וועג האבען זיי אנגעטראפען נאך אידען, אזוי אז ווען זיי זיינען אנגעקומען צו דער געמיינדע איז געווען מער ארבייטער וויפיל זיי האבען פארלאנגט. דעם קאמיטעט האט מען אפגעשיקט א היים און דעם איבעריגען עולם האט מען ביז שפעט אין דער נאכט געמאטערט און געשלאגען.

עס קומט די צייט פון שניט:

גויים ברענגען די תבואה אהיים פון פעלד און דארפען מלויצען דאס ווייץ און אפגעבען א טייל דעם קאנטינגענט פאר דער מלוכה. קומען אן גויים אין שטאט אריין און פארלאנגען אידען צו דער ארבעט. גיין אידען, נישטא קיין ברירה. איינציגע טראכטען אז זיי וועלען דארט זיך אפשר אנעסען און אפשר טאקע אויך עפעס ברענגען א היים פאר זייערע ווייב און קינדער. זיי קומען אבער א היים מיט צעשלאגענע פנימער.

דאס שאפען א "יודענראט" און געבען קאנטריביוציע:

דעם 22/8 1941 , ארום 10 א זייגער באווייזט זיך אין די אידישע געסלעך א געוועזענער פוילישער פינאנץ באאמטער, וועלכער ארבייט אין דער בעצירקס הויפטמאנשאפט, זיין נאמען איז געווען יאנקעוויטש י"ש. און ארעפענדיג צופעליג הערץ צייזלער, גיט ער אים איבער פון דעם פראז-ווויזארישען קאמיטעט איין אויפטראג צו שאפען א אידישע געמיינדע, וועלכע רופט זיך "יודענראט". די ידיעה צעטראגט זיך באלד צווישען דעם אידישן עולם. אין אנהויב האבען עס גלינער אידען אויסגעלאכט, אבער איינציגע שעה שפעטער, איז מיט דורך א טעלעפאן געשפרעך מיט לעמבערג, געוואר געווארען, אז דאס איז א גזר, וועלכער מוז אויסגעפירט ווערען.

די אוקראינער האבען באלד זיך דערוואוסט וואס עס טוט זיך אין

שטעטעל, מיט דעם אויפטראג צו שאפען א "יודענראט", האבען זיי אריינגע־
שיקט דעם קאמענדאנט פון דער אוקראינישער פאליציי, צו יעקב זאב שטערנ־
בערג, וואו עס געפינט זיך דער פראוויזארישער קאמיטעט, דארט צו פארטטענ־
דיגען אז 4 אזייגער נאך מיטאג זאל קומען א איד אין דער געמיינדע,
איבערנעמען די קאנטריבוציע אויפלאגע, וואס עס איז פאר די גלינער
אידען באשטימט געווארען.

דאס ווארט "קאנטריבוציע" וועלכעס איז פאר דער מערהייט אידען
געווען א פרעמד ווארט, וואס זיי האבען דאס ערשט צום ערשטען מאל געהערט,
פעטראגט זיך שנעל אין יעדער אידיש הויז. דערהערענדיג די גוטע נייעס,
איז יעדעס אידיש הארץ שטיין געבליבען, א טויט שרעק איז יעדען באפאלען.
כאטש קיינער ווייסט נאך ניט וואס פאר א סומע מען האט אויפן שטעטעל
ארויפגעלייגט, אבער דאס ווארט "קאנטריבוציע" פאר זיך אליין, און די
רעזולטאטען פון נישט קאנען באצאלען, איז שוין גענוג מען זאל דערשראקן
און פארצווייפעלט ווערען.

טראץ דער גרויסער פאניק וואס הערשט אין שטעטעל צוליב דער
ידיעה, מוז מען אינזינען האבען ניט צולאזען די רוצחים די געלעגענ־
הייט, פון קאנען אויספירען זייער ווילען און כעס, און עס הויבט זיך
אן צו פרעגען: מי ומי ההולכים? אט איז 4 דער זייגער, ווער גייט זיין
דער איבערנעמער פון דער קאנטריבוציע אויפטראג? קיין יודענראט עקזיס־
טירט נאך ניט, דער פראוויזארישער קאמיטעט דערקלערט זיך באלד פאר אויפ־
געלייזט, אזוי אז דאס שטעטעל איז איצט כצאן בלי רועה. נישטא ווער
עס זאל גיין אין דער געמיינדע אמט, יעדער איינער האט מורא צו גיין,
טאמער וועט מען אים מאכען פאראנטווארטליך פאר דער קאנטריבוציע.יעדער
שרייט און טענהט, אז מען מוז זיין אין געמיינדע אמט פונקט 4 דעם
זייגער.

מיט אמאל דערהערט זיך א געשריי: אידען! יצחק גאסטפריינט און
יהושע קארפעל גייען אין געמיינדע אמט, און סאיז אומר ועושה, נישט נאר
האבען זיי געזאגט, נאר טאקע געגאנגען.

קומענדיג צוריק האבען זיי דערציילט אז זיי האבען דארט געטראפן
די פארשטייער פונם אוקראינישען קאמיטעט, זעניק טוז, מאקסים פאשקעוויץ,
גלח האווראלוק, דר. דיטשאק, וואסיל פעדינא און אנדערע רוצחים, מיט
צופרידענע פנימער, געהויבענע קעפ און פריילעכע הערצער, און גענומען
לאכען און חוזקן פון די צוויי דערשראקענע אידען: צי ווייסען זיי אויף
וויפעל א זייגער זיינען זיי גערופען געווארען? די צוויי אידען האבען
אנגעהויבען זיך פארענטפערין פאר זייער פארשפעטיגען זיך. מען האט זיי
איבערגעגעבען די צאלונגס סומע אויף איין מיליאן זלאטעס, און פאר דעם
וואס זיי האבען זיך פארשפעטיגט מיט 30 מינוט, פאר דעם גרויסען חטא,
לייגט מען צו א שטראף פון 30 טויזענט זלאטעס, צוזאמען האבען גלינער
אידען צו באצאלען א מיליאנען מיט 30 טויזענט זלאטעס. ביז צוויי שעה
צייט דארף איינגעצאלט ווערען 50 פראצענט פון דער סומע און אין 48
שעה די איבעריגע 50 פראצענט. פאר נישט באצאלען לויט דער אנווייזונג,
דראט שחיטה אדער אינגאנצען ארויסגעטריבען ווערען פונם שטעטעל.

די אידען נעמען דעם אקט און פארלאזען דאס געמיינדע הויז,
צוריק צו דער קלויז, וואו דער גאנצער עולם איז פארזאמלט . קיינער האט
זיי ניט דערקאנט, אזוי פארענדערט זיינען זיי געווארען.

וועמען איבערגעבען דעם באקומענעם אקט איז דערוויייל נישטא.שטעלט אייך פאר דערהערענדיג די בשורה אז גלינער אידען דארפען באצאלען א מיליאן און 30 טויזענט זלאטעס אין פארלויף פון געציילטע שעהן. די ערד ברענט אונטער יעדענס פיס קיין כום איד קאן ניט געפינען קיין ארט פאר זיך, צו קאנען שטייען איניגע מינוטען א טראכט צו טאן. דאס גאנצע שטעטעל פארזאמעלט זיך ארום דער קלויז, צו הערען וואס עס ווערט געטאן אין דער זאך. עס ווערט א שרעקליכער טומעל, אידען לויפען ארום ווי משוגע, מענער און פרויען לויפען מיט געוויין אויפן בית עלמין, קברים רייסען הרב גאטעסמאן מיט אן עולם אידען שטעלען זיך אוועק פריטאג פאר ליכט בענטשען תהלים זאגען, אפשר וועט דאס העלפען אין דער איצטיגער צרה.

די געוועזענע פראוויזארישע קאמיטע, זעענדיג אין וואס פאר א סכנה דאס שטעטעל געפינט זיך, לויפט ארום, געגנוי זיך ערקונדיגען וועגען דער פאראנטווארטליכקייט פון נישט קאנען באצאלען דעם סכום. דערוויסענדיג זיך אז די פאראנטווארטליכקייט פאלט אויפן גאנצען שטעטעל, אז אינדיווידועל מאכט מען קיינעם ניט שולדיג, גייט זיך דער גאנצער עולם צונויף אין קלויז, באשליסען אין דער פראגע.

ארום האלבע נאכט ווערט באשלאסען אז מארגען, שבת פארטאג דעם 23טען אויגוסט זאל א דעלעגאציע ארויספארען קיין פרעמישלאן און איין דעלעגאציע זאל ארויספארען קיין זלאטשוב, און א דריטע זאל גיין צו די גלינער אוקראינער פארשטייער און פרובירען זיי בעטען, זיי זאלען רחמנות האבען אויף זיי און פארקלענערען די אומנאטירליכע גרויסע סומע.

אויך זאל שבת זיצען אין קלויז א קאמיסיע פון עטליכע אידען, וועלכע וועט אויפנעמען דאס געלט פון יעדען אידען באזונדער, נישט ווארטענדיג ביז די ארויסגעריכטע דעלעגאטען וועלען זיך אומקערען.

שבת גאנץ פרי איז א פרויען דעלעגאציע, וועלכע איז באשטאנען פון פרוי זענענזיעב, פרוי העשלעס, און פרוי שראגער, אוועקגעפארען קיין פראמעשלאני, מיט א בריוו צו דר. ראטפעלד, דער געוועזענער פרעזעס פון דער פרעמישלאנער ציוניסטישער ארגאמיזאציע. א צווייטע דעלעגאציע וועלכע איז באשטאנען פון אינזשיניר הענריע זיענזיעב, מרת שלמה ליינוואנד, מרת זאב שטאלצענבערג, איז ארויסגעפארען קיין זלאטשאב דארט צו געפינען א הילפס וועג, צו קריגען א פארלענגערונג אין צייט. ווייל צום אנגעגעבענעם טערמין וועט אונמעגליך צו זיין דעם סכום צו שאפען. און א דריטע דעלעגאציע, פון יאיר האלפערן, יעקב אהרינג, אהרן האכבערג, הערץ צייזלער דארפען בעטען ביי די אוקראינער א פראלאנגאטע, א פארלענגערונג.

די אויסדערווילטע מענטשען צום איינקאסירען די געלטער,וואס וואס דארפען היינט , שבת דורך די גלינער אידען איינגעצאלט ווערען, זעצען זיך אוועק זעקס א זייגער אין דער פרי אין קלויז און אין בית המדרש, און די פראוויזארישע קאמיטע לאזען זיך ארויס איבער די הייזער אויפפאדערען יעדען איד איינצאלען א סכום געלט, כפי חפצו. און איבערגעבען אז 12 א זייגער וועט זיין א אסיפה אין רבינס בית המדרש אויסצוארבעטען א מאדוס איבער דער ביישטייערונג.

12 א זייגער איז דאס בית המדרש שוין געווען איבערגעפאקט. הרב גאטעסמאן און אהרן האכבערג רעפערירען, זיי רעדען איבער דער איצטיגער אידישער לאגע בכלל, ובפרט איבער דער צרה פון קאנטריביוציע, און איבער די פאלגען פון ניט באצאלען. זיי בעטען אז יעדער זאל גוט

באטראכטען די איצטיגע לאגע און זאל יושרדיג אין דעם ענין האנדלען, וועלען מיר אפשר קאנען זיך ארויסראטעווען פון דעם גרויסען אומגליק וואס הענגט איצט איבער אונזערע קעפ.

" צוליב דעם בעטען מיר די פארזאמעלטע, זיי זאלען פראיעקטירען ווער עס זאל זיין די מענטשען, צו וועלכע יעדער זאל האבען צוטרוי, וועלכע זאל ארויפלייגען דעם סכום פון שטייער. אין די ארייגעטראגענע פראיעקטען זיינען געווען די נעמען פון 40 מענטשען. עס קאן אבער אמאל אויך קומען צו חלוקי דעות, האט מען די 40 מענטשען צעטיילט אין 10 גרופען, און יעדע גרופע וועלכע באשטייט פון 4 פערזאן, זאל זיך זעצען אין א באזונדער ארט, איינע זאל ניט וויסען פון דעם אנדערענס באשלוס, און זיי זאלען יעדען איד גוט אפשאצען און ארייגעבען דעם סכום פון יעדענס שטייער.

אין דער זעלבער צייט האט זיך אויך געשאפען א א קאמיטעט , וואס זאל רופען צו זיך יעדען איד, וואס מען ווייסט אז ער קאן ביישטייערען צו דער קאנטריבוציע, און פון אים פארלאנגען אז ער זאל זיך אליין ביישטייערען מיט א סכום. דאן וועט דער קאמיטעט וויסען אז זיין סכום איז א זיכערער, און יעדער איד וועט וויסען אז מען האט אים ניט געקריוודעט.

וואס מען האט געפועלט ביי די אוקראינער פארשטייער:

ווען די דעליגירטע אידען זיינען געקומען צו די אוקראינער און ביי זיי געבעטען א פראלאנגאטע, האבען די רשעים פארנעביכט זייערע מערדערישע פנימער און באדויערט די אידישע לאגע. זיי פארשטיין ווי גרויס די צרה איז איצט ביי די אידען, פאר דארפען באצאלען אזא גרויסן סכום געלט, אבער ליידער קענען זיי גאר ניט העלפען. דאס איז זייער תשובה. און מיט דעם גיין די אידען א היים.

פארנאכט איז צוריקגעקומען די פרעמישלאנער דעלעגאציע מיט דער נייעס אז דארט עקזיסטירט שוין א יודענראט און אז מען האט אויך זיי ארויפגעלייגען א קאנטריבוציע, מיט א לענגערען צאלונגס טערמין, און טראץ דעם ווילען זיי נאך קריגען א פראלאנגאטע, פארלענגערונג.און דאס וואס מיר דארפען באצאלען אין 48 שעה, איז דאס די ארבעט פון די אוקראינער, ווייל אין זייערע הענט איז געווען דאס רעכט פון באשטימען דעם אפצאל טערמין.

די דעלעגאציע דערציילט אז דר. ראטפעלד איז מיט זיי געגאנגען צום באצירקס הויפטמאן, וועלכער איז א אוקראינער. דר. ראטפעלד האט אים אפגעמאלען דאס ארימקייט פון די גלינער אידען, און געפרואווט אים איבערצייגען אז עס איז באגאנגען געווארען אן אומרעכט קעגען אזא ארים שטעטעלע, מיט ארויפלייגען א סומע פון א מיליאן זלאטעס.

דער באצירקס הויפטמאן האט קורץ געענטפערט, אז אן דער גוט זאגונג פון די גלינער אוקראינער קאן ער נישט דענקען אפילו פון וועלן עפעס העלפען.

באלד קומט די זלאטשיווער דעלעגאציע, זי גיט אויך איבער אז אין זלאטשוב עקזעסטירט שוין א יודענראט, מיט דר. מיילבום בראש. און אז ער איז מיט זיי געווען ביים קרייז הויפטמאן, אויך א אוקראינער, וועלכער האט זיי אפגעשיקט קיין פרעמישלאן צום הויפטמאן.

שבת ביינאכט איז מען זיך צונויפגעקומען אין רבינס בית המדרש צו שאפען דעם יודענראט. עס איז אנגעקומען זייער שוואך צונויפגענומען 12 פערזאן. קיינער האט ניט געוואלט אריין אין דעם יודענראט, ווייל מען האט שוין געהערט אז עס איז א שווערע און פאראנטווארטליכע ארבעט. נאך שווערער מי און גראנגעל איז געלונגען צונויפשטעלען די 12 פערזאן. דאס זיינען זיי : אהרן האכבערג, משה רעהר, ישראל האכבערג', שמואל ביליגער, אברהם רייבער, מוניע פרייז, מגר זאב שטאלצענבערג, מגר שלמה ליינוואנד, הערש נאדלער, העניע זענענזיעב, יעקב אהרינג, הערץ צייזלער.

חוץ אט די 12 פערזאן האט מען אין געהיים אויסדערוויילט נאך 30 פערזאן, מיט וועלכע די קהילה דארף זיין אין שטענדיגער פארבינדונג. דאס איז געמאכט געווארען אויפן פארלאנג פון די 12. זיי האבען אויך זיך אליין ניט געוואלט נעמען די גאנצע פאראנטווארטליכקייט.

זונטאג אין דער פרי איז דערנייי געשאפענער אידענראט זיך צונויפגעקומען, מיט די פערציג פערזאן, וועלכע זיינען געווען צעטיילט אויף 4 גרופען. יעדע גרופע ברענגט מיט זיך די אויסגעארבעטע ליסטע, איבער די גלינער אידען אויף דער סומע פון א מיליאן זלאטעס.

אלע צוזאמען קוקען איבער אלע ליסטען, מיט וויפיל עס אונטער-שיידט זיך איין ליסטע פון דער אנדערער, און אזוי ווערט אויסגעארבעט די לעצטע ליסטע, וועלכע איז געווען א אמתע, א ראעלע, און פון וועלכער דאס גאנצע שטעטעל איז געווען צופרידען.

אין דעם זעלבען טאג, אין די נאך מיטאג שעהן גייט צום צווייטען מאל א דעלעגאציע צו מאקסים פאשקעוויץ, וועלכע באשטייט פון יעקב אהרינג, יאיר האלפערן, שלמה ליינזואנד, הערץ צייזלער. אריינקומענדיג צו אים זענען זיי אים צו די פיס געפאלען, און באגאסען אים מיט ביי-טערע טרערען, וועלכע האבען דאסמאל גראדע דעם גזלן גערירט. אט דעם מאמענט האבען זיי אויסגענוצט און אים אויך פארגעשלאגען אגרעסערע סומע געלט, ער זאל זעען אז זיין אוקראינישע ארגאניזאציע זאל מילדער זיין און זיי באוויליגען א פארלענגערונגס טערמין.

זיי האבען אים איבערגעגעבען דאס וואס דער הויפטמאן פון פרעמישלאן האט זיי געזאגט. דער באנדיט איז מסכים אויף דעם געלט פאר-שלאג, וועלכען זיי האבען אים דערלאנגט אויפן ארט, און גיט זיי א צוזאג, אז מען וועט דעם טערמין פארלענגערען.

אויפן וועג א היים באשליסען זיי נאך פרובירען בעטען הילף ביים גלח האווריליוק, נאר פריער זאלען זיי זיך זעען מיט זיין ברודער, וועלכער זוכט אויך געלט. אויך דעם גלחס ברודער האט צוגענומען דאס געלט און האט איבער גערעדט מיט זיין ברודער, וועלכער האט אנגעשריבען א בריוו צום הויפטמאן אין פרעמישלאן, עצהנדיג אים פארלענגערען דעם טערמין פון קאנטריבוציע אפצאל.

מאנטאג פארטאג איז ווידער אוועק א דעלעגאציע קיין פרעמיש-לאן , מיט דעם רעקאמענדאציע בריוו. זיינען זיי דארט געוואר געווארען, אז די אוקראינער האבען פארכאפט דעם וועג, און דער הויפטמאן וויל ניט פארלענגערען דעם טערמין.

מאנטאג 4 אזייגער איז געווען דער ענטגילטיגער טערמין. וועט מען דארפען באצאלען די גאנצע סומע געלט, דעם מיליאן מיט 30 טויזענט זלאטעס? און אויב מען זאל היינט אפזאגען א פארלענגערונג, מוז מען דאך היינט באצאלען, און קיין געלט איז נישטא. איז מען ווידער אוועק צום באצירקס הויפטמאן. וויסענדיג אז זיינע טעג אויפן אמט זיינע געציילטע, אז דעם 1/9 קומט א דייטשישער מערדער איבערנעמען זיין אמט, און וויסענדיג אויך אז די רייד פון די גלינער אידען זיינען ריכטיגע און געגרינדעטע, האט ער זיך געלאזט מטמא זיין די הענט, פון דר. ראטפעלט, פאר גאר גאר א גרויסער סומע געלט און ער גיט א פראלאנגאטע, ביז דעם 1/9, 1941.

עס געשעהט א נס:

מיט צוויי טעג שפעטער קומט קיין זלאטשוב א דייטשישער רוצח, איבערנעמען דעם קרייז הויפטמאנשאפט, מיטברענגענדיג מיט זיך זיין פאמיליע. דער זלאטשובער יודענראט ווערט באלד פון אים גערופען און זיי ווערען באאויפטראגט, אים איינצוארדענען א פריוואטע וואוינונג, מיט אלע קליפערלעך. די גערופענע פרובירען אפילו ניט זאגען "ניין". מען נעמט זיך אויגנבליק צו דער ארבעט. צו דעם צוועק דארף מען האבען געלט, און דאס גאר א גרויסע סומע. האט דער זלאטשובער יודענראט, צעטיילט די קאסטען אויף אלע יודענראטען פונם קרייז, אין וועלכען עס קומט אויך אריין דאס שטעטעלע גלינע. גלינע האט אנשטאט געלט, באשטאט מיט זילבערווארג, און קלימעס, דיוואנען, און פארשידענע דעקאראציא זאכען. אין די ערשטע שעהן האט א יודענראטער פון זלאטשוב זיך צערעדט מיט דעם הויפטמאנס פרוי, און האט איר אומאפיציעל פארגעשלאגען אז זי וואלט געקראגען אסך טייערע מתנות, ווען זי זאל פועלן ביי איר מאן ער זאל פארלענגערען דעם קאנטריביוציע טערמין.

אויפן אנדערען טאג ווען זיי האבען זיך ווידער געטראפען, האט זי אים באוויליגט דעם נעכטיגען וואונטש און די אידען האבען געקראגען פארלענגערט דעם טערמין אויף גאנצע 4 וואכען.

ווען די גלינער אוקראינער האבען זיך דדערוואוסט פון דער 4 וואכענדיגער פראלאנגאטע, ווערען זיי אנגעצונדען וואס זיי האבען ניט דערלעבט דאס אויך וועלכען זיי האבען אזוי פיל געהאפט. נאר די אידענס צרות זיינען נאך ניט פארשווינדען. עס פעלט נאך געלט, און אסך געלט. דאס גאלד און זילבער וואס מען וויל פארקויפען, געבען די קריסטליכע הענדלער א קליינעם פרייז, ווילען אלץ אומזיסט. האט דער יודענראט ארויסגעשיקט צוויי מיידעלעך, סאלקע סעלצער און אסתר בליינמאן, קיין לעמבערג צו משה רובינשטיין, ער זאל דארט פארקויפען דאס גאלד. און אזוי איז געווען! די מיידלעך קומען צוריק מיטען געלט, מען צאלט ווייטער איין, נאר עס איז אלץ ווינציג, מען דארף נאך געלט.

דערווייל דערהאלט דער יודענראט א קארטעל פון משה רובענשטיין, אז פון לעמבערג איז ארויסגעשיקט געווארען קיין זלאטשוב א רעדוקציע וועגען דער קאנטריביוציע, איבערען גאנצען קרייז. די רעדוקציע איז פון 25 פראצענט, אזוי אז מען זאל מער ווי 75 פראצענט ניט באצאלען. ווער עס האט אויסגעפועלט די רעדוקציע וויס איך ניט.

אבער אין דער זעלבער צייט וואס יעדער איד פארקויפט דאס העמד פון זיך, אבי מען זאל שוין באצאלען די קאנטריביוציע, אפשר וועט דאן שוין

רואיג ווערען, הויבען זיך אן פרישע ניט אפיציעלע קאנטריבוציעס. יעדער טאג ברענגט מיט זיך אן אנדער מחנה איישעריקען, וועלכע מאכען אן בהלות, שלאגען, רויבען און פראוויצירען צו בלוט פארגיסונג, און נאר מיט געלט, אדער ווערטפולע זאכען, פטרט מען זיי. זעט מען דאך אז מען דארף ערשט נייע געלטער. האט דער יודענראט באשלאסען צו מאכען א אנלייע. עס ווערט גערופען אן אסיפה און אהרן האכבערג שטעלט פאר, ווי שווער עס גייט מיטן באצאלען די קאנטריבוציע. מען פארקויסט זאכען צו די גויים האלב אומזיסט. און איר זעט דאך ווי יעדער טאג ברענגט נייע בייזע ווינטען, פרעגט זיך איצט א שאלה: צי דארפען מיר זיך ראטעווען, צו קאפוטאלירען? אויב ראטעווען איז נאר מיט געלט, און געלט איז שווער איצט פון אייך צו פארלאנגען. האבען מיר א פראיעקט, אפשר האבען וועלכע עס איז אידען געלט, זאלען זיי אונז דאס לייען, און נאך דער מלחמה, אז מיר וועלען בהשי"ת דערלעבען, וועט דער אמעריקאנער רעליעף יעדען מיט א דאנק אפגעבען.קיין אנדערען אויסוועג האבען מיר ניט!

אויף דעם רוף האבען געענטפערט לייב מלמד מיט 400 דאלאר, אברהם נוסבוים 100 דאלאר, נפתלי העלער 100 ד. שלום גבאי 120 ד.בערל קאטשילאב 150 ד. מאטיע דיאמאנד 10ד. משה פריינדליך 200 גאלד דאלארען.יעדער פון די אויבען דערמאנטע האט באלד דאס געלט געבראכט, אזוי אז עס איז שוין געווען מיט וואס פון די רוצחים זיך אויסקויפען.

צי די רוצחים האבען זיך דערוואוסט פון דער אסיפה ,צי ניט, אבער עס האבען זיך א לאז געטאן ס.ס. מענער, געסטאפא אגענטען , קריפא פאליציי, קרימינאל פאליציי, עס איז געקומען שופא -שוץ פאליציי עס איז געקומען ס.ד. - די סאנדער דיענסט און אלע האבען פארלאנגט גאלד און לעדער, מאנופאקטור , און דאס "שנעל זאל עס געגעבען ווערען, זאנסט... און די אלע צרות ווערען ערליידיגט מיט געלט.

## קארווישער לאגער

דעם 26 טען סעפטעמבער באקומט דער "יודענראט" א שריפט פון דער שטאט געמיינדע, אז מיטען 1941,1/10 זאל דער יודענראט יעדען טאג ארויסשיקען 100 ארבייטער קיין קארווישט. ווי דער שטייגער איז, הויבט מען אן פון דעם באפעל זיך צו באפרייען, נאר געענדיג אז עס איז א אונמעגליכע זאך, די ארבייטער מוזען ארויסגעשיקט ווערען, באשליסט דער יודענראט, אז אין דער ערשטער רייע זאלען גיין די פארמעגליכע אידען,אזעלכע וואס האבען נאך וואס אנצוטאן, און האבען אויך צידה לדרך. נאר אויב עמיצער זאל ניט וועלען גיין, זאל דער יעניגער איינצאלען אין ארבייטס אמט 20 זלאטעס, פאר אן ארבייטס טאג. און דער יודענראט וועט שוין אויף זיין ארט ארויסשיקען אן אנדער מענטש.

מען האט יעדען געלאזט וויסען אין שטאט , אז ווער עס וויל גיין צו דער קארווישער ארבעט( פון די נישט געצוואונגענע) באקומט 20 זלאטעס א טאג. די נויט איז שוין דאן געווען אזוי גרויס, אז עס האבען זיך געמאלדען ארבייטער מער ווי מען האט באדארפט. מען האט זיך געבעטען פו גיין ארבייטען אפילו פאר ווייניגער ווי 20 זלאטעס, אבי עפעס צו פארדינען.

אידען הויבען אן צו גיין צו דער ארבעט. יעדען פארטאג גייט מען ארויס קיין קארווישט און יעדע נאכט קומט מען צוריק. די ערשטע פאר

טעג זיינען געווען מיט חסד, אבער שפעטער איז זייער ביטער געווארען. יעדע נאכט ברענגט מען א היים עטליכע צעשלאגענע צעהרגעטע. דער יודענ-ראט זעט אז עס איז שלעכט, דער עולם וועט סוף כל סוף זיין געצוואונגען אויפערען גיין צו דער ארבעט, ווייל עס איז ניט מעגליך אויסצוהאלטען די יסורים, וועלכע מען לייד זיך אן ביי דער ארבעט. און אויפערען צו גיין, קאן דאס ווידער זיין אן אומגליק פאר דער שטאט. שיקט מען ארויס שמואל ביליגער און הערץ צייזלער, קיין קארוויטש צו דער פארוואלטונג פון דער ארבייטער גרופע, זאלען זיי פועלן אז מען זאל די ארבייטער בעסער באהאנדלען. פארשטייט זיך, אז מען פארלאנגט חלילה ניט אזא גרויסע טובה אומזיסט... די מערדער האבען צוגעזאגט אז מער וועט צו די ארבייטער קיין שלעכטס ניט געשען. נאר דאס ווארט האבען זיי ניט געהאלטען. אזוי ווערען די ארבייטער געפייניגט ביז דעם 20טען אקטאבער. דאן הערט מען אויף צו גיין צו דער ארבעט, מיינענדיג אז מען האט געפטרט א צרה.

סאיז אבער ניט אזוי געווען ווי מיר אידען ווילען און דענקען. שפעטער מיט א פאר טעג קומט אין שטאט א מאן אין ציווילע קליידער, ער שטעלט זיך פאר אלס שטראסענבוי אינזשיניר פון א דייטשישער פירמע (אליין איז ער א פאליאק פון לעמבערג) און ברענגט מיט זיך א בריוו פון דער פירמע, ביי וועלכער ער איז אנגעשטעלט, אז די גלינער אידען דארפען צושטעלען 50 ארבייטס פייאיגע מענער, אויף צוואנגס ארבייט אין דעם ערשט געעפענטען לאגער אין קארוויטש. די בשורה רייסט ארויס דאס הארץ מיט דער נשמה פון יעדען יודענראטלער. די צרה פון געבען מענטשן איז שוין גרעסער פון אלע ביז איצטיגע צרות. די ביז איצטיגע צרות האט מען מיט געלט געהיילט... און געלט, ווי שווער עס זאל ניט זיין דאס צונויפנעמען, דאך איז עס תמיד געווען צו דער צייט. אבער איצט צו געבען מענטשען, דאס איז שוין איבער אלץ. די אידענראטלער ווערען ממש משוגע פון קלערען ווי אזוי זיך ארויסצודרייען פון אט דער צרה. זיי קאנען זיך איינלעבען מיטען געדאנק פון אויסליפערען מענטשען אין א לאגער, וועלכער איז ספעציעל געשאפען געווארען אידען צו פארניכטען. און זיי באשליסען צו רעזיגנירען. אבער איבערלאזען די שטאט אויף הפקר, טאר מען דאך ניט, מען קאן קומען תיכף דאס ליקווידירען. זיי זוכען אנדערע וועלכע זאלען איבערנעמען דעם אמט, אבער עס איז שוין נישטא ווער, קיינער וויל שוין ניט דעם גרויסען כבוד... באשליסען זיי אויך דאס מאל צו לויפען קיין זלאטשוב, אפשר?...

אבער דארט אין זלאטשוב ווערט ווערט פאר זיי די אידישע לאגע פארגעשטעלט אין די שווארצסטע פארבען. מען גיט זיי דארט צו פארשטיין, אז אויב מען קאן זיך מיט קיין געלט ניט אויסקויפען, כאטש אויף לפי שעה, דאן עקזעסטירט ניט קיין פראגע פון יא אדער נישט וועלען געבען די 50 ארבייטער. וואס זיי זאלען ניט פארלאנגען, פונם קלענסטען ביזען גרעסטען, איז אין אונז ניט געווענדט, מיר מוזען עס אננעמען. מיר זיינען נישט מער ווי אידען, שליחים צו אידען."און ווען איר, אדער אן אנדער יודענ-ראט, זאל וועלען זאגען "ניין" דאן ווערט אייער שטעטעלע באלד פארניכטעט מען האט דעם יודענראט אין זלאטשוב געלאזט וויסען, אז איבער אלע אידען הענגט א טויט אורטייל, וועלכער דארף סיסטעמאטיש און פלאן מעסיג פאר ווירקליכט ווערען. און וואס אנבעלאנגט די 50 ארבייטער, איז מען מיט זיי אריבערגעגאנגען צום דייטשישען ארבייטס אמט, און דער אינספעקטאר, א דייטש דערציילט אז מען פארלאנגט פון גלינע 50 מענער קיין קארוויטש אין פארניכטונגס לאגער, און מען בעט אים, ער זאל ראטען וואס צו טאן.

דער ארבייטס אינספעקטאר  האט באלד פארבאטען צו געבען דעם אינ-
זשעניר אידען אויף ארבעט.ווייל לויט דעם געזעץ קען קיינער נישט קומען
אין וועלכער עס איז שטעטעל, אדער דארף פון דעם זלאטשיווער קרייז,פא-
דערען אידען צו דער ארבעט. דערווייל וויל ער וויסען  וויפיל ארייבט
פיאיגע מענער און פרויען. גלינע פארמאג, און אז די אלע זיינען בלויז
אין זיין רשות, וואוהין ער ווער וועלען אהין קאן ער זיי שיקען.

דער "יודענראט" קומט א היים זייער דערשלאגען. יעדער בעט אויף
זיך דעם טויט. ווייל ווי שלעכט די אידישע לאגע איז געווען ביז איצט,
איז זי פאר זיי נאך חושכדיגער פארגעשטעלט געווארען דארט אין זלאטשוב.
און ביי דעם איז עס טאקע ניט געבליבען

אין א זונטאג קומען צעפארען צוויי געסטאפא מענער ,שטעלען זיך
פאר אלס די פירער פונם ערשט געשאפענעם קארוויטשער לאגער, און פארלאנגען
די צוגעזאגטע 50 ארבייטער. דער יודענראט הויבט אן פרובירען מיט געלט,
זיך אויסצוקויפען, נאר עס גייט ניט. זיי ווילען די 50 אידען.סאיז
שלעכט. האט אהרן האכבערג זיי דערקלערט , אז דער דייטשישער ארבייטס אמט
האט פארבאטען צו געבען ארבייטער אן זיין רעקאמענדאציע.

די געסטאפא מענער זיינען ארויס אין גאס ,האבען צונויפגערופן
די אוקראינישע פאליציי און אנגעהויבען צו כאפען אידען.עס איז אונ-
מעגליך צו באשרייבען ווי די אקציע איז דורכגעפירט געווארען.אפילו גויים,
וואס האבען זיך דאן אין שטאט געפינען, האבען  זיך גענומען צלמען,
און גיך  פון שטעטל זיך אפגעטראגען,נישט קאנענדיג צוקוקען צו דעם.
( שפעטער זיינען די זעלבע גויים ניט בעסער געווען)

אין אנהויב פון דער אקציע איז איטשע מאיר נאסס, הערש ריכטערס
איידעם  פארוואנדעט געווארען אין קאפ. דאך האבען די מערדער אים גע-
שלעפט, צוזאמען מיט אלע געכאפטע אידען.  די געסטאפא מענער  האבען
ארייגעווארפען אלע מענער אין אן הויכען לאסט אויטא, און באלד א
געשריי געטאן "נידער!". אין יענעם מאמענט האט יעדער איד געמוזט ארויס-
שפרינגען פון דער אויטא. נאך איידער  די אידען זיינען ארויס,האבען
זיי שוין געשריגען "אויף!". אזוי האט זיך דאס ווידערהאלט צענדליגער
מאל ,אראפ אין ארויף, און דערווייל האט יעדער געקראגען קלעפ, מיט גומי
פאלקעס, וואו מען האט נאר געטראפען. בנימין בייטראג וועלכער איז
געווען צווישען די שוואכע איז פון די שרעקליכע קלעפ אוועקגע פאלען
כמעט א טויטער. מען האט אים א היים געלאזט,און אין א פאר טעג איז ער
פון די קלעפ געשטארבען.

ווען אהרן האכבערג האט געזעען  ווי די אקציע זעט אויס,ווי
שוידערליך און אנרחמנותדיג די רוצחים  באגייען זיך מיט די אידען,איז
ער צוגעגאנגען צו א געסטאפא מאן און געבעטען יענער זאל אפשטעלען די
אקציע, און ער ,אלס הויפטמאן פונם יודענראט, וועט מארגען צושטעלען
די פארלאנגטע 50 אידען. ער האט אים אויך ארייגעשטופט אין דער יד,
און דער געסטאפא מאן האט געשטעלט א באדינג, אויף אפצושטעלען די אקציע;

דער יודענראט זאל געבען דריי יודענראטלער אלס א משכון,און
מארגען, ווען די 50 אידען וועלען זיך צושטעלען אין קארוויטש, וועט
ער די דריי יודענראטלער באפרייען. אויב מען וועט די 50 אידען ניט
ברענגען, קאן ער מיט די יודענראטלער טאן וואס ער וויל. דערווייל נעמט
נעמט ער אויך צו די עטליכע געכאפטע אידען, וועלכע ער זאגט צו מארגען

אומקערען, ווען מען וועט אים צושטעלען די 50 אידען.

דער יודענראט נעמט אן זיין תנאי און מען גיט אים דריי יודענ-ראטער אלס משכון, ישראל האכבערג, אברהם רייבער און מוני פרייז. די דריי זיינען געווען צווישען די געכאפטע אידען, און אלע ווערען אפגע-פירט קיין קארוויטש.

דער יודענראט האט צונויפגערופען די בעלי בתים, טאטעס פון יונגע קינדער, זיך צו בעראטען וואס צו טאן בנוגע דעם אולטומאטום. " וועלען מ מארגען ניט צושטעלען די 50 מענטשען, האט איינער פון דער יודענראט גע-זאגט, ווייסט איהר גוט וואס מען וועט דארט אין קארוויטש טאן מיט די דריי אידען. מען וועט זיי זיכער הענגען, אבער מיט דעם וועלען מיר זיך ניט אויסקויפען פון דער צרה. מיר וועלען זיך גאר ניט גרינגער מאכען. נאך מארגען וועלען די רוצחים ווידער זיין אין שטאט און ווידער פאר-זעצען די היינטיגע אקציע, וועלכע מיר האבען היינט מיט נסים אפגעשריגען מיר זעען דאך ווי מיר זינקען יעדען טאג טיפער אין צרות, אבער ראטע-ווען מוזען מיר זיך. די 50 אידען מוזען באשטעען פון רייכערע עלטערען, וואס האבען מיט וואס זייערע קינדער אויסצוקויפען. עס בלייבט:

מאנטאג פארטאג האט זיך לעבען יודענראט צונויפגעקליבען 50 געזונטע בחורים און הערץ צייזלער האט זיי אפגעפירט קיין קארוויטש. אין לאגער איז דער דייטשישער מערדער געווען מער ווי זיכער, אז מען וועט די 50 אידען ניט ברענגען, און ער וועט נאך היינט צוריק פארען קיין גלינע, פארענדיגען זיין ארבעט.

פאר 12 א זייגער זיינען די 50 אידען שוין געווען אין קארוויטש, די דריי יודענראטלער ווערען באלד באפרייט און די איבעריגע אידען ווערע ווייטער געהאלטען. אזוי געפינט זיך שוין אין דעם קארוויטשער לאגער, אריבער 70 אידען, ווען דער רשע אליין האט פארלאנגט ניט מער ווי 50 אידען.

צווישען די פון זונטאג געכאפטע אידען געפינט זיך 90 פראצענט ארימע לייט, וואס האבען ניט ווער עס זאל זיי פון דער היים צושיקען עפעס עסען, זיי קאנען אין לאגער לאנג ניט אויסהאלטען.

נאך עטליכע טעג ווארטען און האפען, אז מען וועט די געכאפטע אומקערען, און זעענדיג אז דער מערדער האלט ניט זיין ווארט, שיקט מען ארויס שמואל ביליגער און הערץ צייזלער, און אז מען פארט צו אן ס.ס.מאן, קאן מען מיט ליידיגע הענט ניט קומען, און עס איז שוין ניטא ביי וועמען צו נעמען. בשעת דעם איבערגעבען דעם מערדער די מתנות, נוצט מען אויס דעם גוטען מאמענט און מען דערמאנט אים, אז ער האט צוגעזאגט אהיימשיקען די געכאפטע אידען, ווייל די געפאדערטע 50 אידען האט מען אים דאך געגעבען, נאר ווארשיינלעך האט ער אין דעם פארגעסען.

נאר דער הויפטמאן ענטפערט הינטיש: ער האט ניט פארגעסען, נאר ער האט באשלאסען קיינעם ניט א היים שיקען, ווייל ער נוטיגט זיך אין ארבייטער. ער גיט נאך אנצוהערען, אז ער וועט פון גלינע נאך מענטשען פארלאנגען." מיט גרויס מי געלונגט דעם יודענראט צו פועלן, ער זאל לאזען אויסטוישען עטליכע אידען, די אלטע קראנקע און ארימע, און דער רעשט מוז בלייבן.

די דריי יודענראטלער זיינען געקומען א היים און איבערגעגעבען דעם רוצחס לעצט ווארט. די צען ארבייטס פעאיגע אידען וועלכע מען דארף איצט האבען פארן אויסטויש, איז שווער צונויפצונעמען, קיינער וויל ניט גיין, יעדער באהאלט זיך. מען איז געווען געצוואונגען זיי גיין זוכען און ברענגען אינם יודענראט. פון דארט האט מען זי אפגעשיקט קיין קארוויטש, און א היים געטראכט די אלטע און קראנקע 10 אידען.

דער אויסטויש איז אזוי גרינג ניט צוגעגאנגען. יעדער איד האט געוואלט זיין פון די גליקליכע, אזוי אז עס איז געווען צרות פון ביידע צדדים.

נאכען אויסטויש האט מען איינגעזען אז מען מוז עפעס טאן פאר די אידען אין לאגער, אניט וועלען זיי דארט אויסגיין פאר הונגער און קעלט.דער יודענראט האט אנגעהויבען צו שיקען יעדען טאג עסען פאר די אידען אין לאגען, זיי באזארגט מיט א קלייד אויפן לייב, און זייערע ווייב און קינדער, וועלכע זיינען געבליבען אין דער היים ,ווי אויפן וואסער, האט מען אויך געמוזט ארויסהעלפען, זיי זאלען פון הונגער ניט שטארבען.

מען האט זיך אויך אנגעהויבען משתדל זיין ביים קאמענדאנט פון דער אוקראיהער לאגער פאליציי, אז מען זאל גלינער ארבייטער פריי לאזען אין דארף אריין, יעדען טאג זאלען איינינגע האבען דאס רעכט צו גייען קיין גלינע, און דער עיקר מען זאל אפשטעלען דאס אויסשיסען פון די ארבייטער. ווייל ביז איצט איז יעדער טאג אויסגעשאסען געווארען פון 10 ביז 20 ארבייטער. וויפיל דער קאמענדאנט האט נאר פארלאנגט האבט מען אים געגעבען, אבי די אידען זאלען זיין זיכער מיטען לעבען.

פון לעמבערג, פון יאנאוו, מיקאלאיאוו, פון באיבערקע און אנדערע שטעטלעך, האט מען קיין קארווישט געבראכט טאטעס און קינדער און יעדען טאג האט מען עטליכע פון זיי אויסגעשאסעף. כדי באלד פרישע קרבנות צו ברענגען. זייער פלאן איז געווען : מיט שווערער ארבעט אויסצומיטשען, און דערנאך אויסשיסען אלע יונגע און געזונטע מענער.

אין קארוויטשער לאגער האט מען געשאסען די פאלגענדע אידען: וואלף דודעלזאק, א ברודער פון דודל פאוריקער. שעפסיל קירשנער, מיכל ארגענס א איידעם. אים האט מען געהאנגען שוין צום לעצט, ווען גלינער האבען זיך "איבערגעזידעלט", ווייל זיין שוואגער איז אנטלאפען פונם לאגער. חיים רייגהערץ, אלי נאשערס יונגסטער זון, וועלכער איז שטארק אויס-געמאטערט געווארען, האט מען אים א היים געבראכט און באלד איז ער געשטארבען.

## דער יאכטאראווער לאגער

אין אנהויב דעצעמבער קומט צופארען א געסטאפא אגענט און לאזט וויסען דעם יודענראט, אז ער דארף איינארדענען אין יאכטאראוו א פאר-ניכטונגס לאגער, און וואס דאס איינארדענען דארף קאסטען מוז דער גלינער יודענראט אויסשטיין.

די יודענראטלער בלייבען שטיין שטומע און האלב טויטע,זיי

ווייסען ניט וואס צו ענטפערען. ווען דער רוצח האט דערזעען ווי זיי זיינען געווארען פארשטיינערט, האט ער געזאגט: שרעקט אייך נישט, נאר שיקט ארויס ארבייטער וואס זאלען זיך נעמען צו דער ארבעט, און איך זאג אייך צו, אז פון גלינע וועל איך קיין אידען ניט פארלאנגען".

דעם זעלבען טאג איז באשטימט געווארען ארבייטער וואס זאלען פארן קיין יאכטאראוו, די אידען זיינען געקומען פון בראד, סטאניסלאוו, מאסט,ראווא-רוסקא און פון אנדערע שטעט. דער געסטאפא מאן פלעגט קומען קיין גלינע נאך פארשידענע שטאפען, ווארעס,לעדער,און ווען מען האט אים געבעטען אז ער זאל ארויסלאזען אויך אידען פון בראד, פלעגט ער אמאל צוליב טאן.

אז די גלינער אוקראינער האבען דערזעען ווי דער לאגער פירער פריינדלעט זיך מיט דעם גלינער יודענראט, אז זיי פועלן ביי אים וואס זיי ווילען, האבען זיי אויף אים געבראכט א מסירה, אז ער איז א אידען פריינט.

דעם 18טען דעצעמבער, אין א דאנערשטאג, איז די שטאט באפאלען געווארען פון דעם לאגער פירער, מיט א גרויסער צאל אוקראינער פאליציי, און מען האט אנגעהויבען שלעפען גלינער אידען אין לאגער אריין. די פאליציי איז געווען שרעקליך ווילד, האט האיידאמאקיש געשלאגען אפילו פרויען און קליינע קינדער.

אין יענעם טאג איז געכאפט געווארען 52 אידען, פון וועלכע 40 זיינען נאך אין דעם זעלבען טאג אויסגעקויפט געווארען, פאר גאר א טייערען פרייז.צוועלף האט מען אוועקגעפירט קיין יאכטאראוו.

דינסטאג איז ארויסגעפארען שלומה ליינוואנד און הערש נדלר און האבען אויסגעקויפט אויך די 12 אידען. ענדע דעצעמבער ווערט דער לאגער פירער צוריקגערופען פון יאכטאראוו און עס קומט אן דער בארימטער רוצח קאט גזשימעק.

אין דעם משך פון דעם 1/12 ביז דעם 15/12 ,1941, זיינען צו דעם גלינער יודענראט געקומען פאליציי מענער פון פרעמישליאנע, זלאטשוב, און פון קראסנא. וואו נאר א דייטש, וואו נאר א געסטאפא אגענט פון ארום גלינע, איז געקומען און געפאדערט געלט, גאלד, לעדער, און פאר-שידענע חפצים . "ווייל עס גייט צו ווייכנאכט, דארפען זיי אהיים שיקן". א טייל פארען אויף אורליוב " ווילען זיי עפעס מיטנעמען". און יעדער איינער פאדערט, ווי מען זאל אים דאס שולדיג זיין. " בליץ,שנעל, מוז עס ערלידיגט ווערען, זאנסט, יודע, ווירד שלעכט זיין מיט אייך!"..

180 טעג אונטער דעם דייטשען אקופאנט:

עס איז נישט צום אויסמאלען וואס מיר האבען אין יענער צייט דורכגעלעבט און וואס סהאט שוין אפגעקאסט. נאר לויט אנדערע שטעטלעך איז ביי אונז גאט צו לויבען. אין אנדערע שטעטלעך איז ביז דאן שוין געווען גרויסע שחיטה אקציעס, און יונגע קינדער זיינען שוין פיל אויס-געשאסען געווארען אין די לאגערען.

עס איז אוועק דאס יאר 1941 און מען ערווארטעט אז דאס יאר 1942 זאל ברענגען די באפרייאונג פאר אונז אידען. אבער לײדער איז דאס גע-קומען מיט זייער א טרויעריגען גורל.

הונגער און אפידעמיע:

אין פרילינג פון 1942 איז געווען א גרויסער הונגער. עס האט זיך דאן אנגעהויבען א הונגער אפידעמיע. ארויסגיין אין דארף האט מען ניט געקאנט, אין שטאט גיין צו א בקאנטען ערל האט מען ניט געלאזט. רייכע סוחרים, מיט א גרויסער באקאנטשאפט צווישען ערלים האבען געהונגערט. וואס האבען שוין די ארימעלייט געקאנט טאן? מען האט געגעסען גראז, 60 אידען זיינען געשוואלען געווארען פון הונגער, אסך אידען זיינען אוועקגעפאלן אין מיטען גיין.

מעכעל , וואלף כ"צס זון איז די גאנצע צייט געווען אויסבא-האלטען צוזאמען מיט זיין מאמען, אבער ווען דער הונגער האט שטארק גע-נומען דערקוטשען, און ער האט ניט געקאנט צוזעען זיין מוטערס לײדען, פלעגט ער ביינאכט ארויסגיין אין פעלד און בגנבה ארויסגראבען אביסעל קארטאפעל, און אזוי האבען זיי זיך גענערט. איינמאל אין יולי 1942 איז ער מיט מאניע פערטיג ארויסגעגאנגען ביינאכט צו א שכן אויפן פעלד, אביסעל קארטאפעל אנגראבען. גראד איז דער גוי מיט זיינע צוויי זין זיך פארזעסען אין פעלד און געזען ווי די צוויי אידען גראבען אויס די קאר-טאפעל. די ערלים האבען די צוויי הונגעריגע אידען געכאפט. זיי האבען אנגעמאכט א געוואלד, עס זיינען זיך אנגעלאפען אסך גויים, און מען האט די צוויי אידען איבערגעגעבען צו דער אוקראינישער פאליציי. די אוקרא-ינער אינטעליגענץ האט שוין געזען אז מען זאל די צוויי אידען איבער-שיקען קיין יאכטאראוו אין לאגער. ניט קענענדיג איבערטראגען די פיינונ-גען , איז מעכעל אנטלאפען א היים. איידער ער האט זיך נאר ארומגעכאפט מיט זיין מוטער, איז אריין א שייגעץ, א שכנס אזון מיט דער אוקראינער פאליציי, און מען האט איז צוריקגעפירט אין יאכטאראווער לאגער. מען האט אים דארט אזוי שטארק געמאטערט, אז ער האט זיך געבעטען מען זאל אים דערשיסען, אבער עס האט ניט געהאלפען. מארגען ,ווען די ארבייטער זיינען געקומען צו דער ארבעט, האט מען מעכלען ווידער אנגעהויבען צו פייניגען ביז פיר א זייגער נאך מיטאג. דאן האט דער קאמענדאנט פונם לאגער געהייסען מען זאל מעכלין הענגען, וואס מען האט באלד דורכגעפירט.

פאר די אויגען פון 500 הונדערט אידען, צווישען וועלכע עס האבען זיך געפונען 80 גלינער אידען, איז מעכעל בן וואלף כ"ץ אויפ-געהאנגען געווארען, על קדוש השם.

שפעטער האבען די גלינער אידען , אויף דעם באפעל פונם קאמענ-דאנט באגראבען מעכלען אינם יאכטאראווער וואלד. דאס איז געווען שבועות, 1943. מאניע פערטיג האבען די דייטשען דערשאסען.

## פינפטער טייל

# גלינער אידען ווערען געטריבען קיין פרימעשלאנע, אין געטא

### דער 12 טאגיגער איבעזידלונגס טערמין פון דעם 20/x1 1942, ביז דעם 1/x11 1942,

דעם 20 טען נאוועמבער 1942 האבען זיך אין די אידישע גאסען באוויזען אפישען, אונטערגעשריבען פון דעם בארימטען הימלער, אז ביז דעם 1/12, דאס יאר דארפען אלע שטאטישע און דארפישע אידען פארלאזען זייערע היימען און איבערזידלען זיך אין די געשאפענע געטא שטעט. אויב א איד זאל זיך נאך דעם 12טען געפינען אין א שטעטעל, אדער אין א דארף קומט אים טויט שטראף.

אידען הויבען אן צו לויפען אין די 4 געטא שטעט, באזארגען זיך מיט דירות. עס לויפען, פארשטייט זיך, אזעלכע וואס האבען דארט משפחה, און די וואס האבען מיט וואס זיך דירות דינגען.

דער "יודענראט" מיט א טייל בעלי בתים פרובירען, אפשר וועט מיט געלט געלונגען צו שאפען אין גלינע א געטא, כדי אויסצומיידען די איבערזידלונג , וועלכע איז די שווערסטע פון אלע פריערדיגע צרות. די וואס האבען ניט מיט וואס זיך צו באזארגען א דירה, באשליסען צו ווארטען ביז דער לעצטער שעה, ווען מען וועט שוין מוזען.אבער מיט צוויי טעג שפעטער ,איז דער יודענראט צוריקגעקומען פון זלאטשוב מיט גארנישט, זייער כלאפאטשען זיך האבען קיין געוואונשענע רעזולטאטען ניט געבראכט.

די דייטשען האבען דער יודענראט אויפגעוויזען, אז ביי היטלערן ימח שמו! איז נאך קיין פארניכטונגס גזירה אויף אידען ניט צוריקגערופען געווארען. זיי האבען אויך דערטען געהערט אז אין אנדערע שטעט איז דאס איבערזידלונג גאנג פארגעקומען מיט בלוטיגע אקציעס אויף אידען. פון דער טרויעריקער בשורה שאפט זיך אין שטעטעל א בהלה. עס קומט דער קאלטער, שווערער ווינטער.אידען גיין ארום נאקעט און בארוויס, הונגעריג און קראנק.נישטא שוין וואס צו פארקויפען, אדער אויסבייטען אויף פראוויאנט. אבער, קיין ברירה ניט, אידען לאזען זיך אין די געטא שטעט.

אין די געטא שטעט איז ענג, נישטא קיין דירות, און יעדער איינער זוכט א וואוינונג, און נאך מיט א סכראן, א ארט וואו צו קענען זיך באהאלטען.

דער יודענראט הויבט אן דינגען פורען ארויסצושיקען פון גלינע, די יעניגע וואס זיינען ניט אומשטאנד אליין זיך טראנספארירען. עס ווען פאר זיי אויך באזארגט דירות, אין דער פרעמישלאנער געטא. דאס בית עלמין ווערט פארוואנדעלט אין א בלוטיגען ים פון טרערען. פרויען און מענער לויפען פאר זייער ארויספארען, אויפן לידיגען בית עלמין, אויסוויינען אויסשרייען זייערע ווייטאגען. אלע וועגען, וואס פירען אין די געטא שטעט, זיינען באשטעלט פון אוקראינער. יעדער איד וואס פארט ארויס פונם שטעטעל, ווערט דורך די באנדיטען רעווידירט. ביי די אידען וואס האבען מיט זיך געפירט אביסעל פראוויאנט, צו דערהאלטען די נשמה,האבען די

אוקראינער צוגענומען "פראוויאנט טאר מען ניט ארויספירען פון דער שטאט, דאס געהערט צו דער מלוכה - האבען די אוקראינער באנדיטען געטענהט "אויך טאר מען ניט ארויספירען קיין מעבעל, אפילו ניט קיין אלטע און צעבראכענע, ווייל אין דעם נויטיגט זיך די שטאטישע געמיינדע". אזוי האט מען ביי יעדען איד אלץ צוגענומען, איבערגעלאזט הויל און נאקעט. און ווען א איד האט זיך ביי די מערדער געבעטען ער זאל אים איבערלאזען דאס צעריסענע העמד, האט דער מערדער געענטפערט מיט גרויס געלעכטער : איר,אידען דארפט שוין איצט גאר ניט האבען!"

דאס איז געווען אין מיטען סעפטעמבער 1942, און נישט יעדער איד האט דאן פארשטאנען די ווערטער, זיי, די רוצחים האבען שוין גוט גע-וואוסט , אז די אידען גייען זייער לעצטען גאנג.

אין אלע דערפער, דורך וועלכע מען פארט אין די געטאס, שאפען זיך באנדעס, וועלכע פארהאלטען די דורכפארענדיגע אידען, און רויבען פון זיי אוועק דאס לעצטע. אידען נאקעטע, בארוועסע, הונגעריקע און קראנ-קע ,אין וועמען די נשמה האלט זיך שוין אויף א האר, לאזען די ערלים ניט צורו,שטילען ניט זייער גוישע יוכע, ביז זיי וועלען זעען יעדען איד,יעדע פרוי יעדעס קינד, אלט און יונג, דאס גאנצע אידישע פאלק אויסהיכען זייערע נשמות.

## אני הגבר...

פון בריוו פון אונזער שארית הפליטה

... סוף חודש אקטאבער,1942, בין איך ארויס פון גלינע. די לעצטע ווערטער פון יעדען איינעם ביים געזעגענען זיך איז געווען: אפשר קאנט איר פון דארט, פון אמעריקע עפעס טאן, צו ראטעווען כאטש די קליינע קינדער, איידער עס איז צו שפעט...

"דאס וואס איר האט געלעזען אין די צייטונגען איז נישט נאר אמת, נאר מיר האבען איבערגעלעבט אסך מער, אז מען קאן ניט אויסשרייבן דעם גאנצען 100 פראצענט אמת. עס קען זיך מיר אליין נישט גלויבען אז איך בין אין דעם אמצען ארויס פונם גיהנום...

"איך האב זיי מיט פינף וואכען צוריק געלאזט נאך לעבעדיגע. אסך קראנקע אין די בעטען אויף טיפוס, אבער איך קען לײדער ניט זאגען צי זיי לעבען נאך. די געפאר איז געווען גרויס, און דער טויט איז געשטאנען פאר זייערע אויגען, יעדע מינוט. די וואך וואס איך בין אוועק איז שוין געווען דער באפעל,אז אלע מוזען ארויס פון גלינע. דער ערשטער ארט איז געווען פרעמישלאנע. איך טו דא אלץ וואס עס איז נאר מעגליך צו ברענגען קינדער פון גלינע. אפשר קענט איר אין אמעריקע עפעס טאן פאר זיי? וועל איך זיך בארואיגען, און אפרוען זיך, וועל איך מער שרייבען."

צפורה
(יוסף מרדכי ליינוואנדס
טאכטער)

תל־אביב, כ"ה מרחשון, תש"ד.

... אייער בריוו הבא איך דורך דר. זומערשטיין דערהאלטען און אייל
אייך אויספירליך צו ענטפערען.פון אונזער גלינע, איז ווי פון אלע שטעט-
לאך, אין מזרח גאליציע נאר טרויעריגס מיטצוטיילען. ביז אויגוסט 1942
בין איך נאך דארטען געווען. און האב מיטגעמאכט א פאר אקציעס אין גלינע.

א צייט נאכדעם האבען די דייטשען געשאפען די יודען ראטע,
וועלכע האט פארטראטען דאס פאלק. אלס פארזיצער איז געווען אהרן האכבערג.
זיי האבען מיט מסירת נפש פארטיידיגט דאס שטעטעל, ביז זיי אליין זיינען
אויך אומגעקומען.

אײדער איך בין אוועק צו מיין זון ,אין ווארשע, בין איך עט-
ליכע מאל געווען אין לעבענס סכנה, דורך די אייגענע באקאנטע גויים.
געווען געשלאגען. און איך וואלט זיכער געהרגעט געווארען, ווען איך
זאל געווען פארבלייבען אביסעל לענגער צווישען זיי.

אין אויגוסט 1942, בין איך פון פרעמישלאנע געפארען קיין גלינע.
אויף די שטראסען האבען געארבעט אונזערע אינגלעך, געווען צווישען זיי
12 יעריגע קינדער. איך האב אויפן וועג אנגעטראפען פורען באלאדען מיט
גאנצע און צעהאקטע מצבות, אוועקגענומען פון דעם גלינער בית עלמין,מיט
וועלכע מען האט געשאטערט די וועגען. דער גלינער בית עולם איז היינט
א צעהאקערט פעלד, קיין סימן מער פון א קבר אדער מצבה.

איך בין שוין געווען א וועקגעפירט אין א קאנצענטראציע לאגער,
נאר מיין מזל האט געפירט, אז דער געסטאפא אפיצער, ביים אריינגאנג
פונם לאגער האט מיך אפגעשטופט, און מיך ניט אריינגעלאזט, אננעמען מיך
פאר א ניט איד. שפעטער האב איך געלעבט אויף פאלשע פאפירען, אלס פאליאק,
מיט דעם נאמען דווראקאווסקי, ביז מיין זון האט מיך איבערגעפירט קיין
ווארשע, וואו איך געפין זיך איצט.

אין די וועלדער אין אומגעבונג פון גלינער זאפוס, סלאוויט,
לאהאדאוו, האבען זיך א צייט לאנג אויסבאהאלטען אביסעל אידען,וויפיל
פון זיי זיינען געבליבען לעבען, איז איצט פאר מיר שווער צו זאגען.

מיינער א באקאנטער גוי האט מיר דאן דערציילט אז עס וואלגערן
זיך אין די וועלדער טויטע אידישע מענער און פרויען, און אז די גוים
פון די ארומיגע געמיינדעס זעען דאס צו, און טראכטען אפילו ניט די
טויטע צו באגראבען".

אינזשעניר שלמה שפייזער-נוסבוים
ווארשע, דעם 3טען אקטאבער,1945.

№3

... אונז איז געלונגען אין א נאכט צו אנטלויפען פון פרע-
מישלאנער געטא קיין גלינע , און ניט וויסענדיג דארט וואס צו טאן,וואו
זיך צו באהאלטען פון די מערדער, זיינען מיר ביינאכט דערגאנגען צו
אונזער שכן הופאלאווסקי, און דארט אפגעווען אויף דעם בוידעם גאנצע

14 מאנאטען, אין הונגער און קעלט. ווען מיר זיינען ענדליך באפרייט געווארען, האבען מיר מער ווי אגרדיסען, פוסטען פלאץ אין גלינע ניט גע־טראפען. אונזערע ליבסט, בעסטע און שענסטע מער נישט געטראפען, און מיר וועלען מער זיי שוין ניט זעען, ווייל אלע זיינען טויט. זאלסט ניט מיינען אז די רייכע אדער די קלוגע זיינען יא געבליבען לעבען. מיר זיינען פון די צופעליגע, ווייל קיין געלט זיך צו ראטעווען האבען מיר ניט געהאט, נאר צופעליג זיינען מיר פארבליבען. פון גאנץ גלינע, וואס האט געציילט איבער צוויי טויזענט אידען איז געבליבען 25,און פון די 25 זיינען מיר די איינציגע פאמיליע, וואס איז פארבליבען. די איבעריגע זיינען צו איינצעל־נע מענטשען פון א פאמיליע, דאס רעשט איז דורך די היטלעריסטישע מערדער מיט שרעקליכען טויט פון דער וועלט אוועקגעגאנגען".

רוזה נאם
(יענטע נאם טאכטער)
בייטאן, דעם 8טען נאוועמבער,1945

4

... אין נאוועמבער 1942 האבען די דייטשען ארויסגעטריבען די אידען פון גלינע, און זיי געטריבען אין דער פרעמישלאנער געטא. גלינע איז געווארען יודען ריין, יודען פריי.

נאך דעם באפעל אז גלינע מוז ווערען יודען פריי, און אז אלע מוזען גיין אין געטא, זיינען ניט אלע אידען אהין געגאנגען, נאר א טייל זיינען געלאפען אין זלאטשוב, א טייל קיין בורסק און א טייל קיין יאריט־אוו. דער גרעסטער טייל גלינער אידען זיינען איבערגעגאנגען אין פרעמיש־לאנער געטא.

די עלטערע אידען אין פרעמישלאן האט זן באלד אוועקגעפירט קיין בעלזעץ, אין די גאז קאמערען, און א טייל ן זיי האט מען אויס־געשאסען אויפן ארט.

ווען מען האט פון די לאגערען אנגעהויבען אוועקצופירען, האט א טייל פון דער יוגענד זיך ארגאניזירט אין א זעלבס שוץ און זיינען אנטלאפען אין די וועלדער פון דער געגענד פרעמישלאן, כאנאטשאוו,דינאיעוו און אין אנדערע וועלדער. די פארטעזאנען ארגאניזאציע האט דאמאלד געהאט ביי א אכט הונדערט מענטשען ,פארטיילט אין סעקציעס.

איין סעקציע פון ניינציג אידען האבען זיך געפינען אין א וואלד, געבליבען פון זיי זיינען בלויז זעקס.

אין גלינע גופא זיינען קיין פארטיזאנער ניט געוועז, זיי זיינען אבער יא געוועזן אין די ארומיגע וועלדער.

דאס וואס די דייטשען האבען פארזעען, האבען די אוקראינער אויפ־געכאפט, און האבען אויסגעראטען יעדען איד פון גלינע און פון דעם ארום

יעקב פייערבערג, סינא-פיסטא.
איטאליע 8/2/1947

№5

... אין די לאגערען זיינען די מענטשען געשלאפען אין די קליידער,זיינען פאראומרייניגט געווען און קראנק אויף טיפוס. א סך פון די קראנקע האבען אפגענארט דעם דייטש און זיינען אליין געשטארבען. דאס עסען אין די לא-גערען איז באשטאנען פון 17 דעקאגראם ערזאץ ברויט א טאג. די וואס זיי-נען קראנק געווארען האט מען אויסגעשאסען. פאר נישט ארבייטען איבער די כוחות האט מען געקראגען געשלאגען מיט נאגייקעס 25 מאל און געפייניגט געווארען מיט פארשידענע אנדערע מיטלען.

אין יאר 1942 זיינען שוין אכציג גלינער אידען געווען אין די לאגערען. אין יעדען לאגער האט דער יודענראט יעדען טאג ארייגעשיקט פורען, ארויסצונעמען די מתים און זיי ברענגען צו קבר ישראל.

אין די לאגערען האבען זיך געפינען אידען פון גלינע, פרעמישלאן, בראד, זלאטשאוו, סאקאל, לעמבערג, יאכיטשעוו, ראדקי, יאווראוו,מאשטישים קראקוי.

דעם 22טען יוני 1943 הויבט זיך אן די ליקווידאציע פון די לאגערן. אין די עטליכע דערמאנטע לאגערען זיינען געווען 5.000 טויזענט אידען.

דעם 21/7, 1943, 6 אזייגער פארנאכט, נאך דעם צוריקקומען פון א טאג שווערער ארבעט, האבען אידען אנגעהויבען צו אנטלויפען פון די לאגערען, נאר אסך זיינען ווייט ניט אנטלאפען, ווייל די אוקראינער פאליציי מיט די ס.ס. האבען אנגעהויבען זיי נאכלויפען אויף פערד און אין אויטאס, און נאר א קליינע צאל מענטשען זיינען דאן אנטלאפען. די איבעריגע אין די לאגערען האט מען אויסגעשאסען.. אין יאכטאראווער לאגער זיינען אומגעקומען על קדוש השם 140 גלינער אידען.

יעקב פייערינג
1947

פאלעסי ראווי ,איטאליע.

№5

..עס טוט מיר וועה, וואס אין יעדען בריוו מוז איך ווידער-האלען דאס זעלבע, וועגען דעם גרויסען אומגליק וואס עס האט געטראפען די אידען פוילען און מיט זיי אונזערע גאר נאענטע, אונזערע אייגענע. פון אונזער גאנצער משפחה, וועלכע איז אמאל אזוי גרויס געווען, זייט איר דארטען אין אמעריקע און איך דא, איינע אליין - פון ווייטערע קרובים, די קוזינע בערטא פאגעלפאנגער מיט איר קינד און געניע מיט איר מאן און קינד. איך בין ארויס מיטען לעבען, מיין אינגעלע איז געווען ביי מיינע עלטערען ,לעבען לעמבערג. מיין מאן איז נאך געשטארבען אין אנהויב פון דער מלחמה. איך באטראכט ניט פאר א גליק וואס איך בין ניצול געווארען, ווייל יעדען נאענטען האב איך פארלוירען, און געבליבען בין עלענט,אליין.

צוזאמען מיט מיין קינד איז אויך מיין מוטער אומגעקומען, ווען זי איז מיט אים אנטלאפען פון דער געטא, אויפן וועג האט מען זי דערמאר-דעט.

דעם פאטער מײנעם האבען זײ דערהרגעט אין בעלזעצער לאגער. מײן ברודער האט נאך ביז 1944 געלעבט און זיך אויסבאהאלטען מיט זײן פרוי און קינד אין א וואלד. דארט האבען די אוקראינער פון דארף ראזוואדען אים פארמוט-שעט צום טויט. דארטען האבען די אוקראינער אויך דערמארדעט דר. שלמה מעהלמאן. שלמהס פרוי און קינדער האבען די רוצחים ארויסגעגעבען צו די דײטשען, זײ זײנען שוין מער קײן לעבעדיגע פון די דײטשישע הענט ניט ארויס.

חיה מעהלמאן מיט איר מאן און זײערע צװײ טעכטער זײנען אום-געקומען אין זבאראזש. דעם אנקעל דוב (בעזשע) מעהלמאן האט מען לאנגע חדשים געמוטשעט אין לעמבערגער לאגער, דאן אין יאנאװער לאגער, ביז זײ האבען אים דערמארדעט. בעזשעס זון, לעבט אפשר ערגעץ, אבער זײן פרוי האבען זײ דערמארדעט. ישראל האכבערג האט זיך גענומען דאס לעבען. זײן פרוי ביילע מיט אלע קינדער זײנען אומגעקומען.

גאר װײניג פון שטעטעל האבען זיך געראטעװעט. אויך פון דער גרויסער משפחה פאגעלפאנגער איז נאר געבליבען לעבען ביילע, איז ברודער יעקב פ"פ. איז פון װארשעװער אויסװאורפען איבערגעגעבען געװארען צו דער געסטאפא. יעקבס פרוי, מיט זײער טאכטער זײנען אויך דערמארדעט געװארען, נאך דעם װארשעװער אויפשטאנד. רויזע, דרעזעל, חיה מיט אירע קינדער, זײנען אלע אומגעקומען. דאס איז דער סך הכל פון דער גאנצער משפחה.

דער גורל פון די לעבען געבליבענע אידען איז דא זײער שװער. צו א שטארקען סם האט היטלער אריינגעגאסען, צענדליגער יארען װעט נעמען אט דעם סם צו פארניכטען.

שטעלט זיך די פראגע, װאוהין קענען מיר אנטלויפען? לעבען מיר דערפאר פון טאג צו טאג, מיט אײן געדאנק, אװעק פון דאנען. אײן טרײסט איז געבליבען און דאס איז, װאס מען האט צו װעמען שרײבען"

דר. בערטא מעהלמאן-ראטה
(גרשון מעהלמאנס טאכטער)

װארשע, אויגוסט 13טען, 1945.

№6

... פון אונזערע נאענטע איז קיינער נישטא, פון רעגינעס נאענטע איז אויך קיינער ניט געבליבען לעבען, פון אבים אויך קיינער נישט. עס זיינען געבליבען איינצעלנע מענטשען פון ווייטע קרובים. אין פאהארליעץ איז חיים משה ווייץ געבליבען איינער אליין פון זיין פאמיליע. אונזערע עלטערען לעבען נישט מער, זיי זיינען אומגעבראכט געווארען אין יאר 1943 אין מאנאט מאי, צוזאמען מיט טויזענטער אידען, אין וואלד לעבען פרעמישלאנע.

רחמיאל בוים, קאפעל ריכטער, לייב וויינטרויב, שלמה ווייץ, האבען די דייטשען דערשאסען אין יאר 1941.

דבורהן האט מען געהרגעט אין וואלד און מאנציגען – אין לאגער. עס זיינען דארטען זייער ווייניג מענטשען לעבען געבליבען. שיידענע איז אנטלאפען אין קראסיענקא וואלד און זיך דארט אויסבאהאלטען, און ביי אן אבלאווע אין דעם וואלק האבען זי די דייטשען דערשאסען. פון די בערגערס איז אויך קיינער ניט געבליבען. אנקעל קאנער און זיין שוועסטער רבקה האט מען אויך געהרגעט.

מאקס פארנאס–סאפראן

דזורום, ק.ס.ס.ר.

№7

... כאטש איך בין שוין דריי וואכען פריי, איז דאס דער ערשטער בריוו וואס איך שרייב. איך בין אזוי צעבראכען פון דעם גרויסען אומגליק, אז איך בין אין דעם אמתען ניט געווען אומשטאנד צו שרייבען. עס איז מיר אליין שווער צו גלויבען אז איך, מיין פרוי און מיין יונגער זון האבען איבערגעלעבט די צייט פון די היטלער מערדער. מיין עלטערער זון איז אנטלאפען קיין רומעניע אויף ארישע פאפירען. מיר זיינען געבליבען בלויז מיט דעם נאקעטען לעבען, אויסער דעם פארמאגען מיר גארניט.

קיין מענטשליכע פאנטאזיע קען זיך גאר ניט פארשטעלען וואס זיי האבען געטאן צו אונז. יעדע סעקונדע איז מיט אונז געשען נסים. פאר דריי יאר צייט זיינען מיר ארומגעגאנגען אויף דער ערד מיט א טויט-אורטייל איבער אונז. פון אונזער גאנצער משפחה אין וויזשליאן (א דארף לעבען גלינע) איז נאר אהרן שנור לעבען געבליבען. פון אלע קאנערס וועלכע האבען געלעבט אין לעמבערג און אין דער ארומיגער געגענד, איז קיינער נישט געבליבען לעבען. קיינער איז ניט לעבען געבליבען פון מיין פרויס משפחה, אויסער משה רובענשטיין, וועלכער האט זיך שפעטער אפגעזוכט. (זע זיין בריוו ח.ה.). משה רובענשטיינס פרוי און אויך זיין ברודער נחום און זיין פרוי, זיינען מיט גרויס אנשטרענגונג געווען באהאלטען ביז דעם 15טען יוני, 1944, און דעמאלט זיינען זיי אריינגעפאלען אין די הענט פון די גרויזאמע מערדער. משהס פרוי האט גלייך זיך פארסמט, און די איבעריגע זיינען אוועקגענומען געווארען אין א קעמפ ערגעץ לעבען קראקוי, און מען האט זיי דארט אלע אויפגעהאנגען. פארען טויט האבען די נאציעס זיי שרעקליך געפייניגט. דאס וואס האט עס אליין מיט זיינע אויגען ניט געזען, קען זיך קיינמאל ניט פארשטעלען, אדער אפילו גלויבען די שווידערליכקייטען, פון די פארברעכען, וואס די בעסטיעס האבען צו אונז געטאן.

"זיי האבען אונז געשלאגען, זיי האבען אונז בארויבט, זיי האבען אונז געמארדעט, זיי האבען אונז דערטרונקען, זיי האבען לעבעדיגערהייט פארברענט אונזערע קינדער – און ווען זיי האבען דאס געטאן, האבען זיי געצוואונגען אידישע קלעזמער אז זיי זאלען דאן שפילען. פאר-ניין מא-נאטען האב איך געלעבט אין א פארמאכטער געטא, אונטער די שווערסטע אונמענשליכע; שרעקליכסטע באדינגונגען.

זיי האבען צווישען אונז געשאפען א קינסלערישען טיפוס און האבען אונז געצוואונגען צו זיין 15 מענטשען צוזאמען אין א צימער די גרויס פון 14 מעטער סקווער., מיט אן הויכער טעמפעראטור פון 40 גראד. (איבער הונדער און פיר פוינט) קראנק פון טיפוס האבען מיר געמוזט געהן טון שקלאפען ארבעט, ווייל – די וועלכע האבען זיך ניט געקענט אויפהייבן פונם בעט, האט מען באלד דערהרגעט. קראנק מיט שווערען טיפוס האב איך געמוזט ארבייטען.

ווען איך זאל שרייבען כסדר, וואלט איך אלץ ניט געקאנט דער-ציילען פון דעם ראנגלען זיך מיטן טויט, וואס מיר זיינען דורכגעגאנגען.

ביז צום סוף מאי 1943 בין איך געוועזן אין דער געטא. מיין פרוי און אינגעל זיינען געוועזן באהאלטען ביי א פוילישער פאמיליע. אין מאי 1943 האט מען די געטא אויפגעלייזט און איך האב מיט נסים געקאנט אנ-טלויפען און זיך דערשלאגען צו א פוילישער פאמיליע, וואו מיין פרוי מיטן אינגעל זיינען געווען. דארטען בין איך פארבליבען ביז די רויטע ארמיי איז אנגעקומען און האט אונז באפרייט.

פאר 14 חדשים זיינען מיר דורכגעגאנגען די שווערסטע ליידען און באהעלטעניזען. אין די קאלטע ווינטערען זיך געוואלגערט אין דרויסן. מיר האבען זיך דערהאלטעןביים לעבען מיט קאלטע בולבעס, אויב מיר האבען אזעלכע געפונען...

אזוי שנעל ווי איך וועל אביסעל קומען צו מיין געזונד, וועל איך נאך שרייבען וועגען אונזערע איבערלעבונגען, צרות און פייני-גונגען".

שלום קאננער

לעמבערג, אויגוסט דעם 24טען, 1944

№8

...איך קען אייך צוגעבען צו מיינע פריערדיגע באשרייבונגען אז איך האב באקומען א בריוו פון מיינער א באקאנטער קריסטין, זי שרייבט מיר: "אז עס איז אפילו אינם לעצטען ארבייטס-לאגער קיינער נישט גע-בליבען. אלץ איז נידערגעשאסען געווארען". זיי האבען אין וואלד, לעבען פרעמישלאנע געמוזט אליין אויסגראבען גריבער און דאן א רייהע נאך א רייהע, מיט שמע-ישראל און אבינו מלכנו אויף די ליפען געפאלען טויט.

עס זיינען אויך געווען פאלען ווי אונזערע אידען האבען זיך אוועקגעשטעלט און געמאכט די מערדער באצאלען מיט זייער לעבען פאר דעם וואס זיי האבען צו אונז געטאן: פון די קאננערס אויס פאדהאיטשיק אין אלפערדאווקע(דערפער ניט ווייט פונם שטעטעל) דערצעהלט מען וואונדער

גבורה'שאפט קיגען דעם שונא. זיי האבען אין די וועלדער פון קראיסענקא, כאנאטשאוו, לאהאדאוו(אלע אין דעם געגענד פונם שטעטעל) ארגאניזירט פאר- טיזאנער און האבען די דייטשען פיל פארלוסטען און לײדען פארשאפט.

שוין זייענדיג אין ווארשע האט מען מיר דערציילט(דר. ווישינסקי, א פאליאק פון וויזשלאנע ) אז אין יאר 1942 האבען די פויערען פון דער געגענד דערציילט אז די דייטשען האבען מורא פאר די אידישע פארטיזאנען און קענען זיי נישט בייקומען. און אין יאר 1942-1943 האב איך אין דער פוילישער אונטערערדישער צייטונג צוויי מאל געלעזען באריכטען וועגען אוקראינישע איבעפאלען אויף דעם דארף כאנאטשאוו. דריי מאל האבען די מערדער געשטורעמט דאס דארף און תמיד זיינען זיי אפגעשלאגען געווארען, ווייל די כאנאטשאווער גויים האבען געהאט די הילף פון די אידישע פאר- טיזאנער אין די וועלדער...

פון די גלינער פערדהענדלער פון דער משפחה נחום דאס דערציילט מען, אז זיי האבען א מחנה פון 40 מענטשען. זיך אויסגעגראבען א בונ- קער אין וואלד ביי בארדאנאווקע, לעבען גלינע, זיך באזארגט מיט שפייז און דעם בונקער אזוי פארמאסקירט, אז מען האט א לאנגע צייט פון זיי ניט געוואוסט, אבער די ארומיגע דארפישע שקצים האבען מיט דער צייט זיי יא אויסגעפונען, און געמאכט אויף זיי איבערפאלען. זיי האבען זיך א שטיק צייט העלדיש פארטיידיגט, ביז זיי האבען געמוזט אונטערלעגען דער גרויסער מאכט..."

ווארשע, דעם 23טען דעצעמבער,1945

№9

... עטליכע גלינער אידען, וועלכע האבען זיך געראטעוועט פון די רוצחישע הענט, האבען זיך אויסבאהאלטען אין וואלד לעבען זשענאוו. די פוילישע גויים פון דעם דארף האבען זיי באזארגט מיט שפייז. ווען זיי זיינען אנטלאפען אין וואלד אריין אין מאי, 1943, זיינען זיי געווען א גרעסערע גרופע פון יונגע אידען. אבער זייער שטענדיגע מלחמה מיט די אוקראינער האט זייערע רייהען שיטערער געמאכט. אסך פון אונזערע יונגע זיהן און טעכטער זיינען געלעגען טויטע נישט באגראבענע, און זיינען געווען דאס מאלצייט פון ווארענעס און הינט, פון דעם גאנצען געגענד...

אפילו איצט, איז נישט מעגליך א טייל פון די הרוגים צו ברענ- גען צו קבר ישראל, אז עס זאל נישט זיין א נייער קרבן.

ווי איר וועט זעהן פון דער ליסטע זיינען די קליינע צאהל פון דעם שארית הפליטה צוזייט און צושפרייט. אפילו די, וועלכע זיינען נאך איצט אין גלינע וועלען באלד אוועק פון דארטען, צו דער מערב געגענד. איר אין אמעריקע, זייט איצט די ק"ק גלינע. אין אייראפע עקזיסטירט זי מער נישט. די אידען פונם שטעטעל זיינען דערשטיקט, די הייזער צע- שטערט, דאס בית עולם צעהאקערט. איך ווייס ניט ווי אזוי די שול איז געבליבען שטעהן גאנץ, אבער מען האט פון איר געמאכט אן ארייןפאר הויז. דאס בעסטע וואס איר קענט פאר אונז טאן איז צו געבען א מעגליכקייט די לעבען פארבליבענע צו אנטלויפען פון דאנען, פון אייראפע. ווייל כאטש היטלער איז שוין באזיגט, לעבט נאך זיין שאטען אין די "אריער". זיי האבען פון אונז אפילו צוגענומען אונזער גלויבען אין גאט...

אין יושר און אין מענטשליכער ווירדע.

מען קען גיכער דערווארטען רחמנות און פארגיסונגונג פון א דייטש, אבער קיינמאל ניט פון א אוקראינער מיליציאנט. זיי האבען אונזערע לעבעדיגע קליינע קינדער געווארפען אין די ברענענדיגע הייזער און דערביי געזונגען און געטאנצט ארום זיי.

זיי האבען די קעפלעך פון אונזערע קינדער צעשמעטערט אין די שטיינער, אזוי אז דער מארך האט ארויסגעזעצט, און איצט איז די וועלט גרייט פארגעסען און פארגעבען די מערדער".

חיה קאנער־ראטה
קראקוי, אקטאבער דעם 25טען, 1945 (די טאכטער פון יעקב ראטה)

№10

... דעם 3טען דעצעמבער איז פארגעקומען די ערשטע אקציע פון ארויסנעמען די אידען פון דער פרעמישלאנער געטא. מען האט די אידען ארויסגעשיקט קיין בעלזעץ, לעבען ראווא־רוסקי, אין דער דארטיגער קרעמיטאריע. אין דער אקציע זיינען אריינגעפאלען אסך גלינער אידען. צווישען זיי איז געוועזן הרב אריה ליב גאטעסמאן, לייב עגעלסבערג. (איטשעלע חסידס זוהן) רחמיאל וואלף (באדאק) יצחק גאספריינס, און אנדערע עלטערע גלינער אידען.

דעם 22טען מאי, 1943 איז פארגעקומען די ליקווידאציע פון דער פרעמישלאנער געטא. אין דעם טאג זיינען באלאגערט געווארען אלע גאסען פון דער געטא מיט א שווארצער באנדע פון די דייטשישע באנדיטען. די גרעסטע רוצחים, די געסטאפא, און מען האט אנגעהויבען צו שיסען מענטשן אין די גאסען. מען האט די אידען ארויסגעשלעפט פון די שטיבער, קעלערס און פון אלע ערטער, וואו עמיצער איז געוועזן באהאלטען. די רוצחים האבען געשלעפט מענער, פרויען, קינדער, אלטע און קראנקע. אלע האט מען געטריבען, ווי מען טרייבט בהמות. צונויפגעטריבען אויף א גרויסען פלאץ און באפוילען זיך אנידערזעצען אויף דער ערד. דער טאג איז געוועזן זייער א הייסער און די געסטאפא האט ניט צוגעלאזען אביסעל וואסער. דאס געוויין, געשריי איז געוועזן אזוי גרויס און אזוי שטארק, אז עס איז דערגאנגען ביז צום זיבעטען הימעל. נאך מאלצייט, ארום האלבען טאג, איז געפאלען א שטארקער שלאגס רעגען. די קליינע קינדער האבען נאך שטארקער געוויינט, און צווישען דעם געשריי, יאמערליכען געוויין און רעגען, איז צווישען דער מאסע מענטשען אריין די געסטאפא ס.ס. האבען אנגעהויבען צו שלאגען די אידען מיט זייערע גומענע נאגייקעס, און באפוילען אז מען זאל זיך אויסשטעלען צו פיר מענטשען אין א רייע און גיין צום צוג.

די גאסען זיינען געוועזן פול מיט מתים פון די אידען, וואס די ס.ס. האבען דערשאסען, ווייל מען האט זיך אקעגענגעשטעלט. אין די גאסען האט געררונען טייכען אידיש בלוט פון די אומגליקליכע אידישע קדושים. מען איז אזוי געבראדזעט אין אידיש בלוט, און געגאנגען איבער די דערשאסענע און געפאלענע מתים.

אויף דער באשטימטער באן סטאנציע זיינען געשטאנען 60 וואגען און אין יעדען וואגאן האבען די געסטאפא רוצחים איינגעלאדען 90

אידען. מען האט ניט געקאנט זיצען, נאר שטיין. אין יעדען וואגאן האט מען ארייגעווארפען 10 ברויטלעך... דאס געשריי און געוויין פון די 5.000 אידען אין די וואגאנען איז געווען אזוי יאמערליך שרעקליך אז מען האט געקאנט אראפ פון זינען. און צווישען די 5.000 אומגליקליכע, צום טויט פירענדע קרבנות, זיינען אויך געווען באלד א עלף הונדערט גלינער אידען.

עס איז באשטעטיגט געווארען, אז אין דער אקציע האט מען צוגענומען דעם גלינער רבין, הרב אפרתי, די גלינער רביצין (ר' בצלאלס ווייב) די 37 גלינער אידען וועמען עס איז געלונגען צו אנטלויפען פון דער פרעמישלאנער געטא, אין טאג פון דער ליקווידאציע, און זיי זיינען אוועק קיין גלינע, זיינען זיי אלע דארט געכאפט געווארען פון די גלינער גויים. מען האט זיי בארויבט און מיט דער הילף פון דער אוקראינער פאליציי, האט מען ש'בסיון, תש"ד די אומגליקליכע ארויסגעפירט אויף דעם גלינער בית הקברות און זיי דארטען אלע דערשאסען.

צווישען די דערשאסענע אין יענעם טאג זיינען געווען אהרן האכבערג, (פעזעס פון גלינער יודענראט) מיט זיין פרוי, דענטיסט ביליגער מיט זיין פאמיליע, (מיטגליד פונם יודענראט) יאיר האלפערן קינדער, מאיר וואלפס פרוי מיט א קליין קינד.

מיר, די איבערגעבליבענע פון גלינע ציילען ביי א דרייסיג נפשות. אויף אונזער וואנדער וועג, אין די "די־פי" קעמפס, אויף אונזער וועג קיין ארץ ישראל, האלטען מיר הייליג די יארצייטען פון אונזערע גלינער קדושים, ווייל זייערע הייליגע נשמות לעבען צווישען אונז, די שארית הפליטה.

יעקב פייערינג
פאלעסי־בארי, איטאליע
מאי 13טען, 1947

№11

... אין די יארען 1941־1942 זיינען די אידען געווען אין גלינע. סוף יאר 1942 איז געווען די איבערפירונג פון די גלינער אידען קיין פרעמישלאן און אין אנדערע שטעט. דארטען האט מען זיי איינגעשפארט אין קאנצענטראציע לאגערען און אין געטאס. נאכדעם ווי גאליציע איז ער־קלערט געווארען יודענריין, איז אויך פרעמישלאן אלס די לעצטע שטאט, יודענפריי ערקלערט געווארען. א סך גלינער אידען צוזאמען מיט אידען פון אנדערע שטעטלעך זיינען אין די גאז קאמערען פארשיקט געווארען.

די יוגענד איז מייסטענס געווען אין קאנצענטראציאנס לאגע־רען. נאכדעם ווי די אידען זיינען דארט אפגעזעסען 6 מאנאטען, איז גע־קומען א באפעל אלע אידען פון די לאגערען צו ליקווידירען. אין אפריל 1943 זיינען די אידען ארויסגעפירט געווארען אין וואלד אריין און יונג און אלט זיינען דערשאסען געווארען.

צוויי וואכען פאר דער ליקווידאציע האבען א טייל פון די יונגע אידען ארגאניזירט זיך אין א זעלבסטשוץ, מיט געווער זיך באזארגט און אנטלאפען אין וואלד. צווישען זיי בין איך און מיין יונגסטער ברודער, יהודה געווען. אין וואלד זיינען מיר געווען ביז דעם יאר 1944. פון

אונזער גרופע פון 60 זיינען געבליבען נאר זעקס. איך בין פארוואונדעט געווארען און בין פון די דייטשען גענומען געווארען אין געפאנגשאפט, אלס אידישע פארטיזאנערין. א דאנק א דייטשישען דאקטאר בין איך געראטעוועט געווארען. דאן בין איך מיט פאלשע דאקומענטען, מיט וועלכע ער האט מיר פארזארגט נאך עסטרייך געפארען, דארט בין איך געוועזען ביז צום סוף פון דער מלחמה.

אין יענער צייט, ווען מיר זיינען געווען אינם וואלד, זיינען א טייל פון אונז געווען אין יאקסאראווער וואלד, און א טייל זיינען געווען באהאלטען צווישען די גויים. צווישען די וועלכע זיינען געווען צווישען די גויים, איז געווען שלום רובין, מאיר און אהרן וואלף, יחאל ליינוואנד מיט זיין פרוי און קינד, מלך נאס און ניכטע, דר.שלמה מעהלמאן, פיני נאדלערס זון, אלעזר דאם מיט זיין פרוי, נחום דאם פון קוראוויצע, יצחק קאנער און זיין קליינער ברודער און שוועסטער, א זון פון אליהו פון לאשעק מיט זיין פרוי, משה קאנער פון אוניאוו. איך ווייס אבער נישט וואס מיט די אלע מענטשען איז געשעהן זייט דער צייט וואס איך בין געווען געפאנגען פון די דייטשען.

איך וויל אויך אין קורצען באשרייבען ווי אזוי מיין טאטע, אהרן האכבערג,ז"ל איז דערשאסען געווארען. נאך דער יודענאקציע איז מיין טאטע צוריקגעגאנגען פון פרעמישלאנע נאך גלינע. דארטען האבען די אוקראינישע מיליציאנטען אויף "זיין וואונטש" אויף דעם קבר פון זיין פאטער צוזאמען מיט דעם דענטיסט ביליגער דערשאסען. מיין מאמע, וועלכע איז מיט נאך אידען געווען באהאלטען אין דער גלינער שול, איז מיט 5 טעג שפעטער ארויסגעפירט געווארען אויף דעם בית עולמין און אלעמען האט מען זיי דארט דערשאסען.

מיין מזל האט געפירט אז אשר בוכבינדערס א זון, וועלכער האט געדינט אין דער אידישער בריגאדע און האט זיך גראד געפונען אין עסטרייך, האט זיך מיט מיר אין מיין לאגע פאראינטערעסירט. ווען איך האב אים דערציילט פון וואנען איך קום און ווער איך בין, האט ער אויף דעם פארלאנג פון זיין טאטען און מרדכי בן יחזקאל אלעס געטאן מיך צו קענען ברענגען קיין ארץ ישראל. צוערשט האט ער מיך איבערגעפירט קיין איטאליע, דארטען האט זיין בריגאדע אפטיילונג פאר מיר געזארגט, ביז איך בין אפגעפארען קיין ארץ ישראל.

חנה האכבערג
(טאכטער פון אהרן און רבקה האכבערג)
ירושלים, י"ד תמוז, תש"ה - 25טען יולי, 1945

№12

אין מאי 1943 האט מען די פרעמישלאנער געטא, וואו א טייל גלינער אידען האבען געלעבט - אנגעהויבען צו ליקווידירען. די וואס האבען זיך וועגען דעם דערוואוסט זיינען אנטלאפען. די גלינער אידען זיינען ביינאכט א היים געפארען און פרובירט ביי די אמאליגע גוישע פריינט, זיך אויסבאהאלטען. די גויים האבען אבער, ווי זייער שטייגער איז געווען, זיי בארויבט פונם לעצטען און דערנאך זיי ארויסגעליפערט צו דער פאליציי. אזוי האט מען א היבשע גרופע איינגעזאמעלט, צווישען

זיי אויך די פרוי העניע פיילער מיט איר קליין קינד און אלטע מאמע. דער דאמאלסדיגער בירגערמייסטער פון גלינע, א געוויסער שונא ישראל, פוז, ימח"ש, האט זיי אלע אין דער געמיינדע איינגעשלאסען.

די יללות און געוויינען זיינען געווען אין לשער. די פרוי פיילער, די טאכטער פון מאטי אללערהאנד ז"ל, האט אלעמען געטרייסט און געשטארקט. דעם אנדערען טאג האט מען זיי פארטריבען אויפן בית עולם. פאר דעם אויספירען די עקזעקוציע, איז די פרוי פיילער אויף א שטיין, און פאר די אויגען פון די גויים, וואס האבען זיך פארזאמעלט דאס בייז וואונדער אנצוקוקען און נאך צום לעצט אפשפאטען פון די ארימע אידען – האט זי זיי מיט גרויס מוט געזאגט "דאס דער טאג פון נקמה איז נאענט, אז גאט וועט זייערע זינד געדענקען און גארנישט וועט זיי געשענקט ווערען. אז זיי וועלען טייער פאר זייערע רציחות באצאלען. דאס אידישע פאלק לעבט און וועט ווייטער לעבען און עקזיסטירען!" מיט די ווערטער איז זי צום טויט געגאנגען. דער רושם פון דעם פראטעסט איז געווען א גרויסער. די גבורה פון א אידישער פרוי פארען טויט, אן שום האפענונג אויף אייגענער רעטונג, איר אמונה, האט אויף זייערע פארטעמפטע קעפ מער געווירקט, ווי די לאנגיאריגע דערציאונג פון "לא תרצח", פון גלח אין קלויסטער.

אזעלכע גבורות זיינען צום גליק געווען נישט פאראיינצעלטע. די אמונה און דער אויסדויער פון די אומגעקומענע זיינען אונזער שטאלץ און אונזער טרייסט.

(דערציילט פון אברהם שלומפער אין יאר 1946, איבערגעגעבען פון דר. יונה אללעראנד.)

№13

...אומפערהאפט בין איך צוריקגעקומען פון קאנצענטראציע לאגער ביי לייפציג. נישט נאר מיינע נאענטסטע, נאר אפילו איך האליין האב מיך אויך געהאלטען פאר א בר מנן. ווי אזוי דאס איז געשען, וועל איך אמאל דערציילען פערזענלעך. אבער נישט ווילענדיג מוז איך אייך איין בילדעל שילדערען:

גראד היינט א יאר האבען זיך אונזערע "בעלי בתים" דערמאנט אז עס איז נאך דא א קבר פון עטליכע טויזענט אידען, נאך פון דער צייט ווען מען האט נאך נישט געברענט. צו דער ארבייט פון אויסגראבען האט מען אונז ווידער גענומען. אלע האבען מיר געליטען "פערונקולאזע". איך האב געהאט אויף די הענט 89 טשערקעס (וואונדען). מיט די דאזיגע הענט האב איך געגראבען מתים, און שטיקערווייז געטראגען אויפן שייטערהויפן.

19 טעג האט די ארבייט געדויערט, נאכער האט מען דאס אונטערגעצונדען. די פארבליבענע ביינער האבען מיר געמאלען אויף קנאכמעהל און געפאקט אין זעק, די רעשטלעך האט דער ווינט צעבלאזען...

משה רובענשטיין
קראקוי, אקטאבער
1945

...ווי איר ווייסט שוין, בין איך, מיין מאן און קינד לעבען גע־בליבען. מיט טיפען ווייטאג קען איך אייך זאגען, אז פון מיין פאמיליע איז א חוץ אונז קיינער נישט געבליבען לעבען.

מיין טאטע איז געשטארבען, די מאמע מיינע איז פון די אוקראינער דערמארדעט געווארען. מיינע ברידער, סאלא, יונקא מיט זייערע קינדער זיינען פון די דייטשען דערשאסען געווארען אויף דעם בית עולם.

מיר האבען איבערגעלעבט א שרעקליכע צייט. מיר זיינען לעבען גע־בליבען עפעס ווי דורך א נס. איך בין געווען באהאלטען ביי א פויער, שפעטער זיך באהאלטען אין די וועלדער. מיין מאן איז געווען אין א קאנ־צענטראציע לאגער. ער איז פון דארט אנטלאפען און איין גאט ווייסט ווי אזוי מיר האבען זיך עפעס צונויפגעטראפען. אפשר וועל איך אמאל קענען דערציילען מינדליך וועגען די רציחות אזן פיינונגען, וואס מיר זיינען דורכגעגאנגען.

מיר וואלטען געוואלט זיך ערגעץ קענען צו באשטאטען אויף א זיכערען ארט, אזוי אז מיר זאלען זיין זיכער מיטען מארגען. מיר שרייבען דאריבער טוט וואס איר קענט און שיקט אונז די פאפירען".

וואלבזשיך, ביאלי קאמיען,
אקטאבער דעם 2טען, 1946

איידע האלפערן-געזונט
(די טאכטער פון יאיר און רויזע האלפערן)

נר׳ 15

... איך האב אייער בריוו דערהאלטען, אבער אויף אייערע פראגען איז זייער שווער צו ענטפערען...

בעניע צאנג איז געווען אין קארוויץ אין אן קאנצענטראציע לאגער, וואו ער איז פון אן אויטא פארוואונדעט געווארען. מען האט אים איבער־געפירט אין פרעמישלאנער שפיטאל, וואו אנשטאט צו היילען אים, האט מען אים דארט דערשאסען. דאס איז געווען דעם 4טען דעצעמבער, 1942.

די מער געזונטע אידען פון גלינע האט מען געפירט קיין בעלזיץ צום פארגאזען. זעליג צאנג מיט דער גאנצער פאמיליע בייטעל, איז נאך בורסק אין געטא ארויסגעזידעלט געווארען. מען האט זיי פארניכטעט דעם 22טען מאי, 1943.

איך ווייס, אז דאס שרייבען איז הארט און טרוקען, אבער אזוי איז עס געשעהן...."

נר׳ 16

... מיך האט מען אין יאר 1941, נאך דער מלחמה גענומען פון גלינע צום רוסישען מיליטער. איך בין דארטען געווען ביז צום יאר 1946. מיט מיין משפחה האב איך די לעצטע צייט קיין שום פארבינדונג ניט געהאט.

ערשט איצט, ווען מען האט מיך אין חודש תמוז 1946 פון מיליטער באפרייט, און איך בין געקומען קיין גלינע, האב איך ערשט דערזעען דעם גרויסן חורבן, וואס איז אויף מיר און אויף אלע אידען אויסגעגאסען געווארען.

פון מיין משפחה האב איך קיינעם ניט געטראפען. פון אונזער שטעטעל איז נאר געבליבען א ליידיגער, וויסטער פלאץ, וואס ליגט און וויינט.

איך בין געווען נאר א פאר שעה אין גלינע און בין אנטלאפען. (קיין פוילען) לענגער האב איך אין גלינע ניט געקאנט פארבלייבען. פאר מיר איז עס נישט געווען מעגליך איבערצוטראגען דארטען."

מאיר פייוויש
(איטשעלע חסידס איייניקעל)
ווארשע, 1946

№17

... יא, איך האב גלינע געזעען נאך אמאל נאך דער מלחמה. איך בין דארט געווען און מיט די אייגענע אויגען זיך צוגעקוקט צום גרויסן אומגליק, ווייל פונדערווייטענס קען מען זיך גארנישט פארשטעלען, מען מוז אליין אלץ זעען, בכדי צו גלויבען, וואס עס האט פאסירט.

עס איז ערב ראש השנה, 1945. איך קום צוריק קיין גלינע, איך גיי איבער די גלינער חרובע גאסען און טרעף נישט קיין איד. איך גיי ארויף און צוריק, איך זוך די איבער 2.000 אידען, וואס איך האב מיט 5 יאר צוריק איבערגעלאזען. וואו זיינען זיי, די אידען? איך זוך, איך טרעף אבער קיינעם נישט. אבער געוואוסט האב איך נאך פון פריער, אז אין גלינע געפינען זיך איינצעלנע אידען. פלוצלים קומט מיר אנטקעגען א היימיש פנים, דאס איז געווען דר. נאסס א ברודער. ער האט מיך ארייגעפירט צו זיך אין וואוינונג, דארט האבען אויך געוואוינט די פאר פארבליבענע גלינער אידען. איך פריי זיך און וויין... איך זע באקאנטע מענטשען, די מענטשען וואס זיינען פארבליבען לעבען אין גלינע.

איך גיי צוריק ארויס אין גאס. איך דריי מיך איבער די גאסען, און איך זוך דאס ארט וואו איך בין געבוירען געווארען. עס איז שווער צו דערקענען, וואו עס זיינען אמאל געשטאנען די הייזער.

איך שטיי אויף דעם ארט וואו איך האב אמאל געוואוינט, און מיינע געדאנקען שוועבען איצט ארום מיין פארגאנגענהייט, מיין יוגענד, מיין היים, אלץ איז ווי א חלום, אבער עס איז נישט קיין חלום.

מיין הארץ דערמאנט מיך אין די קינדערלעך פון דער גאס, וואס פלעגען ארומלויפען איבערען הויף, אויף די גערטנער. וואו זיינען היינט די אידישע קינדערלעך? עס איז ראש השנה ביינאכט, מען דארף גיין דאווענען. די שול איז געבליבען שטיין, צו דער שול גייען נישט אידען. מען הערט נישט מער משה בערען רופען "אין שול אריין" אלץ ארום איז שטיל. אלץ ארום איז טויט. מען הערט נאר זינגען רוסישע סאלדאטסקע לידער, פון די סאלדאטען וואס מארשירען איבער דער שטאט.

און איך, קליין און שוואך מענטשעל, מוז שטיין צוקוקען און

אויסהאלטען אלעס. דער מענש איז שטארקער פון אייזען, און טראגט אלץ איבער. בײדע טעג ראש השנה מאכען מיר א מנין, ביי חיים מלך נאסס אין הויז. מיט מיר זיינען פונקט דא 10 מענער. מיר דאווענען שנעל אפ. עס איז יום טוב און איך דריי מיך אגאנצען טאג אליין, און האב נישט קיינעם.

איך גיי אויפן בית הקברות, די מצבות זיינען נישטא, עס איז א גלייך פעלד. איך קלאפ אן ביים גוי פונם הייליגען ארט. ער קומט ארויס, ער איז דא, ער לעבט, קיין גוי פעלט נישט. ער פירט מיר ווייזען דאס ארט וואו מיין טאטע, זיידע און באבע זיינען באגראבען געווארען. די איבעריגע פון מיין פאמיליע האבען שוין נישט געהאט די זכיה באגראבען צו ווערען, וויל זיי זיינען אלע אומגעקומען אין די ברענענדע אויווענס.

איך קען קיין טרער ניט לאזען אויפן בית עולם. איצט בין איך קיין מענטש! איך בין – א שטיין! איך שטיי אויף דעם בית עלמין פון זעקס מיליאן אידען, אבער די ווערטער פון "נצח ישראל לא ישקר" און "עם ישראל חי!" שטיין פאר מיינע אויגען. איז דאס די מצבה פאר אונזערע קדושים?!

שלום בן משה מויער
ראנס־הופען, 1947
קעמפ 609, עסטרייך.

... איך זעה גלינע ווי איך האב עס איצט איבערגעלאזט. דאס איז שוין נאך דעם סוף פון דער צווייטער וועלט מלחמה, אין חודש יוני 1946,סיון תש"ו. נישטא קיינע בתי מדרשים, נישטא די קלויז, דאס בית עולם, נישטא קיין אידישע געסלעך, קיין חדרים, קיין אידישע קינדער ,נישטא קיין אידען אין גלינע. אלץ איז חרוב!

נישטא קיין צייכען פון עפעס וואס עס איז אידיש. די 245 יאריגע אלטע , געמויערטע שול איז געבליבען און זי שטייט פארשעמט.פיר ווענט און אויף זיי א צעבראכענער דאך, דאס אלעס און נישט מער... אין דער דרום וואנט האט מען אויסגעהאקט א ברייטען טויער, צו קענען אריינפארען און מען האט פון דער שול געמאכט א אריינפאר הויז. אין דרויסען ליגט דארט א בארג מיט מיסט, ווי ביי שטאלען. פון אינעווייניג שטראלט ארויס עטליכע פארבליבענע אויפשריפטען "תן ישועות לעם עולם " חדש ימינו כקדם".

די קילעקאווער גאס, פון יהודה וואלפס מנין ביז צום דילנער גלח, איז אפילו איין שטוב נישטא. עס איז איין פלאץ , אפגעגלייכט, אזוי אז מען דערקאנט נישט צז דארטען זיינען אמאל געשטאנען הייזער, אזוי איז עס פון ביידע זייטען.

די רוסען וואס זיינען איצט אין גלינע, האבען דארט געמאכט די טארגאוויצע. אין דער גאס וואו דער רבי האט געוואוינט איז דאס זעלבע. פון דעם ליכטציערס שטוב ביז צום באד, זיינען אלע שטיבער צענומען געווארען, און די גאנצע גאס איז בלויז אין לאנגער גארטען.נישטא צו דערקענען אז דארטען זיינען אמאל געשטאנען שטיבער. פון דעם בית עולם האבען די רוסען געמאכט א פעלד צו פאסען בהמות, און ווען זיי דערשיסען אמאל א אוקראינישען באנדעראוויץ (נאציאנאליסט) באגראבען זיי אים דארטען אויף דער פאסאווקע, דאס געוועזענע אידישע בית הקברות.

פון די מצבות פונם בית עולם, האבען די גלינער גויים געמאכט ארום זייערע הייזער, אריינפאר־וועגען און אויסגעפלאסטערט טראטוארען, דאס מיט די אותיות ארויף, אזוי אז זיי און זייערע פערד זאלען טרעטען אויף די נעמען און אויף די "פה נקבר'ס".

פון די 367 אידישע הייזער וואס זיינען געוועז אינם שטעטעל, זיינען פארבליבען 63 הייזער אין וועלכע עס וואוינען גויים.

יחיאל לייוואנד
ביטאם, פוילען, 1946

ווען נאך דער צווייטער וועלט מלחמה איז מזרח גאליציע און גלינע בתוכם איבערגענומען געווארען פון סאוועט רוסלאנד, זיינען אין שטעטעל געוועז ביי א צוויי מנינים אידען. מענער, פרויען און קינדער, וואס האבען זיך צוריקגעקערט פון די וועלדער, בונקערס און אנדערע באהעל־טעגישען. אין חודש סיון, תש"י, יוני 1946 האבען די לעצטע אידען פאר־לאזט דאס שטעטעל. זאל דא פארצייכענט ווערען די נעמען פון די גלינער אידען וועלכע זיינען געוועז די לעצטע צו פארלאזען דאס שטעטעל מיט אירע אוקראינישע רוצחים.

זיי זיינען: יחיאל לייגוואנד מיט פרוי און קינד. מילך נאס מיט פרוי און קינד. ישראל נאס מיט פרוי און קינד.מענדעל, מארקעל און פרימעט שלומפער. יעקב פייערינג און בקודער. פייגע מאהל, עטעל רובין, משה זאהן און שוועסטער, ליב און שרה עגבער, דוד ריינהארץ, ראזע פון לאדאוו מיט דער טאכטער.

פארשאלטען זאל ווערען די ערד, אויף וועלכער די מערדער אירע טרעטען אויף איר!

(לויט דער אינפארמאציע פון
משה זאהן. ה.ה.)

## גלינער קדושים - לזכרון עולם!

אויף אלע דורות זאל זיין געהייליגט דער אנדענק פון אונזערע אייגענע, ליבסטע און טייערסטע. טאטעס, מאמעס, שוועסטער און ברידער. זיידעס,באבעס, פעטערס,מומעס, חברים, פריינט און די קליינע קינדערלעך פון אונזער היים שטעטעל גלינע, וועלכע זיינען אומגעקומען אויף קדוש השם, דורך די בלוטיגע הענט פון די נאצישע בעסטיעס און די אוקראינישע און פוילישע מערדער, אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט מלחמה 1944-1939.

אזוי ווי ביימער ארויסגעריסען מיט ווארצלען פון דער ערד, וואו זיי האבען געוואקסען און געצויגען זייער יניקה הונדערטער יארען, אזוי איז אויך דאס אידישע לעבען פון אונזער שטעטעל גלינע אינגאנצען פארשניטען געווארען, נישט איבערגעלאזען א זכר פון דעם אידישען לעבען, וואס איז דארט געוועז דורך א צייט פון דורות.

וד' יפקוד ברחמים החסידים והישרים והתמימים, נשמת אנשי קהילה הקדושה גלינע (גליניאנע). יזכרם אלוקינו לטובה וינקום לעינינו נקמת דם עבדיו השפוך!

# על אלה אנו בוכים

## לזכר נפטרים

די נעמען פון די גלינער אידען און די אידען פון די ארומיגע דערפער, וועלכע זיינען אומגעקומען על קידוש השם. י"ז תמוז תש"א, שבת דעם 12טען יולי 1941

איזשע האכבערג, בן ישראל האכבערג
צווויי זיהן פון פייוויש שראגע
איטשע בן שמעון פריינדליך
גדליהו בן שמואל אייכענהאלץ
זלמן לעווין
דרעשער (דער לערער)

אומשולדיג פאראורטיילט געווארען דורך די גלינער אוקראינער און ארויסגעפירט געווארען אין לאשיקער וואלד (לעבען גלינע) דארט האבען די אוקראינער מערדער זיי געהייסען אויסגראבען א גרויסען גרוב, אלע קדושים אין גרוב אריינגעווארפען און זיי דערשאסען. איזשע האכבערג האבען זיי לעבעדיגערהייט אריינגעווארפען אין דעם זעלבען גרוב און אזו אלע באגראבען.

דעם 1941,13/7

אריה באכער בן מענדעל בעקער
יודעל פאלאק

האט מען אין דעם ארעסט קאמער פון דער גלינער געמיינדע צו ממיתט, אז מען האט זיי ניט געקאנט דערקענען. דערנאך האבען די רוצחים זיי ארויסגעפירט אינם לאשיקער וואלד, זיי דערשאסען און דארטען באגראבען.

יאיר האלפערן איז געשטארבען. זיין פרוי האבען די אוקראינער דערמארדעט. זייערע זיהן,

סאלא,
יונקא,

מיט זייערע קינדער, האבען די נאציס דערשאסען אויף דעם גלינער בית־עולם.

כ"ד כסלו, תש"ג – דעצעמבער 1942,2 האט מען פון פרעמישלאנער געטא ארויסגעפירט קיין בעלזעץ אין די גאז קאמערען

הרב ר' אריה לייב גאטעסמאן
לייב ענגעלסבערג בן איטשע חסיד
רחמיאל וואלף (כאדאק)
יצחק גאסטפריינד
און נאך עטליכע אידען

י"ז סיון, תש"ג -22טען מאי, 1943
איז פארגעקומען די ליקווידאציע פון דער פרעמישלאנער געטא. אין ד
טאג איז אן ערך פון עלף הונדערט גלינער אידען אוועקגעפירט געווארען
קיין בעלץ צום טויט. צווישען זיי איז געווען דער גלינער רבי

חרב אפרתי

די גלינער אלטע רביצין ( ר' בצלאלס ווייב).
לג"בעומר איז דער יארצייט פון אלע די קדנשים.

די פרוי פון
משה רובינשטיין
האט זיך פארסמט. זיין ברודער
נחום
מיט זיין
פרוי האט מען אינם יאר תש"ה-1944, אויפגעהאנגען אין א קעמפ,ביי קראקוי

לייביש מאהל ז"ל.

לייביש מאהל, דער זון פון יואל מאהל, פון דארף קאראוויטש,
איז געווען דער מאן פון עטעל רובין. לייביש איז אומגעקומען אויף קדוש
השם, דורך די הענט פון צוויי אוקראינישע מערדער. די מערדער האבען
לייבישען ארויסגעפירט אונטער דעם בארג, ביי דער באראן הירש שולע,
דארטען האבען זיי זיך אויף איב געווארפען מיט העק, האבען אים געהאקט
אין קאפ. דערנאך האבען זיי אים אויסגעטאן נאקעט,געבונדען אים הענט און
פיס מיט א שטעכענדיגער דראט. ארויסגעריסען פון זיין מויל די גאלדענע
ציין, און צו זיין זיכער אז ער לעבט ניט האבען זיי אים דערשלאגען צום
טויט, צוגעשלעפט צום טייכעל, וואס איז ניט ווייט פון דארט, און דעם
קדוש אהין אריינגעווארפען.

עלקע אנגסטרייך ז"ל.

איטשע אנגסטרייך א מיידעל. מיט דריי וואכען פריער, איידער די
סאוועטען זיינען אריין אין שטעטעל, האט אגוי א שכן עלקען געהרגעט.
דער זעלבער אוקראינער מערדער האט ניט איין איד געהרגעט.

קעסלערס טאכטער געשאסען אין גלינע, אין מיטען גאס.

יוסף איטציקס אינגעל געהרגעט.

י"ז סיון, תש"ג -22טען מאי,1943. דעם טאג איז מיט נסים געלונגען
73 גלינער אידען צו אנטלויפען פון דער פרימעשלאנער געטא און זיי האבען
זיך דערשלעפט צוריק קיין גלינע. דארטען האבען די גלינער גוים מיט דער
הילף פון דער אוקראינער פאליציי ,די אומגליקליכע אידען געכאפט, זיי
בארויבט און אין י"ט בסיון אלע ארויסגעפירט אויפן בית עלמין און זיי
דארטען דערשאסען. צווישען די קדושים האבען זיך געפינען:

אהרן האכבערג און זיין פרוי
צאן ארצט, ביליגער מיט זיין פרוי
מאיר וואלפס פרוי מיט א קליין קינד
העניע פיילער (פרוי פון דר. שמואל פיילער)

איר קינד און איר מאמע.
יאיר האלפערנס קינדער.

דאס אומקומען פון דער פאמיליע מעהלמאן:

גרשון מעהלמאן

געהרגעט אין בעלזעצער לאגער. זייך פרוי און איייניקעל זיינען אומגעקומען ביים אנטלויפען פון דעם פראמעשליאנער לאגער.

דר. שלמה מעהלמאן

האבען די ראזאווער גויים(א דארף לעבען גלינע) אין יאר 1944 געהרגעט.

זיין פרוי און קינד

האבען די גוישע שכנים איבערגעגעבען צו די דייטשישע מערדער, פון ווייטענס הענט זיי זיינען שוין מער קיין לעבעדיגע ניט ארויסגעקומען.

זיין שוועסטער ביילע

מיט אלע קינדער זיינען אויסגעמארדעט געווארען. זיין שוואגער

ישראל האכבערג

האט זיך אליין גענומען דאס לעבען.

בעזשע מעהלמאן

האט מען דערמארדעט אינם יאנאווער( לעמבערגער) לאגער.
בעזשעס שנור דערהרגעט.

חייה מעלמאן

און אירע צוויי טעכטער זיינען אומגעקומען אין זבאראזש.

דר. יעקב פאגעלפאנגער, מנשה פ"פ זון,

האבען די געסטאפא דערמארדעט. זיין פרוי און טאכטער זיינען אומגעקומען אין ווארשאווער געטא אויפשטאנד. זיינע שוועסטער ראזע, דרעזעל און חייה, מיט אירע קינדער זיינען אלע אומגעקומען.

נחום דאם

מיט נאך 40 אידען און זיין גאנצע משפחה זיינען געווען באהאלטען אין א בונקער , אין באגדאניוּוקער וואלד און א לענגערע צייט זיך געשיצט קעגען די מערדער. אבער זיינען מיט דער צייט אלע אויסגעמארדעט געווארן.

בנימין בייטראג

האבען די געסטאפא מיט די אוקראינישע פאליציי אזוי געשלאגען, אז ער איז פון די קלעפ געשטארבען. 10/4, 1941.

וואלף דודעלזאק
א ברודער פון יודעל פויקער, געשאסען אינם קאריוויטשער לאגער.

## דאס אויסמארדען פון עטליכע פאמיליעס

יעקב קצב
מלכה איטהס זון איז געשטארבען אין פרעמישלאן אויף טיפוס.

מרים
זיין שוועסטער, די פרוי פון אברהם הימער, מיט אירע זיבען קינדער האט מען דעם 4/12, 1942 - ד" טבת, תש"ג, האט מען צוגענומען פון פרעמישלאנער געטא קיין בעלזעץ און דארטען פארברענט. איין זון אירער איז דאן געליגען קראנק האט מען אים אויפן בעט דערשאסען. די איבעריגע זעקס זיין:
ליב,
משה,
הערש,
מאיר,
שמעון,
יודעל,
זיי האבען אלע געארבעט אין לאגער אין זאדווארישע. ווען עס איז דארט פארגעקומען די אקציע, זיינען זיי אלע אנטלאפען. צוזאמען מיט זיי איז געווען
ישראל בראטער,
סאשעס מאן. זיי זיינען געלאפען אין פאלאניטשער וואלד. נאך צוויי טעג דארטען זיין, האט די אוקראינישע מערדער זיי אויסגעפונען און דערשאסן. נאר ליב מיט זיין פרוי איז געלונגען צו אנטלויפען. דאס איז געווען דעם 1943,2/8, און אין דעם 14/8טען 1943, י"ג אב, תש"ג איז ליב פון דער געסטאפא דערשאסען געווארען. זיין פרוי האט זיך דאס מאל געראטעוועט. נאר דעם 22/8, ווען עס זיינען שוין געווען די סאוויעטען אין שטעטעל, האבען די אוקראינישע באנדעס זי דערשאסען.

סאשע
מיט אלע פיר קינדער האט מען צוגענומען פון דער פרעמישלאנער געטא און דעם 4/12, 1942 - ד' טבת, תש"ג אוועקגעפירט אין בעלזעצער גאז קאמער.
יעקב קצבס טאכטער, טשארנע
מיט איין קינד, האט מען דאן אויך צוגענומען קיין בעלזעץ. איר מאן
ליביש פינגער
מיט איין קינד האט מען ביידע אין דער געטא דערשאסען.
מאטיען, יעקב קצבס ברודער מיט זיין ווייב און קינד האט מען אין יאכיטשאווער געטא דערשאסען. מיט פיר וואכען שפעטער האט מען די הרוגים אויסגעגראבען און זיי פארברענט.

אין דעם דארף סלאוויט, האט מען 90% פון די אידען דערמארדעט און פארברענט.

א זון פון אלימלך שניידער איז דערשאסען געווארען אין א דארף, לעבען שטעטעל.

בצלאל צוועק, משה ליכטציערס זון.
משה פוקס, שמעון שוצעס זון.
זיינען לעבען אדעס(רוסלאנד) דערהרגעט געווארען פון באמבעס.

יודעל פארב,רויטען דודלס איי‏ניקעל,
איז אומגעקומען אין די לעצטע טעג פונם קריג.

י"ט תמוז, תש"ג -22טען יולי, 1943, זיינען אין יאכטאראווער לאגער (אדארף צווישען גלינע און פרעמישלאנע) אומגעקומען אויף קדוש השם 140 גלינער אידען.

מוניע דוקלער, בן יצחק דוקלער,געפאלען ערגיץ אין רוסלאנד.

אברהם (ציגיינער) יוסל באס זון,
האבען די אוקראינער דערהרגעט אויף דעם וועג קיין לעמבערג.

## דאס אומקומען פון דער פאמיליע וואלף כ"ץ

וואלף כ"ץ
איז געשטארבען ביי דער דייטשישער אקופאציע, אין יאר 1941,חשון,תש"ב.

צביה
זיין ווייב, איז געשטארבען פון הונגער. זייערע קינדער
מעכעל
האט מען אויפגעהאנגען אינם יאכטאראווער לאגער, שבועות, תש"ג- 1943.
יוסעל
איז ביים אויסברוך פון דער שלאכט , אין יאר 1941 אוועק קיין רוסלאנד.
איז דערשאסען געווארען אונטער זלאטשאוו, פון די רוסען.

זיין פרוי און צוויי קינדער זיינען געווען אין גלינע, שפעטער אין דער פרעמישלאנער געטא. האבען שרעקליך געליטען. דעם 22/5, 1943, לג' בעומר, תש"ג, האט מען זי מיט די קינדער אוועקגעפירט קיין בעלזעץ.

משה איז געווען אין זלאטשאוו ביז דעם מאנאט מאי, 1944.איינמאל איז ער געגאנגען זוכען א שטיקעל ברויט, האבען די אוקראינישע באהדא-ראוונצעס אים געכאפט און דערמארדעט.

משהלעס פרוי און קינד זיינען דערמארדעט געווארען

פייגע צייזלער
האט מען דעם 4/12, 1942 - כ"ה כסליו, תש"ג, אוועקגעפירט פון פרעמישלאנע קיין בעלזעץ. איר זון, הערציל מיט זיין פרוי און צוויי קינדער, ווי אויך איר טאכטער, קיילע, מיט איר מאן און קינד האט מען אוועקגעפירט קיין בעלזעץ.1943,22/5 -ל"ג בעומר, תש"ג.

ביילע מענדעל נאסס
איז געשטארבען אין דער הונגער אפידעמיע. איר מאן מיט די קינדער האט מען אוועקגעפירט קיין בעלזעץ,דעם 1942,4/12 - כ"ה כסליו, תש"ג. אויפן וועג איז ער אראפגעשפרונגען פונם לויפענדיגען צוג,און איז אוועק אין געטא אריין. דאן האט מען אים געכאפט אין לאגער. ער איז ווידער אנטלאפן

און זיך באהאלטען אינם דארף באלוטשין, ביז אפריל 1944. דאן האבען די אוקראינישע באהנדעראוועס אויסגעקוילעט אלע אידען פון דעם דארף און אויך צווישען זיי.

מעכעל כ"ץ, בן יעקב
איז האט מען דעם 4/12, 1942 - כ"ה כסלו, תש"ג, אוועקגעפירט פון דער פרעמישלאנער געטא קיין בעלזעץ. זיין פרוי איז געשטארבען אין גלינע. זיינע קינדער האבען די אוקראינער דערשאסען אין גלינע, דעם 1/6,1943-כ"ז איר,תש"ג.

ברוכה בת יעקב, איר מאן
מאטיע נאדלער,
האט מען אוועקגעפירט דעם 4/12,1942- כ"ה כסלו,תש"ג, פון פרעמישלאנע קיין בעלזעץ.

דבורהן מיט די קינדער האט מען אוועקגעפירט קיין בעלזעץ ערשט ביי דער "יודענפריי" אקציע דעם 22/5,1943-י"ז איר, תש"ג.

דעם 2טען יולי, 1941, ט"תמוז, תש"א האט מען אינם דארף קורא-וויצע אויסגעהרגעט הונדערט אידען. צווישען זיי זיינען געוועזען די פאלגענדע גלינער אידען:

מאטיע אללערהאנד , בן יעקב
מיט זיין פרוי און איניקעל. זיין איידעם דר. שמואל פיילער, זיין פרוי, פערל בת אהרן סעלצער.
יוסי דאווידזאן מיט זיין פרוי, זייער טאכטער און א קינד. אויך זעקס קארוויטשער אידען.
דעם זעלבען טאג האט מען אינם דארף קארוויטש אויסגעהרגעט און פארברענט אלע דארטיגע אידען.

זעליג צאנג
מיט זיין גאנצער פאמיליע, האט מען אין בוסקער געטא ,דעם 22טען מאי, 1943 אויסגעמארדעט.

בעני צאנג
האבען די דייטשען דערשאסען ווען ער איז געליגען קראנק אין א שפיטאל, אין פרעמישלאנער געטא. זיין מאמע מיט א קינד, און זיין שוועסטער זיינען אומגעקומען בעלזעצער קרימעטאריע.

איר, תש"ג -מאי 1943.
זיינען עטליכע גלינער אידען אנטלאפען אין זשעגאוור וועלדעל, א דערפעל לעבען גלינע, זיך דארט מיט דער הילף פון עטליכע פוילישע גויים אויסבאהאלטען פאר א שטיקעל צייט. נאר די אוקראינישע באנדיטען האבען זיי אויסגעפונען און דעם גרעסטען טייל פון זיי אויסגעהרגעט. און די טויטע געלאזט וואלגערען זיך אויף די פעלדער.

מאני פערטיג,
א זון פון חיים שיע קצב, האט מען דערשאסען אין יאכטאראווער לאגער. (וועגען דעם גורל פון א טייל פון די דארפס אידען, זע די בריוו.

ו'שבט. תש"ג זיינען אומגעקומען די אידען אין דעם יאכיסטאווער געטא.
צווישען די קדושים זיינען אויך געווען אסך גלינער אידען.

שעפסל קירזשנער
מעכעל ארגעלס איידעם, האט מען געהאנגען, ווייל זיין שוואגער איז אנט-
לאפען פון לאגער.

וואלף דוקלער
נשע דוקלערס זון, האבען די אוקראינישע מיליציאנטען דערשאסען אין זא-
מאשצע. קיין איינציגער פון זייערע אוקראינישע שכנים האבען אים נישט
ארייגעלאזט זיך דארטען באהאלטען.

פרומצע נאדלער,
(איטשע לייבס פרוי) איז אין חודש מאי 1941, פון א אוקראינישען שגץ
דערטרונקען געווארען.

ט' תמוז תש"א -2טען יולי, 1941, איז
נטעלע ריינהארץ, בן אליהו נאשער
נאך א שרעקליכען מאטערען פון אוקראינער און נאציס , דערשאסען געווא-
רען און באגראבען געווארען פון אידען פון אויף דעם באפעל פון די רוצחים,
אויף דעם גוישען צווינטער. זיין יונגער ברודער
חיים
איז י"ד תמוז, תש"א יולי 1941.9, פארמוטשעט געווארען צום טויט אין
קארוויטשער לאגער.

מעכעל נאסס,
מאיר מויערס איידעם, א טאטע פון פיר קינדער איז פון דעם גלינער אוק-
ראינישען טריבונאל פארמשפט געווארען צום טויט, דורך שרעקליכען קא-
טאוען. ביז די גזלנים מערדער האבען אים אזוי אומגעבראכט.

ישראל פאגעלפאנגער, בן מלך לייבאסקעס
א טאטע פון צוויי קינדער, איז מיט נאך רוסישע זעלנער געבראכט געווארן
קיין גלינע, אלס מלחמה געפאנגענע פון די דייטשען. די אוקראינער האבען
אים דערשאסען אין פאלאניטשער וואלד, לעבען גלינע. תש"א-ב.1941.

בשעת דער ליקווידאציע פון די געטאס אין די צוויי שטעטלעך,
בוסק און יאריטשאב(ביידע ניט ווייט פון גלינע) זיינען דארט אומגע-
קומען אויף קדוש השם א צאל גלינער אידען, וועלכע האבען זיך צו יענער
צייט געפונען אין די דארטיגע געטאס.

ט"ו אייר, תש"ג-דעם 20 טען מאי, 1943, זיינען אין שטעטעל
בוסק געווען די ליקווידאציע

בעריש בראטער, בן ישראל בראטער(בלעכער)
ישראל האכבערג, בן אברהם (לייטשע נישעס)
פתחיהו בוים ( מאטעל דער סארווערענס איינגיקעל)
זיי זיינען אין יאר 1941, דערשאסען געווארען ביי ראווא-רוסקע.

חיה כ"ץ, בת יאשע פון יאכטאראוו.
דערמארדעט געווארען פון די באנדאראווצעס, דעם 20/8, 1944.

שביהו קינהאלץ, בן משה,
שמעון גאלד (ביינ'ש מלמד אײדעם)
זיינען דערמארדעט געװארען אין 1941, בשעת זייער צוריקגיין פון רוס-לאנד.

בוזשע פאגעלפאנגער בן חיקאלע(דער בינעמאכער)
דערמארדעט געװארען ביי זשיטאמיר, 1941.

קאפעל קאלבפוס, בן יחזקל מלמד.
בצלאל באוקא, בן מעכעל,
ביידע געפאלען אין יאר 1941, ביי סמאלענסק.

זאנװועל שניידער, בן מאיר,
דערשאסען אין זלאטשוב,1941.

משה פאגעלפאנגער, בן אליהו פ,פ.
געפאלען אין שלאכט, ביי די קארפאטען.

## ת.נ.צ.ב.ה.

## יתגדל ויתקדש ...

באמערקונג:
די אלע אנגעגעבענע נעמען, דאטען און ערטער, דער אופן װי אזוי די קדושים זיינען אומגעקומען, האב איך צונויפגעקליבען פון בריװ,רעפארטען און באשרייבונגען, פון גליקלעך לעבען געבליבענע אידען.

אויב עס איז עפעס ניט קארעקט אנגעגעבען, בעט איך, מיר מוחל זיין, קיינער האט חלילה ניט געמיינט שלעכטס.

## נקמה!

צי מיר, די עטליכע,געציילטע אידען אין גלינע,וועלכע זיינען דורך גרויסע נסים נצול געווארען פון די מערדער, די נאציס און די אוקראינער – האבען נקמה גענומען פון אט די מערדער, בעת די סאוויעטען זיינען צו אונז אין שטעטעל אריינגעקומען? – ניין! מיר האבען עס געוואלט, נאר לײדער איז די דאמאלסדיגע רוסישע ליזונג געווען פון אוקראינער און זיי האבען צו דעם ניט צוגעלאזען.

נאך א זאך איז כדאי צו וויסען, אז דער זעלבער גוי, מיט וועלכן מיר האבען ברידערליך געלעבט, און עס האט זיך ארויסגעדאכט אז דער גוי איז דיין בעסטער פריינט, דער זעלבער גוי איז געווארען דיין גרעסטער שונא, דיין מערדער. זיי, די גויים, אונזערע שכנים האבען נישט געוואלט קיינעם דערקענען.

עטליכע טעג שפעטער, נאך אונזער אריינקומען צוריק קיין גלינע, דאס איז געווען דעם 3/8, 1944, האבען עטליכע אידישע אינגלעך געכאפט א שייגעץ, וועלכער האט אויסגעהרגעט צוויי און צוואנציג אידען ,אין גלינער וואלד. מען האט דעם שייגעץ איבערגעגעבען דעם נאטשאלניק פון דער נ.ק.וו.ד. און – נאך עטליכע טעג פון פארהאלטען, האט מען אים ארויסגעלאזט פריי. ווען מיר האבען זיך פון דעם דערוואוסט, איז מען אריבערגעגאנגען אהין און געפרעגט פארוואס מען האט דעם מערדער אורויסגעלאזען. האט מען דארט געהענטפערט, אז – ער איז אנטלאפען. עס האט לאנג ניט גענומען און די אידישע אינגלעך האבען נישט ווייט פון דער שטאט ווידער דעם שייגעץ געכאפט און אים ווידער געבראכט צום נאטשאלניק. האט מען אים ווידער געהאלטען א פאר טעג, און ווידער ארויסגעלאזט. היינט,ווען איך שרייב דעם בריוו,נאוועמבער דעם 3טען,1947, איז דער מערדער אין פוילען, א דעמאקראט...

מיר האבען אין שטעטעל אויך געכאפט דעם גוי וואס האט געהרגעט לייביש מאהל, האבען די רוסען אים אויך באפרייט.

אלע אידישע אינגלעך וועלכע האבען זיך נאך דער באפרייאונג פאר-אינטערעסירט מיט די מערדער, און געוואלט יעדען פון די באוואוסטע אידען-מערדער ארויסגעבען צו דער פאליציי, האבען די אוקראינער זיך גע-סטארעט ביי דער נאטשאלסטווא און געפועלט אז מען האט די עטליכע לעבען געבליבענע אידישע אינגלעך אין גלינע, באלד צוגענומען צום מיליטער.און קיינער פון זיי לעבט היינט ניט...

עס איז וועגען יענער צייט און וועגען יענעם ענין פארהאנען אסך צו שרייבען און צו ריידען – יא, אין יאר 1945, האבען מיר געמוזט שוויגען. דאן האבען מיר שוין גארניט געמעגט רעדען, אנישט וואלטען די אוקראינישע באנדעראוועס אונז, די עטליכע אידען אין שטעטעל,געווען אויסגעמארדעט. מיר זיינען געזעסען אין שטעטעל א גאנץ יאר 1945 און געשוויגען. נאר אין יאר 1946, אין חודש יוני, ווען מיר האבען זיך געקליבען פארלאזען אונזער שטעטעל, און עס מער קיינמאל מער ניט אנצוקוקען, האט מיין הארץ ניט געקענט פארטראגען, אז מיר זאלען אוועק-פארען און פארשווייגען די אלע צרות, די גרויסע חטאים, וואס די אוקראינישע בעסטיעס האבען אונז גלינער אידען אנגעטאן, בשעת דער נאצי אקופאציע. דאס בלוט פון אונזערע קדושים האבען געשריען נאך נקמה!

מיר, די געציילטע עטליכע לעבן געבליבענע האבען פארשטאנען און געפילט אז נקמה אין די מערדער איז א כבוד פאר אונזערע קדושים! אז אונזער הייליקער חוב איצט, איז אנצוצינדען א פייער איבער די מערדער, און איך, יחיאל ליינוואנד,מלך נאסס, מארקעל שלומפער, זיינען דאן אריבערגעגאנגען – שוין נישט צו דער שטאטישער פאליציי, ביי וועמען מען האט אלעס שוין געמאלדען נאך אין יאר 1944,ווייל צו זיי טאר מען קיין צוטרוי ניט האבען – נאר מיר זיינען געגאנגען צו דער פאליטישער פאליציי, וועלכע רופט זיך נ.ק.וו. ד. און דאס פאלגענדע זיי דערציילט: "אונזער ניט קומען צו אייך ביז איצט איז פשוט אויס מורא פאר די באנדעראווצעס. איר זעט דאך אז מיר זיינען בלויז עטליכע געציילטע אידען אין שטעטל. ווען מיר וואלטען זיך דאן צו אייך געווענדט און אייך אלעס איבערגעגעבן, ווער עס האט מיטגעהאלפען דעם דייטשישען אקופאנט, וואלטן מיר זיכער היינט מער ניט געלעבט. מיר האבען געמוזט שווייגען און זיין שטיל .

איצט אבער ווילען מיר אייך מודיע זיין, אז איר זאלט וויסען אז אין דעם יאר 1944,באלד נאך דעם אריינקומען פון דער רויטער ארמיי, האבען מיר דער פאליציי יא אלץ דערציילט, און צו אונזער גרויסען באדויער איז אלץ געבליבען ווי געווען. דערפאר האבען מיר דאס גאנצע יאר 1945 שוין געמוזט זיין שטיל און צו אייך נישט געקאנט קומען.אבער איצט, ווען מיר גייען פארלאזען דאס שטעטל, באטראכטען מיר פאר אונזער חוב אייך אלץ איבערגעבען און אנווייזען ווער עס האט אייערע געהאנגען, געמארדעט, און ווער עס האט די אידען אומגעבראכט, ווער עס האט מיטגעהאלפען ביי די אקציעס, און ווער עס ארבעט נאך היינט מיט די באנדעראוועס קעגען אייך".

נאך דעם איבערגעבען אלע פאקטען, האבען זיי אונז צוגעזאגט גוטע רעזולטאטען און צוגעגעבען: "אויב קיינער פון אייך וועט דא מער שוין ניט זיין, צו זעען מיר אייערע אויגען, וועט איר די רעזולטאטען אוודאי הערען, וואו איר וועט זיין".

מיר האבען זיך אויף דעם אליין ניט פארלאזט. שוין זייענדיג אין פוילען האב איך געשריבען קיין לעמבערג, צו יוסף וואלפס זון און קיין גלינע צום פאליציי קאמענדאנט, זיי געבעטען מיר לאזען וויסען ווי עס האלט אין דער זאך.

די תשובה וואס איך האב באקומען האט אונזערע הערצער אביסעל דערפרייט. און אט פארוואס: דריי מערדער פון די אויף וועלכע מיר האבען אנגעגעבען זיינען פאראורטיילט געווארען.איינער צום טויט, איינער אויף 15 יאר תפיסה און דער דריטער אויף 10 יאר תפיסה. און איינער, א מערדער פון הונדערטער אידען איז אויך פאראורטיילט געווארען צום טויט. מיט די איבעריגע זיינען די אורטיילען נאך נישט ארויסגעגעבען געווארען.

זייענדיג אין פוילען האב איך די מיסיע פון זוכען און נעמען נקמה פון אונזערע מערדער נישט אויפגעגעבען. עס איז א הייליגער חוב פון יעדען לעבען געבליבענער גלינער איד, וואו ער זאל ניט זיין, גייענדיג אויף דער גאס, פארענדיג אין דער באהן;יעדען דורכגייער, יעדען פאסאזשיר צו האבען אויף דעם אויג. ווייל גראד קאנסטו אמאל אין איינעם פון זיי דערקענען א מערדער, וועלכער האט דיינע אייגענע דערמארדעט.אט דעם פרינציפ האב איך פאר מיר פארהייליגט. פארוואס טו איך דאס?–די תשובה איז:איך האב נישט פארגעסען און וועל עס קיינמאל ניט פארגעסען,

ווי אידיש בלוט האט זיך געגאסען אין די גאסען. די ניין קדושים און די איינצעלנע הרוגים, צום טויט פארמוטשעטע. איך געדענק דעם ברוטאלען באפעל ארויסצוקריגען פון אונזער שטעטעל א קאנטריבוציע פון א מיליאן מיט דרייסיג טויזענט זלאטעס, און דאס אין אכט און פערציג שעה דאס צו געבען. איך זע כסדר פאר מיינע אויגען דאס מוטשען אונז אין די לאגע-רען, איך זע כסדר די געשאסענע, געהאנגענע, אומשולדיגע טאטעס, מאמעס, קליינע קינדער, זקנים און זקנות. איך זע כסדר די שרעקליכע אקציעס, וואס ווערען אויף אונזער שטעטעל און אירע אידען געפירט. איך זע די הרוגים וואס ווערען אריינגעבראכט אין אונזער שטעטעל, פון די ארומיגע לאגערען. איך געדענק דאס רויבען און מוטשען אונזערע אידען בשעת מען האט אונז פונם שטעטעל געטריבען אין געטא אריין. איך געדענק דעם עלילת דב בלבול, בשעת דער אקופאציע, וואס האט אונזער שטעטעל געקאסט צוויי נפשות. איך געדענק דעם חוזק-שפיל פון די אוקראאינער איבער אונזערע אידען דעם 27/7 1941, אין דעם טאג פון פעטלורעס יארצייט.

און טאקע אט פאר די אלע צרות, ליידען און איבערלעבונגען דארפען מיר זוכען צו נעמען נקמה פון אונזערע מערדער. איך האב זוכה געווען אז פער דער צייט וואס איך און נאך עטליכע לעבען געבליבענע גלינער אידען, וואס מיר זיינען אין פוילען, האבען דורך אונזער באַ-מיהאונג געבראכט צום געריכטס פראצעס צוויי פון די גלינער מערדער. אין 12/9 1947, זיינען די צוויי ארויסגעוואָרפען פאראורטיילט געווארען צום טויט, איין אורטייל איז שפעטער פארביטען געווארען אויף 15 יאר תפיסה.

אויך האב איך געקראגען א בריוו מיט א באשטעטונג אז מען האט פון גלינע ארויסגעפירט דר. דיטשאק און דעם ריכטער פאשקעוויטש ימח"ש. און נאך זעקס פאמיליעס, כוליגאנעס און זייער פארשיקט צו די ווייטע בערען, קיין סיביר.

געלויבט איז גאט אז מיר האבען דאס דערלעבט, איך האב אנגעהויבען צו פארטיין דעם גרויסען ווערט פון "נקום לעיננו נקמת דם עבדיך השפוך".

יחיאל ליינוואנד
ביטאם, פוילען, 1947

# רעליעף-ארבעט

## פאר די שארית-הפליטה פון גלינע און די ארומיגע דערפער

מיט א זיבעציג יאר צוריק האבען אידען פון גלינע אנגעהויבען צו עמיג-רירען קיין אמעריקע. אין יאר 1944 זיינען דא אין לאנד געווען ביי א פיר הונדערט און פופציג(450) גלינער אידען, כן ירבו! אין דער צאל גיין שוין אריין אויך די אידען וואס קומען פון די דערפער ארום גלינע.

אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט מלחמה 1914-1918, האבען די גלינער אידען אין אמעריקע ארגאניזירט א רעליעף קאמיטעט. (זע דאס קאפיטעל "די גלינער רעליעף קאמיטע אין די יארען 1918-1939.)

ביים אויסברוך פון דער צווייטער וועלט מלחמה און דעם סטאלין-היטלער אפמאך, איז אונזער שטעטעל געקומען אונטער דעם באלשעוויסטישען רעזשים, און אלע פארבינדונגען צווישען די אידען פון שטעטעל מיט זייערע קרובים אין אמעריקע, זיינען אינגאנצען איבערגעריסען געווארען. די צייט איז געווען א שרעקליכע, פינסטערע, וויסטע בשורות פון גרויסען חורבן אויף די אידען אין איראפע, און בתוכם אויך די גלינער אידען, האבען זיך צו אונז דערטראגען. מיר, די גלינער אידען אין אמעריקע זיינען פון גרוים ווייטאג ווי פאראליזירט געווארען, נאר מיר האבען גארנישט געקאנט טאן פאר זיי צו העלפען ,און מיר זיינען אפגעקומען מיט קרעכצען...

ערשט אין יאר 1944 איז אויף דער איניציאטיוו פון העניך האלפערן, די רעליעף קאמיטע ווידער ארגאניזירט געווארען, אלס אן אינדעפענדענט "עמוירדזשענסי רעליעף קאמיטע פאר גליניאנע און אומגעבונג".

די גלינער אידען זייענדיג ארגאניזירט אין עטליכע ארגאניזאציעס, ווי די "חברה אנשי גלינער" , "גליניאנער יונג מענס", "די לעידיס עקזולעדי" די "גליניאנער לאדזש" בני אברהם פאמיליע סורקעל" לינדענויער סורקעל", האט זיך צווישען זיי געפינען עטליכע איבערגעגעבענע , הארציגע אידען, ווי יונה מעהלמאן, אוירווינג גאלדשטיין, מאקס.ל.קאנער, יעקב פינעלעס, העניך האלפערן, אבי פערלמוטער, י. רובענצאהל, אהרן לינדענויער ז"ל, בעריש שטאלצענבערג, נטע לייטמער, סאל עמערלינג, רפאל פרעגער, ל. טייך, ל. וויטלין, הערי רויער ז"ל, א. מאנדעל, היימאן אולאנער, ה. פראמער, ר. גאלדשטיין,אהרן צאנג, ראוז בליק ז"ל, בלומע גראסמאן, אנא קלאץ, יהודית האלפערן, מאיר ליינוואנד,אב.נאדלער, שלמה פינעלעס, סעם גיסער און אנדערע, וואס האבען אין דער רעליעף קאמיטע געטאן א סך ארבעט, צו העלפען די לעבען געבליבענע אידען פון גלינע און פון די ארומיגע דערפער.

צום ערשטען האט די קאמיטע זיך גענומען צו זאמלען ווי אמשנעלסטען א סומע פון 25,000 דאלאר , צווייטענס, און דאס איז געווען זייער שטארק נויטיג און וויכטיג, אויפצוזוכען די רעשטלעך לעבענגעבליבענע גלינער אידען, און די אידען פון די ארומיגע דערפער פונם שטעטעל.

אין דער געלט זאמלונג איז ניט געווען קיין גרויסע מניעה מצד אונזערע לאנדסלייט. ביי יעדען אפגעהאלטענעם מיטינג, אדער גרויסע פארזאמלונג האבען די גלינער אידען געגעבען דאניישאנס(ביישטייערונגען) אחוץ דעם האבען די פארשידענע גלינער ארגאניזאציעס,ווי "די גלינער יונג מענס בענעוועלאט אסאסיעשאן" די "חברה אנשי גלינער" די "לעדיס עקזולעדי" און די "גלינער לאדזש" געגעבען זייערע ביישטייערונגען פון זייערע טרעזשורעס.

ד.ה. פון דער אָרגאַניזאַציעס פאַרמעגען. די רעליעף קאָמיטעט האָט געמאַכט עטליכע גרויסע "נויט-דינערס" אין האָטעל קאָמאָדאָר, ביי וועלכע עס זיינען געזאַמעלט געוואָרען אַסך טויזענטער דאָלאַר. די שוועריגקייט פון דער הילפס אַרבעט האָט זיך אָנגעהויבען ווען אַלע לאַנדסלייט האָבען געוואָלט אויסגע-פינען פון זייערע אייגענע אויף יענער זייט ים, און דאָס ווי אַמשנעלסטען, און מיט וואָס מער איינצעלהייטען.

דאָס אויסצוגעפינען האָט די רעליעף קאָמיטעט געמוזט אַנווענדען איר גרעסטע ענערגיע און פיל שווערע אַרבעט. ווייל איצט האָט מען געמוזט זוכען גאָר אַנדערע מיטלען, מעטאָדען און וועגען פון אַרבעט, ווי אין די פריערדיגע רעליעף אַרבייטען.

די אַלטע מיטלען האָבען מער נישט געטויגט. עס האָט לאַנג ניט גענומען אין צו אונזער גרויסען ווייטאָג האָבען מיר זיך דערוואוסט, אַז אונזער שטעטעל איז פאַרוויסט און אַז עס איז אַ סוף צו די אידען אין אונזער היים-שטעטעל, גלינע. געבליבען זיינען נאָר געציילטע, זיי זיינען צעוואָרפענע וואַנדערער. די געציילטע לעבען געבליבענע האָבען מיר געדאַרפט אויפזוכען, זיי העלפען, אָבער ווי אַזוי? און דאָס איז ניט געווען אַזוי לייכט צו טאָן.

אָבער די פירער פון דער רעליעף קאָמיטעט האָט זיך פאַר קיין שום שוועריגקייטען נישט אָפּגעשטעלט. מען האָט זיך געווענדט צו אַלע אידישע און ניט אידישע הילפס אָרגאַניזאַציעס, זיך נאָכגעפרעגט, געזוכט, געשריבען און טעלעגראַפירט, איבעראַל וואו מען האָט נאָר געקאָנט עפּעס אַ אינפאָרמאַ-ציע צו געפינען, אַפילו נאָר וועגען איין איד...

מען האָט זיך געווענדט קיין ארץ ישראל, וואו עס האָבען זיך גע-פינען גלינער אידען, נאָך פון די פריערדיגע יאָרען, און אַזוי האָט מען אין ירושלים אָרגאַניזירט אַ בראַנטש(אָפּטיילונג) פון אונזער אַמעריקאַנער הילפס קאָמיטעט, אונטער דער אָנפירונג פון מר אשר כורק(בוכבינדער ) און מר מרדכי בן יחזקאל האַלפּערן. צו זיי האָט דער קאָמיטעט איבערגעשיקט אַ גרעסערע סומע געלט און זיי געבעטען זיי זאָלען פון ארץ ישראל העלפען אויסזוכען אונזערע גלינער שארית הפליטה, און מיט אַלע מעגליכקייטען, ווען עס וועט זיי נאָר מעגליך זיין זאָלען זיי זען אונטער אַלע אומ-שטענדען אַרויסצוראַטעווען אונזערע גלינער אידען קיין ארץ ישראל,אַזוי פיל וויפיל זיי וועלען נאָר קענען. און ווען די געראַטעוועטע וועלען אַהין קומען זאָל מען זיי העלפען מיט אַלע מעגליכקייטען

און זיי האָבען טאַקע אַסך גוטע אַרבעט דאָרט געטאָן. ערשטענס, מיט ראַטעווען און העלפען אַריבערברענגען עטליכע גלינער אידען, און נאָכ-מער מיט געבען הילף צו אַלע גלינער און די וואָס פון די דערפער.,וועלכע זיינען געקומען קיין ישראל, און שפּעטער ווען די די-פּי קעמפּס האָבען זיך אָנגעהויבען אויסצולוידיגען, און אונזערע גלינער פליטים זיינען גע-קומען אין ארץ ישראל, האָט די קאָמיטעט יעדען געהאָלפען די ערשטע צייט מיט געלט און שפּעטער יעדען געהאָלפען זיך איינאָרדענען, געגעבען הילף אויף אַ דירה, געצייג, לעבענס מיטעל און מעדיצינען. עס איז דער רעליעף קאָמיטעט, נאָך שוועדער מיט אויך געלונגען אַנצוקניפּען פאַרבינדונגען מיט גלינער אידען אין קראָקע, וואַרשע, ביטאָם, וואו די קאָמיטעט האָט פאַר אַ לענגערער צייט געהאָט גלינער מענטשען, וועלכע האָבען איבערגעשיקט פאַר-שידענע רעפּאָרטען ,וועגען די לעבענגעבליבענע גלינער אידען.

אויך האט די קאמיטע געהאט (פאר א שטיקעל צייט) פארבינדונגען מיט גלינער אידען אין ווייטען, טיפען רוסלאנד, אין דער געגענד, אקטיבינסק־דזירום. די קאמיטע האט אויך געהאט א שטענדיגע פארבינדונג מיט אלע גלי־נער און דארפס אידען אין די די־פי. קעמפס, אין דייטשלאנד, עסטרייך, איטאליע און אין ציפערן, וואו מען האט יעדען געשיקט פעקלעך עסען, קליידער געלט, און ווען נויטיג אויך מעדיצינען.

קיין עסטרייך אין די די־פי קעמפס איז צו די גלינער פליטים געשיקט געווארען געלט דורך א ספעציעלען דעלעגאט. דורך די אלע פארבינדונגען מיט די פארשידענע מענטשען, האט דער רעליעף קאמיטעט אויסגעפונען איבער הונ־דערט לעבען געבליבענע גלינער אידען, אריינגערעכענט שוין די אידען פון די נאענטסטע דערפער, לעבען גלינע. ווענען אלע אויסגעפונענע לעבענגע־בליבענע האט די קאמיטע באלד געלאזט וויסען זייערע קרובים. אנגעגעבען צו אלע משפחות די אדרעסען פון די קרובים אין אמעריקע און קאנאדא און אויך די אין איראפע, אזוי אז איינער מיט דעם אנדערען זאלען זיך קענען פארשטענדיקען. אויך האט די קאמיטע אסך געהאלפען מיט פארבינדען די מש־פחות און זייערע גראטעוועטע קרובים, פון אסך אנדערע שטעט און שטעלעך, וואס האבען זיך צו אונז געווענדט, ווענען העלפען אויסגעפינען זייערע איינענע.

אין דער צייט שוין נאך דער "באפרייאונג", ווען די אידען פון פוילען האבען געמוזט און געוואלט פון דארט אנטלויפען, האט דער רע־ליעף קאמיטעט געשיקט אפידעווידס און וויזעס צו זענע גלינער אידען, פון וועלכע מען האט געהאט באשטימטע זיכערע אדרעסען. די ארבעט האט דער רעליעף קאמיטע אפגעקאסט עטליכע טויזענט דאלאר. עטליכע גלינער אידען האבען צוליב די אפידעווידס און די געשיקטע וויזיעס געקענט שנעלער ארויספארען פון פוילען. ווען דער פרעזידענט פונם "גאליציאנער פארבאנד" איז געפארען קיין פוילען מיט א ספעציעלער מיסיע, האט דער גלינער רע־ליעף קאמיטעט אים מיטגעגעבען א פולמאכט צו העלפען די גלינער פליטים, אין יעדער שטאט און שטעטעל וואו ער וועט זיי נאר טרעפען. מר ב. זוסמאן האט די ביטע דורכגעפירט און געהאלפענע גלינער אידען וועלכע ער האט געטראפען אין ביטאם,ווארשע און גלייוויץ. דער רעליעף קאמיטעט האט דאס געלט צום פארבאהד אומגעקערט.

אין ישראל האט דער רעליעף קאמיטעט מיט דער הילף פון עטליכע דארטיגע גלינער אידען, געשאפען א גמילת־חסד קאסע, צו לייען גלינער עולים, קלענערע סומען געלט, אן שום אינטערעס. די קליינע צאל גלינער לעבענגעבליבענע האבען זיך געראטעוועט קיין ישראל, אמעריקע, קאנאדא, טשילי, בראזיל, פראנקרייך, שוועדען און עטליכע זיינען נאך אין פוילען.

א געגויע רשימה וואו יעדער פליט געפינט זיך, וועט דער לייענער געפינער אויף די אנדערע זייטלעך.

ווען אונזערע גלינער פליטים האבען אנגעהויבען צו קומען קיין אמעריקע, האט דער גלינער רעליעף קאמיטעט יעדען געהאלפען די ערשטע צייט מיט געוויסע סומען געלט, יעדען לויט זיינע באדערפעניששען, און די גרויס פון דער פאמיליע. אויך האט מען א טייל באזארגט מיט דזשאבס, און אלץ דורכגעפירט מיט גרויס דערפאלג.

דורך דער צייט וואס די גלינער אידען און די אידען פון די ארו־מיגע דערפער האבען זיך געפינען אין די די־פי קעמפס, האט דער רעליעף

קאמיטע צו זיי איבערגעשיקט 270 שפייז פעקלעך, 85 קליידער פעקלעך און א גרויסע צאל נויטיקע מעדיצינען. בסך הכל האט די "גלינער עמוירד־זשענסי רעליעף קאמיטע" געזאמעלט זינט דער צייט וואס זי האט זיך אר־גאניזירט די סומע פון $21.023.89. פון דעם האט דער רעליעף קאמיטעט אויסגעגעבען פאר די פארשידענע טעטיגקייטען , אין אייראפע, ישראל און אין אמעריקע די סומע פון $19.971.50 מיט דעם איבעריגען געלט ווערט ווייטער אנגעפירט די רעליעף טעטיגקייט. די הויפט טעטיגקייט ווערט קאנצענטרירט צו העלפען די פליטים אין ישראל , אין אמעריקע און אין קאנאדע.

אין יאר 1946 האט דער גלינער רעליעף קאמיטעט ארויסגעגעבען א ביכעל וועגען אונזער גרויסען בראך, אונטער דעם נאמען "חורבן־גלינע".

## גלינער שארית הפליטה

## נאך דער צווייטער וועלט מלחמה

לויט דער אינפארמאציע
פון
"גליניאנער עמוירדזשענסי רעליעף קאמיטע",
אין ניו־יארק

דאס איז דער טרויעריקער סך הכל פון די לעבענגעבליבענע גלינער אידען, און פון די אידען פון די נאענטע דערפערביים שטעטעל, און אויך פון גלינער אידען וועלכע האבען געוואוינט אין אנדערע שטעט און שטעלעך, בעת דעם אויסברוך פון דער מלחמה, וועלכע האבען זיך אין די יארען תש"ט־תש"י – 1949–1950, געפונען אין די פאלגענדע לענדער:

### אין ישראל

אינזשעניר שלמה שפייזער און פרוי.
ליבער ליפשיץ .
משה קאננער.
זעליג קופערוואסער (4)
יעקב און מיכעל פייערינג.
ליב איידעלבערג.
מענדעל און מארק שלומפער.
יצחק דיימאנט־נאסס (3)
דר. שלמה נאסס און פרוי.
משה ניימאן.
ראוז בוים.
יענטע נאסס.
חנה האכבערג.
אנשעל בליקס זון(6)
ארטור געזונט און פאמיליע(4)
האבער( סטעלמאקס זון)

הערש פרידעל.
רחל בוים (2)
יוליא טענענבוים (3)
יעקב קאננער.
פרימה ריינהערץ.
משה וואלף (קאמינעצקע)
אהרן סאול.
אהרן גערסטעל און פרוי.
אהרן בויקא,פרוי און קינד.
איזאק הערצבערג.
איזי פאגעלפאנגער.
שמואל נאסס.
יהודה האכבערג.
דר. דאשקע לינדענבוים.
יעקב קאננער,משה יקור זון.

## אין יונייטעד סטעיטס און אמעריקא:

שיינדעל הודער.
שלום מויער.
דר. זיג. פערסטער און קינד.
משה רובענשטיין.
רעגינא וואקסגיסער.
הלל אקס, פרוי און קינד.
פייועל וויינמאן.
חיים משה ווייץ,פרוי און קינד.
בערנארד קופערבערג.
איזאק נאדעלשטעכער.
ארא שנאפף.

רחל ווייץ.
דוד ריינהארץ.
שלום קאנער,פרוי און 2 קינדער.
דר. בערטא מעהלמאן.
מרים מיללער.
יודעל שטיינוואַרצעל און זין.
משה זאהן.
העלענא (סענענבוים)האלבמילאן.
מענדעל קונסט-רובין.
שרה קאורן און מאן.
הערש גיסער(לאדאוו)

## קאנאדא:

יחיאל לייוואנד,פרוי און קינד.
בערטא לוואוו און קינד.
לעאן איידעלבערג.
אבר. רובין.

ראוזא גאלדשטיין און קינד.
שוועסטער פון משה זאהן,לאלא.
מארק שארף.

## פוילען:

שלמה צוועק.
מלך נאסס.
ישראל נאסס.
זעליג אנגסטרייך.
יעקב אנגסטרייך.
לובע קריג.

עטעל רובין.
חנה העשעלעס.
דר. יוסף בראטער,פרוי און קינד.
שפרינצע אנגסטרייך.
אינזשעניר שפייזערס שנור.

## עסטרייך:

יעקב טיבעט.

שפרינצע גערבער.

## שוועדען:

דוד קליינקאוושטיין(ליפע עהערעס איידעם 4.)

## דייטשלאנד:

בנימין מעשה און פרוי.
קלארא פעפערקארן.
פייערמאן אסתר.

שיינדעל דודעלזאק.
לויפער רעגינא.

## טשילי:

דר. יונה אללערהאנד און פרוי.

לעאן ליפשיץ.

